# שטערן

ליטעראריש-
קינסטלערישער
און פּאָליטיש-
וויסנשאַפטלעכער
כוידעש-
זשורנאַל

5—6

מינסק — 1935

פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

# שטערן

№ 5—6 עלפטער יאָרגאנג מײַ—יונ 1935

1925 – 1935

X

יאָר

# דעם כאַווער סטאַלין

## טײַערער יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש!

נאָך מיט אַ לאַנגע צײַט פֿאַרן אָקטיאַבער האָט פֿון די טיפענישן פֿון רעוואָליוציאָנערן אונטערערד דײַן מעכטיקע שטים גערופֿן די ייִדישע אַרבעטנדיקע צום קאַמף קעגן שאָוויניזם, פֿאַרן פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם, קעגן דער שטרײַקברעכערישער ראָל פֿון „בונד“, קעגן די נאַציאָנאַליסטישע באַלעבעסלעך פֿון אַלערליי שאַטירונגען.

אונטער דער פֿאָן פֿון דײַן לערע האָט זיך פּרעכטיק פֿאַנאַנדערגעבליט אין דער פֿאַמיליע פֿון די פֿעלקער פֿון ס.ס.ס.ר. אויך די סאָציאַליסטישע קולטור פֿון די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן. אין דער אָרדן־טרעגערישער ווײַסרוסלאַנד, וואָס פֿײַערט איצט דעם 15-יאָריקן יובילײ פֿון איר באַפֿרײַונג פֿון די ווײַספּויליש אָקופּאַנטן, האָט זיך מעכטיק פֿאַנאַנדערגעבליט די ווײַסרוסישע סאָציאַליסטישע קולטור און די קולטור פֿון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע לעבן און אַנטוויקלען זיך אין איר.

די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער און לייענער פֿון זשורנאַל „שטערן“, צונויפֿזאַמלענדיק זיך איצט פֿײַערן דעם 10־יאָריקן יובילײ פֿון זשורנאַל, זאָגן דיר צו, אונדזער גרויסער לערער און זאָרגזאַמער גערטנער פֿון די נאַציאָנאַלע קולטורן—סאָציאַליסטישע לויטן אינהאַלט—צו פֿירן אויך ווײַטער אַן אָנרואַכמאָנעסדיקן קאַמף פֿאַר די גרונט-פּרינציפּן פֿון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם אין דער ליטעראַטור.

העכער די פֿאָן פֿון דער באָלשעוויסטישער וואַכזאַמקײַט!

אונדזערע בעסטע לידער, דעם גאַנצן ברען פֿון אונדזערע שעפֿערישע שטרעבונגען – דיר, אונדזער גרויסער לערער און פֿירער.

זאָל לעבן דער צק אַלקפּ(ב)!
רום דעם גרויסן סטאַלינען!

אָנגענומען אויפֿן יובילײ־אָוונט פֿון זשורנאַל „שטערן“ דעם 29־טן יוני אין הויז פֿון פּאַרט־אַקטיוו אין מינסק.

# דער רעדאקציע פונ זשורנאל „שטערנ“

דער אָפּטײל פאר קולטור אונ פּראָפּאגאנדע פונ לעניניזמ באמ צק קפּ(ב)װ באגריסט דעמ זשורנאל „שטערנ“, זײַנע לײענער אונ מיטארבעטער מיטנ 10־יאָריקנ יובילײ.

10 יאָר פונ זשורנאל „שטערנ“—דאָס איז א הערלעכע דאטע אינ דער געשיכטע פונ קאמפּ פונ דער באָלשעװיסטישער פּארטײ פאר דער ייִדישער סאָציִאליסטישער קולטור, פארנ פּראָלעטארישנ אינטערנאציִאָנאליזמ, קעגנ ייִדישנ נאציִאָנאליזמ אונ שאָװיניזמ.

פאר די 10 יאָר פונ זײַנ עקזיסטענצ איז דער זשורנאל „שטערנ“ געװאָרנ א שעפּערישער צענטער, װאָס שמידט צונויפ די גרונט־מאסנ פונ די ייִדישע סאָװעטישע שרײַבער. אינ קאמפּ פאר א הויכער קװאליטעט פונ דער ליטע-ראטור זײַנעג אויסגעװאקסנ אפ די זײַטנ פונ זשורנאל נײַע שרײַבער־קאדרעג פונ ארבעטער אונ קאָלװירטישע מאסנ, עס איז אויסגעװאקסנ אונ עס האָט זיכ פאנאנדערגעבליט די ייִדישע ליטעראטור פונ װײַסרוסלאנד.

דער װײַטערדיקער אומקאָמפּראָמיסלעכער קאמפּ פאר דער ליניע פונ דער פּארטײ, פאר די פּרינציפּנ פונ פּראָלעטארישנ אינטערנאציִאָנאליזמ, אנטשײדנ דעמאסקירנ די קאָנטער־רעװאָליוציִאָנערע טראָצקיסטיש־זינאָװיעװישע אונ נא-ציִאָנאליסטישע קאָנטראבאנדע, װי אויכ די פוילע ליבעראלע באציִונג צו װעל-כע עס איז קלאסנ־פײַנטלעכע ארויסקריכנ; אומאָפּגעלאזלעכ פארװירקלעכנ די אָנװײַזונגענ פונ צק קפּ(ב)װ אינ דעמ איניענ פונ דונעצנ; אופהויבנ די רעװאָ־ליוציִאָנערע װאכזאמקײַט אזוי, אז יעדער פּרוּװ פונ די קלאסנ־פײַנטלעכע ארויסקריכנ זאָל באגעגענע אנ אנטשײדענעמ באָלשעװיסטישנ װידערשטאנד; פּאראקשנט סיסטעמאטיש ארבעטנ אפ אופהויבנ די קװאליטעט פונ זשורנאל אונ די דערציִונג פונ די יונגע ליטערארישע קאדרעג; פארבעסערנ די מאסנ־ארבעט פונ זשורנאל, נאָכמער סיסטעמאטיש אונ פּארטיפּט ארבעטנ אפ בא-קאָנענ די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסנ מיט די גיגאנטישע דעראָבערונגענ פונ די קולטורנ פונ די פעלקער פונ פּססר אונ באזונדערס פונ דער װײַסרוסישער סאָציִאליסטישער קולטור; טאָג-טעגלעכ באָלשעװיסטיש קעמפנ פאר אויס־װאָרצלענ די רעשטלעכ פונ קאפּיטאליזמ אינ באװוסטזײַנ פונ די מענטשנ,— אָט זײַנענ די גרונט-אופגאבנ, װעלכע שטײענ פארנ זשורנאל „שטערנ“ אפנ שװעל פונ זײַנ צװײטנ יאָרצענדליק.

זאָל לעבנ די סאָציִאליסטישע שאפונג פונ די פעלקער אינ סאָװעטנלאנד אונ דער פירער פונ דער אלװעלטלעכער רעװאָליוציע—דער גרויסער סטאלינ!

אָפּטײל פאר קולטור אונ פּראָפּאגאנדע
פונ לעניניזמ באמ צק קפּ(ב)װ.

איציק פעפער



# ר ו י ט

א קראָ אפּן שניי
איז נאָך שווארצער פון שווארץ
מײַן הארץ האָב איך ליב ווײַל ס׳איז רויט,
ווען א קראָ זאָל ארײַן
און א שווארץ טאָן מײַן הארץ,
וואָלט איך עס דער ערשטער געטויט...

מײַן אויג האָב איך ליב, ווײַל איך זע, ווײַל איך שפּיר,
ווײַל מײַן אויג האָט ליב
פארבן פון שלאכט,
ווען מײַן אויג זאָל א צי טאָן א פרעמדער קאָליר,
וואָלט איך עס דער ערשטער
פארמאכט!

א קלאנג אינעם גאנג
איז שוין מער ווי געזאנג,
כ׳האָב ליב ווערטער דורך מאכנעס באוועגט,
ווען מײַן וואָרט זאָל ניט קלינגען
אין לענינישן קלאנג
וואָלט איך עס דער ערשטער פארמעקט...

א קראָ אפּן שניי
איז נאָך שווארצער פון שווארץ,
מײַן הארץ האָב איך ליב, ווײַל ס׳איז רויט,
ווען א קראָ זאָל ארײַן
און א שווארץ טאָן מײַן הארץ,
וואָלט איך עס דער ערשטער געטויט.

## די ערד

די ערד איז גאָר ניט שלעכט געמאכט,
כ'האָב ליב, ווענ מײַנ באקאנטע לאכט,
אונ ס'טוט די יוגנט זיכ א קנויל
אינ מילדע ווינקלענ פונ איר מויל...

די ערד איז גאָר ניט שלעכט געשניצט,
איכ האָב זי ליב באזונדערס איצט, .
ווענ דונערס קײַקלענ זיכ געשווינד
אונ בליצנ פלאמענ אפנ ווינט.

די ערד איז גאָר ניט שלעכט געבויט,
די זונ איז דאָ אפ יעדנ פלויט,
דער שטאָל איז שטײַפ, דאָס ברויט געשמאק
אונ ס'פאלט דער דעמב אונטער דער האק...

די ערד איז גאָר ניט שלעכט געטאָקט,
אינ כינע טאָגט, אינ אינדיע טאָגט,
אונ שפאניע טראָגט א רויטע פאָנ,
ס'איז שײנ, ווענ שטורעמס קומענ אָנ.

די ערד איז גאָר ניט שלעכט צעבליט,
אפ העכסטע פעלדזנ הילכנ טריט,—
אינ טיפסטע טיפנ הילכנ טריט—
דאָס איז דער הילכ פונ אונדזער ליד!

די ערד איז גאָרניט שלעכט באזונט,
די רײַכקײַט ציט זיכ ביזנ גרונט,
אונ אפ א בארג די יוגנט האלט
דער באָלשעוויק, וואָס ווערט ניט אלט!

רוּווע רייזין



# בירױק דער רײַטער

אפ אוראל, אין דאָמנעס ראשט בירױק באם פײַער,
בא טשאפײַעװס דענקמאָל זינגט א װינט פארקלערט:
„דער קאָמאנדיר — דער העלד, דער העלד טשאפײַעװ
פליט דער ערשטער אפן פערד".

— — — — — — — — — — — — — — —

איבער קעפּ און פּיקעס פאטשט א פאָן א רױטע
פאר די שטאָלצע זיגער נױגט זיך יעדער בױם —
פאָרן טשאפײַעװצעס פון שלאכט, פון שלאכט דערפרײטע
פאָרן די טשאפײַעװצעס אהײם, אהײם.

גרױס איז בא די יאטן די פרײד נאָך שלאכט־מעסלעסן,
זײ װעלן א באפרײַטע זײער הײם דערזען...
נאָר אײן יאט איז אומעטיק אפן פערד געזעסן
ער איז א הײמלאָזער שטענדיק געװען.

און ס'האָט זײַן שװאַרצע קודלע פון פערדל דעם בולאנעם,
װי א שװערע כמארע ארונטערגעלאָזט דער יאט —
ער האָט ניט געהאט קײַן טאטן און קײַן מאמען,
ער האָט נאָר אין ראָטע זײַן הײם געהאט.

ער האָט קײנמאָל, קײנמאָל ניט געהאט װאָס צו פארלירן,
ער איז דער סאמער דרײסטער אין שלאכט געװען.
— כ'װעל אין פעלד דאָ בלײַבן, לאָזט מיך, קאמאנדירן,
פאָרט געזונט, קאזאקן, כ'װעל אײַך שױן מער ניט זען...

ער זעט דעם גרויל פון טויטע אין שארבן־לעכער קרומע,
ער קושט טשאפּײַעווס קערפּער אף טײַך אוראל, באם ברעג:
— אוי, בעסער, בעסער וואָלט איך אומגעקומען
אין טשאפּײַעווער געשלעג.

טראָגט די טויב דעם בריוול אינעם שנאָבל אירן
צום יאם וואָס ליגט געאָרעמט מיט טויטע פרײַנט אין פעלד!
— דו האָסט, ביריוק, דו רײַטער, ניט געהאט וואָס צו פארלירן,
נאָר דו האָסט אין שלאכט געוווּנען דײַן היים—די וועלט...
— — — — — — — — — — — — — —

אפ אוראל, אין דאָמנעס ראשט ביריוק באם פײַער
און הערט פארנאכט באם דענקמאָל ווי סזינגט דער ווינט פארקלערט:
„דער קאמאנדיר—דער העלד, דער העלד טשאפּײַעוו
פליט דער ערשטער אפן פערד".

מ. קולבאק



# אן אויסערא̈רדנטלעכע נאכט

(פונעם צווייטן בוך „זעלמעניאנער“)

אינ הויפ זא̈גט מענ, אז דא̈ס הא̈ט מענ א̈פגעריכט דעמ געבורטסטא̈ג פונ טא̈נקעס מיידעלע. דעמ פעטער פא̈ליעס ווײַבל באווײַזט, אז ס'איז א גרויסער ליגנ, ווא̈רום דא̈ס מיידעלע איז גא̈ר געבא̈רנ געווא̈רנ אומ ווינטער.

יעדנפאלס הא̈ט נא̈כ דער הויפ אזוינס ניט געזענ.

אינא̈ווונט הא̈ט מענ געבראכט צופירנ א קעסטל. פונעמ קעסטל הא̈בנ געשלא̈גנ רייכעס פונ ספעטשעס, געווירצנ און פרישנ אויבס. די מומע גיטע הא̈ט באלד פארשטאנענ אינ וואּס סע גייט. פארשלא̈סנ די געפעס און זיכ געלייגט שלא̈פנ.

צי הא̈ט זי געשלא̈פנ, איז שווער צו זא̈גנ, ווא̈רום מיט דער מומע גיטענ קענ מענ זיכ דורכריידנ שלא̈פנדיקערהייט אויכ:

— מומע, ווו איז דא̈ס קענדל?—פרעגט מענ בא איר.

— אפנ בענקל נעבנ די וואסער,—ענטפער זי פונ שלא̈פ.

שפעט אינא̈ווונט הא̈בנ זיכ אינ הויפ באוויזנ אומגעריכטע פענעמער. איינער, א גרויער, איז אפילע צוגעפא̈רנ אפ אנ אוטא̈מא̈ביל, א פארמאכטער מאשינע, וואּס הא̈ט מיט אירע צוויי קײַלעכדיקע פײַערנ א שטיק נאכט באומרויִקט דא̈ס א̈פגעלעגענע געסל.

דער רעבזעהויפ איז דול געווא̈רנ. דער גאנצער שווײַגנדיקער שטאמ, קינד און קייט איז ארויסגעקרא̈כנ פונ די שטיבער, געגאווערט פונ שטוינונג און געקלעפט זיכ נעענטער צו די פינצטערע ווינקלענ פונ דער מומע גיטעס שטוב, ווי פליגנ קלעפנ זיכ צו א זיס געבעקס.

אינ דער פינצטער הא̈ט געררודערט פונ מענטשנ, ווי אינ א מאנ־הויז.

דעמלט הא̈ט זיכ דער פעטער איטשע א̈נגעכאפט א̈נ אײַזנ פונ לא̈ד און אדורכנ שפאלט ארײַנגעקוקט אהינ אינ דער קישעפדיקער שטוב. ער איז באלד פארבלענדט געווא̈רנ פונעמ גלאנצ און איז שוינ אזוי ארא̈פגעהאנגענ אפנ אײַזנ פונ לא̈ד ביז טא̈ג.

און א̈ט וואּס דער אלטער פעטער איטשע הא̈ט דעמלט געזענ אינ דער מומע ג'יטעס שטוב:

א ווײַסגעדעקטער טיש. אפ אימ—ציכטיקע גלא̈זווארג, וואּס הא̈ט קרוכקע א̈פגעקלונגענ איבערנ שטוב. די ווײַסע טעלער הא̈בנ זיכ א̈פגעטיילט פונ די ווײַסע טישטעכער—

ווײַס פון ווײַס. די הויכע שמאָלע גלעזער אָנגעגאָסן מיט ליכטיקײַט, די טעלער — מיט א ציכטיקער ריינקײַט; אנדערע שווערערע שפײַזן האָבן זיך אפן טיש ניט געזען.

און די געסט, ווער זײַנען די געסט?

ניט יִדן, ניט קריסטן, נאָר עפעס גרויסע סאָרטן פינטעפליושן. אלטע פענעמער מיט טשופּרינעס אף די שטערנס, שיליועס מיט גרויע קעפּ.

— פארוואָס טוט מען שוין אָבער ניט אָן קיין ווײַסע מינישקעס, ס'איז דאָך פאָרט שענער? און די מיידלעך?

דער פעטער האָט ליב די דאָזיקע שיינע מיידלעך: געשאָרענע, מיט שניפּסלעך, מיט ווײַסע ציינדלעך, מיט רויטע קערשעלעך אף די לאצן. ער האָט זיי ליב, מאכמעס, אז ער נעמט א קאפּ, קושט ער זיך פון אלעמאָל מיט ווײַבער. ער ווייס וואָס דאָס איז.

— איידעלע קינדער!

נאָכדעם האָט מען דערלאנגט דאָס עסנווארג. דער פעטער איטשע האָט א שארפ אויג, זעט ער, אז די פּאָטראווועס זײַנען ניט קיין זעלמעניאנישע. די סימכע איז געבויט אף קליינע נאשערײַען פון בלעכענע פושקעס, סערוועטלעך, א לעק און א שמעק.

וואָס זעען מיר אפן טיש?

אף א ווײַסן טאצ זעען מיר עפל, שיינע, געלע אָנטאָן. אין א קײַלעכדיקן טעלער — א קײַלעכדיקן טאָרט. אף ווײַסע טעצעלעך — פושקעס קאָנסערווו. אין א פאלומעשעק — א קליין כאזערל; דאָס טרייפענע קעפל צוקאָפּנס, די פיסלעך אונטער זיך, און פונהינטן — א צונויפגעדרייט עקל, ווי א שטריקעלע. הויכע שמאָלע גלעזער מיט סערוועטלעך אינעווייניק.

— א לעק און א שמעק!

א יונגערמאן א געשטופּלטער, מיט א ברייטן פּאָנעם רעדט טיפ פון האלדז.

— גוט, קען יִדיש. מאָזיר — געארבעטעט.

— דו קענסט אפולע מיט נאָך!

אזוי זאָגט טאָנקע אף יִדיש און שטעקט אים ארויס א שטיקל צונג.

— דאָס איז ניט איידל!

טאָנקע טרינקט בראנפן פון א גרויסער גלאָז און עסט מיט די הענט.

— וואָדען? כרוק מיט די גראבלקעס!

— אלעמײַ אָט די איידעלע מיידלעך האלטן גראָד אזוי ריין דעם גאָפּל מיט די פינגערלעך?

נאָר טאָנקע רעדט און אלע ריידן צו איר. ווײַזט אויס, ס'איז דאָ וואָס צו הערן. זי רעדט שוין רוס. זי לאכט. קענטיק, אז אָט די טאָנקע איז דאָ גאָר די פריילעכסטע פון אלע.

— נו, בא אונדז איז דאָך עס שטום ווי א פיש.

— זישקעס גאניייווישע בלוטן!

דער רעבזעהויף איז דול, ניט אלע קענען וויסן, וואָס סע טוט זיך אינעווייניק. פון דער אלטער שטוב גייט א געזאנג. די מומע גיטעס שטוב ליגט הײַנטיקע נאכט אינעם רעבזעהויף ווי א פיאנע.

א ווארעמע נאכט. אין אזא הויכער, שטערנדיקער נאכט גלוסט זיך אביסל דורכטאנצן מיט שיינע מיידלעך.

פאלקע דעם פעטער איטשעס דרייט זיך ארום דער מומע גיטעס גאניק. דער יונג איז עפעס ניט בײַזיך. ער ווארט, אז טאָנקע וועט סאָפקאָלסאָפּ ארויסגיין אײַנלאדן אים אף דעם געבורטסטאָג פונעם מיידעלע, צי האָט ער ניט אויך געהאָדעוועט דאָס מיידעלע?

צי האָט ער ניט אפילע געקאָכט א גאנצע נאכט הייסע וואסער אפנ פרימוס, ווענ דאָס מיידעלע האָט געשריִענ מיטנ בײַכל?

ניטאָ טאָנקע, זי גייט טאקע ניט ארויס. וויַזט אויס, אז זי ווייסט נאָכ ניט ווער פאלקע איז. ער האָט אויסגעזוכט אינ אלע קעשענעס אונ איז אײַליק ארויפ פונעמ הויפ.

א ווארעמע נאכט. ס'איז שווארצ־פרילינג, ווענ די ערד איז נאָכ שווארצ, די ביימער — שווארצ, ערעוו דעמ אופקומענ פונ די ערשטע גרינע קאָלירנ. דער הויפ האָט זיכ מיט די שווארצע דעכלעכ געקעכלט אינ דער הויכער אויסגעשטערנטער נאכט, דער הויפ איז פול געווענ מיט קלאנגענ אונ רעכילעס, געקאָכט ווי אינ א קעסל.

וואָס איז געווענ דער רעבזועהויפ אינ גרונט? דער רעבזועהויפ איז געווענ אינ גרונט א וועב־מאשינ פונ קלאנגענ אונ רעכילעס. ער איז איצט גלעגו, ווי אנ אָפענער אויער בא דער מומע גיטעס שוועל אונ געשושקעט אינ אלע זײַטנ מיט ברענ אונ אימפעט:

— איר הערט, זי איז שיקער באָרעכאשעמ אונ קושט זיכ מיט יעדערנ!

— מיט דעמ אלטנ אויכ?

— מיט דעמ אלטנ אויכ.

פאלקע, א פארשוויצטער, האָט זיכ צוריק באוויזנ אינ הויפ, געבראכט א פלעשל זובראָווקע אונ א טעלער רויע קרויט. ער איז ארײַנ צו צאלקענ מאכנ אליינ א יאָנטעוו.

— נאפליעוואט מניע!

אזוי זאָגט ער צו צאלקענ אונ שטופט ארײַנ דעמ קאָרעק מיטנ פינגער.

צאלעל האָט צעשניטנ א הערינג, אָנגעשאָטנ זאלצ אינ א פאפירל אונ איז ארומ לײַענ ברויט בא דער מומע מאלקעלענ.

נאָכדעמ האָבנ זיי זיכ געזעצט טרינקענ.

— לעכײַיִמ! — זאָגט צאלקע.

— פאר דײַנ געזונט! — זאָגט פאלקע.

— נאפליעוואט מניע אפ איר!

פאלקע שפײַט אויס די ניטגוטסקײַט פונעמ ביטערנ בראנפנ.

— דו הער וואָס איכ טראכט, זאָגט צאלקע, — זי איז פארליבט. ניט אנדערש, זי איז פארליבט אינ עמעצנ מיט אנ איימעריקער ליבע, דעריבער וויל זי דאָ פונ קיינעמ ניט וויס.

— וואָס ווילסטו האָבנ? — פאלקע טוט א שפײַ אדורכ דעמ שפעלטעלע צווישנ די צוויי פאָדערשטע ציינער, — אז בעסאכאקל קענ זיכ דידאָזיקע אינטעליגענטקע גאָרניט פארליבנ.

— פונוואנענ ווייסטו?

— איכ ווייס.

— נו, זאָג פונוואנענ?

— הער, ווייסטו גאָר וואָס? טשעפע זיכ אָפ פונ מיר.

פאלקע ווערט בייז אונ גיסט אָנ אינ די גלעזלעכ. ער איז שוינ אביסל שיקער. צאלקע זופט אפגיכ אויס דאָס גלעזל, פארבײַסט אפילע ניט אונ וויל פאָרט, אז פאלקע זאָל אימ דערקלערנ דעמ סאָד פונ ליבע:

—ווארט, טאָ וויאזוי האָט זי דאָס קינד?

— נו איז וואָס? אינטעליגענט בלײַבט אינטעליגענט. כ'האָב איינע א באקאנטע כאווערטע, האָט זי זעקס קינדער.

— מיינסטו, אז זי האָט דאָס קינד אויכ געהאט אָנ ליבע?

— אײַ, טשעפע זיכ אָפ פונ מיר!

פונ דער פינצטער, אדורכ די ווענט פונ דער מומע גיטעס שטוב קײַקלט זיכ א געלעכטער, מע טאנצט. טאָנקע פראוועט דעם געבורטסטאָג פונ איר מיידעלע, אונ דאָ בלאָנקען ארום די זעלמעניאנער פארשמאכט, קימאט ווי מיט ארויסגעשטעקטע צונגען.

— אײַ, ווי סע ווילט זיכ אביסל בראנפנ!

ס'איז פינצטער. די ערד איז שווארצ, די דעכלעכ—שווארצ, ערעוו דעם אופקומענ פונ די גרינע קאָלירנ. די מומע מאלקעלע, נישטערנדיק א גאנצע נאכט דעם פעטער איטשענ איבערנ הויפ, האָט אים סאָפקאַלסאָפ געפונענ, הענגענדיק איבערנ לאָד:

— שלאָפנ גיי, מעשוגענער ייִד!

דער פעטער טראכט אָבער אפילע ניט וועגנ שלאָפנ:

— אָט נאָכ איינ ווײַלע, מאלקעלע...

— זע, ווערסט פארשפעטיקנ צו דער ארבעט!

— וואָס ארט דיכ, איכל ניט פארשפעטיקנ...

ס'איז שוינ אזוי גוט, ווי נאָכ האלבע נאכט. דער גרויסער בער, איבערגעקערט מיטנ קאָפּ אראָפּ, הענגט אפנ צאָפנדיקנ הימל פונ רעבזעהויפ. בלויז א פאָר פענצטער לײַכטנ נאָכ ארויס פונ די אנטשוויגענע שטיבער.

פאלקע איז נידאָגעדאכט אנטשלאָפנ געוואָרנ אפנ שטול, בא דעם ליידיקנ פלעשל. איבערנ צימער שפאנט ארום דער צעטראָגענער צאלקע אונ טראכט, קענטיק, וויאזוי עס איז צערונענ געוואָרנ זײַנ כאָלעם וועגנ דער אָדעסער ווילע באם ברעג יאם. ערשט איצט איז אים מיסטאָמע קלאָר געוואָרנ, אז אינ יענער ווילע וועט ער שוינ מיט טאָנקענ קיינמאָל ניט וווינענ.

אויבנ, אינ מויער, לײַכט שוינ אויכ א פענצטער. די מומע מאלקעלע דערציילט, אז דער פעטער פאָליע זיצט אויבנ אינ מויער אונ טרינקט אויכ.

דער גרויסער בער, איבערגעקערט מיטנ קאָפּ אראָפּ, הענגט אפנ צאָפנדיקנ הימל פונעם רעבזעהויפ. ס'איז פינצטער. די ערד איז שווארצ, די דעכלעכ—שווארצ, ערעוו דעם אופקומענ פונ די גרינע קוטירנ. פונ דער פינצטער, אדורכ די ווענט פונ דער מומע גיטעס שטוב, קײַקלט זיכ א געלעכטער. מע טאנצט.

דער פעטער איטשע קענ זיכ, נעבעכ, ניט אָפּרײַסנ פונ לאָד. אזוי איז מיט טויזנטער יאָרנ צוריק דער טאנע הילעל געהאנגענ איבער א פענצטער אונ זיכ אויכ ניט געקענט אָנשלינגענ צו זעט. איצט הענגט שוינ דער פעטער מיט אנ אָפענעם מויל. בא דער מומענ גיטענ אינ שטוב איז איצט ווי אינ א שיינעם טעאטער.

טאָנקע טאנצט.

בלויז איינ לעמפל ברענט אויבנ אפנ סטעליע. טאָנקע טאנצט, שמאָל אינ א טונקעלנ קלייד. די הענט אריבערגעפלאָכטנ אפנ הארצנ, דער קאָפּ—אביסל אָנ א זײַט, זי וויגט זיכ שטיל אונ ווייכ אינ קליינע טופעלעכ איבער די ווינקלענ פונ שטוב.

די געסט זיצנ אינ שאָטנ פאזע די ווענט.

אָט שטעלט זי זיכ אָפּ אינמיטנ שטוב, קוקט מיט דעם קליינעם שמייכל אונ טוט א טאנצ פאָרויס סאמע אפ די מענטשנ, האסטיקער, טופעט פלינק מיט די קליינע שפרײַזלעכ, אונ די שווארצע שיכלעכ פלאפלענ, קלאפנ האסטיק איינס איבער איינס.

עס איז אזוי, ווי אירע פיס וואָלטנ עפעס געשריבנ אפ דער פאָדלאָגע מיט א שיינער האנטשריפט.

דער געשטופּלטער יונגערמאַן מיט אַ צעפּלויגענער טשופּרינע איבערן הייסן פּנים שטייט איינגעבויגן צו אירע פֿיס און פּאַטשט שטאַרק מיט די שווערע הענט:

— וו פּריסיאַדקו, טאָניאַ, וו פּריסיאַדקו!

ער איז מאָדנע ערנסט. ער איז פֿאַרטיפֿט אין די געדאַנקען פֿון טאַנץ און סע גייט אים איןביין, אַז זי זאָל דאָ באַלד אופּטאָן אַ וווּנדערלעכע זאַך.

מיטאַמאָל טוט זי זיך טאַקע אַ זעץ אונטער, וואַרפֿט אַרויס די צאַפּלענדיקע שיכלעך, וואָס נעמען שווינדלען גלאַנציק, ווי שוואַרצע קלאָווישן אויף אַ פּיאַנינע, און זי טאַנצט זיצנדיק, און זי בלייבט זיצן אינדערלופטן, וויגנדיק זיך בלויז אויף די שפּיצן פֿון די קנעכלעך.

אָט אַזוי זיצט אַ גוטער שווימער אויפֿן וואַסער.

טאָנקע האָט געטאַנצט און איינעם רעבזוהויפֿ ליגנדיק שוין אין די בעטן, האָט מען אומרויִק געהערט דאָס ווייכע טופּען באַ דער מומע גיטעל אין שטוב, ווי עפּעס אַ נייעם ריס אין הארצן, ווי נייע, שטומע מוזיק, אָנשטאָט דעם פּעטער יודעס אַמאָליקע פֿידעלע, וואָס האָט געקלאָגט אויף די זעלמעניאַנישע כאַסענעס און געלערנט די האַרטע רעבזוהויפֿ־לעך לאָזן אַ טרער אויף אַ סימכע.

— אַ וועלט. האַ?

---

דער פּעטער איטשע גאַנוועט זיך פּאַזע די ווענט צוריק אין שטוב אַריין. אומעטום איז שוין דאָס פֿייער אויסגעלאָשן, בלויז אויבן אין מויער לייכט נאָך אַרויס אַ פֿענצטער.

אויבן, אין מויער, זיצט דער פּעטער פֿאָליע. נעבן אים—אַ ליטער בראַנפֿן. ער זיצט אָן באַוועגונג. קוקט מיט פֿאַרשפּאַרטע אויגן אין דער קעגנאיבערדיקער וואַנט. נאָכדעם הויבט ער אויף די האַנט, טוט אַ וויש די וואָנצן און גיסט זיך אָן אין אַ גלאָז.

דער פּעטער פֿאָליע איז דער איינציקער מענטש אויף דער וועלט, וואָס פֿאַרברענגט מיט זיך אַליין!

באַ דער מומען אין שטוב ווערט שוין שטילער. עס שאַריעט אויף טאָג, דער אָפּגע־קראָכענער רעבזוהויפֿ סטאַרטשעט אַרויס פֿונעם מאָרגן־גרוי מיט די שפּיצן פֿון די דעכער, ווי עפּעס אַן אַלטע איינגעפֿאַלענע פֿעסטונג.

עס גרויט פֿון אומעטום, בלויז די שויבן און די לעכער פֿון די ביידעמער זיינען טיף שוואַרץ.

שטיל.

אויפֿן פּאַרקן רירט זיך עפּעס אַ ווייסע שמאַטקעלע, קענטיק, אַ ווינדעלע וואָס אַ זעל־מעניאַנערטע האָט פֿון נעכטן פֿאַרגעסן אַריינצונעמען.

די לעצטע געסט זיינען שוין אַראָפּ פֿון הויף. באַ דעם פּעטער פֿאָליען האָט זיך שוין אויסגעלאָשן דאָס לעצטע לעמפּל.

עס שאַריעט אויף טאָג.

טאָנקע איז אַביסל שיקערלעך. זי שטייט אינמיטן צימער און בייסט אַן עפּל. אַ ברעג פֿון טישטעך איז פֿאַרגאָסן מיט ווײַן. אונטערן טיש וואַלגערט זיך אַ ליידיק פֿלעשל.

טאָנקע שאָקלט זיך קוים, בײַסט זיך טיף אַריין אינעם קילן פֿלייש פֿון עפּל און שמייכלט.

צי האָט זי ניט גענוג געהוליעט די נאַכט.

די שוואַרצע קודלעס פֿאַלן איר אַראָפּ איבערן פּנים.

איצט הערט זיך גוט ווי סע טיקען דעם פעטער זישעס אלע זייגערס. אינעם צווייטן צימער איז פינצטער, קוים וואָס עס קריכן ארויס פון דער טונקלעניש דער אויוון, די פאָלעטשקע אפן וואנט:

— מאמע, ווו שטייט די ווארעניע?

— ניטאָ קיין ווארעניעס, — ענטפערט די מומע גיטע פון שלאָף.

טאָנקע שמייכלט. זי גייט צו און טוט אן עפן די טיר פון גאס. א באגינענדיקע גרוי־ראָזעווע לופט פלייצט אריַין אין שטוב פריש, ווי א געזאנג.

נעבן גאניק, אָנגעשפארט מיטן קאָפ אָן פארענטש, שטייט צאלעל דעם פעטער יודעס ער האָט איצטער א שמאָלן פּאָנעם, ווי בא א פייגל.

גרויער טאָג.

לינקס, אפן הימל, האָט ארויסגעשפריצט איין ראָזעווער פאסיק, ווי א פאסיקל אייַזן, וואָס הייבט אָן גליִען.

— נו? — טוט זי, וואקלענדיק זיך, א שאָקל צו אים מיטן קאָפ.

— גאָרנישט, — ענטפערט ער.

זי בייגט זיך איבערן פארענטש און, בלאָנדזשענדיק מיט די אויגן איבערן הויף, פרעגט זי:

— דו, אינטעליגענטישע עקסיסטענץ־פאָרמע פון ווייַסלקערפער, דו צאלקע, וואָס טראכסטו זיך?

— גאָרנישט.

— איז טאקע עמעס, אז דו ביסט ניט צופרידן מיטן לעבן?

— עמעס.

— יאָ, ניט גוט מיט דיר!

אים האָט זיך דעמלט אויסגעדוכט, אז זי האָט עס געזאָגט מיט מיטלייד.

— קום אהער!

דעמלט האָט אים טאָנקע ארומגענומען, אריַינגעקוקט אין די אויגן און נאָכדעם א קוש געטאָן אין זייַנע שמאָלע, קאלטע ליפּן, וואָס האָבן זיך שוין אָבער געהאט אָפּגעזאָגט ניט נאָר פון דער אָדעסער ווילע, ניט נאָר פון טאָנקען, נאָר אויך פון זיך, פון די אייגענע עטלעכע אָפּגעריבענע גילדן, וועלכע זייַנען אים פארלאָרן געגאנגען, ווי פון א לעכער־דיקער קעשענע.

טאָנקע איז אריַין אין שטוב און פארוקט די טיר פון אינעווייניק, און ער האָט זיך ניט גערירט פון אָרט, געשטאנען לאנג און געקוקט אפ דעם פעטער זישעס קליאמקע, ווי אפ א פארשאָלטענעם צאם, בעשומויפן ניט אריבערצושפּריַיזן.

---

פונקט נייַן אזייגער אינדערפרי איז טאָנקע ארויס צו דער ארבעט.

דער רעבזעהויף איז געלעגן מיד, טויט מיד פון קלאנגען און פון רעכילעס. די טירן — נאָך צו. בלויז אויבן, אין מויער, איז דעם פעטער פאָליעס ווייַבל שוין געשטאנען באם פענצטער און מיטן טיפן באדויער נאָכגעקוקט די אויסגעלאסענע מויד.

דעם פעטער פאָליעס ווייַבל האָט דאָרטן אויבן באם פענצטער נאָכגעקרימט מיטן קאָפ ווי טאָנקע גייט און סאָפּקאָלסאָפּ א זאָג געטאָן וועגן איר צו זיך אליין:

— שיין ביסטו? א שענערע לייגט מען אין קייווער...

מאָטע דעכטיאַר



# ביוסטן

אין פּאַרק פון קולטור און אָפּרו צווישן געדיכטע קודריאַווע אַלייעס האָט זיך געוויזן א שערענגע דערהויבענע ביוסטן. אף הויכע פּיעדעסטאַלן זײַנען זיי אַלע געשטאַנען פּונקט ווי לעבעדיקע. יעדערע מיט א באַזונדער כײן, מיט א באַזונדער קנייטש, מיט אן אײגענער פּאָזע און אייגענער פיזיאָנאָמיע. בא אַלעמען זײַנען די פּנעמער געווען אויסגעקערט אהין אין דער זײַט, ווו עס ווערט שטענדיק געבאָרן טאָג און אייביק פאַרלאָשן נאַכט.

דאָס זײַנען געווען לעבעדיקע מענטשן. ניט איינער האָט דאָ דערקאָנט זײַנעם א גוטן פרײַנט, א כאַווער, ניט איין טאַטע און מאַמע זייער טאָכטער און זון. איר האָט דאָ געקענט טרעפן די בעסטע שלאָגלער העלדן פון פּינפיאָר פון אַלע עקן לאַנד. אָט שטייט פאַר אײַך א גוטער סטאַלינעץ־עלעקטריקער, אָט א העלד פון זאַוואָד „אמאָ“, עס קוקט אף אײַך מיט אזוינע ווײַטע הימלדיקע אויגן א יונגע פּאַראַשוטיסטקע, באַם זײַט א זאַטאָוועץ און וואָראָשילאָוו־שיסער. איר האָט דאָ געקאָנט טרעפן א פּאָר העלדישע פּילאָטן, א פאַרמעגלעכן קאָלווירטניק, אן אַלטן פּראָפעסער פון כעמיע, א שטעטלדיקע לערערן און א פּראָקוראָר פון א ראַיאָן.

אויסגעבאָדענע, באַשפּריצטע פון פרימאָרגנס זעען זיי אויס אזוינע גלײַכע, שטילע, בענקענדיקע. און נאָכדעם אזוינע שטאָלצע, בונטאַרישע רײַסן זיי זיך פון די פּיעדעסטאַלן, אנטקעגן דער אָפענער פרײַער שטאָט, וואָס קוקט אראָפּ פון באַרג, ווי א גרויסער שטייַנערנער ווּנדער. אין די טיפע באַטאָגן האָבן זיך געוואַלגערט שטיקלעך זון בא די פּיעדעסטאַלן, ווי קליינע צעלאָזענע שײַטערלעך.

א גאַנצן טאָג האָט זיך אַרומגעדרייט אַרום די ביוסטן א קליין קוּלהאַווער זאָקן, אזא מין ציכטיק ווײַסער, ווי א ברעקל טאָג, א פלינק רירעוודיקער און באַשפּריצט האָט ער הויכע קלומבעס פילפאַרביקע בלומען, וואָס האָבן זיך ברייט צעוואַקסן אַרום די פּיעדעסטאַלן און געצופּט האָט ער ווילדע גרעזעלעך, וואָס פלעגן זיך אַרײַנגאַנווענען אין די בלומען. זײַנע טיפ פאַרשלאָסענע פּיטשינקע אויגעלעך פלעגן קוקן אף אײַך ווי צווײ ווייכע כאַלוימעס און דאַכט זיך, אז זיי קאָנען קיין צוויי ניט ציילן די אויגן זײַנע, און דאַכט זיך, אז דער אַלטער איז גאָר א שטומער. אָט שטייט ער אנטקעגן די ביוסטן מיט א ליי־

דיקער לייקע אינ האנט, באטראכט יעדערנ פונ אויבנ אראָפּ אונ אפּ שטומ לאָשנ, אפּנ ווונק רעדט ער מיט זיי, דערציילט זיי עפּעס אונ זיי ענטפערנ אימ מיט א קנייטש, מיט א כיינ, מיט א שפּיל פונ אויג, מיט א שעפּטש.

אונ א ווינטל שפּילט אינ די אלייעס, רייסט איינציקע בלעטעלעכ. שטיקעלעכ זונ קרישענ זיכ אפּ די צווייגלעכ, פייגעלעכ שפּרינגענ אונ מאכנ פּאָקוסנ. אונ דער פּארק ארומ וואקלט זיכ, וויגט זיכ, שליידערט גרויסע קרומע שאָטנס, הוידעט אינ הימל מיט דיקע צווייגנ. אונ די שטאָט, דער גרויסער שטיינערנער ווונדער רוישט קאָכט, רייסט זיכ פונ בארג אונ כאלעשט עפּעס דערציילנ, באצויבערנ.

אפּ אירע הונדערטער פאבריטשנע אונ זאוואָדישע טרויבנ ליגט אָנגעשפּארט א בעדיכטער שטאָטישער הימל אונ, ס'דאכט זיכ, ווענ ניט די טרויבנ, ווענ ניט די שטאָט, פאלט אראָפּ דער הימל אונ צעפּלאצט זיכ אפּ פיצ ברעקעלעכ. די שטאָט איז שענער פונ טויזנטער הימלענ. די שטאָט איז שווער צו באשרייבנ.

* * *

אינ די פארנאכטנ, גייענדיק פונ דער ארבעט פלעגט דאָ ניט וויייט אפּ א בענקעלע אָפּרוענ א מענטש. דער מענטש איז געווענ נאָכ גאָר יונג, פארמאָגט האָט ער א ברייטנ שווארצ באשפּרינקלטנ פּאָנעמ מיט גרויסע קודרעס אפּנ קאָפּ ווי באראשקעס, אונ די אויגנ זיינענ בא אימ געווענ אזוינע ווייטע־וויייטע־פארטראכטע ווערפּעלעכ. אָנגעטאָנ איז ער געווענ אינ א שווארצער סאמעט העמדל, וועלכע האָט פארמאָגט אפּ זיכ מער ציימענס איידער קנעפּלעכ. ער פלעגט זיצנ לאנג, געדרייכערט שטיל, זיכ אופגעהויבנ, ווידער געזעצט זיכ, ווידער גערייכערט אונ ווידער זיכ אופגעהויבנ. ער איז, דאכט זיכ, געווענ ענלעכ אפּ איינעמ פונ די ביוסטנ דאָרט אינ די אלייעס. בא איינעמ פונ די ביוסטנ איז געווענ פונקט אזוינע קודרעס אונ פונקט אזויפיל ציימענס אפּנ הארצ.

דעמזעלבנ האָט מענ געקאָנט אויכ זענ א לענגערע צייט זיכ ארומדרייענ צווישנ די אלייעס, ווי ער וואָלט געזוכט א נאָענטנ אונ גוטנ פריינט צווישנ די וויייסע קעפּ. זיינע אויגנ האָט ער אלצ ניט אראָפּגענומענ פונעמ פּיעדעסטאל, אפּ וועלכנ עס איז געווענ ארופגעמויערט די יונגע פאראשוטיסטקע. געווענ איז זי די פאראשוטיסטקע אזא מינ גרינגע קודראווע מיט א כיינדעלע אונ איר פארשפּיצט קאפּריזנע נעזל, אירע וויייטע הימלדיקע אויגנ האָבּ דאָס ווידער גערופנ אונ פארמאניעט:

— קומ פליִענ.

ס'האָט זיכ אויכ גערדאכט, אז זי כאלעשט זיכ אראָפּרייסנ פונ פּיעדעסטאל אונ אָט, אָט פארשווינדט זי אינ די הויכנ. אונ נאָכ האָט זיכ גערדאכט, אז דער יאט מיט די קודרעס אונ מיט די פּיל ציימענס אפּנ הארצנ גאנוועט זיכ צו איר פונ הינטער אונ אָט וועט ער זי אראָפּנעמענ פונ פּיעדעסטדאל (ווייזט אויס, אז זי איז אימ שטארק געפעלנ) אונ וועט מיט איר ערגעצ אנטרונענ ווערנ, אָדער זי וועט אימ גאָר נאָכ זיכ אינ הימל פארטראָגנ. ער קוקט זיכ אומ, דרייט זיכ אומ, זוכט מיט די אויגנ, נישטערט אונ ווייס ניט אָנ וואָס זיכ אָנכאפּנ. ער זוכט זיכ אליינ אונ קאָנ זיכ ניט געפינענ.

— אָט איז ער דאָכ?

ער נישטערט נאָכ לאנג אונ די פאראשוטיסטקע נעמט פונ אימ ניט אראָפּ די אויגנ (מיסטאָמע איז ער איר אויכ שטארק געפעלנ), ווויהינ ער—אהינ אירע אויגנ, אהינ אירע

בליקן און איר שײנ פארשפיצט קאפריזנע נעזל און דאָס גריבעלע אינ באק רופט אים אלץ צו זיך און פארמאניעט—קום פליִענ!..

און אָט איצט איז ער, דאכט זיך, גרייט מיט איר גײנ אינ פײַער, אינ גרויסע אָפענע שלאכטנ—און אָט וויִאזוי באקאָנט ער זיך מיט איר?

אפ איינ אָרט דרייט ער זיך אזוי לאנג און זײַנע אויגנ, די פארטראכטע וועלפעלעך, שפרינגענ, דאכט זיך, אים ארויס פונ שטערנ און די קודרעס אפנ קאָפּ האָבנ זיך צעשאָטנ, ווי א ווייער.

קיינעם איז גאָר קיינמאָל ניט אײַנגעפאלנ א פרעג טאָנ וואָס דרייט זיך ארום אלע טאָג איינער און דער זעלבער מענטש, קיינעמ איז גאָר קיינמאָל ניט אײַנגעפאלנ א פרעג טאָנ—ווער איז דער מענטש? וואָס האָט ער פארלאָרנ, וואָס זוכט ער און ווער איז זײַנ טאטע? עס גייענ דורכ פארבײַ אסאכ מענטשנ, פארהאלטנ זיך אוויַלע אינ די אלייעס, באטראכטנ אויסגעקריצטע לעבעדיקע נעמענ פונ העלדנ אפ פיעדעסטאלנ, שמעקנ זיך אָנ מיט בלומענ און גייענ זיך ווײַטער זייער וועג. נאָר פרעגנ פרעגט דערוויַל קיינער ניט, וואָס דרייט זיך ארומ אלע טאָג איינער און דער זעלבער מענטש, וואָס האָט ער פארלאָרנ, וואָס זוכט ער און ווער איז זײַנ טאטע.

נאָר אָט איז איינמאָל צו אים צוגעהונקענ דער ציכטיק־ווײַסער זאָקנ, האלטנדיק א פולע לייקע אינ האנט, און האָט ווי בא גאָר א ווײַטנ, פרעמדנ א פרעג געטאָנ אזוי קאלט:

— ווער זײַט איר „פארעניאַק״? בא אונדז דאָ פארלירט מענ גאָרנישט. בא אונדז קאָמענ געפינענ.

דער יאט איז געבליבנ געפלעפט און האָט אפילע ניט באוויזנ א קוק טאָנ פונ וואנענ גייט עס אזא ווײַטער פרעמדער קאָל און דאָס קאָל האָט נאָכ אלץ נים אופגעהערט אפ אים שיטנ מיט ווערטער.

— ס׳דרייענ זיך דורכ פארנ טאָג טויזנטער. גיי פרעג זיי אלעמענ די פאספאָרטנ. דאכט זיך, סימפאטישנע, קוקנ, לאכנ און זײַנענ צופרידנ.

דער יאט איז אָפּגעשפרונגענ אפ הינטער ווי אנ אונטערגעקלאפּטער. אים האָט זיך געדאכט, אז אָט דער ווײַסער הינקעדיקער זאָקנ וועט אים באלד אופעסנ, וועט אים צערײַסנ און ווי א באָמבע וועט ער אינ אים ווארפנ די פולע לייקע און ס׳וועט אים צערײַסנ אפ שטיקלעך. א מינ דינ קעלכל מיט רייד האָט געשפארט פונעמ אלטנס האלדז און, דאכט זיך, לאנג, לאנג האָט ער געזוכט א מענטשנ אפ אויסצודערציילנ אים, וואָס ער, דער אלטער טראכט וועגנ מענטשנ.

— מענטשנ אלערליי, ליבינקער, מיט הענט, מיט פיס, מיט קעפּ. הײַנט גיי שפרינג זיי ארײַנ אינ די הערצעלעך.

איצט האָט דער יאט געקאָנט דעמ אלטנ עטוואָס באטראכטנ, און, דערזעענדיק א ליבע מינע אינ אלטנס שיטערע ברעמענ, האָט ער אים געזאָגט:

— זײַט רויִק, אלטער, אנ אייגענער, מיסטאמ געהאט א טאטנ אויך.

דער „זײַט רויִק״ האָט דעמ אלטנ א קאפּעטשקע בארויִקט, ער האָט זיך נאָכ אלץ פאָרזיכטיק ארומגעקוקט און באטראכט ניט אזוי דעמ יאט, וואָס מיט די קודרעס, נאָר די פיל צייכנס אפ זײַנ שווארצער „בארכאטקע״ און אינ קאָפּ האָט א שווינדל געטאָנ.

— מוז זײַנ גאָר א וואזשנער „פארעניאַק״, אָנ פונ יענע. און באטראכטנדיק זיך האָט ער אים געזאָגט:

— „לאדנאָ“, קוק ס'וועט דיר צונוץ קומענ, לערנ זיכ ווי צו לעבנ, ביסט נאָכ יונג, האָסט נאָכ וויִיניק געזענ, אָט זעסט — לעבעדיקע, ניט פונ ביכער ארויסגעשריבענע. זוכ „פארעניאָק“ עפשער ווערסטו דיַינעם א כאווער טרעפנ.

אונ וועלנדיק באוויַיזנ, אז ער, דער אלטער, האָט גאָר א נאָענטע שיַיכעס מיט די העלדנ, וואָס שטייענ אפ די פיעדעסטאלנ, האָט ער האסטיק אזוי א שפריצ געטאָנ איבער די קלומבעס בלומענ (כאָטש ניט לאנג האָט ער זיי באשפריצט). א דינער פאָנטאנ האָט גענומענ קלאפנ פונ לייקע אונ קונציק האָט זי געשפילט אינ זיַינע הענט, אונ א וויַיסער וואָלקנדל רויכ האָט גענומענ שוועבנ איבער די בלומענ, געשוועבט אונ געשוועבט אונ פארשיקערט מיט א שטארקנ בלומענ־רייעכ. בא דעמ פיעדעסטאל פונ דער יונגער פאראשו־טיסטקע האָט ער דעמ גאנצנ פאָנטאנ אויסגעשפריצט. אונ ווי צו זיכ אליינ גענומענ ריידנ:

— געווענ פונ אָנהויב, ברודערל, גאָר א קלייניקע פארטיע העלדנ. אומעטיק מיט זיי מיר געווענ, טיַיערער, אונ. אָט „בראטאָק“ א גאנצנ באטאליאָנ צוגעשיקט. אלע טאָג ניַיע, פונ אלע עקנ — א העלד נאָכ א העלד.

צו יעדנ וואָרט איז געפלויגנ אינ דער הויכ אנ אויסגעצופט גרעזל. ער איז געווענ זיכער, אז עמעצער וועט דערהערנ זיַינ קאָל. האָט ער זיכ נאָר מערער איַינגעבויגנ באמ צופנ די גרעזלעכ, געריסנ ווי סיווע האָר פונ א קאָפּ אונ וויַיטער שטיל גערעדט.

— מאָרגנ „פארעניאָק“ וועט מענ א פארטיע מעטראָוצעס אראָפּברענגענ. ניקיטקא איזאָסאָוו מיט זיַינע שאכטיאָרלעכ אויכ אהער.

— וואסיליעווע קארינע געהערט? אָט די קליינע פוזאטינקע טשעליוסקינקע. כּע־כּע פאר איר דעמ העכסטנ פיעדעסטאל אָנגעגרייט.

— אונ פאווליק מאָראָזאָוו געהערט אזא? געווענ א „סלאווונער מאלעצ“ פאווליק מאָראָזאָוו, א דענקמאָל וועט מענ אימ דאָ שטעלנ — פאווליקנ.

באמ דערמאָנענ דעמ נאָמענ פאווליק מאָראָזאָוו האָט ער זיכ האסטיק אזוי א שטעל געטאָנ ווי ער וואָלט אָפּגעגעבנ ערע אנ אומגעקומענעמ. א וויַילע האָט ער אונטער־געטאנצט אפ דער הינקענדיקער פוס אונ גענומענ זיכ ארומקוקנ, גענומענ זוכנ. ער האָט זיכ דערמאָנט, אז מיט א וויַילע צוריק איז דאָ ארומ אימ געשטאנענ א יונגער מענטש מיט אסאכ צייכנס אפנ הארצנ אונ מיט גרויסע שווארצע קודרעס אפנ קאָפּ, אָט ניט לאנג איז ער דאָ געשטאנענ אונ אווו איז ער דאָס אהינגעקומענ?

נאָר אווו איז ער? אָט דער, וואָס מיט די פיל צייכנס אפנ הארצנ. אווו איז ער דאָס אהינגעקומענ? — היַינט צו וועמענ האָט ער דאָס גערעדט? אונ ווער האָט דאָס אימ געהערט?

אונ דער אלטער האָט גאָרניט געזענ, אז דער יאט, וואָס מיט די פיל צייכנס האָט זיכ פארגאנווועט אינ צווייטנ זיַיט פונ פיעדעסטאל אונ האָט זיכ געריבעט אינ די בלו־מענ אונ ווי נאָכקרימענדיק אימ געצופּט איינציקע גרעזלעכ. ער האָט אימ אינ א וויַיל ארומ געטראָפנ זיצנדיק אפ זיַינ שטענדיקנ בענקעלע פונ דער זיַיט. שטיל אזוי האָט ער זיכ צו אימ צוגעזעצט אזא באליידיקטער, אָפּגעזונדערט מיט דער פלייצע איז ער געזעסנ צו אימ.

וויַיזט אויס, ער איז געווענ באליידיקט אלעמיַ קיינער האָט אימ ניט געהערט, אלע־מיַ קיינער גייט צו אימ ניט צו אונ טוט ניט א פרעג, ווער זיַינענ זיי אָט די אלע העלדנ? זיי זיַינענ דאָכ לעבעדיקע מענטשנ פרישע אונ יונגע. — צי ווייסנ זיי, אז אָט די אלע מענטשנ האָבנ איבערגעקערט א וועלט — איבערגעבויט א לאנד.

— הײַנט פאַרוואָס פרעגט מענ ניט בא אימ ווער זײַנענ זיי אָט די לעבעדיקע מענטשנ, אָט די העלדנ, וואָס האָבנ פאַרקערעוועט טײַכנ אפ אנדערע וועגנ און ראַנגלענ זיכ מיט די סאַמע שטאַרקסטע בערנ?

ווי א שטילינקער טרויערע האָט דעמ קאָפּ זײַנעמ פאַרויגט. דאַכט זיכ, ער דרעמלט אײַנ, דרעמלט און וואַרט.

אָט, אָט, וועט באַלד קומענ א מענטש און ער וועט בא אימ פרעגנ און ער וועט אימ דערציילנ איבעראַנײַס א קאָנ א געשיכטע וועגנ העלדנ, וואָס האָבנ איבערגעבויט א וועלט און פאַרקערעוועט טײַכנ אפ אנדערע וועגנ.

— יאָ, אָט זיצט אַרום אימ א מענטש. ער קוקט מיט אזוינע פאַרטראַכטע וועלפּעלעכ און שווײַגט: נאָכ יונג איז ער, שווײַגט ער, מיסטאמ האָט ער ניט וואָס צו דערציילנ. ער פרעגט בא אימ —

— האָסט א טאַטנ, טײַערער?

— יאָ, מיסטאמ געהאַט א טאַטנ, ענטפערט ער פּאַמעלעכ און ער גיט אימ גאָר פאַרויכערנ און פרעגט זיכ ניט אפילע, צי דער אַלטער רויכערט. און דער אַלטער האָט אויכ פאַרגעסנ, אז ער רויכערט ניט און גענומענ א פּאַפּיראָס אינ מויל.

און דאָס בלויִנקע רויכל פאַרטרײַבט, צערײַסט א שטילינקנ טרויער. א בענקשאַפט חערט צערונענ. עס שאַרפנ זיכ אזוי שטאַרק צוויי פּאָר אויגנ און זייערע ווײַטע טיפע פײַערלעכ זאָגנ אָנ.

— מיר וועלנ זיכ קיינמאָל ניט אויסלעשנ. אָט ווי די זונ, שטענדיק לויכטנ, ברענענ.

און די זונ האָט יענעמ טאָג אזוי געטרײַ, ליבלעכ געברענט, געוואַרעמט, געשײַנט, באַלויכטנ, באַשפּריצט מיט זוניקע טראָפּנס ווײַסע פאַרטונקלטע ווינקלענ. אפ די העכסטע טורעמס פונ שטאָט האָט די זונ צעבלאָזנ קליינע שײַטערלעכ און אונטערגעצונדנ נאָענטע ווײַסע שטיקלעכ וואָלקנס, אז נאָר א רויכ איז פונ זיי אַוועק.

אנ אייביקע זונ אינ לאַנד פונ אייביקנ פרילינג.

* * *

לאַנג זײַנענ זיי געזעסנ צוזאַמענ אפ איינעמ און דעמ זעלבנ בענקל ווי גאָר נאָענטע, לאַנג שוינ באַקאַנטע, באַפרײַנדעטע, געזעסנ און גערויכערט.

בא דעמ אַלטנ האָט זיכ ערשט פאַנאַנדערגעשרויפט די צונג. דער יאַט מיט די קוד־רעס האָט אַנטקעגנ אימ קיינ וואָרט ניט געקאָנט כאַפּנ. אזוי שטאַרק און הונגעריק האָט זיכ צערעדט דער אַלטער, און געסמאַליעט א פּאַפּיראָס נאָכ א פּאַפּיראָס.

— זעסט „פּאַרעניאַק” אָט אָ די קודראַווע פּאַראַשוטיסטקע? נאָר „פּאָ פּראַוודיע” זאָג, זי איז דיר געפעלנ? נוקא, וואָלסט געזאָגט, אז איכ בינ איר „באַטקאָ”—ס׳גלויבט זיכ דיר ניט, „פּאַרעניאָק”, גלויב טײַערער, אז איכ בינ איר באַטקאָ. אָט דאָס איז ער, פּאַוול מאַקסימיטש.

— לענאַ הייסט זי, מײַנ טאָכטער.

אפ דעמ וואָרט, טאָכטער, פלעגט ער שטאַרק אָנקוועטשנ, קעדיי מע זאָל דערפילנ און גלויבנ, אז ס׳איז זײַנ טאָכטער, אז ער נאַרט ניט אונטער.

— אַקוראַט אינ דער רעוואָליוציע איז זי געבאָרנ. אַליינ אפנ פראָנט דאַנ געוועזנ, אפ פּיטער געגאַנגענ. איכ קומ מיר אַהיימ ערשט פונ פראָנט. מײַנ נאַסטאַסיא לויפט אַנט־קעגנ מיר א פּאַרסאָפּעטע. און א פּאַטשיילעכל אוא געטוליעט צומ האַרצנ. אָט איז זי, מײַנ

נאסטאסי ע. טיצ צו מיר און דאָס פאטשיילעכל אפ מײַנע הענט און די ביקס האָפ פונ מײַנ פלייצע.

— וואָס איז דאָס פאר א פאָטשעכע? כ'פרעג בא מײַנ נאסטאסיען.

— טשו,—לאכט זי פונ מיר, נארישער טאטע, די רעוואָליוציע האָט דיר א „בארישניע" געהאט, זעסט גאָרניט סארא קוקלע. אָט צעקוש זיכ מיט איר.

— טיו, איכ קוש זיכ ניט מיט מיידלעכ און כאפ א קוק מיט אנ אויגל אינ פאטשיילעכל. אָכ, ליבינקע, א שווארצ פייגעלע אזא פישטשעט, דריגעט, מאכט „אייגעלעכ"—טיוב, טיוב זאָג איכ צו איר, געפאקט זיכ פייגעלע. הא, אָנגעשמעקט זיכ מיט פולווער. נו, נו, לאכ אביסעלע—„היי דיעווקא"!

און איכ זאָג מײַנ נאסטאסיענ—זאָג מיר, טײַערע, ווער האָט געמאכט די רעוואָליוציע, איכ, צי דו?

— מירביידע.—ענטפערט מײַנ נאסטאסיע און טראָגט אזוי וואזשנע מײַנ ביקסל און איכ טראָג אפ איינ האנט איר מיידל.

— הײַנט גיי זאָג מײַנ נאסטאסיענ, אז זי האָט געהאט גאָר א מיידל ניט קיינ רעוואָליוציע.

— טשו,—לאכט זי פונ מיר. זי וועט אויסוואקסנ א גרויסע, וועט זי נאָכ מאכנ גרעסערע רעוואָליוציעס פונ דיר.

און אָווא! מיטאמאָל אזא גוואלד, א ליארעם, ראפטאָם גיט אזא פליעסק מײַנ נאסטאסיע מיט די לאָפקעס.—וואָס איז מיט דיר, ווײַבל? וואָס ס'טו דערזענ?

— פאוועל, שרײַט זי צו מיר, וואָס שלעפסטו א פוס, פאוועל?

— נו, נו—זאָג איכ איר. ניטאָ פונ וואָס צו גוואלדעווענ, א טשעפוכאָווענע, טײַערע, די רעוואָליוציע האָט א צאראפע געטאָנ פארנ פוס.

און אָט די נארישע ווײַבל איז גרייט פאלנ אפ דער ערד און טיצ צו מײַנע פיס.

— נו, נו פרווו נאָר, זאָג איכ איר—פרווו נאָר א וואָרפ טאָנ מײַנ ביקסל, טו א קוק נאָר, וואָס עס טוט זיכ הינטער פלייצע. און הינטנ—הינטנ, אָווא, א געוויינ, א געפילדער, ווײַבער און קינדער א פאָלק. ארויס באגעגענענ די מאנענ, די טאטעס, באגריסנ מיט רעוואָליוציע. און אז ס'איז ניטאָ קיינ אייגענער, טײַערע—באגעגנט מענ א פרעמדנ.

— וואָס כליפענ מײַנע ווײַבער? אכ, נארישע, זאָג איכ צו זיי. איר שפילט זיכ מיט פײַער—מיט רעוואָליוציע שפילט איר זיכ. די רעוואָליוציע איז אײַכ ניט קיינ כאכינקע. רעוואָליוציע האָט ליב מענטשנ—נו וויינט, וויינט, מײַנע ווײַבעלעכ, נו א „טשוטאָטשקע", נאָכ א קאפעלע און האָדיע, די מאנענ סײַוויסײַ ניט אויסוויינענ—פארלאָרנ, טײַערינקע, די מאנענ, אָבער רעוואָליוציע... נו, וויינט, וויינט א טשוטאָטשקע און האָדיע, מײַנע ווײַבעלעכ...

דער קאָפ פונעם אלטנ, האָט זיכ אומגעוויגט הינ און צוריק און זיכ פארלאָרנ אינ א שיטער נעפל פונ א לעצטנ רויכ, וואָס האָט פונ מויל ארויסגעשלאָגנ. ער האָט אויסגעצויגנ די האנט נאָכ א נײַעם פאפיראָס און פארגעסנ, אז ער רויכערט ניט און ניט-דערויכערט דעם, וואָס בא אים אינ האנט. און פארציִענדיק דעם רויכ פונ א נײַעם פאפיראָס, האָט ער גענומענ ריירנ עטוואָס שטילער, אויסקערנדיק זיכ צומ יאט, און ניט געלאָזנ אויסריידנ אים קיינ וואָרט.

געווענ בא מיר דעמלט, „פארעניאָק" אזא גוטער ברודער, א בראווער פוטילאָוועצ.

א הויכער אזא מיט וואָנצעס, מיט אים צוזאמענ אפ פיטער געגאנגענ. געווענ איז ער, בראטיק, א גרויסער „שוטילע" שטענדיק מיר געזאָגט:

— פאוול מאקסימיטש—דו הערסט, מיר גייענ גאָר אינ א „וואזשנעמ" פראָנט, מיר גייענ מאכנ די רעוואָליוציע. האלט זיכ נאָר פעסט פאוועל מאקסימיטש, מיר וועלנ אלע האדינעס צעטרעטנ אונ דאמלסט אָהאָ!

— פאוול מאקסימיטש,—זאָגט ער צו מיר—ווער ווייסט צי מיר וועלנ זיכ נאָכ זענ. רעוואָליוציע איז ניט קיינ שפיל. איכ, אָדער דו. איינער פונ אונדז וועט אפ שטענדיק בלייבנ, בעט איכ דיר טייערער, געדענק, אז איכ האָב א ווייב. אונ א סינאָק האָט פארנ אוועקגאנג מיינ ווייב מיר געהאט, גריס פונ מיינטוועגנ מיינ ווייב, מיינ זונ.

— עכ, פאוועל מאקסימיטש, זאָלסט דערמאָנענ דיינ כאווער, דערמאָנענ דעם פראָנט. רעוואָליוציע איז ניט קיינ שפיל—פאוול מאקסימיטש! גריס מיינ ווייב אונ קינד וועסט האָבנ א סאָכטער, זע פארסוואטע פאר מיינ זונ, זאָל ער נאָר זיינ געראָטנ אינ טאטנ. אונ ווי זיינ הארצ האָט געזאָגט. צעקושט זיכ מיט מיר. אונ אוועק מיט זיינע פוטילאָווצעס. אונ מער זיכ מיט אים ניט געזענ—ווער ווייסט, צי ער לעבט? פארגעסנ דעם אדרעס זיינעם.

פאמעלעכ האָט ער איבערגעכאפט דעם אָטעם, טיף א זיפצ געטאָנ אונ געזאָגט:

— זיינ זונ מוז איצט זיינ א גרויסער מענטש. גאָר א גרויסער. ווער ווייסט צי געראָטנ אינ טאטנ...

נאָכ זיינע אויגנ, די פיטשינקע פארלאָפענע, האָט מענ געקענט זענ, אז ווייט דאָרט אינעווייניק צעבלאָזט זיכ א פייערל אונ פונ טיפ, טיפ שלאָגט ארויס א דערמאָנונג. זיינע אויגנ ווילנ עמעצנ טרעפנ אונ דערציילנ איבעראנייס, נאָכ גרעסער אונ ברייטער, א געשיכטע פונ א רעוואָליוציע אונ א געשיכטע פונ א כאווער—וואָס ווער ווייסט צי ער לעבט. נערוועז האָט ער געסמאָקטשעט א פארלאָשענעם פאפיראָס—פארגעסנ, אז ער רויכערט ניט אונ פארגעסנ, אז ס'זיצט מיט אים א יונגער מענטש, וואָס האָט זיכ צו אים אזוי שטייפ צוגעטוליעט, ווי ער וואָלט געשמעקט דעם רייעכ פונ רעוואָליוציע. די אויגנ פונ דעם מענטשנ—די יונגע וועלפעלעכ, פינקלענ אזוי שטארק, אונ הויכ זיינענ אָנגעשפיצט זיינע אויערנ. שוינ דריי מאָל, אז דער יונגער מענטש טראָגט אים אונטער א נייעם פייערל צו זיינ פארלאָשענעם פאפיראָס אונ דריי מאָל, אז ער פרעגט זיכ נאָכ:

— ווי הייסט אָנ יענער גוטער ברודער זיינער? אָנ יענער בראווער פוטילאָוועצ.

ער פרעגט אונ קיינ ענטפער באקומט ער ניט. דער אלטער האָט זיכ נאָכ שטארק אזוי צונויפגעקאָרטשעט, ווי אינ א הויפנ. געהאלטנ אויסגעשטרעקט די הינקענדיקע פוס, ווי א לעבעדיקער איידעס פונ דעם, וואָס ער דערציילט, אונ זיינע אויגנ האָבנ גענומענ בלאָנקענ ערגעצ ווייט, דאָרטנ אינ די אלייעס צווישנ די קעפ פונ די ביוסטנ. ליבלעכ אונ שארפ האָט ער א קוק געטאָנ אפ דעם קודראווונ קאָפ פונ דער יונגער פאראשוטיסטקע, וואָס האָט זיכ נאָכ אלצ געריסנ פונ פיעדעסטאל אונ איר שארפ נעזל אונ די הימלדיקע אויגנ, האָבנ אלצ געמאניעט, גערופנ—קומ פליענ!

— אָט „פארעניאָק", מאָגסט הערנ—ערשט ניט לאנג דאָס געווענ. ווי זעסט מיר אנ אלטיטשקנ. איכ שטיי אינ קאָלאָנעס אפנ אעראָדראָמ. אָכ, ס'ארא מיי־טאָג געווענ. ס'באקט די זונ אונ בא אלעמענ די קעפ פאריסנ אינ דער הויכ. איכ זאָג דיר: שווארצ דער הימל מיט אעראָפלאנענ, דיריזשאבלעס פונ אונטנ אונ פונ אויבנ. אונ טיצ מיטאמאָל פליגעלעכ פונ דער הויכ א גאנצע ראָד אויסגעשאָטנ. די אעראָפלאנענ, דיריזשאבלעס אינ איינעק הימל אונ די פליגעלעכ אינ צווייטנ עק. גיי כאפ זיי. א סטארושקע אזא מיט א טשעפ-

טשיקל פאלט צו דער ערד, כרעשטשעט זיכ אונ שרייַט—„באָזשענקאָ מאָ" אונ בא מיר דאָס היטל פונ קאָפ אפ דער ערד, אונ אינ הימל איז שווארצ. אעראָפלאנענ אפ אעראָפלאנענ. זיי אינ איינ עק אונ די פליגעלעכ מענטשעלעכ אינ צווייטנ עק מיט זאָנטיקלעכ די זונ פארשטעלט. איכ צי אויס די הענט אָט אָט כאפ איכ זיי אונ עס דרייט זיכ דער קאָפ. אָווא, סארא הויכ, „סטראשנע"—איכ הער שוינ גאָרניט, אינ די אויגנ שווארצ אונ אינ הארצנ טיאָכ, טיאָכ, אונ מיטאמאָל טיצ, ניט ווייַט ארום מיר א פליגל, א מענטשל, א זאָנטיקל באצ, אונ אָט נעמט מענ מיכ ארום, מע טוט מיר אָנ דאָס היטל.

„טאטע! הער איכ א קאָל, א נאָענטער רעדט צו מיר. א גרוס דיר פונ הימל, טאטע. איכ טו נאָר א קוק, ערשט מייַנ טאָכטער לענא כאפט מיכ ארום, קושט מיכ. אונ דאָס זאָנטיקל אינ איר האנט איז אזא ברייטס ווי א הימל. איכ האָב געוואָלט שרייַענ אפ איר, שלאָגנ זי—וויאזוי נעמט עס א טאָכטער אונ לאָזט זיכ אזוי ווייַט אינ הימל. כ'האָב געכאפט זי שטיקנ אונ זי—גאָרנישט, זי שווייגט, זי לאכט אונ ארום אונדז מע טרעסקעט מיט די הענט, מע שרייַט בראוואָ! הורא! אונ אונדז ביידנ מיטאמאָל אפ די הענט אונ האָפ אינ דער הויכ, מיר מיט מייַנ טאָכטער לענא האָפ אינ דער הויכ, קאם, קאם אדערכייַעט זיכ. איכ טו א קוק, ניטאָ ווידער מייַנ טאָכטער—איכ הויב אָנ זוכנ, לויפנ, ווו קאָנ זי אהינקומענ?—פונ דער ווייַט דערזע איכ, זי שאָקלט מיטנ האנט, שרייַט — דאָסווידאניע באטקא, זי פליט שוינ נאָכאמאָל, נאָכאמאָל אינ הימל.

ער האָט דערציילט וועגנ זייַנ טאָכטער, דאכט זיכ, מיט דער זעלבער שטים, וואָס ער האָט דערציילט וועגנ אסאכ העלדנ. נאָר די פאָטערישע ליבע האָט פלוצלינג אזוי אופגעפלאצט בא אים אינ אינעווייניק אונ אזא מינ ווארעמער שנירל האָט זיכ גענומענ גיסנ פונ האלדז, געשפראָצט פונ די אויגנ, ווי פונ טיפע קוועלכעלעכ.

— איכ וועל מאָרגנ ארום איר נייַע בלומענ אייַנזעצנ, בלומענ פונ אייגענעם גאָרטנ אליינ ט'זיי מייַנ טאָכטער לענא פארפלאנצט.

— מיר דאכט זיכ, אז זי איז ניט מייַנע, איכ קוק אפ איר אונ טראכט: ווער ביסטו בארישנע, אינ וועמענ געראָטנ?

אונדזער יאט, וואָס מיט די קודרעס איז געוועג צו אים אזוי שטייַפ צוגעפגעטוליעט, געפילט זיכ אזוי נאָענט, אז אָט, אָט וועט ער דעם אלטנ, דאכט זיכ, א ביס טאָנ. מיט אנ אופגערעגטער האנט האָט ער גערי‌בנ א שוועבעלע נאָכ א שוועבעלע, צוגעטראָגנ נייַע פייַערלעכ צום אלטנ פארלאָשענעם פאפיראָס, ווי ער וואָלט אים אונטערגעגעבנ נאָכ פייַער, נאָר דער פאפיראָס האָט ניט געברענט אונ דער אלטער האָט נאָכ אים אלצ אפ זייַנ פראגע ניט געענטפערט.—ווי הייסט יענער גוטער ברודער זייַנער, דער בראווער פּור־טילאָוועצ?...

אָט הויבט ער זיכ אָנ אָפרוקנ דער יאט פונ אים, ווערט אָנגעכמורעט אונ ער דער אלטער לאָזט אים אלצ ניט קיינ וואָרט כאפנ אונ דערציילט איבערא‌נייַס וועגנ זייַנ טאָכטער לענא. אונ בא דעם יאט קלאפט אלצ אינ קאָפ—וויאזוי זעט מענ זיכ מיט איר, וויאזוי באקאנט מענ זיכ מיט איר? ער שעמט זיכ פרעגנ אונ גלויבט ניט, אז דער אלטער איז איר טאטע. בא דעם אלטנ פונ האלדז גיסט זיכ נאָכ אלצ ווי א ווארעמער שנירל אונ פונ די אויגנ שפראָצט נאָכ אלצ די פאָטערישע ליבע:

מייַנ טאָכטער לענא...

אונ דער יאט געפינט זיכ קיינ אָרט ניט, עפעס רופט, מאָנט אונ לאָזט ניט אייַנזיצנ, אָט

שטעלט ער זיכ אופ, זעצט זיכ אונ שטעלט זיכ ווידער אופ. דער אלטער האָט דערפילט, אז בא דעמ, וואָס מיט די קודרעס רופעט עפעס אינעווייניק, אָט דרייט ער זיכ אפ איינ אָרט, זוכט עפעס אונ קאָנ ניט געפינענ. ער קלײַבט זיכ, דאכט זיכ, אנטלויפנ. ס'וועט אימ ווערנ אומעטיק אָנ אימ, ער האָט ליב אזוינע שטילע אונ צוגעלאָזענע. אונ, דאכט זיכ אימ, אז ער קאָנ זיכ מיט אימ שוינ לאנג מיט אָט דעמ שווארצנ, לאנג, לאנג האָט ער מיט אימ געלעבט צוזאמענ אונ פילט זיכ מיט אימ, ווי מיט גאָר א נאָענטנ ליבנ. ער וואָלט שוינ לאנג בא אימ געדארפט פרעגנ—וו ארבעט ער אָט דער יאט, פונוואנענ איז ער, ווי קומט צו אימ אזויפיל צייכנס אפנ הארצנ אונ צי איז ניט איינער פונ זיי אנ אָרדענ. עפעס צו גרויס איז איינ בלאנקענדיקער צייכנ אפנ מיט הארצנ. אָט ווי א פײַערל שײַנט עס אראָפ פונ הארצנ.

ער האָט אימ א כאפ געטאָנ פארנ האנט, צוגעצויגנ שטײַפ צו זיכ אונ דער יאט איז מיט א זײַט געבליבנ זיצנ, צו אימ עפעס א זאָג געטאָנ האסטיק אזוינס, אז דעמ אלטנ האָט א באק געטאָנ אונ האָט אימ א הויב געטאָנ, אז ער האָט גענומענ אונטערשפרינגענ אפ דער הינקענדיקער פוס.

— ווי הייסט יענער גוטער ברודער, דער בראַווער פוטילאָוועצ?—(ווענ זײַנ טאָכטער שעמט ער זיכ פרעגנ).

דער אלטער האָט ווידער ווי אָנ עפעס דערמאָנט זיכ, א טרייסל געטאָנ מיט דעמ ווײַסנ קאָפ. אביסל בארויִקט זיכ, צוגעזעצט זיכ, א קוק געטאָנ אפ די צעשאָטענע קודרעס איבערנ יאטס שמאָלנ שטערנ, אפ דעמ סאמענ גרעסטנ פײַערלעכנ צייכנ בא אימ אפנ ברוסט אונ פארקוקט אזוי געענטפערט:

— פיאָדער אלעקסייעוויטש טאבאָלינ האָט ער געהייסנ יענער ברודער מײַנער, יענער בראַווער...

אינ א טיפער בוזעמ-קעשענע האָט ער פארשטויסנ זײַנ האנט אונ אינ א ווײַלע ארומ איז אויסגעוואקסנ אנטקעגנ א קליינינק בילדל—צוויי גרויסע וואָנצעס אפ א געגרײַזלטנ קאָפ אונ א פיפקע אינ מויל. דער יאט האָט א כאפ געטאָנ דאָס פאָרטרעטל, צוגעטראָגנ נאָענט צו די אויגנ אונ באלד אָפגעשפרונגענ אינ דער זײַט. דער אלטער האָט זיכ האס־טיק נאָכ אימ א לאָז געטאָנ. אימ האָט זיכ געדאכט, אז דער יאט אנטלויפט מיטנ פאָרטרעטל. אינ א נאָענטנ שאָטנ פונ א בוימ האָבנ זיי זיכ ביידע פארפלאָנטערט. עס האָט זיכ גע־דאכט, אז אָט פאלט איינ דער בוימ, עס טרעסקענ די צווײַגנ אונ עס שיטנ זיכ, שיטנ זיכ גרינע בלעכלעכ.

— שטיי!

ס'האָט זיכ נאָר געהערט דאָס שורשענ פונביימער, שטארק אונ אופגעברויזט האָט א יונגער קאָל א הלושע געטאָנ איבערנ פארק.

— ס'איז מײַנ טאטע! כאווער מאקסימיטש. מײַנ טאטע פיאָדער טאבאָלינ. זײַט באקאנט מיט זײַנ זונ ארקאדי. ארומ ווענענ איר באשפריצט אלע טאָג די בלומענ—פאוועל מאק־סימיטש, דײַנ טאָכטער לענא...

א ראָזעווע בלומ, א שטיק שוואכער פײַערל האָט דערברענט בא א סטעזשקע ניט ווײַט פונ א בענקל, ווו גאָר ניט לאנג זײַנענ צווייענ געזעסנ. אָוונטיקע געטוליעטע ביימער האָבנ זיכ ווי געבייגט צו דער ערד, באטאפט זי מיט די צווײַגנ ווי מיט הענט.

— פאוועל מאקסימיטש!

ארקאדי טאבאָלינ!

* * *

אונ די פאַרנאַכטיקע טונקלקייט האָט געדיכט אזוי גענומען שוועבן צווישן הויכע גרויע ביימער פון פארק, וואָס האָבן פארשטעלט דעם גאנצן אָוונטיקן אויסגעשטערנטן הימלטויזנטער פייערלעך האָט געשפּראָצט אינ פארק אונ געצונדן זיינע צווייגן, הונדערטער פּאָרלעך האָבן זיך געדרייט אפ סטעזשקעס, ווי אינ א גרויסן קאראהאָד.

אינ גרויסן ווונדער האָט אנטקעגנ ארויסגעקוקט א נאָענטע גרויסע שטאָט, אפ אירע שטיינערנע ווענט האָבן לאנג דערברענט די לעצטע שייַטערס פון זונ. אונ די ווייַטע זאוואָדישע טרויבן האָבן נאָכ אלץ ווי סטאָלבעס אונטערגעשפּארט דעם הימל אונ ניט געלאָזן אים פאלן אפ דער ערד.

אונ דער שטאָטישער זייגער האָט הויכ אינ הימל איבער מויערן צעשפּיגלט פריידיקע אָוונטיקע שאָען. די צווייַגן אינ פארק האָבן נאָכ שטארקער געברענט. די ערשטע ברומען פו: אָרקעסטערס אונ שטימען פון יוגנט האָבן אָנגעפילט מיט לעבן, מיט שטורעם, מיט דראנג.

מיט לעבן, מיט שטורעם אונ דראנג האָט אויכ גענומען ווייען פון דער שערענגע ביוסטן אינ די נאָענטע אלייעס. זייערע פארשטיינערטע פּענעמער האָבן אויסגעגעבן שטרענגע פארטראכטע אונ, דאכט זיך, זיי קלייַבן זיך אייַכ דערציילן א שיינע לעגענדע, א מייַסע, א ליכטיקן טרוים...

די קלומבעס בלומען ארום די פּיעדעסטאלן זייַנען ווי איינגעדרימלט, נאָר אזא מינ ראָזעווער רויכל שוועבט איבער זיי אונ באטריפט מיט רייכעס ווי פון גוטע געטראנקען.

ס'פּישטשען פייגעלעך אינ די נעסטן, ערגעץ ווייט ברעכט זיך א צווייַג, סקריפּעט, סקריפּעט נאָכאנאנד אָן אופהער אונ עס וויגט זיך מיט פייער אונ יוגנט אינ טיפן אָוונט א פארק.

אונ אנטקעגנ ברענט די שטאָט, ווי א מעכטיקער פאקעל פון זיג.

---

## פּערעץ מארקיש



# צווייַ ראַדיאָס[1]

אין דער הויך, אין דער טיף, איבער גליטשן,
אין דער וויַיט—בארג אראָפּ, בארג ארויף, —
אָט אזוי ז'מען געגאנגען נאָך איליטשן,
אָט אזוי ז'מען געגאנגען אפּ זייַן רוף!

אומעטום האָט געשוועבט זייַן געשטאלט דאָרט,
ער צו ערשט איז געגאנגען—אומעטום;
האָט די הויך און די טיף זיך געשפּאָלטן,
און געלייגט זיך צו פיס האָט דער שטורעם.

מ'האָט פארגעסן ווען ס'ענדיקט א וואכטע,
מע געדענקט ניט די צייַט אקוראט;
אז מע דארף א דעפּעשע קיין כארקאָוו,
אז א וועק טאָן מע דארף לענינגראד.

ניט פון טאָג, ניט פון זון קומט איצט ליכט אָן,
און די פינצטערניש קומט ניט פון נאכט;
— פאר די אויגן—א וויַיט א קאָלירטע
און אן אָפּגרונט זיך הייבט אפּ דער וואכ...

ביז קאיאָר מ'האָט די טיפן געמאָסטן,
און אין דר'הויך איז געגאנגען א ראט;
איז אוועק א דעפּעשע קיין מאָסקווע,
און א בליץ האָט געוועקט לעניגראד.

---

[1]) פון דער פּאָעמע „אויפגאנג אפּן דניעפּער".

וויקלען ווינטן די דראָטן אײַן צערטלען,
און די רוימען זיי ראמען ווי טרעפּ;
פאר דעפּעשן און בליצן אין צענטער,
פאר דעפּעשן און בליצן פון דניעפּ.

אונטער אָפּגרונט די וואסערן מורמלען,
ס'איז דער אָפּגרונט פארוויגט און פארווייט;
איז א דריטע געגאנגען קיין מורמאנסק,
קיין ארכאנגעלסק געגאנגען זײַנען צוויי.

וויפל עקן אפּ ווײַט דער פארבאנד האָט
אין אומענדלעכער לענג און אין ברייט;
פון שווארציאמיקן ברעג ביז אטלאנטיק
האָבן פונקען אין דר'הויך זיך געדרייט,

זיך געהאלדזט מיט אנטקעגנדע שטורעמס,
און געשלײַדערט זיגזאגן דער הויך,
צו דעם נאָך ניט באטראָטענעם טורעם
צו דעם נאָך ניט באטראָטענעם בלוי.

ווי א שטערנשאפט—שיקער און שוימיק,
ווי א שטערנשאפט—שטורעם־שאָליִעך;
און געשלונגען די שטרעקעס און רוימען
און געשניטן מיט שארף פון ליכט.

או דער שריפט זאָל אין מילכווען געפאסט זײַן
נ'איבער אים זאָל זיך טראָגן דער סטעפּ:
— שיקט ארויס אפּן דניעפּ וואָדאָלאזן!
— וואָדאָלאזן געניטע צום דניעפּ!

דורך אַ דורך—איבער כמארעס און נעבלען,
און מיט גלי—אפּ דער ווײַט, אין דער נאָנט:
— ס'האָט פארטראָגן א טייל פון דער גרעבליע,
ס'איז אראָפּ א טייל צו דעם דנאָ.

זיבן קרוינשטעט דערוועקט האָבן בליצן,
זיבן אײַזברעכערס—ריזיק ווי שטעט;
און אן אומרו א העלער צעבליט זיך,
נ'ערגעץ אומרו מ'ט אומרו רעדט!

בלאָנדזשען, פינקען ארום די דעפּעשן,
איבער שטעט, איבער האפנס פון לאנד;
—אז ס'איז שניט! אז מע שנײַדט און מע דרעשעט,
ס'זײַנען שטעט אין די ווײַטן געשפאנט!

— ווי איז כארקאָוו — פארגאנגענע יאָרן?
— ווי איז כארקאָוו — פארשניטענער הילכ?
אז עס קלינגען שוין ניט אין קאיאָרן
ווי אין גלעקער — די קאנען פון מילכ;

אז פון טיפ פון יאָרהונדערטן טונקעלע,
פון געדעקטע מיט שוועבל און שטרוי —
איז ארויסגאן די שטאָט זיכ באטרונקענ
מיט געשטאלטיקטן שטאָלענעם טרוים...

פאנאנדערשייַנט וועגן אפ צאָפן
און צעעפנט דאָס הארצ פאר א גאסט, —
האָט זי מאָסקווע געשטעלט זיכ צוקאָפנס
און געלייגט זיכ צו פוס דעם דאָנבאס.

און ארויס צו דער הויכ אפ אנטקעגן —
ניט מיט גאָלד פון קלויסטערשע קעפ,
נאָר מיט צייַט, מיט רוים און באוועגונג
נ'מיט געשריי פון געקאָוועטן סטעפ!

זיכ באטרונקען מיט בלויע עטאזשן,
זיכ באלאַדן מיט שטאָלענעם בלוי, —
ערגעצ מעסט זי שוין אָן אפ זיכ ראשיק
איר באנייַטע בעטאָנענע הויט.

און דעפעשן אפ מאָסקווע — ווייַטער,
און דעפעשן — אפ מאָסקווע דער שטאָט;
פליִען פונקען — לופטיקע רייַטער
ס'איז קיין פלעצער פאר אָפשטעל נישטאָ.

איבער רוימען — פארוואָרפענע וועגן,
איבער רוימען — בליציקן ברויז, —
איז די הויפטשטאָט געלאָזט אין באוועגונג
אפ יאָרהונדערטן גאנצע פאָרויס!

רייַסן ווערטער דעם רוים אפ שטיקער
טראָגן אפ זיכ און קומען צוריק,
ס'איז אין דר'הויכ ערגעצ מאָסקווע אפ בריקן,
ווי א דענקמאָל פון אופשטאנד און זיג!

אָט איז מאָסקווע — אין זוניקע רויכן,
אָט איז מאָסקווע — באָרוועס געשטעלט;
ווי א פאָן אפ א בארג אפ א הויכן,
און געזען זי זאָל זייַן פון דער וועלט.

אונ עס פליִענ די פונקענ צו האפנס,
צו די שווימענדע שטאָלענע שטעט;
ס'רעדט דאָס גאנצענע לאנד טעלעגראפיש
אונ עס הערט זי די גאנצענע וועלט.

בלאָנדזשענ פונקענ ארום סונ דעפּעשנ,
איבער שטעט, איבער האפנס פונ לאנד;
—אז ס'איז שניט, אז מע שנײַדט אונ מע דרעשעט
ס'זײַנענ האפנס אינ שטורעם געשפּאנט.

מיט פארוואָרפענע ווענטקעס צו שטערנ,
פונ א זעקסטעלעק ערד:—דערלאנג!
שליסט דאָס לאנד זיכ ניט אויס פונ די ספערנ
שליסט ניט אויס זיכ פונ הויכנ דאָס לאנד.

עפנט אופ, ווי א בלאט נאָכ א בלאט זיי,
אינ צעפּאָכעטע פונקענ פארוועבט:
— שיקט ארויס אפנ דניעפּ וואָדאָלאזנ,
— וואָדאָלאזנ געניטע צום דניעפּ!

אונ מיט ווענטקעס צו שטערנ פאראנקערט
איבער מילכוועגנ! כוואליעס—געפּליעסק —
כאפּט דאָס לאנד אומפארשטענדלעכע קלאנגען,
כאפּט דאָס לאנד א געשריי: „עס.אָ.עס“.

איבער איינזאמע ווינטיקע רוימענ
טרינקענ ווערטער זיכ—ווינטיק אונ ווײַס;
ס'שמײַסט דער ווינט אונ פארשלײַדערט זיי נ'טהאָמענ
אונ זיי קומענ ארויס איבערנײַס.

ס'רײַסט א סווישטש זיכ פונ שנייִקנ קאָל אויס
אונ ס'פאלט ווי פונ בליציקע טרעפּ:
„— עס.אָ.עס. איטאליע, פּאָליוס,
„— עס.אָ.עס. וואָדאָלאזנ צום דניעפּ.

עס זײַנענ צוויי ראדיאָס געלאָפנ
זיכ באגעגנט אינ לופט—אונ פארוועבט;
די ערשטע—פונ שנייִקנ צאָפנ
די צווייטע—פונ זוניקנ דניעפּ.

פונקט ווי רויב־פויגל צוויי זיכ פארפלאָכטנ
מיט די פליגל אינ נעגל אונ לײַב;
ס'פליקנ פונקענ, ווי פעדערס צעבראָכענע
אונ זיי פּאָכנ אונ סווישטשענ ווי בלײַ.

ס'וויל דאָרט איינע דערשלינגען די צווייטע,
און דערגרייכן וויל איינע—פאַר פריר;
רײַסן ווינטן די לופטן ביז ווייטעק,
און ביז ווייטעק איז זיס דער עפיר.

אונטער אָפּגרונט—די וואסערן מורמלען
ס'איז דער אָפּגרונט פּארוויגט און פּארוויים;
ס'א דעפּעשע געגאנגען קיין מורמאנסק,
קיין ארכאנגעלסק געגאנגען זײַנען צוויי.

א מעסלעס מ'האָט די טיפן געמאָסטן
און אין דר'הויך איז געגאנגען א ראט:
און געגאנגען ז'א דעפּעשע קיין מאָסקווע,
און א בליץ האָט געוועקט לענינגראַד.

---

ערגעץ ווארט מען סיגנאלן ניט־היגע,
ערגעץ טראָגן סיגנאלן זיך גראָד;
שוין דעם צוועלפטן מעסלעס, אז מאליגין,
אז מאליגין ט'פארלאָזט לענינגראַד.

ס'איז מאליגין איצט ווײַט בא דעם פּאָליוס,
ס'שנײַדט מאליגין דעם אײַז־אָקעאַן;
ניט דערגאנגען דאָס מענטשלעכע קאָל איז,
צו דעם זוניקן לאנד—ניט דערגאַן.

ס'האָט פּארהוליעט באנאכט זיך מילאנאָ,
און פּאראדן נעמט אָפּ ערגעץ רוים;
נ'פון די אייביקע שנייִקע לאנען
די פּארפּלעקטע מיט בלוט פון איר טרוים.

האָט דער רוף ניט דערגרייכט צו דעם לאנד דאָרט,
נים דערגאנגען צו דער צעזארשער קרוינ;
ס'האָט פּארהוליעט באנאכט זיך מילאנאָ,
און פּאראדן נעמט אָפּ ערגעץ רוים.

נ'וואטיקאן דאָרט אפּ הייליקן בעט,
ס'קלינגען פינצטערע גלעקער אין רוים;
און עס וויגט זיך איטאליע אין רומבא
און ס'פּארוויגט זי א שנייִקער טרוים.

זיבן קרוינשטעט דערוועקט האָבן בליצן,
זיבן אײַזברעכערס—ריזיק, ווי שטעט;
און אן אומרו א העלער צעבליט זיך
נ'ערגעץ אומרו מיט אומרו רעדט.

טעלעגראמענ. אינ פיבער דאָס לאנד איז.
טעלעגראמענ. געפלאצט—קומענ אָנ.
אונ עס ציטערט אינ פאָרט א קאָמאנדע:
— אפנ מאסטבויב, מאטראָסנ די פאָנ!

טעלעגראמענ—זיכ רײַסנ אונ וועקנ,
ס׳הויבנ פאָרהאנגענ אופ זיכ פונ ראנד;
אונ עס הילכנ ווײַטנ, ווי גלעקער:
— אפנ מאסטבוימ די פאָנ—פאראנ!

אונ מאטראָסנ—געפינדלט, געפאסיקט,
אונ מאטראָסנ—אפ אײַזיקנ רעיד;
עס האָט זיכ געגרוזעוועט „קראסינ",
עס האָט זיכ „מאליגינ" געגרײַט!

אונ עס שרײַענ די דאמפערס אונ סאפענ,
אונ דאָס וואסער איז בלוי אונ פעט;
— א קאָמאנדע וואָדאָלאזונ פארכאפנ!
— וואָדאָלאזונ פארכאפנ—פאראנ!

אלע מאָל זיכ די הויבערס פארקערעווענ,
אונ ווי זשאברעס זיי סמארענ דאָס לאנד;
— קאָמאנדע:—פלייש אונ קאָנסערוונ!
— אונ א הילכ אונ א דונער:—פאראנ!

עס צעפראלנ זיכ שײַערס ווי פעסטונגס,
סאָוועטישע שפײַכלערס—צעשפארט;
עס גרוזעוועט „קראסינ" זיכ פעסט דאָרט,
אונ „מאליגינ" געהאָרכזאמ וואכט!

עס יאָגנ אונ ס׳פליִענ באפעלנ,
אינ פיבער אונ היצ אינ געלאָפ;
אז קליידער פונ הירשענע פעלנ
אינ שטיול פונ ווארעמסטנ שטאָפ!

שוינ פארלייגט אונ באלאגערט די פאלוב,
מיט דער בעסטער געקליבנסטער שפײַז;
אונ ווי זילבער צעשטראליקטע שפאלנ
וועט זיכ לייגנ צעטראסקעטע אײַז.

אונ מע האָדעוועט קעסלענ מיט קוילנ
אונ דאָס אײַז פונ די באָרטנ מע שינדט;
— היי פארווינטיקטע העלדזער הוילע
קלאפט דאָרט אויס אונ פארפרוּווט די מאשינ!

אז זי זאָל אין דער טיף זיך א לאָז טאָן
זי זאָל אופגיין אין פײַן און אין פרייד;
פון דער ווײַטער סאָוועטישער מאָסקווע
ביז צום צאָפנשן פאָליוס—א רעיד!

האָבן האנגלען געמאָלדן פראָסטיק,
און א דונער געטאָן צום לאנד:
— פאראן פון סאָוועטישער מאָסקווע,
ביז צום צאָפנשן פאָליוס—פאראן!

און א פײַפ. א דריטער. א דרייסטער.
און א הימען צו ווײַטן פון יאם;
נ'א קאָמאנדע:—נעמען די אײַזבערג!
און—נעמען די אײַזבערג—פאראן!

טעלעגראמעס—צו שטערנשע וויסטעס,
טעלעגראמעס—געפלאצט—קומען אָן;
און ס'האָט מיט די אײַזבערג געגריסט זיך
די פארהויבן—סאָוועטישע פאָן!

אפעניעיען צו הויכן זיך רײַסן,
זיי באקוקן די שנייִקע טייל:
און צום פאָליוס געגאנגען איז „קראסין",
און „מאליגין" אפ הילף האָט געײַלט.

און צום פאָליוס—אלץ ווײַטער און העכער
איז „מאליגין" און „קראסין" געגאן
דעם לאטײַנישן גײַסט צו פארשוועכן
מיט דעם גײַסט פון סאָוועטישן לאנד—

צו פארשוועכן דעם אוראלטן טיבער,
צו פארומווערדיקן זײַנע נעכט —
מיט סאָוועטישער פראָסטער ליבע
און מיט ברויט פון געוועזענע קנעכט!

---

צו דעם דניעפּער געגאן מ'איז נאכהער,
ווען די אײַזבערג נעשפאָלטן האָט „קראסין";
געזידלט האָט זיך אוראָם־הערש,
און געווערטלט שטיל האָט לוקא זיך,

נאָר ס'זײַנען געגאנגען אוראלן
אפ א דורך און אריבער דער צײַט,
פון אלט און פון יונג און פון אלע
מיט די הענט, מיטן הארץ נ'מיט געצײַג.

איבער יעטװידער טײל—א געכאפ איז,
און קײן אײנציקע רעגע אפ רו;
— װער סע יאָגט זיך מיט אײַזערנע שטאבעס,
— װער מיט קלעצער אפ אקסל—פארוקט.

נ'בא באלױיכטענעם ברעג פונעם דניעפער,
דעם פארפלײצטן מיט ליכט און מיט נאכט,—
האָבן לאָצמאנעס אלטע גענעפלט,
האָבן לאָצמאנעס אלטע געװאכט —

און געװארט אפ יעדיִעס פון טיפן
און געװארט אפ יעדיִעס פון דנאָ;
מ'האָט געקוקט אפ די װײַזערלעכ:—װיפל?...
— אונטער װאסער זײַנ—קאָנ מענ נאָכ!

ס'אזוי דורכזיכטיק—שטיל אפן פראָפיל,
ס'האלדזן בלינד זיך א קװאל מיט א קװאל;
— צי א שטערן ז'דאָרט איבערגעלאָפן?
— צי א שטערן געטאָן האָט א פאל?

זיך פארזויגן מיט גאָלד פון די זאמדן,
זיך באטרונקען מיט גאָלדענער שײַנ, —
און אינ דר'הויך מיט די הויבערס זאמט מען,
באדארפט דאָ זיי האָבן שוין גיין!

װאָז'אָלאזן דעם דנאָ דאָרטן נאָגן,
װי געפאנצערטע אנקערס מיט גיפט;
ס'זאָל אינערגעצ די גרעבליע פארטראָגן,
ס'זאָל דעם שליוז ניט פארשלונגען די טיפ!

און צום פאָליוס—אלצ װײַטער און העכער
איז „מאליגינ" און „קראסינ" געגאנ
דעם לאטײַנישן גײַסט צו פארשװעכן
מיט דעם גײַסט פון סאָװעטישן לאנד —

און מע װארט פון דער הויך אפ די הויבערס,
אלע מאָל גיט א כװאליע א שטורכ —
ערגעצ הויכ איז דאָס װאסער—שויביק
נאָר מע זעט דורכ איר גאָרנישט ניט דורכ...

אפ דער אויבערפלאכ לאָצמאנעס ליגן,
מיט צײַטונגען פרישע—געשפאנט;
— „שוין צוגאנ צום פאָליוס מאליגינ,
מיט אונדזער אנ עראָפלאנ!"

עס צערײַסט זיך דאָס מוילֿ אפ דער צײַטונג,
און מע קנופּט זיך צונויף אין א קנוילֿ:
„— און ווײַטער... וואָס שטייט דאָרטן ווײַטער?“
פארשטאָפּט מען מיט נײַגיר דאָס מוילֿ.

פון בערד אזא טרויער א קלוגער,
און יעטווידער וואָרט, ווי א שטיין:
„— צו פראנצ און צו יאָסיפּ מ׳איז צוגאנ
און דאָרט געבליבנ מ׳איז שטיין...“

עס זעצנ די לאָצמאנס זיך איבער,
נאָר עס שרײַט פון דער ווײַט אווראָם־הערש;
„— און ווײַטער וואָס שטייט דאָרט געשריבנ?...
די הויבערס ווו זײַנענ? הערט“!

— אײַ ברענט דאָרט דער פראנצ און דער יאָסיפּ,
מיט זײַנ אײַז, מיט זײַנ שניי, מיט זײַנ ערד;
און ווידער מע זיצט שוינ געשלאָסנ,
און ווידער מיט נײַגיר מע הערט“:

„און ווײַטער... קאָמאנדע—איטאליע...
און ווײַטער... און ניט אזוי שנעלֿ;
פארנומענ מע האָט זיי שוינ אלע,
נאָר איינער פון זיי האָט געפעלט...“

— האָ—האָ! טוט דער ווינט זיי א בראָך דאָרט,
האָ—האָ!—קוקנ אויגנ זיך אום;
פארויכערט דאָרט איינער מאכאָרקע,
אנ אויגנבליק—שטילֿ און שטום...

נאָר פײַער פון שטיינ אזוי קארג גייט,
און לאָצמאנ אפ היפּקע בלאָזט:
— זיי האָבנ דאָרט איינעם געהארגעט,
זיי האָבנ דאָרט איינעם געלאָזט!“

— מע האָט נאָר געפונענ זײַנ אָנטאָנ,
מע האָט נאָר געפונענ זײַנ הוט;
און ס׳האָבנ אפ שניי זיך געפלאָנטערט
עטלעכע טראָפּנ בלוט...

ס׳ווערנ אויגנ בא אלעמענ גרעסער,
און ס׳הויבנ און ס׳בויגנ זיך קעפּ;
אנ אויגנבליק האָט מענ פארגעסנ
נאָ דער טיפ, אָנ דעם דנאָ פונעם דניעפּ...

ס׳אזוי דורכזיכטיק־שטיל אפנ פראָפיל,
ס׳האלדזנ בלינד זיכ א קוואל מיט א קוואל;
— צי א שטערנ ז׳דאָרט איבערגעלאָפנ,
— צי א שטערנ געטאָנ האָט א פאל?...

אז עס איז נאָכ אינגאנצנ געבליבנ
צו דערגראָבנ דאָרט עטלעכע גראָב;
אונ עס טוט זיכ א רודער א הליבע
אונ דערלאנגט דאָרטנ איינעמ אינ קאָפּ.

דער סקאפאנדער זיכ גיסט דאָרט מיט בלוט אָנ,
אונ מיט פינצטערניש גיסט ער זיכ אָנ;
אונ אפ פאנצער צעלייטנ זיכ נאָטנ,
נ׳עפעס אלצ ז׳אזוי ווײַט נ׳אזוי נאָנט...

נאָר ער רוקט נאָכ ארײַנ אינ די קלעמער
שוינ דעמ לעצטנ שטאנג מיט ווײ...
נ׳עפעס גיבנ די טירנ א נעמ אימ
אונ א וויג. אונ א טראָג. אונ א דריי...

אונ אינ דר׳הויכ האָט זיכ אָפקלאנג געכוואליעט,
אונ די כוואליעס געווענ זײַנענ העל:
— „פארנומענ מע האָט זיי שוינ אלע,
נאָר איינער פונ זיי האָט געפעלט”...

## יאנקא קופאלא



# מוזשיק [1]

אז כ׳בין א פויער—וויסנ אלע, —
און ווי גרויס די וועלט דאָ ליגט, —
מע לאכט פונ מיר, מע שפּאָט אויס גאליק,
ווײַל כ׳בינ א נארישער מוזשיק.

איך קענ ניט לייענען, ניט שרײַבנ,
מײַנ צונג גייט שווער און ניט געשיקט,
נאָר אייביק זייענ, קערנער קלײַבנ,
ווײַל כ׳בינ א נארישער מוזשיק.

איך שנײַד מײַנ ברויט אינ זיבנ שווייסנ,
איך לײַד דערצו נאָך פּײַנ און קריג.
און פונ קיינ יאָנטעוונ איך ווייס ניט,
ווײַל כ׳בינ א נארישער מוזשיק.

די קינדער כ׳קענ קיינ ברויט ניט געבנ,
און בא דער ווײַב די שיך צעפליקט,
איך האָב קיינ געלט ניט אפ צום לעבנ,
ווײַל כ׳בינ א נארישער מוזשיק.

מיט בלוט פארגאָסנ מײַנע אויגנ,
צי איך בינ יונג, צי אלט—דערדריקט,
און ווי אנ אָקס—אינ שפּאנ געבויגנ,
ווײַל כ׳בינ א נארישער מוזשיק.

[1]) דאָס איז די ערשטע ליד קופּאלעס, וואָס האָט זיך אָפּגעדרוקט אינ 1905 יאָר דעם 15-טנ מײַ (אלטער סטיל) אינ א מינסקער צײַטונג. האיאָר איז געפײַערט געוואָרנ דער דרײַסיק-יאָריקער יובילײ פונ קופּאלעס ליטעראַרישער טעטיקײַט

אז קראנק און אָרעם—כ׳נעם אליין דאנ
זיכ היילנ גליַיכ מיט קישעפ־שטיק.
אָנ א דאָקטער כ׳מוז זיכ היילנ,
וויַל כ׳בינ א נארישער מוזשיק.

און כ׳מוז אזוי פארפוילט דאָ ווערנ
ווי בא א בלאָטע האָלצ א שטיק,
און ווי א הונט פונ וועג פארקערנ,
וויַל כ׳בינ א נארישער מוזשיק.

און נאָר ווי לאנג אינ מיַינע גלידער
דאָס לעבנ קלאפט נאָכ אלצ און זינגט,
ניט פארגעסנ וועל איכ, ברידער,
אז כ׳בינ א מענטש! כאָטש א מוזשיק.

און יעדערער, וואָס וועט מיכ פרעגנ,
איינ וואָרט וועט הערנ אפ צוריק,
אז כאָטש מע וויל מיכ דאָ פארמעקנ —
לעבנ כ׳וועל! וויַל כ׳בינ א מוזשיק.

ייִדיש—ז. אקסעלראָד.

מ. טייף



# טויט אָדער רויט

(אויסצוג פון א פּאָעמע)

טויט אָדער רויט! —
האָט געזונגען דער ווינט,
ווערט הייס
פון ביקסן דער שטאָל,
טויט אָדער רויט! —
האָט געזונגען דער ווינט,
רויט! —
האָט געענטפערט א קאָל...

וועמעס קאָל?
ווער האָט געזאָגט?
איי, ענטפערט
דעם קאָמאנדיר!
אין פענצטער—א קוק:
עס שיט א שניי
און דער ווינט
קלאפּט אין טיר...

ס'איז דאכט זיך קיינער
אין שטוב ניטאָ, —
און נאָר
פון דער הילצערנער בעט
מע הערט,
ווי דער אלטער קאָוואל
אין היץ
א טרונק וואסער בעט.

איז ווער
האָט געזאָגט
ניט טויט נאָר רויט?!
און טאקע דאָ, אומגעריכט,

האָט אפּן אויוון
פון אונטער א פעלץ
באוויזן זיך
א געזיכט...

— שווארצינקע אויגעלעך
פרייליכע.
פלינקע.
א צעדראפּעטע נאָז.
א שלײַדער דעם פעלץ
און טאנץ אראָפּ
גיך און שנעל
ווי א האָז.

דאָס העמדל פארשפּיליעט,
די הייזלעך פארבונדן
שטײַף מיט א שטריקל
א דינינקס...
— רויט!
האָט א זאָג געטאָן נאָכאמאָל
דעם קאָוואלס
קליינער מעזיניק.

— זע נאָר שמוליק
דו שלאָפסט גאָרניט?
דו זעסט
אפּן זייגער איז צוויי;
דו הערסט ווי עס וויעט
דער ווינט אפּן גאס
און עס ברילט
די גרויסע זאוויי...

— וואָס ארט מיך דער ווינט
וועלכער וויעט אין גאס
און וואָס ארט מיך
די גרויסע זאוויי,
איך וויל ניט שלאָפן,
דו הערסט, קאָמאנדיר,
כ׳וויל העלפן
דער רויטער ארמיי.

— וויאַזוי קענסטו העלפֿן
דער רויטער אַרמיי,
אַז דו ביסט נאָך
יונג און קליין,
דו הערסט ווי דער גריל
פּײַפֿט אפֿן אויוון
און בעט דיך
זאָלסט שלאָפֿן גיין.

— וויאַזוי קאָן איך
שלאָפֿן גיין, קאָמאַנדיר,
אַז כ׳האָב יעדער
וואָרט געהערט,
שרײַב מיר א צעטל
אין רויטן שטאַב
און גיב מיר
א גוטן פערד.

— נו וואָס וועסטו טאָן
מיטן גוטן פערד,
און ווי וועסטו זיצן
אין זאָטל?—
יעדער וועג, יעדע שטעג
איז פארדרייט און פארשנייט,
און דער גרויסער שליאַך
איז פארשאָטן.

— יעדער וועג, יעדע שטעג
איז מיר גוט באַקאַנט
און דערצו האָט איר,
כאַווער, פארגעסן
אַז פון אַלע דעכער
האָט שמוליק געשפּרונגען,
און אף אַלע
זאָטלען געזעסן.

פרעגט בא דעם טאַטן
ווער טראָגט אין א סרייפע
דעם ערשטן
עמערל וואַסער —
און פאַר וועמען

האָבן מוירע די הינט
אָט דאָ, בא אונדז
אפ די גאסן.

דרײַסיק וויאָרסט
איז דער שטאב,
נאָכ דעם וואלד,
אינ דער הוטע,
איכ ווייס אהינ
א זיכערער וועג
דורכ שטילע,
זײַטיקע כוטערס.

איי, קאָמאנדיר,
איכ רייד צו דיר
וואָס קוקסטו אפ מיר
אונ לאכסט?!
ווענ איר האָט גערעדט —
האָב איכ דעם וועג
גוט שוינ
ארומגעטראכט.

איי, קאָמאנדיר,
ניט לאכ פונ מיר
אונ כאָטש איכ בינ
טאקע א קינד,
נאָר צווישנ אײַכ דרײַ —
איכ אליינ
קענ אײַכ העלפנ
אצינד.

נאָר אז איכ קומ
צוריק פונ שטאב,
איינ ביטע
האָב איכ דאנ:
שענק מיר
דאָס קליינינקע
פידעלע, וואָס ליגט
אינ דײַנ טשעמאָדאנ.

— א פיצינקע פידעלע
פונקט פאר מיר,

פונקט פאר מיר געמאכט,
ווען דו גייסט אוועק,
איך זיץ
אפן אויוון
און שפּיל מיר
א גאנצע נאכט.

כ'האָב אליין געמאכט
א פידעלע, זע,
נאָר ווו נעמט מען
סטרונעס פאר איר?
— — — — — —
— — — — — —
נאָר דאָ האָט זיך הויך
צעהירזשעט דער פערד
לעם דעם קאָוואלס
פארשאָטענער טיר.

— גוט!
האָט געענטפערט דער קאָמאנדיר,
ביסט א העלדישער יאט,
איז די פידל פאר דיר!
איך וועל דיר נאָר איינמאָל
א קוש טאָן אין קאָפּ,
אין זאָטל אריין!
און היידא!!
האלאָפּ!!!

ש. גאָדינער.



# בירעבידזשאנצעס

## עס שטייענ צוויי באראקעס

די נאכט פאר איר אָפפאָרנ אינ ראיאָנ, איז עסטער געשלאָפנ, צום ערשטנ מאָל פאר איר זײַנ דאָ, אינ דער ווארעמ אונ באקוועמ.

איינע אליינ אפ איר טאפטשאנדל—ניט זייער ווייכ, אָבער מיט דער פלייצע צו דער וואנט פונ יִסראָעל ברוידעס נײַער שטוב צופוסנס דער סאָפּקע,—צו דער וואנט, וואָס באַשיצט, ווי יעדע וואנט, פונעמ דרויסנ, פונ ווינט, פונ רעגנ, פונ קעלט, פונ שטויב,—צו דער וואנט, וואָס שאפט דעמ געפיל פונ היימ.

מיט דעמ דאָזיקנ געפיל האָט זי זיכ געלייגט שלאָפנ, אונ אויכ אינ שלאָפ האָט ער איר ניט פארלאָזט, געקומענ צו איר צו כאָלעמ, כאָטש די געשטאלט פונ אָט דעמ געפיל איז געווענ אנ אנדערע—געכאָלעמט האָט זיכ איר די געוועזענע, פארגאנגענע שוינ ווירקלעכקײַט פונ איר קינדערשער וועלט.

יענע וועלט איז פול געווענ מיט גרינעמ וואלד, מיט פויגל־געזאנג, מיט ווײַנפּערלעכ הינטער די פענצטער, מיט טײַכ הינטערנ שטעטל, מיט גליטש הינטער דער שטוב, מיט ערשטע ביכלעכ, וואָס זײַנענ, ווי באוווּסט, די סאמע וווּנדערלעכסטע אינ דער וועלט ביכלעכ, ווײַל זיי זײַנענ די ערשטע, וואָס הויבנ אָנ אנטפּלעקנ פאר דיר די וועלט, מיט כאַווערטעס, מיט סוידעס. די סוידעס זײַנענ אויכ געווענ וווּנדערלעכע אונ אלע פונ איינ שניט: הינטער די שטעטלדיקע מאָהילקעס, אפ יענער זײַט טײַכ, צופוסנס פונעמ סאָסנעוועלדל ליגט א בערגל פונ גאָלדענעמ זאמד. מענ לויפט ארויס אינ א זומער־באגינענ אינ צווייענ צומ טײַכ, מע ווארפט פונ זיכ אראָפּ דאָס קינדערשע קליידל מיטנ העמדל, מע פארבינדט עס, ווי א טערקישע טשאלמא אפ די קעפּלעכ, מע שווימט אריבער דעמ טײַכ אונ מע קומט צו לויפנ האלב־נאקעטע צומ בערגל מיטנ גאָלדענעמ זאמד. אלע שטעטלדיקע קינדער גראָבנ דאָרטנ אינ די פרײַטיקס זאמד אפ אויסצושיטנ דערמיט די שאבעסדיקע שטיבער. א גאנצע וואָכ שטייענ די גאָלדענע היילנ־גריבער פוסט, ליידיק אונ פארוואָרפנ. פארקלײַבט מענ זיכ אינצווייענ אהינ. מענ רײַסט אָנ אינ פעלד אונ אינ וואלד בלומענ.

מע בעט אויס די אויסגעבויטע היילן מיט שמעקעדיקע קרײַטעכצער. מע לייגט זיך אויס אינצווייען אף די בלומען. מע שפילט אין „היים". אין דערדאָזיקער „היים" ליגט מען אָפּ ביז די צעפלאָסענע גאָלדענע זון פארלאָזט דעם גאָלדענעם זאמד. דעמלט לאָזט מען איבער די אויסגעבויטע היילן־שטעט מיט די בלומען און מע לויפט אהיים—אין די שמוציקע, אָרעמע, שטיקנדיקע הײַזעלעך מיט די ווײַנפערלעך־קוסטן הינטער די פענצטער,—אין דער עמעסער היים.

דאָס איז דאָס גאָלד פון דער קינדהײַט, וואָס זשאווערט קיינמאָל ניט און ליגט פאר־זייט אין עסטערס הארץ, ווי די זוימען פון אייביקע בלומען. דאָס האָט זיך איר אויך געכאָלעמט אין דער נאכט אין בירעבידזשאן, ווען זי האָט צום ערשטן מאָל פאר איר זײַן דאָ געהאט א ווארעמען און באקוועמען געלעגער, הינטער א נײַער וואנט.

נאָר אין א גרויסער שטילקײַט קלינגט יעדער מינדסטער גערויש הילכיק און בוילעט, ווי שרויט אף א פויק, ווי דער רוף אין דער שלאכט אָדער אין לעבן.

א לאָקאָמאָטיוו האָט זיך צעפײַפט.

די ארומיקע שטילקײַט האָט דעם פײַפ אופגעכאפט, געהוידעט, וויברירט, צעטראָגן אין דינסטע ציטער־יקע קלאנגען איבער די בערג און וועלדער ארום.

עסטער האָט זיך אופגעכאפט.

די נאָרוואָס געעפנטע אויגן האָבן גלײַך דערזען: פארטאָג.

אין די אויערן האָט געקלונגען דער פײַפ.

דער אופגעוואכטער געדאנק האָט דערמאָנט: דער צוג איז געקומען. ער האָט געבראכט מיט זיך א פארטיע איבערוואנדערער. זי האָט נאָך נעכטן באשלאָסן זיי באגעגענען. זי וויל זען, ווי זעען זיי אויס, ווען זיי גייען אראָפּ פון צוג.

דער כאָלעם האָט נאָך מיט ווארעמקײַט וויברירט אין הארצן. דער פרימאָרגן איז געווען פריש, קיל. דער כאָלעם האָט אויסגעזען, ווי אוועקגייענדיקע וואָר, די פרימאָרגנ־דיקע וואָר מיטן אָנקומענדיקן צוג, מיט די איבערוואנדערער איז געווען פארהילט אין א כאָלעם־הייבעלע.

זי איז ארויסגעלאָפן דרויסן.

דער צוג איז געקומען, געשטאנען א ווײַלע און אוועק אף מיזרעך.

די נײַע פארטיע איבערוואנדערער איז געשטאנען מיט די פעקלעך אף די ליידיקע רעלסן. זי איז זיי געגאנגען אנטקעגן.

מעגלעך, אז פון שלאָף האָט זיך עס איר אויסגעדוכט, אז דאָס פארגאנגענע לעבן האָט זיך א שטעל געטאָן פאר אירע אויגן. איר האָט זיך אין דער מינוט אויסגעדוכט, אז זי האָט דערזען פאר זיך א מענטשן פון א פארגאנגענער, פארשוווּנדענער וועלט, וואָס זײַנען געקומען קײַן בירעבידזשאן, אין דעם לאנד, וואָס האָט איצט אין אירע אויגן אויסגעזען, ווי א ריזיק צעברייטערטער און פארווירקלעכטער שוין כאָלעם פון איר קינדהײַט.

זי האָט געטראכט אזוי:

מענטשן טרעטן איבער דער ערד. פון די פלעצער, ווו דאָס לעבן נעמט זיי אוף ווי א בייזע און קארגע שטיפמאמע, גייען זיי אוועק. זיי קומען אף אנדערע פלעצער, ווו די ערד און די אָרדענונג פון דער ערד איז א גינסטיקע אף צו באשאפן זיך א ליכטיקע און ווארעמע היים...

אזוי האָט זי געטראכט און געקוקט אפן מאָדנעם אָנטועכץ פון די אויסלענדישע איבערוואנדערער.

אָט גייט א גרופּע מענטשן מיט פּעק און טשעמאָדאַנעס אין די הענט.
זי זעט, אַז זיי זײַנען פאַרשידן אָנגעטאָן און אָנגעפּעלצט.
מיסטאָמע זײַנען די געמיטער זייערע אויך פאַרשידן—טראַכט זי.
זי גייט זיי אַנטקעגן מיט א פריילעכן פּאָנעם און אַביסל צעשראָקן האַרץ. וואָס לאָזט זיך זען אין די אויגן פון די איבערוואַנדערער, ווען זיי שטעלן די ערשטע טריט אַף אָט דעם שטיקל ערד? עס דוכט זיך איר, אַז אין אײניקע אויגן זעט זי די פריילעכע פאַרב פון דער גוטער האָפענונג—בלויער אופגאַנג שײַנט דאָרטן. זי זעט, אַז פאַראַן צווישן די אָנגעקומענע אַזעלכע, וואָס קאָנען ניט צו זאַט זיך אָנקוקן אַף דער גרויסער ראַכוועס אַרום; זי זעט, אַז די דאָזיקע מענטשן גלויבן קימאַט ניט, אַז אָט איז שוין וואָר דאָס, וועגן וואָס זיי האָבן ערשט נעכטן געטרוימט. און די שרעק אין איר האַרצן וואַקסט. זי האָט מוירע, אַז די מענטשן זאָלן אַפּן קורצן וועג פונעם וואָקזאַל צו דעם איבערוואַנדערער־באַראַק ניט פאַרלירן די וואָג און דעם רייץ פון זייער טרוים. נאָר זי באַמערקט ניט, אַז דאָס קומט טאַקע אַזוי פאָר: דער טרוים פון די געקומענע, פון די, וואָס האָבן עפּעס געטרוימט פאָרנדיק אַהער, פאַרלירט טאַקע זײַן וואָג און רייץ, ווי דער כאָלעם נאָכן אויפכאַפּן זיך פון שלאָף, אָבער דערפאַר ווערט די וואָר זייערע אָנגעזעטיקט מיט דערגרייכטקײַט, מיטן באַריר פון זייערע טריט די ערד, נאָך וועלכער זיי האָבן געבענקט. זי באַמערקט, אַז די געקומענע פירן זיך אויף פראָסט און פריילעך.
אָט קוקט אַף איר א ייִד, א סאָוועטישער, מיט א שטײַפער צורע און מיט א דיקן מאַכאָרקע־ציגאַר אין מויל. ער שמייכלט און גיט א פרעג מיט עפּעס אַן אומבאַמערקבאַרן ווונק אין די אויגן:
— אָט דאָס איז עס, אונדזער בירעבידזשאַן?
זי איז פול מיט דאַנקבאַרקײַט צום ייִדן פאַרן שמייכל, פאַרן ווונק, פאַרן וואַרעמען וואָרט „אונדזער בירעבידזשאַן“. זי ענטפערט:
— אָט דאָס איז עס...
— די קאַלע איז א פאַרשוינ. יאָ... נאָר דער כאָסן איז נאָך דערווײַל א קנאַפּער קראַסאַוועץ—גיט א זאָג דער ייִד פאַרשטעלט און לאָזט אַרויס א פּאָר געדיכטע קנוילן רויך פון דער מיט פון זײַן שפּיציק שוואַרץ־גרויליך בערדל.
עסטער פאַרשטייט ניט דעם ייִדנס רייד. פונדעסטוועגן ענטפערט זי:
— דאָס איז נאָך ניט אינגאַנצן... דאָס שענסטע און דאָס בעסטע ליגט נאָך אין דער ערד באַהאַלטן... מע דאַרף עס ערשט גיין נעמען...
דער ייִד, דער פרעגער, קוקט אַף איר. ער פאַרשטייט גראָד יאָ, וואָס זי מיינט און זײַן שעלמיש שמייכעלע רעדט אָפן: „אַזוי גאָר! אָט דאָס איז אַן אַנטדעקינג“!
— פאַרוואָס זשע האָט איר עס ביז אונדז ניט גענומען?—מישט זיך אַרײַן אין געשפּרעך איינער א הויכער יונג אין א לאַנגן דעמי־מאַנטל מיט א שפּאַלט ביז דער טאַליע.
דאָס איז אַן אויסלענדער און, ווײַזט אויס, א וויצלינג. עסטער שמייכלט און ענטפערט גאָרניט. זי שטעלט א פראַגע אַלעמען מיטאַמאָל:
— אַסאַך זײַט איר געקומען?
— א מאַן פופציק. יונגען—איינער אין איינעם. קלײַב זיך אויס כאַווערטע, דו ביסט די ערשטע!
— פאַראַן פאַמיליעס אויך?
— פאַראַן. איך בין מיט א פאַמיליע.

— פאראנ מיט צוויי אויכ...

— פונ וועלכע געגנטנ זײַט איר?

— פונ פאריזש. אינ פאריזש זײַט איר אמאָל געווענ? א פײַנ שטעטל, כאָטש א אימפעריִאליסטישס...

רעד ניט מיט זיי, כאַווערטע, רעד מיט מיר... איכ בינ אנ אָדעסער... אָדעס! שווארצער יאם... גרינע אויגנ... מאַראָזשענע מיט זאָדעוואסער. עכ, מאמא! „פּאָד זנויִנים ניעבאָם ארגענטיני"... דאָס איז ער פונ דאָרטנ.—ווײַזט דער ווילער יונג אפ זײַנ כאַווער.

— ליידיקגייער!—גיט א ייִד א מאכ מיט דער האנט אפ די פריילעכע יונגען.—איר מוזט זײַנ א הימאנערנ, כאַווערטע? ניינ?—איכ בינ פונ הימאנ. אלב הימאנ איז אוועק קײַנ בירעבידזשאנ, בינ איכ זיי נאָכגעקראָכנ. הימאנ וועט אויסבויענ בירעבידזשאנ! אָטיר זענ!

— כאַווערטע, כאַווערטע... די בעלגיער ארבעטנ טאקע אינ דער טײַגא? ווו אי די טײַגא? יאכ הוב מײַנע כאַוויירים אהער געשריבנ אוואדע צוואנציק בריוו, באקימענ איינ ענטפער: „קימ!" בינ יאכ אהייער אריבערגעקימענ.

— דאָ דארפ זײַנ א ריגאווער מישפּאָכע, כאַווערטע. איר קאָנט זיי ניט? בא אונדז אינ ריגאוו, קאָנ מענ זאָגנ, איז בירעבידזשאנ נומער צוויי. מע זיצט אינ ריגאוו אונ מע טראוימט וועגנ בירעבידזשאנ. אכ, איכ בינ גליקלעכ געווענ, בלויז נאָכקוקנדיק נאָכ מײַנע פרײַנט, ווי זיי זײַנענ מיר מעקאנע: איכ פאָר נאָכ עכטנ בירעבידזשאנ, זיי בלײַבנ אינ ריגאוו...

— פאראנ דאָ באָריסעווער יאטנ. מענ זאָגט זיי קערנ דאָ איבער די וועלט. האלב יאפּאָניע שוינ אײַנגענומענ. גאנצ באָריסעוו זיצט שוינ אפנ וואָגנ.

— אפנ וואָגנ?—אפנ וואָגנ זיצט אָסטאָלאָפּיע... אינ יעראָפּיי פּאוולאָוויטש זײַנענ זיי געבליבנ אפ נאכטלעגער...

— אָ, יאָ! דעריקער דארפ מענ דאָ טאקע אָסטאָלאָפּיע!..

די זונ גייט אופ.

די געקומענע שפּאנענ מיט די פּעק אונ טשעמאָדאנעס אינ די הענט. עסטער גייט אינמיטנ. פונ אלע זײַטנ שיטנ זיכ פראגנ, ווערטלעכ. עסטער שמייכלט. דער הויכער יונג אינ לאנגנ דעמי־מאנטל מיטנ שפּאלט ביז דער טאליע גיט פאר אלעמענ א זאָג:

— וואָס איז דאָ צו נאָכפרעגנ זיכ, כאַווערטע. אויב רעכענענ לויט לענדער האָסטו דאָ קימאט א פולנ קליינעמ אינטערנאציִאָנאל... נאָר וואָס עמעס—איז עמעס—די אָסטאָלאָפּיער דעלעגאציע איז א היפּשע.

— דײַטש,—גיט א זאָג דער סאָוועטישער ייִד מיטנ גראָבנ ציגאר אינ מויל; אלע אויסלענדער זײַנענ בא אימ דײַטשנ.—דו פארגײַס נאָר ניט די נאָז. אָסטאָלאָפּיע איז אומעטום פאראנ—אינ דײַנ פאריזש אויכ. מיט אָסטאָלאָפּיע איז די וועלט פול. אונ אונדזער סאָוועטסקע וולאסט מיִעסט זיכ ניט מיט אָסטאָלאָפּיע. געווענ אָסטאָלאָפּיע אפ דער וועלט אונ זײַנ וועט—בירעבידזשאנ—א ייִדישע מעלוכע.

— א סאָציִאליסטישע מעלוכע.—פאריכט אימ עמיצער.

— וואָס זשע דענ—א קאפּיטאליסטישע? א פּוסטע ארבעט צו פאריכטנ גלײַכע געדאנקענ. איכ האָב דאָכ טאקע געמיינט—א סאָציִאליסטישע... א ייִדישע סאָציִאליסטישע מעלוכע...

עסטער באוויַזט ניט אלעמענ צו ענטפערנ. זי איז צעטומלט אונ לאָזט אסאכ טשיקאווע זאכנ דורכ. זי באמערקט ניט, ווי א יאט פונ א יאָר פינפ אונ צוואנציק, מיט א פּאָר

ריזיקע ליידיקע הענט, מיט איינ דײַטשישנ רוקזעקל אפ די ברייטע פלייצעס, גיט זיכ פלוצלינג א שטעל אָפּ אינ מיטנ וועג. פונ דער לינקער האנט זײַנער מאכט ער זיכ א דעכעלע איבער די אויגנ—ער קוקט דער אופגייענדיקער זונ גלײַכ אינ איר צונטער־רויטנ, גרויסנ פּאָנעמ ארײַנ: די רעכטע האנט זײַנע ווארפט ער ארויס אינ דער זײַט, ווי ער וואָלט געוואָרנט מע זאָל אים ניט שטערנ אינ זײַנ זייער וויכטיקער ארבעט, וואָס ער טוט איצט. ער שטייט אזוי א ווײַלע אָנ דער זײַט פונ דער גרופּע, א ריזיקער, א לאנגער, א ברייט־פלייציקער מיט א נאקעטער גאָלדפלאמיקער טשופרינע אונטער דער אופגעאנגענער זונ. ער איז א געלער, ער זעט דאָ אויס, צווישנ די נידעריקע קוסטיקלעכ, ווי א ריזיקער לעבעדיקער מאָנומענט. ער באקוקט דעמ יִשעװ און גיט פלוצלינג א פרעג, ניט באמערקנדיק, אז קיינער איז נעבנ אימ ניטאָ:

— אָט דאָס איז עס, דאָס בירעבידזשאנ? אפ וועלכע קאפּאָרעס באדארפ מענ דאָ מײַנ עלטערזיידנס קליינ שטעטל? ס'איז דאָכ ווי צוויי טראָפּנס וואסער—לאהישינ, ווו די הינער פּ... א וועלט אויסגעפּאָרנ און צוריקגעקומענ קײַנ לאהישנ! אָט דאָס הייסט אָפּגעטאָנ אפּ... יִדיש!

ער גיט א קוק ארומ זיכ און זעט, אז ער איז געבליבנ אליינ, שפּאנט ער אוועק מיט זײַנע ברייטע טריט נאָכ דער גרופּע פּאָרויס.

עסטער באמערקט אויכ ניט, ווי צוויי מיידלעכ שלעפּנ א ריזיקנ קויש אָנגעהאנגענ אפ א שטעקנ. דער קויש איז, ווײַזט אויס, שווער. די מיידלעכ האָבנ שוינ פיל מאָל געביטנ די הענט. איצט האלט זיכ יעדע איינע פונ זיי בא איר עק שטעקנ מיטביידע הענט. זיי פּילנ שוינ א שווייס אונטער די פּאכוועס. קיינער העלפט זיי ניט. פאר זיי איז דער ערשטער ארײַנפאָר קײַנ בירעבידזשאנ אָנגעלאָדנ מיט דער שווערקײַט פונ זייער קויש, וואָס זיי האָבנ א האלבע וועלט געשלעפּט אהער אונ מיטנ שווייס אונטער די פּאכוועס. זיי האלטנ אינ איינ נאָכפרעגנ זיכ:

— ס'איז נאָכ ווײַט צומ אָטעל?

דער אינסטרוקטער לאכט.

— אָט באלד.

פונעמ „אָט באלד" ווערט די מיידלעכ נאָכ שווערער און דער שווייס אונטער די פּאכוועס פלייצט האסטיקער.

אינ דער שפּאנענדיקער גרופּע בײַטנ זיכ קעסיידער די געקומענע מיט די ערטער.

אָט האָט דער הויכער אויסלענדער אינעמ דעמי־מאנטל מיטנ שפּאלט ביז דער טאליע באמערקט, ווי דער געלער יונג מיטנ איינציקנ רוקזאק אפ די פלייצעס דערמאָנט זײַנ עלטערזיידנ פונ לאהישנ. איז ער צו אימ נעענטער צוגעגאנגענ און א שמועס מיט אימ פארפירט.

אָט האָט קאָפּטשיק, „דער אָדעסער פונעמ שווארצנ יאמ מיט דער מאָראָזשענע, מיט סאָדעוואסער", באמערקט די דערנענטערונג פונ די צוויי יונגענ און א לאָז געטאָנ זיכ צו זיי. ער גייט זיי נאָכ א ווײַלע פונ הינטנ. ער דרייט זיכ ארומ זיי רעכטס, ער דרייט זיכ ארומ זיי לינקס, ער קוקט זיי ארײַנ אינ די פּנעמער, ווי ער וואָלט אויסגעפאָרשט צי לוינט זיכ אימ א קלעפּ טאָנ צו זיי און א וואָרט ארײַנוווארפנ. דאָס דרייענ זיכ ארומ זיי און הינטער זיי געדויערט א היפּשע ווײַלע. דערנאָכ באשליסט ער זיכ דאָכ: אינ א באקוועמער מינוט גיט ער זיכ א גליטש ארײַנ צווישנ זיי. ער זאָגט:

— דאָס שענסטע, זאָגט ער, ליגט דאָ אינ דער ערד... מיר זײַנענ אויכ ניט פונ די פאר-

זעענישנ... דערופ האָט מענ אונדז, ווײַזט אויס, געבראַכט אהער, אינ דער ערד ארײַנ צו ליגנ... אוי, מאמא!

די צוויי יאטנ האָבנ שוינ גענוג גוט, ווײַזט אויס, אינ וועג מיט אימ זיכ באַקאַנט,— זיי קוקנ זיכ צומאָל אפ אימ ניט אומ אונ ער דרייט זיכ אוועק פונ זיי א ליידיקער.

אָט האָט א קליינינקער זשוואַווער באָכערל מיט א ריזיקער „שויפער״-נאָז אונ דינינקע שוואַרצע ווענצעלעכ אפ דער אויבערשטער פארקאַשערטער אונ רויטער ליפ, מיט א פויגל-בליק אינ די גרויסע, מאנדל-ברוינע אויגנ פלוצלינג זיכ א שטעל אָפ געגעבנ אונ א פרעג געטאָנ גלאַט אינ דער וועלט ארײַנ:

— די סטרויִטעלסטווע איז ווײַט פונ דאַנענ? איכ זע דאָ ניט קיינ שום סטרויִ-טעלסטווע...

דער טאָג גייט אויפ. ער וויקלט פאנאנדער זײַנ גרויסע שײַנ. ער דעקט אָפ די נאָענטע אונ ווײַטע בערג ארומ, ער וויקלט זיי אויס פונעמ פרימאָרגנדיקנ טונקל-פיִאָלעטעווענ נעפל, ער טוט זיי אָנ אינ זײַנע אייגענע קאָלירנ—ראָז, גרינ, צארט. דאָס אלצ טוט אָפ די פולפלאמיקע ווײַטמיזורעכדיקע זונ.

א יונגע פרוי אינ א געשטריקט גרוי קליידל—אנ אויסלענדישער פאַסאָנ, כאַפּט זייער פײַנ ארומ די טאַליע—גיט איינ בליק אפ דער זונ אונ בלײַבט שטיינ. זי איז זייער גע-פלעפט. זי ווייס ניט וואָס צו טאָנ. זי קאָנ ווײַטער ניט גיינ. עפעס שטיקט איר אונטערנ הארצ. אירע אויגנ ווערנ פול. זי שעמט זיכ דערמיט. זי מוז שוינ אוועקשטעלנ אלע אירע טשעמאָדאַנעס אפ דער פארטריקנטער בלאָטע אונ איבערכאַפּנ דעמ אָטעמ, בארויִקנ זיכ. זי נעמט ארויס א נאָזטיכל פונעמ סאמע קלענסטנ רויטנ טשעמאָדאנדל—א טשיקאווע אויס-לענדישע שאכטעלע מיט א גרינעמ פאַיאַצל אפנ דעקל,—זי גיט א ברייטנ פאָכ מיט אירע גרויסע בלויע אויגנ, ווי זי וואָלט געוואָלט פונ דאָרטנ די טרערנ אראָפטרייסלענ, זי גיט אנ אומבאַמערקטנ שמאָרע מיטנ נאָז אונ צעכליפּעט זיכ אינ דער באַטיסטענער נאָזטיכעלע ארײַנ. לעכאַטכילע קוקט זיכ אפ איר קיינער ניט אומ. דערנאָכ לויפט צו איר צו קאָפּ-טשיק. ער כאַפּט זי אָנ פאר אנ עלנבויגנ. ער איז איבערראַשט אונ פול מיט געמיינער האָפערדיקײַט.

— מאַדאַמעטשקע... כאַווערטע... גראַזשדאַנעטשקע... וואַסער! וואַסער!—שרײַט ער צומ גענזעמל ארומ אונ פארקײַלעכיקט זײַנע הענט אינ א בויגנ—אָט פאלט זי אהינ...

די יונגע פרוי נעמט אָפ די נאָזטיכל פונ איר פּאָנעמ. די אויגנ אירע זײַנענ פײַכט, די באַקנ פארפלאַמט. זי איז איצט אַסאַכ מיִעסער, ווי אינ א האלב-טונקעלנ וואַגאָנ. אָבער די קינדישע פארוויינטקײַט, די שײַנענדיקע זונ אפ איר קינדישער פארוויינטקײַט מאַכט זי פלוצלינג אויסערסט ליב אונ סימפּאַטיש. יעדער איינער וואָלט זי איצט מיט עפעס א גרויסער מענטשלעכער איבערגעגעבנקײַט א קוש געטאָנ, יעדער איינער, אויסער קאָפּ-טשיקנ—קאָפּטשיק דערזעט פלוצלינג, אז זי איז פּאָשעט מיִעס אונ עס האָט זיכ אימ גאָר ניט געלוינט צו ארומפּאַדענ ארומ איר די גאנצע צוויי וואָכנ וועג. ער לאָזט זי אָפּ מיט א העסלעכנ זידלוואָרט אינ די אויגנ אונ גייט אוועק אָנ א זײַט. ערשט איצט באַמערקט עסטער, אז צווישנ די געקומענע קומט נאָכ עפעס פאָר, אכוצ דעמ געשפּרעכ, וואָס האָט זיכ ארומ איר, ווי א קנויל געוויקלט. זי פרעגט בא דער פארוויינטער פרוי:

— וואָס איז מיט דיר?—אונ פארהאַקט זיכ, זי ווייס ניט איר נאָמענ.

די פרוי קוקט אפ עסטערנ. זי זעט אינ איר, אָנ איר פּאָשעטנ אָנטועכצ—א שוואַרצ

קאָרטנ קליידל, א געל קורצ לעדערנ רעקל, א פּאָר טופל אפ נידעריקע קנאפל, א הארט געבייט בערעטל אפנ קאָפּ—אז דאָס איז א סאָוועטיש מיידל. זי איז גערנ זיכ פארטרויענ איר, נאָר זי ווייס אליינ ניט פונ וואָס זי האָט געוויינט.

— וואָס איז מיט דיר, כאווערטע?—פרעגט עסטער בא איר נאָכאמאָל.

זי איז פארשעמט. זי פילט, אז זי מוז ענטפערנ. זי האָט ניט וואָס. זי זאָגט שטיל:

— גאָרניט, ליבינקע... איכ בינ א שנײַדערקע... איכ האָב ניט אפ וועמענ נאָכצופרעגנ זיכ דאָ... איכ בינ איינע אליינ... איכ בינ אויכ אויסגעוואָקסנ א וועלט מיט שטעט... נאָר... אז די זונ האָט מיר א שײַנ געטאָנ אינ די אויגנ...—אונ האלט ניט אויס. גיט ווידער א שטעק די נאָז מיט די אויגנ אינ דער באטיסטענער נאָזטיכל ארײַנ.

אָט שטייט שוינ נעבנ זיי דער געלער יונג. ער קוקט זייער מאָדנע אפ ביידע מיידלעכ. פונדעסטוועגנ קוקט ער דערווײַל לענגער אפ דער פרוי אינ אויסלענדישנ וואָלענעם ראָק ער שמייכלט. ער האָט זיכ שוינ דערוווּסט וועגנ וואָס דאָ האנדלט זיכ—ווײַבערשע סענ־טימענטנ—אונ איז גרייט אוועקצוגיינ, נאָר דאָ דערמאָנט ער זיכ אָנ דער צווייטער פרוי. ער גיט נאָכאמאָל א קוק אפ עסטערנ. אונ ערשט איצט דערזעט ער, אז ער מוז צו דעמ־דאָזיקנ פּאָנעם זיכ צוקוקנ אביסל לענגער. עפּעס רעגט אימ דאָסדאָזיקע פּאָנעם, אָנ עפּעס דערמאָנט עס אימ. ער שטייט א ווײַלע קימאט פארגליווערט. א געליימ־טער שמייכלט ער אונ קאָנ זײַנ בליק ניט אָפּרײַסנ פונ עסטערס פּאָנימ. דערנאָכ נעמט ער זי אָנ בא א האנט אונ זאָגט צו איר זייער שטיל:

— עסטער?...

דערנאָכ נאָכאמאָל, אביסל העכער אונ מיט זייער פיל פארבענקטנ כידעש אינ דער שטימ, ווי אינ כאָלעמ:

— עסטערקע?

עסטער דערמאָנט זיכ אָנ עפּעס. זייער פארטונקלט איז דידאָזיקע דערמאָנונג. דאָכ זאָגט זי אויכ, מיטנ זעלבנ טאָנ: פארבענקט, פארכידעשט אונ זייער שטיל:

— יאָסעפ?

— עסטער! עסטער! עסטערקע! דו ביסט עס! דו!—צעשרײַט ער זיכ פלוצלינג אפ זײַנ דונערדיקנ באס אונ כאפּט זי אפ די הענט.—אָט האָסטו דיר א באגעגעניש! אײַ, א באגעגעניש! א וועלט אויסגעפאָרנ! אײַ קעדיי! אײַ, קעדיי! אויס עלטערזיידע! ניטאָ קיינ עלטערזיידע! ווער, האָט דערמאָנט לאהישינ? איכ האָב דערמאָנט? ניינ! א בלינדער אָקס האָט עס דערמאָנט!

ער טראָגט זי אפ די הענט. ער וויל זי עמעצנ ווײַזנ. דער אוילעמ ווערט אָנגעשטעקט מיט אופרודערונג. עס קלעפּט זיכ גלײַכ צונויפ א קליינער בינטל מענטשנ, וואָס פרייט זיכ מיטנ גליקלעכנ פּאָרל, ניט ווויסנדיק נאָכ אינ וואָס די פרייד שטעקט דאָ אונ ווי לאנג דאָס גליק וועט אָנהאלטנ; עס בילדעט זיכ גלײַכ אויס א צווייטע פארטיע: מענטשנ, וואָס זײַנעג שוינ זויער פונ קינע, וואָס צוויי יונגע האָבנ אזוי גיכ אונ אומגעריכט געפונענ איינס דאָס אנדערע.

נאָר די פרייד פונ די צוויי יונגע איז ווירקלעכ מיט עפּעס גרויס. ער האָט זי שוינ גענומענ אינגאנצנ אפ די הענט. זי איז פארשעמט אונ צאפּלט זיכ. זי דערמאָנט זיכ פלוצלינג, אז זי האָט א שווערע וואָג אונ אימ מוז זײַנ זייער שווער. איר איז זייער ניט באקוועמ דער־פונ אונ זי וויל זיכ באפרײַענ פונ זײַנע הענט. ער דערפילט עס אונ כאפּט זי פעסטער ארומ. זי פארלאָזט זיכ אפ זײַנ באראָט אונ פארזשמורעט די אויגנ ניט אזוי פונ דער

פלאַמיקער זון, וואָס גייט זיי פונקט אנטקעגן אוף, ווי פון הייסן פארלאנג אויסגיין אין זײַנע אָרעמס אפ א ווײַלע.

ער שטעלט זי אוועק פאר א גרופּע מענטשן אפ דער ערד. ער זאָגט:

— דעמדאָזיקן בוימל האָבן הײַדאמאקעס געטראָטן, איצט האָב איך עס געפונען אין דער ביראָבידזשאנער טײַגא!

— אָט איז עס!—זאָגט דער אינסטרוקטער און ווײַזט אפ א גרויסער ווײַסער שטוב מיט א בריקל.

די געקומענע זעען:

דרײַ טרעפּלעך, א גאניקל. איבערן גאניקל—א רויטער טראנספּאראנט:

„א גרוס די איבערוואנדערער—די בויער פונעם סאָציאַליסטישן ביראָבידזשאן!“

די זון, ווי א ריזיקער „יופּיטער“ באַשײַנט די ווײַסע געקסיוועטע יידישע אויסיעס אפן רויטן לײַוונט. דער אופשריפט שמײַסט צוריק אין העלן טאָג ארײַן מיט ווארעמען גרוס און דערמונטערונג.

— דאָס מיינט מען אונדז!—גיט א זאָג דער סאָוועטישער ייִד מיטן גראָבן מאַכאָרקע־ציגאַר אין מויל און ווײַזט אפן טראנספּאראנט. די געמיטער בא די געקומענע ווערן צעוואַרעמט. זיי לייענען און האָבן האנאָע—די גרעסטע מערהײַט זייערע לעבן איבער אזוינס צום ערשטן מאָל: צום ערשטן מאָל אין זייער שווערן האָרעפּאשנעם לעבן מיינט מען זיי צום גוטן, באגעגנט מען זיי ווי נייטיקע בויער.

זיי גייען איינער נאָכן אנדערן אין גרויסן ווײַט־געקאַלכטן באראק ארײַן. זיי באקוקן, זיי זעען:

א לאַנגער קאָרידאָר. פון ביידע זײַטן—טירן. אין איין עק—א טישל, געדעקט מיט א שטיקל ווײַסן צײַג. אפן טישל—צײַטונגען, אן אש־קעסטעלע. אין צווייטן עק קאָרידאָר—א וואשטיש מיט א שפּיגל. איבער דער גאנצער לענג פון קאָרידאָר, אפן דיל—א רויטער טעפּיך־שטעג.

אין דער גוטער ריינקײַט פונעם ערשטן איבערוואנדערער באראק ליגט א סאָד. דער סאָד באשטייט אָט אין וואָס: באם כאַווער בערל טרעפט זיך אמאָל, אז ער גיט זיך א ריס אָפּ פון זײַן הארטן שטול אין זײַן ציכטיקן קאבינעטל, ראַמט אראָפּ די פּאפּירלעך פון טיש, וואָס איז געדעקט מיט א רויטן טוך, הויבט זיך אוף און גייט אוועק איבער דער שטאָט. דעמלט ווערט עפּעס אין דער שטאָט פאַריכט, דעמלט ווערט עפּעס דאָרט אָפּגעטאָן. נעכטן האָט אזוינס פּאסירט. ער איז אוועק אפן איבערוואנדערער־פונקט. דאָרט איז געווען שמוץ און אומאָרדענונג. ער האָט אפ זײַן מאניר אפּגיך, נאָר שטיל א שאָט געטאָן א פּאָר ווערטער:

— צו וואָס טויג עס? מאָרגן קומט א גרויסע פּארטיע איבערוואנדערער. מע דארף אופראַמען.

עס האָט געדויערט א היפּשע ווײַלע ביז מען האָט געפונען דעם, וואָס דארף הייסן אופראַמען. עס האָט געדויערט ניט ווייניקער ביז מען האָט געפונען די אופראַמערקעס גופע. בא די אופראַמערקעס גופע האָט אויך אביסל געדויערט ביז זיי האָבן זייערע שמאטעס, וואסער געפונען. דער כאַווער בערל איז געשטאַנען דערווײַל אפן הויף און געוואַרט. ער האָט געוואַרט ביז מען האָט דעם פאַראָרדנער געפונען, ער האָט געוואַרט ביז דער פאַראָרדנער האָט די אופראַמערקעס געפונען, ער האָט געוואַרט ביז די אופראַמערקעס האָבן זייערע שמאטעס און עמערס געפונען,—געוואַרט אפן הויף און גערעדט דער־

ווײַל וועגן פארשיידענע לויפנדיקע איניאָנים,—געוואָרט און דערוואָרט זיך: דער באראק איז אופגעראמט געוואָרן. ווען דער באראק איז אופגעראמט געוואָרן איז דער כאווער בערל אוועק צוריק צו זיך אין קאבינעטל ארײַן.

ווײַבאלד דער כאווער בערל אליין איז דאָ נעכטן געווען, גייט דאָ הײַנט די ארבעט גאנץ גלאט און אָן איבעריקן טומל. די געקומענע מענטשן פארנעמען די ריינע, אויסגע־וואשענע צימערן. אין די לויטער אויסגעווישטע שויבן שײַנט ארײַן די פרישע ווײַטמיז־רעכדיקע זון.

— אויב דאָס איז בירעבידזשאן,—זאָגט דער סאָוועטישער ייִד מיטן דיקן מאכאָרקע-ציגאר אין דער מיט פון זײַן שווארץ־גרוילעכן בערדל,—איז דאָך עס גר־ר־ר־ט! איך האָב דיר געזאָגט, עטל, אז מע דארף אלץ מיט די אייגענע אויגן זען!..

נאָר זײַן עטל הערט אים ניט. זי איז פארנומען. זי איז שוין באלעבאָסטע אפן נײַעם אָרט, זי בעט שוין איבער די בעטן אפ איר היימישן שטייגער: אביסל ווייכער און העכער, זי לייגט די קינדער שלאָפן. זי לאָזט דערבײַ א טרער, נאָר ער שטערט איר דערין ניט, דאָס זײַנען גאָר אנדערע טרערן. ער גיט א פּיפּקע זײַן גרויסן ציגאר און דערשרעקט זיך פּלוצלינג: אָט־אָט פאלט אראָפּ פון דאָרטן א שטיק אש אפן ריינעם ווײַסן דיל. ער גייט צו צום פענצטער, גיט א טרייסל אָפּ אפ דרויסן דעם אש און נעמט זיך העלפן איר אין דער ארבעט.

דער געלער יונג מיט דער נאקעטער טשופרינע שמײַעט ארום איבער די צימערן. ער איז אנטציקט.

— אײַ, כוואטעס!—זאָגט ער הויך.—ריין, ליכטיק, גר־ר־וט! זיץ, עסטערקע, א ווײַלע דאָ... הא? איר ווילט זיך איבערטאָן—יאטן? נו, גוט... גיי דערווײַל אהין... איך בין גרינג... אָט ווער איך פארטיק און מיר גייען...

עסטער זיצט אין קאָרידאָר. איר הארץ איז פול מיט עפּעס א צו גרויסער ווארעמקײַט. זי איז דערמיט ניט צופרידן. עפּעס פילט זי זיך יאָנטעווודיק און דאָס קאָן שטערן אין דער ארבעט. זי איז גליקלעך, אי עפּעס ווי אין קאעס אפן הײַנטיקן פרימאָרגן. נאָכמיטאָק דארף זי פאָרן אין ראיאָן און דאָ—אזוא באגעגעניש...

אביסל ווי פארמאטערט קומט דער געלער צו צו עסטערן.

— קום,—זאָגט ער,—ניט געריכט זיך... אי, גוט! וואָס מיר ווילט זיך אָבער וויסן, גלײַך אפ דער מינוט, עסטערקע: ס׳איז אומעטום אזוי?

— ווי אזוי?

— ריין... אזוי... ווארט, איך האָב נאָך דיר ניט דערציילט: אפן ערשטן בליק האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אז איך בין צוריקגעקומען קיין לאהישין... אפ קאפּאָרעס באדארף איך לאהישין? איך וואָלט אהינצו פאר קיינע שום גליקן אין דער וועלט ניט געפאָרן! דאָרט קאָן ניט געמאָלט זײַן קיין שום גליק... איז ווהין גייען מיר?

— מיר קאָנען א קוק טאָן דעם צווייטן איבערוואנדערער־באראק. דו קאָנסט ארײַן צו מיר. איך וווין אין א נײַער שטוב.

— ווײַט פון דאנען דער באראק?

— אָטאָ!

— קום דערווײַל אין באראק. צו דיר—שפּעטער.

נאָר גלײַך הינטערן ראָג בלײַבט דער יונג שוין ווידער שטיין. דאָס בילד, וואָס ער זעט דאָ פארהאמעוועט זײַן טראָט, ער זעט:

א העלפט איבערוואנדערער, קימאט גראָד אלע מיט פאמיליעס, זיצנ דרויסנ. די פעק ליגנ בא זייערע פיס. די קינדער זיצנ אפ די פעק, ווי נאָכ א טרייפע, אָדער ווי פארנ אוועקפאָרנ. די קלענערע קינדער וויינענ: זיי ווילנ שלאָפנ. קיינ טראנספאראנט איבער דער טיר איז ניטאָ. ניט ווײַט דערנעבנ וואלגערט זיכ א געפייגערט פערד. זײַנ בויכ איז ריזיק אופגעשוואָלנ. זײַנ מאָרדע פארשטשירעט, די געלע אלטע ציינ אנטבלויזט, ווי אינ א פארגליווערטנ פערדישנ געניצ. אינ די אויערנ זשומענ ארומ גרויסע, גרינע פליגנ. עס זעט זיכ אָנ, אז די פעגירע וואלגערט זיכ דאָ ניט דעמ ערשטנ מעסלעס. פונ דער צווייטער זײַט שטייט אנ אָפטריט מיט אנ אָפגעריסנ טירל. א מענטש זיצט דאָרט, ווי גאָרניט קיינ מענטש: בייז, אומגליקלעכ אונ אומפארשעמט. אנטקעגנ איבער שווארצט זיכ דער פירעק פונ דער ארײַנגאנג־טיר אינ באראק. א פארע מיט א שווערנ גערוכ שלאָגט פונ דאָרטנ.

פונדעסטוועגנ לאָזט ער זיכ ווײַטער גיינ.

— קומ!—זאָגט ער אנטשלאָסנ אונ זיי באטרעטנ די שוועל פונ א טונקעלנ קאָרידאָר.

אפנ שוועל מוז ער ווידער בלײַבנ שטיינ א ווײַלע. דאָ איז דאָס בילד ניט ליכטיקער.

ער זעט, ווי אינ דער טיפ פונ קאָרידאָר שטייט אָנגעבויגנ איבערנ דיל א פרוי. דאָס קליידל פונ הינטנ האָט זיכ איר פאריסנ ווײַט אריבער די כאָליעוועס פונ אירע אויסגעטראָטענע אונ צענ מאָל געלאטעטע שטיוול. צווישנ די כאָליעוועס אונ קליידל זעענ זיכ א פאָר שטיקלעכ נאקעטע, שמוציקע פיס מיט א בלויער געדראָלענער אָדערנ־נעצ אונטער דער הויט.

די פרוי וואשט דעמ דיל, שעלט זיכ אונ וויינט.

דאָס זעט אויס זייער מאָדנע.

דאָס זעט אויס אזוי:

פריִער שטייט די אופראמערקע א ווײַלע איבערנ עמער, טריפט ארײַנ אהינ אירע טרערנ, פארבראָקט עס מיט צענשטאָקיקע קלאָלעס, דעריקער אפנ קאָפּ פונ עפּעס איינעמ א טועמאכער, וואָס איזדיעקעוועט זיכ איבער איר אונ צווינגט איר נאָכ א נאכט דעזשורסטווע וואשנ די דילנ. דערנאָכ ווייקט זי אײַנ אינ עמער איר שמאטע. די שמאטע איז שוידערלעכ שווארצ, ווײַזט אויס, פונ אלע דרײַ זאכנ מיטאמאָל: פונ די טרערנ, קלאָלעס אונ שמוצ. זי דרייט אויס די שמאטע. ניט זייער פלײַסיק. ניט זייער טרוקנ. עס זעט זיכ טאקע אָנ, אז זי האָט קיינ קויעכ ניט דערצו אויכ. מיט דער שמאטע, וואָס איז אויסגעווייקט אינ די טרערנ, קלאָלעס אונ שמוציקנ וואסער, וואָס איז פארמישט אינ עמער, שמאָרעט זי איבערנ דיל. דער דיל, דוכט זיכ אויס, ווערט דערפונ נאָכ שווארצער. אָפּגעשמאָרעט, הויבט זי ווידער די שמאטע איבערנ עמער, טריפט ווידער אהינ אירע טרערנ, שעלט, ווייקט, דרייט אויס, שמאָרעט. אזוי אָנ א ברעג. פונ עק צו עק. איבערנ גאנצנ קאָרידאָר. דער געלער יונג שטייט ווי א באצויבערטער. צומ ערשטנ מאָל אינ זײַנ לעבנ זעט ער מענ זאָל אזוי ארומ וואשנ א דיל.

— איכ בעט דיכ, עסטערקע,—גיט ער ענדלעכ א פרעג,—דאָ איז אויכ בירעבידזשאנ?

עסטער איז פארשעמט אונ וייס ניט וואָס צו ענטפערנ. פונדעסטוועגנ זאָגט זי:

— מיסטאָמע האָט מענ ניט באוויזנ אופצוראמענ דאָ...

— איכ בעט דיכ, וואָס הייסט מענ האָט ניט באוויזנ? נו, זאָל זײַנ מענ האָט ניט באוויזנ... איז פארוואָס דארפ מענ דאפקע די באָכערימ מיט די מיידלעכ באזעצנ דאָרטנ אינ ליכטיקנ באראק אונ די פאמיליעס מיט די קליינע קינדער דאָ, דרויסנ? עס זעט דאָכ אויס, ווי אומישנע!

עס זעט טאַקע אויס, ווי אומישנע. עסטער זעט עס אַליין און זי שווײַגט. ער זעט, אַז זי איז אומבאַהאָלפן און ער גייט צו צו דער אופראַמערקע.

— אַרבעטאָרקע,—זאָגט ער צו איר פריילעך,—הייב אוף דײַן קאָפּ, באַווײַז דײַן פּאָנעם, וואָס ווייַנסטו? וואָס וואַשסטו דעם דיל מיט קלאָלעס?

— אַוועק, אַ כאָליערע אף דיר, דו פּאַסקודנער הונט! אַ בראַנד אין דײַנע געהירן אַרײַן! דו מיינסט איבער אַ וויסטער אַלמאָנע וועסטו זיך איזדיעקעווען? אַוועק פון מיר, אַ פײַער אין דײַנע ביינער אַרײַן!—גיט זיך די ייִדענע פלוצלינג אַ ריס פון איר אָרט און גיט אַ כמאַל מיט דער נאַסער שמאַטע דעם יונג איבערן פּאָנעם.

עסטער לויפט צו צו דער ייִדענע און דערזעט אַ נײַס: אין טונקעלן ווינקל, פינף שפּאַן פון דער אופראַמערקע, שטייט טאַקע טוערמאַכער. ער שטייט צוגעקלעפּט צו דער וואַנט און שווײַגט. די דרויסנדיקע שײַן האָט זיי געשטערט אים גלײַך צו באַמערקן.

דער געלער פאַרלירט זיך אף איין ווײַלע. אין פּאָנעם האָט זי אים מיט דער שמאַטע ניט געטראָפן,—דעם האַלדז אָבער האָט זי אים פאַרנעצט און פאַרפּאַטשקעט. ער ווישט זיך. ער טראַכט דערבײַ: „אָט האָסטו דיר „אַ גרוס" און אַזוי ווײַטער. נאָר ער באַווײַזט ניט צו דערטראַכטן. אין קאָרידאָר דערהערט זיך אַ קוויטש, אַ געשריי, אַ גערודער. עמיצער כליופּעט עמיצן מיט אַ נאַסער שמאַטע איבער דער צורע. איינמאָל. נאָכאַמאָל. אַסאַך מאָל. אין די כליופּערײַען מישט זיך אַרײַן דער עמער. עמיצער קערט אים איבער און קוילערט אים אַוועק. טוערמאַכער מיט דער אופראַמערקע דרייען זיך אין אַ קנויל פון קאָרידאָר אַרויס. די אופראַמערקע קוויטשעט, ווײַזט אויס, אומישנע מיט אַלע אירע קויכעס. אירע קוויטשערײַען צעשפּאַרן די נידעריקע ווענט. זיי זאַמלען צונויף אַרום באַראַק אַ גרויסן אוילעם. די קינדער כאַפּן זיך אוף דערשראָקענע פון שלאָף און פלעכטן אַרײַן זייער געוויין אין אַלגעמיינעם געפּילדער. דער געלער גיט זיך אַ שטעל. ער קומט צו זיך. איצט זעט ער קלאָר: עפּעס אַ יאַט שלעפּט די ייִדענע צו דער טיר. דער עמער בריאַזגעט אונטער די פיס. עסטער גייט זיי נאָך און בעט זיך: „הערט אוף! לאָזט אָפּ!" דער יאַט שטופּט זיי אַוועק מיט דער האַנט. „אַוועק! מיזיני!"*)—זאָגט ער צו איר. „וואָס טוט זיך דאָ?" טראַכט דער געלער און לויפט נאָך זיי אַרויס דרויסן. דרויסן זעט ער דאָס באַקאַנטע בילד: דאָס געפּייגערטע פערד ליגט אף זײַן אָרט; אינעם אָפּטריט מיט דער אָפּגעריסענער טירל זיצט שוין ווידער אַ מענטשל; די גרופּע געקומענע זײַנען שוין אף די פיס; די ווײַבער שטילן אײַן די קינדער; די אופראַמערקע דרייט זיך אין אַ קנויל אף דער ערד. איבער איר דרייט זיך אַ יונג. ווײַזט אויס, אַ גאַנץ געזונטער. ער שלאָגט זי אין זײַט, אין בויך, אין קאָפּ,—ווו ער טרעפט. די אופראַמערקע שפּרינגט אוף, ווערט זיך, כאַפּט זיך בײַסן זײַן פוס, שעלט זיך און קוויטשעט אָן אויפהער.

— גאַנעפטע! גאַנעפטע! כ'על דיך צעשיסן! כ'על דיך פאַרן אונטערשטן עק אויפהענגען!—שרײַט דער געזונטער יונג און הערט ניט אוף זי צו שלאָגן.

„וואָס זשע טוט זיך דאָ?"—גיט ווידער אַ טראַכט דער געלער יונג און גיט אַ כאַפּ דעם געזונטן יונג בײַ די הענט:

— שטיי נאָר, דו!..

די אופראַמערקע באַנוצט זיך מיט דער גוטער געלעגנהײַט. זי שפּרינגט ווידער אוף

*) אַוועק: מיש זיך ניט!

פונ דער ערד, זי כאפט א פלאָקנ אונ וויל שלאָגנ דעם געזונטנ יונג. מענ רײַסט זי אָפּ פונ אים. מע פירט זי אוועק. זי וויינט פונ פולנ ביטערנ הארצנ.

דער געלער דרייט צונויפ דעם יונגס הענט.

— הער נאָר, דו, איכ בעט דיכ, העלד, וואָס שלאָגסטו א פרוי?

— סי דײַנ אייסעק? ווער ביסטו? איר קאָטער?—רײַסט זיכ דער יונג פונ זײַנע הענט. ארויסרײַסנ זיכ בעלינגט אים ניט. דער געלער פארדרייט לײַכט זײַנע הענט אפ הינטנ. ער קוקט זיכ דערווײַל ארום ארום זיכ. ער זוכט די אופראמערקע. ער וויל אָנקוקנ די פרוי, וואָס ער איז איר „קאָטער”. ער האָט נאָכ צומאָל איר פּאָנעם ניט געזענ. ער וויל זי אויכ האָבנ דאָ, קעדיי צו וויסנ אינ וואָס גייט עס בא זיי, איבער וואָס האָבנ זיי זיכ אזוי צעדראפעט, נאָר זי איז ניטאָ. פאר די אויגנ גיבנ אים א שווינדל בלויז די פּאָר שטיקלעכ נאקעטע פיס פארפלאָכטנ אינ דער בלויער אָדערנ־נעצ אונטער דער הויט. ער גיט זיכ איינ קליינעם זויג. אימ ווילט זיכ מיט איינ האנט צוהאלטנ דעם יונג אונ מיט דער צווייטער די אויערנ אים אָנרײַסנ, ער זאָל זיכ מער ניט דראפענ מיט ווײַבער. ער וואָלט עס געקאָנט לײַכט אויספירנ: דער יונג, וואָס רײַסט זיכ פונ זײַנע הענט איז גאנצ געזונט, נאָר ער איז א היפשער פאכדנ אונ גראָד דאָס שטערט אים. ער לאָזט אים אָפּ. ער זאָגט בלויז צו אים:

— ווי שעמסטו זיכ ניט! א פרוי שלאָגנ!

— סי דײַנ אייסעק? ווער ביסטו? דײַנ פאמיליע? כלאָדיכרעטירנ! *)

דאָס לעצטע פארשטייט ניט דער געלער יונג, נאָר ער טוט זיכ אָנ א קויעכ אונ רעדט צו אים רויִק, קימאט ווי צו זײַנס א גלײַכנ:

— גוט, לאָמיר זיכ באקאָנענ. מײַנ פאמיליע איז ביטערטראָפּנ. אנ איבערוואנדערער פונ...

דער יונג רײַסט אים איבער:

— איזוואָ? אנ איבערוואנדערער איזוואָ? פלאנטזימי ארונטערגעריס! אונ אָטועטשײַענ וועלי, טוּערמאכ!

נאָר דאָ רײַסט אים שוינ איבער דער געלער יונג:

— ווארט צו, ווארט צו... ניט אזוי גיכ... דאָס ביסטו טוּערמאכער? א־א־א! טוּערמאכער! שאָלעמאלייכעם, טוּערמאכער! וואָס מאכסטו עפּעס טוּערמאכער! וואָס שלאָגסטו זיכ מיט ווײַבער, טוּערמאכער, גראָד בא די יאפּאָניער אונטער דער נאָז!

נאָר טוּערמאכער הערט אים ניט.

— געזע אזעכע הער!—גיט ער א זאָג אונ לויפט אוועק.

— וווּהינ, טוּערמאכער?—גיט זיכ א יאָג נאָכ אים דער געלער.—דו ווילסט זיכ ניט באקאָנענ מיט מיר? איכ הייס ביטערטראָפּנ...

— לאָז אָפּ, יאָסעפּ... קומ אוועק...—זאָגט עסטער שטיל.

— ווארט צו... ס׳איז דאָכ טשיקאווע... ווער איז ער? וווּהינ לויפט ער? טוּער־מא־כער! דאָס איז דאָכ, ווי אומישנע!

ער גייט נאָכ נאָכ טוּערמאכערנ. עסטער גייט ניט ווילנדיק אונ אומצופרידנ נאָכ נאָכ אים. דער דיל איז ניט דערוואשנ. די געקומענע מענטשנ זײַנענ נאָכ אלצ דרויסנ. אסאכ פונ זיי האָבנ זיכ ניט שלעכט פארווײַלט מיט דער סצענע. איצט פרעגנ זיי זיכ אויס באמ

*) איכ לאָז ײַכ ארעסטירנ!

געזעמל אַרום, ווער איז דער יונג. דאָס מענטשל, וואָס איז בייז און אומגליקלעך געזעסן פריִער אין אָפּטריט איז איצט גוט אופגעלייגט. ער דערציילט גערן אסאך מײַסעס וועגן טוערמאכערן און פרעגט זיך נאָך פון זײַן זײַט אפן געלן. וועגן געלן וויל ער קיין סאך ניט הערן. ער האָט פאר אזעלכע מוירע. ער פרעגט בעסער פון וואַנען קומען ייִדן און בעטן אנטלײַען א ציגאַר מאכאָרקע.

פון באַראַק דערהערן זיך פרישע קוילעס.

פון א זײַטיקן פענצטער פליִען בעבעכעס: קישנס, א קוישל, א טשוהונענער טעפל. די קישנס פליִען צו די פיס פון די געקומענע, דאָס טשוהינענע טעפל האָט שיר ניט געטראָפן איינעם אין קאָפּ.

דער געלער איז שוין באַם פענצטער. ער זעט.

די אופראמערקע האָט זיך שוין ווידער אײַנגעקלאמערט מיט אירע נעגל אין טוערמאכערן. טוערמאכער כאַפּט פון צימער, וואָס עס קומט אים אין די הענט אַרײַן און שלײַדערט עס דורכן פענצטער. ער ליאַרעמט דערבײַ עפּעס אומפארשטענדלעכס אף זײַן צעקראָכענעם צונג, נאָר עס לאָזט זיך פונדעסטוועגן כאַפּן, אז דאָס טרײַבט ער אַרויס די אופראמערקע פון דער קאַזיאָנער דירע אין באַראַק.

דער געלער כאַפּט אָן עסטערן באַ א האַנט:

— עסטערקע, איך בעט דיך, דערקלער מיר, ס'איז אף דער וואָר? ס'איז דאָך א ביטערער ספּעקטאַקל.

מיט איין שפּרונג איז ער אין צימער.

ער האַלט שוין ווידער טוערמאכערן באַ די הענט.

— הער נאָר, דו...

— א־א...—גיט א זאָג טוערמאכער.—שטשוויווידער דאָ! אָטיזרהעלך!..

דורכן אָפענעם פענצטער שפּרינגען אַרײַן דרײַ יאַטן. זיי כאַפּן דעם געלן און פארדרייען אים די הענט אף הינטן.

— וואָס טוט איר, מעשוגאָיִם?—שרײַט עסטער.—טוערמאכער, וואָס איז מיט דיר?

— נעמטי! נעמטי!—קאָמאַנדעוועט טוערמאכער.—סאשפּיִאָ! סאבאַנדי! פּאָניעזאָגטע אפּאָניע!

דער געלער קוקט זיך אום. די יאַטלעך זײַנען ניט זייער קיין גרויסע גיבוירים. ער קאָן זיך א דריי טאָן און צעשיסן זיי אין די זײַטן, ווי די האָזן. ער גיט זיך א באַוועג, א וויג. טוערמאכער ווערט אומרויִק און העלפט די יאַטן. דעם געלן כאַפּט פּלוצלינג אָן א געלעכטער. ער איז שוין איצט אין יענעם צושטאַנד, ווען די וואָר פארפירט, פארשטעלט זיך פאר א כאָלעם. אים ווילט זיך זען, וואָס וועט ווײַטער פּאָרקומען אין דעמדאָזיקן מאָדנעם כאָלעם און ער לאָזט זיך פירן פון די יונגען.

מען פירט אים ניט ווײַט. אף דער צווייטער גאַס. עטלעכע הונדערט טריט סאַכאַקל. דאָרט פארשפּאַרט מען אים הינטער אן איבערגעדרייט שלעסל. ער איז אַרעסטירט.

עסטער לויפט ערגעץ אַוועק. אַלדאָס איבעריקע איז אפן פּלאַץ; דאָס פּערד ליגט מיטן אופגעשוואָלענעם בויך אף זײַן אָרט; אין אָפּטריטל מיט דער אָפּגעריסענער טיר זיצט שוין ווידער עפּעס א מענטשל; די געקומענע זיצן שוין ווידער געדולדיק אף די פּעק; אייניקע קינדער זײַנען שוין דאָרט ווידער אײַנגעשלאָפן; דעם קאָרידאָר דערוואַשט א צווייטע אופראמערקע; די ייִדענע, וואָס האָט פריִער געוואַשן דעם קאָרידאָר מיט אירע קלאָלעס ליגט נעבן פענצטער אף אירע בעבעכעס; זי איז געכאַלעשט, אָדער זי מאַכט זיך, אז זי

איז געכאַלעשט; די היגע גיבן אַפּ איר גלײַכגילטיק אַ קוק און גייען פאַרבײַ; אַ פּאָר פון די געקומענע ווײַבלעך פּרוּוון זיך מינטערן זי.

פאַרנאַכט קלײַבט צונויפ דער כאַווער בערל אַ זיצונג צו זיך אין קאַבינעט וועגן דעם אינדערפריִקן סקאַנדאַל.

איידער וואָס ווען, גיט ער אַ פרעג באַ עסטערן, וואָס איז אויך געקומען אַפּ דער זיצונג.

— דו האָסט דאָך געדאַרפט הײַנט אַרויספאָרן אין ראַיאָן, וואָס זיצסטו דאָ?

— איך דאַרפ זיך דורכריידן מיט אײַך, כאַווער בערל.

— אַלע דאַרפן ריידן. ס'טבאַווײַזן צו ריידן.

דערופ ענדיקט זיך דערווײַל דער אינצידענט מיט עסטערן. זי בלײַבט דאָ.

איידער דער כאַווער בערל זעצט זיך צום טיש גיט ער אַ פרעג:

— אַלע זײַנען דאָ?

— טוּערמאַכער פעלט.—גיט עמיצער אַ זאָג.

— מ'האָט אים אָנגעזאָגט ער זאָל קומען?

— ער ליגט קראַנק. ער האָט געהאַט אַ פריפאַדעק הײַנט.—פאַרענטפערט אים עמיצער.

דערופ באַרוִקט זיך דער כאַווער בערל און זעצט זיך צום טיש.

— איז הערט זשע,—הויבט ער אָן.

נאָר דאָ באַווײַזט זיך דער געלער יונג, ער גייט, ווי ער איז אַראָפּ פון דער באַן—מיטן רוקזעקל אַפּ די פּלייצעס און מיט דער געלער טשופּרינע נאַקעט. ער גייט גלײַך צום טיש.

— ווער איז דאָ דער כאַווער בערל?—גיט ער אַ פרעג און בלײַבט שטיין אינ מיטן צימער.

אינ זײַן פראַגע, אינ זײַן געשטיי איז דאָ עפּעס קינדישס. ער שמייכלט אויש. מיט דאָס קינדישעס אינ זײַן שטיין אינ מיטן צימער, מיט זײַן גאַנצער האַלטונג און שמייכל צווינגט ער אַלעמען זיך אומקוקן אַפּ אים. עסטער קוקט אַפּ אים און שטוינט. זי וויל צולויפן צו אים, באַווײַזן זיך, אַז זי איז דאָ, נאָר זי האַלט זיך אָפּ. דער רוקזאַק אַפּ זײַנע פּלייצעס האַלט זי דערפון אָפּ. דער רוקזאַק רופט אַרויס אַ שווערן כשאַד. וואָס איז ער געקומען אַהער? מעלדן, אַז ער פאָרט צוריק?

— איך בינ בערל,—ענטפערט ענדלעך בערל אַפּן געלנס פראַגע.—ווער ביסטו? וואָס ווילסטו?

— איך בינ יאָסעפ ביטערטראָפּן... אַן איבערוואַנדערער... הײַנט געקומען און שוינ אינ דער קוטוזקע דאָהי געזעסן...

— דאָס האָט ער דיר געשלאָגן, טוּערמאַכער?

— ער האָט מיך ניט געשלאָגן. ער האָט מיך געוואָלט אַרעסטירן און אָוועקגענעבן מײַן בעט אינ באַראַק אַן אַנדערן. איצט האָט מען מיך אַרויסגעלאָזט און איך האָב ניט ווּ צו נעכטיקן. מען האָט מיר געזאָגט, אַז איר קאָנט געבן אַ נאַכטלעגער.

ער וואַרט אויס אַ ווײַלע. ער וואַרט, ווײַזט אויס, אַפּ אַן ענטפער. ער קוקט זיך דערווײַל אַרום קינדיש אינ אַלע זײַטן. ער באַמערקט עסטערן.

— אַ־אַ,—זאָגט ער צו איר מיט אַ שמייכל,—עסטערקע, דו ביסט אויך דאָ... קאָן איך עפּשער באַ דיר איבערנעכטיקן?

עסטער ווערט רויט. פון פריידן, וואָס איר כשאַד איז געווען אַ פאַלשער. אייניקע פון די בײַזיצנדיקע קוקן זיך פילדײַטיק איבער. זייערע בליקן רעדן אַפּ אַ פאַרשטענדלעכער

פאר זיי שפראכ. זייערע בליקנ זאָגנ: „וויבאלד ער איז מיט דער עסטער אפ „דו״ אונ בעט זיכ צו איר איבערנעכטיקנ איז שוינ די גאנצע מײַסע פארשטענדלעכ...״

דער יונג זעט, אז קיינ ענטפער קריגט ער ניט, דרייט ער זיכ צו עסטערנ אונ רופט זי:

— קום.

—ווארט צו, יאָסעפ.—שפרינגט אופ עסטער.—דאָ גייט גראָד א זיצונג וועגנ דעמ סקאנדאל אינדערפרי מיט טוערמאכערנ...

— א זיצונג?—קוקט זיכ ארומ דער יונג.—וואָס איז דאָ צו זיצנ? ס'איז דענ ניט קלאָר? עס שטייענ צוויי באראקעס איינער נעבנ אנדערנ. איינער איז ריינ, אופגעראמט, ליכטיק, שיינ. אהינ זעצט מענ ארײַנ די באָכערימ מיט די מיידלעכ. אָט די, וואָס קאָנענ אינ ערגסטנ סאכאקל אליינ אופראמענ. דער צווייטער באראק איז פינצטער, שמוציק, אָפגעלאָזט. אהינ שטופט מענ די פאמיליעס מיט די קליינע קינדער. דאָס איז דאָכ, ווי אומישנע דאָס איז דאָכ...—ער קוקט זיכ אומ אינ אלע זײַטנ, ער זוכט דאָס וואָרט, קיינער זאָגט אימ ניט אונטער, ער געפינט עס אליינ. דאָס איז דאָכ ווערדיטעלסטווע... פונקט ווי שלאָגנ א פרוי, ווער זי זאָל ניט זײַנ, איז אויכ ווערדיטעלסטווע. אזוי מיינ איכ... וואָס זשע? עס זײַנענ דאָ נאָכ אנדערע מיינונגענ? זאָגט מיר?

ער ווארט אפ אנ ענטפער. אלע שווײַגנ. די צוויי באראקעס, וואָס שטייענ איינער נעבנ אנדערנ גיבנ זיכ פלוצלינג אלעמענ א שטעל פאר די אויגנ. ס'איז טאקע מאָדנע: אויב מענ האָט געקאָנט אופראמענ איינ באראק, האָט מענ דאָכ געקאָנט אופראמענ א' כ דעמ צווייטנ... נאָכ אסאכ מאָדנער איז די האלטונג פונעמ איבערוואנדרער: ער האלט זיכ, ווי א קינד אונ ריידנ רעדט ער, ווי דער גאנג פונ דער גאנצער וועלט פאָרויס אפ טויזנט יאָר וואָלט פאר אימ קלאָר געווענ. דערבײַ בײַסנ זיכ זײַנע ווערטער, ווי די שארפנ פונ א קלעמל... ער ווערט שווער דער זיצונג, מע וויל וואָס גיכער פאָטער ווערנ פונ אימ אונ דעריבער שווײַגנ אלע. דער יונג ווארט אויס נאָכ א ווײַלע, דערנאָכ גיט ער ווידער א זאָג מיט זײַנ קינדישנ טאָנ:

— דו גייסט, עסטערקע?

ס'איז פאר איר אומעגלעכ ניט פאָלגנ אימ. זי הויבט זיכ אופ אונ גייט אוועק נאָכ אימ, ווי א פארקישעפטע—א גליקלעכע.

דעמ כאווער בערל איז אויכ ניט גרינג. אימ ווילט זיכ וואָס גיכער ליקווידירנ די שטימונג, אז עס איז ניטאָ וועגנ וואָס צו זיצנ. גיט ער זיכ א קליינעמ דריי אפ זײַנ הארטנ שטול אונ הויבט. אָנ פונדאָסניי:

— איז הערט זשע... הײַנט אינדערפרי איז פאָרגעקומענ א סקאנדאל...

**איזי כאריק**



# איך קען דיך, ווײַסרוסלאנד

איך קען דיך, ווײַסרוסלאנד, אזוי ווי איך קען מײַנע אייגענע פינגער.
אין מיטן דער נאכט וועל איך שטענדיק דיר יעטווידער סטעזשקע דערקענען,
די טראקטן, די טײַכן, די ווייכע פארנאכטן, וואָס זינגען,
סאָסנעס—אין סמאָלע, בעריאָזעס—אין שניי, וועלכע ברענען.

כ׳געדענק, דעם ווײַסרוסישן סום, וועלכער האָט אלע דערפלעכ פארצויגן,
דעם עלנט,—דעם געלזוכט אין שטעטעלעך קרומע און לאָמע,
ס׳איז אלטע ווײַסרוסלאנד. און פרווו איך פארמאכן די אויגן,
דערזע איך קורהאנענס, און שווארצע בעסיילעמס און הילצערנע צלאָמים...

דײַך איז ווײַסרוסלאנד... די רײַכקײַטן אלע ניט איבערצוציילן.
לאבנס פון סיטניצע־ברויט פלעגן קומען צו אונדז נאָר, ווי גרויסע לעוואָנעס
צו כאָלעם...
דײַך איז ווײַסרוסלאנד, דאָס קענען באטראקישע פלייצעס דערציילן,
צעשונדן, פארשמיסן אין פריצישע הייכע סטאדאָלעס.



א כוישעכ. א וויוגע. עס פאָרן צוויי עלנט־געלאטעטע בוידן.
זיי זוכן א שטעטל. ניטאָ. נאָר די ווינטן דאָ ווערן מעשוגע.
ניטאָ דאָ קיין שטעטל. די ערד און דער הימל זיך הוידען.
קיין שטעטל, קיין קרעטשמע, זאָל זײַן כאָטש א נעפעש. ס׳איז קיינער
ניטאָ דאָ. א וויוגע...

דאָס פאָרט אין די בוידנ די מינסקער גובערניע, די צארישע גרינע פריסוטסטווע.
און ס'האָבנ דעמ גאנצענעמ הימל באלאגערט מעכטיקע ווײַסע וואָראָנעס.
דעמ קאָפּ אָנ דעמ דאָזיקנ הימל צעזעצנ. טײַערע מײַנע,—א פוסטקע.
אזוי ווי א ווײַסער צווייקעפּיער אָדלער קריכט דאָרט ארומ די לעוואָנע.



איכ קאָנ דיכ, ווײַסרוסלאנד, אזוי ווי איכ קענ דײַנע טויקע־גרינע פארנאכטנ.
כ'בינ אויסגעוועג אינ דײַנ יעטווידנ העק, וועלכער איז נאָכ ווּ־ערגעצ פאראנענ
און ווּ איז דער לאנגווײַל, דער טרוקענער זאמד אונטער איינזאמענ סקריפּ פונעמ וואָגנ?
אז ליבע־בריוו שיקנ קאָלווירטניצעס דײַנע שוינ אויכעס דורכ אעראָפּלאנענ.

גיי זוכ אימ דעמ העק, די אידיליע, די רו. ניטאָ שוינ. גיי פּרוּוו כאָטש געפינענ
דעמ געלינקנ זאמד, וואָס פלעגט לייגנ זיכ שטיל אפ אונדזערע ערדענע דילנ...
... א געוועזענער פאסטעכ אינ געוועזענעמ העק לאָזט איצט א וואסער־טורבינע
דאכט זיכ דעמ פאסטעכ: אינ ליכטיקנ צעכ זוניקע פײַפלעכ דאָ שפּילנ...

און ניט אזוי שוינ די וועלדער סאָסנאָווע, ווי דאָס וואָס זיי גיבנ געוועבנ.
און ניט אזוי שוינ די פינצטערע באָרנ, ווי זייער פּאפּיר אָט דער ווײַסער...
פּאפּיר איז דאָכ ווײַס און טינט איז דאָכ שווארצ, שרײַבט איצט זײַנ אייגענעמ לעבנ
דער נעכטיקער פאסטעכ פונ נעכטיקנ העק און ס'דאכט זיכ אונדז אויסעט—א מײַסע.



א לעוואָנע לויפט איבער דעמ וועג. און די זונ יאָגט ארויסעט פונ אונטער די גר־
מענע שינעס.
דער שאָפער שנײַדט דעמ ווינט, און ער יאָגט, און ער בייגט אימ דעמ הימל אינ דרײַענ.
כ'האָב די אויגנ פארמאכט און צעעפנט אפס'ניי. ס'יאָגט אונדז נאָכ אלצ איינ פעלד
אזא גרינע?
מוז דאָ זײַנ א קאָלווירט. א קאָלווירט קוקט ארויס אינ סאָסנאָווע און פרישע געבײַען.

גלעזערנע ספּעקטנ. סעדער פּרוכטאָווע. יונגיקע פעלדער-קוואדראטנ.
אינ לופטנ פינפ רינגענ פונ אעראָפּלאנענ. אנטקעגנ פינפ לאנגע בוטשאנענ.
מעלקיקע בהיימעס ביז בײַכער אינ פאשע קײַענ די צינגער די זאטע.
כ'בינ אויסגעוועזנ אינ אלערליי העקנ, נאָר ווּ זײַנענ העקנ פאראנענ?

א שאָסיי און א בריק, א טײַכ און א בריק. א שטאָט צווישנ ערשטלינגענ־טרויבנ.
זי שטייט אפנ בארג, אפ די פאָרערשטע פיס און זי הייבט די צעוואקסענע הערנער.
כ'האָב די אויגנ פארמאכט: גייט א וויגע אינ פעלד... צוויי עלנטע געלאטעטע בוידנ.
האָב איכ מער ניט געקענט, און איכ האָב זיכ צעלאכט. מײַנע אויגנ פארמאכ איכ
שוינ מער ניט...



ס׳איז, ווײַסרוסלאנד, קעדײַ צו דערמאָנען אויך דאָס, וואָס איז לאנג שוין געווען
אינ צערונען:

אי דײַנ סום, אי דײַנ טכום, דײַנ אמאָליקנ קוזעלנעם אָנטאָנ,
אי די זונ, וואָס פלעגט דעמלט גיינ טרינקענ פונ איינציקנ, הילצערנעם ברונעם...
שנײַד די וויגטנ, שאָפער. דער יול ווערט שוינ רייפ. מע דארפ גרייכנ צו מאָרגנ אפ יאָנטעוו.

ש. ראָסינ



# דער ווינט וואָס וויל ניט שוינענ

א ווינט, א פרילינגדיקער ווינט
אינ רויש פונ מאָסקווער גאסנ
יאָגט מיכ פלוצלינג אָנ אינ אײַליקנ געלאפ;
דעם וועג פארלויפט,
מיכ פאנגט אינ בלאָע פאסנ,
פארקרויזט אינ א כוואליקנ אינ דינעם האזט.

פונ אלע זײַטנ טראָגט ער זיכ דער ווינט,
א זוניקער, א ווארעמער א בלאָער
ער טראָגט זיכ אָנ פונ פרילינגדיקער ווײַט;
עס קערט פונ גאסנ אויס דער ווינט
דעם גרויזאמענ, דעם שווארצנ אָווער
אונ צירט אויס מיט מײַ, מיט נײַ,
מיט לעגענדארער צײַט.

מיר דאכט—עס יאָגט מיר נאָכ דער ווינט
אונ כאָוועריש ער פאָדערט:
— א ווינטער איז אוועק,
עס שטראלט זיכ אויס אינ הויכ א פרילינג,
וואָס האָסטו אופגעטאָנ, מײַנ פרײַנט,
די צײַט, די גאָלדענע א שאָד איז,
מע טאָר זיכ איצט מיט צײַט
מיט טײַערער ניט שפילנ.

— דו זעסט, די בויונגען געוואָרן זײַנען פאַר דער צײַט
אַ שטאָקן העכער,
די מירמלנע פאַנעלן פון מעטראָ
לײַכטן פון דער ווײַט
און וויפל טאָנען קויל, טשוהון און שטאָל,
מײַן טײַערער, בארעכן,
עס האָבן ארבעטער דערוואָרבן פאַר דער צײַט.

און עס פאַרפאָלגט, און ס'יאָגט מיר נאָך דער ווינט
און כאוועריש מיך וואָרנט:
— א ווינטער איז אוועק,
דער פרילינג גיסט זיך אָן מיט זומער, —
דײַן קינד, דײַן ליכטיק קינד —
א שלאַנק בעריאָזקעלע, וואָס ציט זיך צו דער זון;
דו ביסט א גלײַכן אים, א כאַווער און א פאָטער.—
זאָלסטו ניט זײַן דער שאָטן,
וואָס קאָן פאַרשטעלן אים די שײַן;
עס זאָל ניט יארשענען, דײַן קינד
דײַן ווײ פאַרלאָשענעם,
דעם הארבסטיקן, דעם גרויען אומעט.

ס'איז אָנהויב מײַ,
ס'איז דורכגעשטראַלט די לופט
עס שמעקט מיט רעגן און מיט זון,
מיט שפּראָצנדיקע גראָז,
מיט גרינענדיקע ביימער, —
וואָס זאָל איך זאָגן אים דעם ווינט
דעם פרילינגדיקן גאַסט
וואָס מאָנט, וואָס וועקט און רופט
און וויל ניט שווינען!

מײַ, 1935. מאָסקווע.

## אַנדריי אַלעקסאַנדראָוויטש



# קרים

עס רײַסט זיך און שטורעמט דער יאַם אין די ברעגן,
דער שוים גיט א הייב זיך און ווידער א פאַל,
א ווידערקאָל הילכט אף די בארגיקע וועגן —
דאָס רופן זיך איבער א וואַל מיט א וואַל.

אין בליציקע נעכט לעשן אויס זיך די שטערן,
א פינצטערע כמארע שווימט אָן אינדערלופט.
פארשוואונקט איז מיט טאָטערשע ביטערע טרערן
אײַ־פעטריס צעוואָרפענער גוף.

עס האָט זיך דער טאָטער געבויגן אינדרײַען,
געצויגן דעם פאָדעם פון יאָך אָין די בערג.
א שטורעם! א בליץ! און אין בלוט און אין פײַער
דער טאָטער ווערט פרײַ אף זײַן ערד.

עס זײַנען פארשוואונדן די ביטערע יאָרן,
דער מוירדישער מיזרעך האָט גליק זיי געשיקט.
אינדערווײַטן באווײַזט זיך א שטערן א קלאָרער —
דאָס שווימט א סאָוועטישע שיף.

קיפאריסן צעוואקסענע ווינקען און רופן
און וויגן זיך אום אין א גרינעם פלאַם.
דײַן מעכטיקע פרײַהײַט, וואָס שטארקט זיך אָן אופהער
האָט מיט לידער באגעגנט דער שווארצער יאַם.

דײַן שיינקײַט, וואָס פלאטערט, ווי טויזנטער זונען
יאָרנלאנג אז מע ליובט און מע רימט.
מע האָט דיך אין גאָלדן פון דיכטונג פארשפונען,
לעגענדארישער, זוניקער קרים.

יִדיש — ה. קאַמענעצקי.

י. ראבינ

# דער יורזיקער קייסער[1]

שענקער איז אלץ געווענ שטײַפ בא זיך.

אפ דער דריטער וואָך פונ שטרײַק האָט ער ניט אויסגעהאלטנ. עס האָבנ זיך באקו־מענ יעדיעס, אז ביאליסטאָק אונ ווילנע באָיקאָטירנ זײַנע פאפיראָסנ. אונ באזונדערס, דאָ הי, בא אים אינ זײַנ שטאָט, ווו ער איז דער גרויסער דייע־זאָגער, מע האָט אים גע־בראכט געדרוקטע פאפירלעך, אינ וועלכע עס איז בעפּירעש געשטאנענ, אז די שטרײַקנ־דיקע ארבעטער ווענדנ זיך צו אלע אָרנטלעכע מענטשנ באָיקאָטירנ די פאפיראָסנ פונ דעם עקספלואטאטער אונ בלוטזויגער—שענקער.

דעמלט האָט ער געשיקט רופנ זאלמענ גרינטוכנ אונ האָט אים געזאָגט ניט מער ווי די ווערטער:

— טוט ווי איר פארשטייט... איך וויל פונ דעם אָבער ניט וויסנ.

באטאָג האָט מענ געקענט זענ, ווי זאלמענ גרינטוכ לאָזט זיך מיטנ גרויסנ גליטשיקנ בארג אראָפּ קײַנ יורזיקע אונ פארגייט צום יורזיקער קייסער.

דער יורזיקער קייסער—א נידעריקער, נאָר א ברייטער, א פעסטער, מיט געזונטע פלינקע הענט, וואָס אלעמאָל אינ א קריג דערלאנגענ זיי דעם ערשטנ זעצ. צווישנ די קאצאָווים אונ פורמאנעס האָט מע געקענט טרעפנ אסאך געזינטערע פונ אים. נאָר ער האָט געוווסט ווי צו שלאָגנ, ניט לאָזנ יענעם א פינטל טאָנ מיטנ אויג אונ מיטנ שטארקנ כראָמאָוונ שטיוול ארײַנזעצנ צווישנ די פיס. מיטנ געזונטנ קירבעסענעם קאָפּ צופלעטשענ יענעמס נאָז. מיטנ עלנבויגנ ארײַנפאָרנ אינ שלייפ.

ער האָט מיט זײַנע געזונטע ווײַסע ציינ זיך געקענט פלוצלינג ארײַנבײַסנ אינ עמיצנס אנ אויער, א נאָז, א געמבע.

געגאנגענ איז ער אויסגעפוצט לויט דער לעצטער מאָדע. געטראָגנ די בעסטע קליידער. אינ טעאטער, אינ שטאָט-גאָרטנ, אפ סאָבאָרנע פלעגט מענ אים אָנעמענ פאר א גאנצנ פּאָרעצ. זײַנ פּאָנעם איז געווענ א רויִקער, אביסל פלעגמאטיש, אונ די געדיכטע, שווארצע ברעמענ מיט די גרויסע טונקעלע אויגנ האָבנ ארויסגערופנ בא פרויענ סימפאטיע.

---

[1] אויסצוגנ פונ א ראָמאנ.

דעמ קייסער רופט מענ זעלטנ אָנ באמ נאָמענ—זיידקעלע. נאָר בא דער פאמיליע קיינמאָל ניט. כאָטש די פאמיליע קאָנציפער איז אינ שטאָט באוווסט אונ באריםט.

זי איז באוווּסט מיט דעמ אלטנ קאָנציפער, דעמ אונטערשאמעס פונ דער גרויסער שול, וואָס זעט אויס מיט זײַנ דענקענער היטל אונ מיט די שווערע שטיוול, ווי אנ אויסגעדינטער סאָלדאט. ער איז געזונט אונ בייז אונ האָט דערעכערעצ נאָר פאר די גרויסע גווירימ. די יונגע באלעבעסלעך טרעט ער בעקיווונ אָפּ די פיס אונ הייסט־שווײַגנ, אז ניט פארנעמ זיך...

די מישפּאָכע איז באריםט מיט יונגנ קאָנציפער—דעמ זונ, וואָס איז קייסער אפנ שולהויף אונ אלע מארק־הענדלערקעס ציטערנ פאר אימ אונ צאָלנ אימ וואָכער.

אָבער זיי אלעמענ שטײַגט אריבער דער פלימעניק—דער יורזיקער קייסער—זיידלקע: קאָנציפער.

זײַנ פארלאנג איז עס טאקע געווענ, אז יורזיקע זאָל די פאמיליע ניט אָנרופנ, עס זאָל ניט שאטנ דעמ אלטנ קאָנציפער. וואָרעמ די גאנצע מישפּאָכע זײַנע האלט אזוי אויך פאר אנ אוולע, וואָס ער ווערט ניט דער אויבערשאמעס. דער אלטער קאָנציפער טוט שטארק אינ אייסעק צו געפינענ כיינ בא די רײַכע גאבאָימ אונ פארמאסערט דעמ אויבערשאמעס—דעמ אלטנ יאָשע טרילינג. יאָשע טרילינגס שאמאָשעס האלט זיך שוינ טאקע אפּ א האָר. אלע זײַנע זינ אונ טעכטער האָבנ זיך צעשאָטנ איבער די פארטייענ, לאָזנ זיך הערנ אפּ דער בירזשע, פירנ דורך שטרײַקנ—א קנאפּער ייִכעס פארנ אויבערשאמעס פונ דער שטאָטישער שול.

אונ אז קאָנציפער באגעגנט א גאבע, זאָגט ער נאָר ווי מיט מיטלייד

— א ראכמאָנעס אפנ אלטנ... אלע קינדער סטאטשקעניקעס...

— די טאָכטער כאווערט זיך מיט גאָיִמ א גוטער עלטער...

— מע זאָגט, אפילע, זיי וואַרפנ באָמבעס. טאקע ביאלאָסטאָקער באָמבעס...

דער קייסער ווינט אינ יורזיקע באמ סאמע עק אינ א באזונדער הויז, ארומגעצאמט מיט א היפשנ סעדל. אינ הויף בא אימ גייענ הינט ארומ אפּ לאנגע קייטנ. דער בוידעמ איז פול מיט טויבנ־שלאקנ. דער פארקנ ארומ זײַנ הויז איז זומער פארוואקסנ מיט רויטע אונ ווײַסע טאבאק־בלומענ. געדיכטע קלומבעס מיט גיאצינטעס פונ הימל־קאָליר, בוריקסאמעטענע געאָרגינעס, נעגעלעך, נאסטורציעס... אינ סאָד וואקסנ לאנגע, געלע, דינהויטיקע איידעלע בערגאמוטנ, גלאנציקע טונקל־ראָזע סאפּאָזשאנקעס, געדיכט־רויטע ווינטער־ציגאנקעס, גרויסע סאמעטענע פלוימענ אונ אסאך ווײַמפּערלעך מיט אגרעסנ.

דער דראניצע־דאך פונ זײַנ הויז איז געפארבט אינ עטלעכע קאָלירנ.

פונ אינדערפרי אָנ האָט מענ געקאָנט זענ, ווי אראָפּ יורזיקער בארג, לאָזנ זיך מענטשנ צומ קייסער. די יורזיקער דערקענענ באלד די אומבאקאנטע פרישע מענטשנ אונ ווייסנ צו וועמענ זיי דארפנ.

— צומ קייסער? אָנ דאָרט... מיטנ קאָלירטנ דאך. נאָר דינגט זיך ניט, איר וועט ערגער מאכנ...

מיט שרעק קומט מענ צו צומ קייסערס שטוב אונ מיט א ציטער אינ די גלידער קומט מענ ארײַנ צו אימ אינ הויז.

— „ער“ איז אינ דער היימ?

— אינ דער היימ.

— מע קענ „אימ“ זענ?

— אָט זעט איר אים.

— דאָס זייַט איר אליינ... לאנג לעבנ זאָלט איר. גאָט זאָל אייַך צושיקנ געזונט אונ פּארנאָסע.

כ'האָב געוואָלט אייַך עפּעס בעטנ...

— רייד.

— בא מיר האָט מענ נעכטנ געגאנ...ע...ע... כ'מיינ בא מיר זייַנענ נעכטנ פארפאלנ געוואָרנ פונ דריים זאכנ. מיסטאָמע איז עס א שטראָף פונ זייַנ ליבנ נאָמענ... האָב איכ געוואָלט בעטנ...

— וועלכע זאכנ?

— צוויי פּערענעס, זעקס קישנס, א זייגערל, א בראָש...

— וווינסט אפ רעב גדאליעס גאס?

— יאָ, מייַנ ליבינקער... אנ אלמאָנע געבעכ...

— א פּופּציקער וועסטו דאָ לאָזנ אונ א רובל וועסטו געבנ דעם שאמעס פונ יורזיקער בעסמעדרעש אפ ליכט... אינאָוונט וועט מענ דיר ברענגענ די זאכנ.

די אלמאָנע לאָזט דעם פּופּציקער. גיט א רובל דעם שאמעס פונ יורזיקער בעסמעדרעש אפ ליכט אונ אינאָוונט ברענגט מענ איר די זאכנ צוריק.

איינס ווייסט מענ, נאָכ מיטיק טאָר מענ צו אים ניט ארייַנפאלנ. נאָכנ מיטיק שלאָפ, איז ער בייז, פארמרוקעט אונ טשעפּעט זיכ צו אלץ.

זאלמענ גרינטוכ איז צו אים ארייַנגעפאלנ נאָכ מיטיק.

— „ער” איז אינ דריים?

דער קייסער איז געזעסנ אפ א ווייכער קאנאפּע. אָנ א רעקל, אָנ שיכ, אינ שקארפּעטקעס. ארומ אים זייַנענ געשטאנענ צוויי יונגע מיידלעכ לייַכט אונ צו היימיש אָנגעטאָנ. זיי זייַנענ געשטאנענ גיט זיכער, מיט אומרו פאר די אומדערוואַרטע קייסערס אייַנפאלנ אינ זייַנ בייזער כמורנעקייַט פונ נאָכ מיטיק־שלאָפ.

— וואָסטו געדארפט?

— דו ביסט עס?—זאלמענ האָט אָנגעוויזנ אפ אימ מיטנ שטעקנ.—טרייַב ארויס די מוידנ... איכ האָב אנ איניען.

— זעצט זיכ!—האָט דער קייסער געזאָגט צו די מיידלעכ.—זיי מעגנ הערנ... דערציילט.

— מייַנ איניענ איז א סעקרעטנער. טרייַב ארויס די נעקייוועס.

דער קייסער האָט זיכ האסטיק א הייב געטאָנ פונ דער קאנאפּע, א זעצ געטאָנ אינ טיש מיטנ פויסט אונ אויסגעשריִענ:

— וועסט ריידנ! אלטע קליאטשע... איכ וועל דוירעסנ!

— דערעכערעצ! איכ קומ וועגנ שענקערנ.

— ארויס—האָט דער קייסער א זאָג געטאָנ צו די מיידלעכ—רייד!

— בא שענקערנ איז א שטרייַק...

— א נייַס אינ שטעטל.

— די גאנצע שטעטל לייַדט.

— נו?

— מאכ א סאָפ, די שקאָצימ דארפ מענ אָנלערנענ.

— אָנלערנענ... אונ זייַנ גובערנאטער מיטנ פּאָליצמייסטער קאָנענ אימ ניט העלפנ?

— ער זאָל נאָר וועלנ... ער וויל ניט שענקער...

— נאָר איכ! אזוי וויל ער...
— דאָס בינ איכ אליינ געקומענ. איכ...
— דו אליינ...

דער קייסער האָט אפ אימ א שארפנ קוק געטאָנ. זיכ ווידער א הויב געטאָנ פונ דער קאנאפע אונ א ווײַלע שטיינ געבליבנ. ער האָט מיטנ פארוואקסענעמ נאָגל פונ דעמ גרויסנ פוס־פינגער, וואָס האָט זיכ דורכגעשניטנ דורכ דער סקארפעטקע, גענומענ נערוועז קלאפנ אָנ דיל.

— איכ האָב קאָוועד פאר דײַנע פייעס אלטע קליאטשע... איכ וועל דוירעסנ!

## כײַקעס כאווערטע

אינאָוונט איז כײַקע געקומענ שפעט. ווענ אלע זײַנענ שוינ געלעגנ אפ די געלעגערס. זי האָט געבראכט מיט זיכ א כאווערטע נעכטיקנ. אפ מאָרגנ איז די כאווערטע פרי אוועק. ציוויענ האָט זיכ נאָכ אײַנגעגעבנ צו באמערקנ, אז זי גייט ,רײַכ אָנגעטאָנ. איר פאָנעמ האָט ציוויע ניט געזענ.

צו מיטיק האָט זיכ ציוויע ניט אײַנגעהאלטנ אונ א פרעג געטאָנ כײַקענ:

— אויכ פונ אײַערע?
— פונ אונדזערע, מאמע, פונ אונדזערע...
— פונ אײַערע?—האָט שוינ ציוויע איבערגעפרעגט מיט פארוווּנדערונג.
— ביסט אומצופרידנ. וואָס זי האָט גענעכטיקט, מאמע?
— ניינ, פארוואָס...

זי האָט מער גאָרניט געזאָגט. נאָר אז כײַקע האָט שוינ אָפגעגעסנ אונ זיכ אופגע־הויבנ פונ טיש, האָט זיכ בא ציוויענ אומגעריכט ארויסגעכאפט:

— א רײַכע!

אינאָוונט איז כײַקע ווידער געקומענ שפעט, ווענ אלע זײַנענ שוינ געלעגנ אפ די גע־לעגערס. אונ ווידער מיט דער כאווערטע.

אינדערפרי האָט זי געזאָגט דער מאמענ:

— מאמינקע, זי וועט הײַנט זײַנ בא אונדז. זי וועט מיסטאָמע ביז שפעט שלאָפנ. גיב איר עסנ. אונ טשעפע זי ניט. קוק אפילע אפ איר ווינציקער...—אונ איז אליינ אוועק.

די כאווערטע איז געלעגנ ביז שפעט אינ בעט. נאָר, אז זי האָט זיכ אופגעהויבנ, האָט אינ ציוויענ זיכ גוואלדיק צעפלאקערט דער נײַגער, וואָס האָט זי פונ אינדערפרי אָנ ניט געלאָזט רוענ, אונ געמוזט אפ איר א קוק טאָנ. עמעס, ניט אינ פאָנעמ, נאָר כאָטש אפ די פיס. אינ דעמ שטעקט קיינ אוולע ניט,—האָט זי זיכ געטרייסט—אפ די פיס. אז זי האָט דערזענ די שיכ פונ דער כאווערטע האָט זי זיכ זייער פארוווּנדערט—צעריסנ, עס שלעפט זיכ נאָכ א שטיקל זויל. איר האָט פארוווּנדערט דער רײַכער מאנטל מיט דער הוט, מיט די קאלאָשנ... אונ צעריסענע שיכ. נאָכדעמ האָט איר עס אפילע ווי געטאָנ... אָט קענ עס גאָר זײַנ מיט פרומעלענ, מיט כײַקענ... אונ ס'האָט אינ איר באלד א שפאר געטאָנ די שטוביקע פראקטישקײַט, די באלעבאָסטישע שפאָרזאמקײַט, דער געפיל פונ צי־טערנ פאר א צעריסענעמ שוכ... זי האָט גאָר פארגעסנ פונ אלע כײַקעס אָנזאָגנ אונ זיכ געווענדעט צו דער כאווערטע:

— די שיך, פרײַלן, קען מען נאָך פארכאפן. א לאטקעלע, א רובטשיקל, א טשווע־קעלע... אָט טאקע בא אונדזער שאָכן...

זי האָט עס געזאָגט צו דער כאווערטע און געקוקט האָט זי בעשאס מײַסע ניט אף איר. נאָר מיילע... ס'גייט דען אין קוקן אין פּאָנעם ארײַן—געזאָגט איז דאָך קלאָר. אָבער גע־ענטפערט האָט די כאווערטע ניט. אפילע זיך ניט א ריר געטאָן, ווי מע וואָלט גאָר צו איר ניט גערעדט...

האָנאָראָווע—האָט געטראכט ציוויע—גרויס בא זיך, גאָר וואזשנע. קומען צו יענעם אין שטוב און ניט ענטפערן... זײַנען די שיך מיסטאָמע גאָרניט אירע. אָט דער מאנטל איז אירער, די הוט איז אירע, די קאלאָשן אירע... אָבער די שיך... טאקע ניט מער ווי אן אָנ־שטעל. זי וואָלט אזא גאָרניט אָנגעטרויט. ווער איז זי? זי וועט עס טאקע כײַקען גלײַך זאָגן.

ציוויע האָט א הויב געטאָן דעם קאָפּ און איר אָנגעקוקט אין פּאָנעם.

— אוי וויי—האָט זי א זאָג געטאָן צו זיך אליין—זי מעג שווערן, אז ס'איז ניט קיין יידישקע. יאָ... אוואדע ניט... הער נאָר?

עס האָט איר איבערגעשראָקן. אין הארצן האָט שטארק געקלאפט.

הער נאָר אן אײַנפאל... וואָס זאָגסטו צו דעם... א „גויע” אין שטוב...

כײַקעס כאווערטע האָט איר אָנגעקוקט און זיך לײַכט און אומשולדיק צעשמייכלט.

— א שיינע—האָט א טראכט געטאָן ציוויע און רויט געוואָרן.

זי האָט אויך גענומען שמייכלען און א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. עפּעס וואָלט מען זי געדארפט זאָגן. א מענטש פילט זיך פרעמד, טאקע ניט קיין יידישקע... אָבער א מענטש אליין... כאָטש איין ווארעם וואָרט, כאָטש לעפּאָנים וועגן. וואָס זאָגן, וואָלט זי שוין גע־ווּסט, ניט פון וואלד געקומען... נאָר וויאזוי? אז מע איז א שטומער צונג. דאָס איינציקע, וואָס זי ווייס אין רוסיש, איז ווי צו פרעגן אפן מארק די ווײַסרוסישע פּױערים:

— טשי טשועס, יעגאָמאָשטש, קילקאָ קאָשטויע בולבע?

די כאווערטע שמייכלט לײַכט און מילד, דאָס נעזל צעשפרייט זיך, די ליפּן צעעפענען זיך עטוואָס...

ציוויען דוכט ס'איז א שמייכל מיט געבעט, מיט ראכמאָנעס, וואָס וו״ז זיך כאווערן, טרייסטן זיך אין יענעם. אך ווי זי וואָלט איר עפּעס געוואָלט זאָגן, ווערטער וואָס זאָלן גלעטן, בארויקן, אײַנוויגן. וואָלט כאָטש עמעצער געווען אין שטוב. צי דער מאן, צי פײַוול, צי כײַקע, צי ווער...

און זי זאָגט:

— כײַקע... זאראז... אָט פרידע, פשידע... נו זײַדע. דאָידע דאָ טוטע... באלד קומט זי... די טאָכטער הייסט עס... כײַקע מיין איך...

— כײַקאַ—ענטפערט די כאווערטע, ווי זי פארשטייט אלץ—כײַקאַ... כאראָשאיא או וואס דאָטש, כאראָשאיא...

און וואָס דארף א מאמע מער?

א מאמעס הארץ פארגעסט אינגאנצן, אז דעם ערשטן מאָל אין איר לעבן איז אין שטוב בא איר א רוסישע פרוי, דעם ערשטן מאָל איז אזא בא איר צו גאסט. עס פאר־געסט אינגאנצן אן אלטן פארעלטערטן כעזשבן פון זיידעס און באָבעס, אז עמעסע מענטשן זײַנען נאָר יידן, אויסדערוויילטע פון גאָט, גאָטס שאָף, און אז ניט יידן — „גוייִם”—זײַנען גלאט אזוי... כאמוליעס, שיקורים, געשטראָפטע און פארשטויסענע פון זײַן ליבן נאָמען, זיי ווייסן נאָר כאזער און קלויסטער, ווײַן און טענץ און וועלן אפילע

צו טכיאס האמייסים ניט אופשטײַנ... עס פארגעסט אסאכ, אסאכ זאכנ... פונ „יענעמ“ כעושבנ אונ פארגייט אינ פרייד, אינ גליק. דער גאנצער פּאָנעמ ווערט אָנגעקוואָלנ מיט פריילעכקײַט, די אויגנ צעלויכטנ זיכ—אלצ אינ איר שמייכלט. אלצ... כאָראָשא כײַקא... כאָראָשא דאָטש... נו זע... אנ אנדערע וואָלט עס גאָרניט פארגינט... א ווילער מענטש, גאָר א ווילער מענטש די דאָזיקע כאווערטע אונ זי שאָקלט צו איר מיטנ קאָפּ.

נאָכדעמ איז געקומענ כײַקע אונ זיכ צוגעזעצט צו דער כאווערטע אפ דער ניט פאר־בעטער בעט. זיי האָבנ זיכ ביידע ארומגענומענ אונ האָבנ אינדערשטיל געשמועסט.

---

באנאכט. אלע זײַנענ שוינ געשלאָפנ, האָט זיכ דערהערט א טומל אפ דער גאס. טריט. עמיצער רעדט, דער מאמענ האָט געדוכט, אז זי הערט ווי עפּעס קלינגט. זי מעג שווערנ, אז שפּאָרנ קלינגענ.

אלע האָבנ זיכ אופגעזעצט אפ די געלעגערס. אלע האָבנ פארטײַעט זיכ צוגעהערט, וואָס עס טוט זיכ אפ דער גאס. אלע זײַנענ געווענ איבערגעשראָקנ. אָט איז שטיל אונ אָט רײַסט זיכ א ווינט. ווידער הערט מענ ווי מענ רעדט אונ מע קלאפּט אינ א טיר. צי ניט אינ אונדזער טיר, הא?

ציוויע האָט זיכ געבראָכנ די הענט. איטשע איז צוגעלאָפנ צו א פענצטער, צוגעלייגט אנ אויער. די כאווערטע מיט כײַקענ האָבנ זיכ אינ דער פינצטער גענומענ אָנטאָנ. די מאמע האָט גענומענ וויינענ.

מאמענקע, הער אופ—האָט געבעטנ כײַקע—הער אופ...

— אלע שלעפנ צאָרעס אפ מײַנ קאָפּ—האָט ציוויע געענטפערט מיט טרערנ—גענוג אייגענע קינדער, דארפ איכ נאָכ פונ פרעמדע אויסשטיינ...

— שטילער—האָט געזאָגט איטשע—לאָזט הערנ... דוכט זיכ פּאָליציי...

— לויפט אפנ בוידעמ—האָט געשריענ די מאמע—אפנ בוידעמ... אומגליקלעכ... טאטע אינ הימל, דערבארעמ זיכ... מאמע טײַערע, מי זיכ דאָרט...

ווידער האָט זיכ דערהערט א קלאפּ אינ טיר.

אלע האָבנ אופגעציטערט. די מאמע האָט א געשריי געטאָנ. גענומענ בעטנ...

— גיכער... אפנ בוידעמ... לויפט, לויפט... אוי, נאָכ פרעמדע צאָרעס אנ אָנשיקעניש... אונ איכ דער נאר לאָז נעכטיקנ... לויפט...

— שטילער—האָט געזאָגט איטשע—לאָזט הערנ... מע איז, דוכט זיכ, אוועק... ס'איז דוכט זיכ ניט קיינ פּאָליציי... שכיינים...

אפ דער גאס איז געוואָרנ שטיל. א ווינט האָט געקלאפּט. קיינ מענטשנ־טריט, קיינ קלינגערײַ, קיינ ריידערײַ האָט מענ ניט געהערט.

פונדעסטוועגנ איז מענ שוינ א גאנצע נאכט ניט געשלאָפנ. מע האָט זיכ צוגעהערט צו יעדנ שאָרכ אונ ס'האָט אויסגעדוכט אז עפּעס קומט דאָרט פאָר...

אינדערפרי האָט כײַקע געזאָגט דער מאמענ, אז די כאווערטע גייט אוועק, מער וועט זי שוינ ניט נעכטיקנ. די כאווערטע אונ כײַקע האָבנ זיכ אָנגעטאָנ.

די כאווערטע האָט לאנג עפּעס געזוכט אונטער דער בעט. נאָכדעמ פארוונדערט געזאָגט:

— מײַנע שיכ זײַנענ ניטאָ.

— די שיכ?—האָט געפרעגט כײַקע.

— אוי, — האָט זיך א כאַפּ געטאָן ציוויע — כ'האָב גאָר פארגעסן. זיי זײַנען נאָך פון נעכטן באַם שוסטער.

זי איז ארויסגעלאָפן און אינגיכן געקומען צוריק. אין די הענט האָט זי געהאַלטן דער כאוועריעס שיך. נאָר פארנייטע און פארלאַטעטע. די כאוועריטע און כײַקע האָבן זיך צעשמייכלט.

— וואָס א מענטש איז — האָט געזאָגט די מאַמע — דאָס איז ניט פאַר מײַן סייכל. נאָר די ערשטע זאַך בא א מענטשן — איז א גאַנצער שוך.

## די כאַסענע

עטלעכע טעג נאָכאנאַנד האָט מען געגרייט די כאַסענע.

געגרייט האָט מען זי אין יודע לייבס שטוב. זײַן הילצערנע, נאָר פעסטע שטוב געפינט זיך אַפּ טראָיצע, אַפּ דער באלעבאטישער זײַט, וואָס פירט צו די גווירישע גאַסן. די שטוב איז א גרויסע, א געראַמע, מיט הילצערנע ווענטלעך, וואָס טיילן די שטוב אַפּ באַזונדערע צימערן. לעקאָוועד דער כאַסענע האָט מען די הילצערנע ווענטלעך פאַנאַנדערגענומען און די גאַנצע שטוב איז געוואָרן איין גרויסער כאַסענע-זאַל.

יודע לייב מיטן ווײַב און די עלטערע טעכטער האָבן אַפּ דראָזשקעס אָנגעפירט לײַלעכער פלייש, קערב פיש, קאַסטנס שנאַפּס און בוטלען ווײַן. אין אלע שכיינישע הײַזער האָט מען געגרייט צו דער כאַסענע. סאַרווערס און שכײנים האָבן געקאָכט און געבראָטן פלייש, געבאַקט טאָרט און לעקעך, געפילט פיש, געפּרעגלט אײַנגעמאַכטס. א קלאַפּערײַ, א שטויסערײַ, א געשריי, א ראַש, א הו-האַ. קליינע קינדער דרייען זיך אונטער די הענט און געניסן עפּעס פונעם עסנווארג. אָרעמעלײַט האָבן זיך א לאָז געטאָן צו דער שטוב נאָך נעדאָוועס. פון דער יאַטקע קומען די קאַצעווטעס צולויפן פאַרשמײַעטע צו העלפן גרייטן די כאַסענע. די קאַצאָווים קומען אונטערגעטרונקענע צו זייערע ווײַבער און דער טומל מיטן געשריי ווערט נאָך גרעסער און ליאַרעמדיקער.

און אָט איז אין א פאַרנאַכט אלץ שטיל געוואָרן. די שטוב איז געווען אויסגעפּוצט. עס זײַנען שוין געשטאַנען די טישן מיט די בלאַנקענדיקע סערוועטן, די שטולן און בענק, עס האָבן געברענט די גרויסע בליץ-לאָמפּן. קלעזמער זײַנען שוין געקומען. אלץ איז געווען גרייט און פאַרטיק. די מעכוטאָנים, פרײַנט, געסט זײַנען זיך צעלאָפן אין די הײַזער אויסוואַשן און איבערטאָן. אינגיכן איז צוגעפאַלן די לאַנגע ווינטער-נאַכט און ביסלעכווײַז האָבן זיך די כאַסענע-געסט גענומען קלײַבן אין יודע-לייבס שטוב.

די שווערע און פליישיקע קאַצעווטעס און פישערקעס זײַנען געקומען אין זײַדענע בלוזעס מיט גאָלדענע קייטלעך און שפּילקעס. ווער מיט אייגענע און ווער מיט געליִענע בראַסלעטן אַפּ די הענט, פינגערלעך, בראָשן, אויררינגלעך. אלע זײַנען געקומען אויסגעוואַשענע, אויסגעצוואָגענע, מיט פאַריסענע קעפּ, מיט גרויסע בוזעמס און מיט ריפּסענע אונטערקליידלעך, אז עס זאָל שורשען ווי זײַדנס.

די קאַצאָווים און פישער זײַנען געקומען פריילעכע, אין די שאַבעסדיקע אָנצוגער מיט זילבערנע און גאָלדענע זייגערס, מיט גרויסע קייטן איבער די וועסטן, מיט ריינע פרישע נאָזטיכלעך אין די קעשענעס און מיט דראָשע-געשאַנק אין די בוזעמס.

די גרויסע שטוב איז געוואָרן פול. עס איז געוואָרן הייס און דושנע פון די לאָמפּן פונעם פּאַפּיראָסן-רויך און פונעם רויען פלייש-גערוך, וואָס די יאַטקע האָט מיטגעבראַכטן.

עס האָבנ גענומענ שפּילנ די קלעזמער און מיידלעך זײַנען אוועק דעם ערשטנ טאנצ. די קאלע א הויכע, א שטאלטנע, א פול לײַביקע, האָט מיט אירע טײַוועאויגנ געשמייכלט, באגעגנט די געסט און זיך געקושט מיט די מיידלעך און ווײַבלעך. אלע ווײַלע איז זי צו עמיצנ צוגעלאָפנ און אײַנגערוימט א סאָד, אויסגעפרעגט און באפוילן. זי איז שוינ אזוי ארײַנ אינ דער ראָל פונ באלעבאטעווען, אז מע האָט דאָ שוינ באלד פארגעסנ, אז זי איז די קאלע, נאָר גאָר די באלעבאָסטע, די מעכוטענעסטע.

אינ גאס הינטער די פענצטער האָט מענ געשפּאסט און דערציילט אינ א וויצ, אז איינער פונ די געהויבענע און אומבאקאנטע געסט האָט אפילע אָפּגערופנ מאניענ אָנ א זײַט און געפרעגט:

— איר אפּאָנעם ווייסט דאָך... זאָגט מיר, ווו איז די קאלע, וואָס זעט מענ זי ניט?

דער כאָסנ איז געזעסנ אויבנ אָנ א בלאסער און א צעטומלטער. ער האָט נאָך אלצ ניט געגלויבט, אז דאָט זיצט ער טאקע אפ זײַנ אייגענער כאסענע, ער איז דאָ אנ עמעסער כאָסנ און אז די מאניע סאָנצ, וואָס איז מאמעש אליינ צו אים אינ בעט געקראָכנ, איז איצט זײַנ קאלע און וועט אפ אנ עמעסנ ווערנ זײַנ ווײַב.

עמיצער פונ די יונגע באָכערים, וואָס האָבנ אמאָל געהאט אויסזיכטנ אפ מאניע סאָנצ, האָבנ אים אינדערשטיל פונ קינע וועגנ א נאָמענ געגעבנ—דער געפאנגענער כאָסנ.

אפ דער כאסענע גופע האָט מענ נאָר געשמייכלט, נאָר אינ גאס האָט עס דער אוילעם אופגענומענ מיט א געלעכטער און שפּאָט און ייִנגלעך מיט מיידלעך זײַנען געקראָכנ צו די פענצטער אים אָנקוקנ.

— אָט... אָנ דאָרט... זיצט ער דער געפאנגענער כאָסנ.

— טאקע, טאקע... ווי א געפאנגענער...

אפ דער גאס, הינטער די ליכטיקע פענצטער, בא די אנטקעגנדיקע הײַזער, לעם פּישמארק האָט זיך געקליבנ א גרויסער אוילעם. באזונדערס יוגנט. זיי זײַנען אפילע געווענ מער יאָנטעוודיקער אויסגעפּוצט. זיי האָבנ זיך ארומגעדרייט ארום הויז, בא די טירנ, בא די פענצטער, געהערט די מוזיק פונ די קלעזמער. עטלעכע פּאָרלעך האָבנ גאָר גענומענ טאנצנ אינמיטנ דער גאס איבערנ שניי...

דער אלטער שאמעס פונ סאָלדאטסקנ בעסמעדרעש האָט א באליידיקטער זיך ארומגעדרייט איבער דער גאס, וואָס אים האָט מענ גאָר געלאָזט אויסנ. מיילע, אײַנלאדנ אים אפ דער כאסענע, דאָס פארשטייט ער איז ניט שײַעך... אָבער, לאָמיר זאָגנ, שיקנ אים אײַנלאדנ אנדערע... דאָס געוויס. און ווײַטער... איז שוינ ניט וויכטיק. ער דארפ נאָר א טערעצ אפ ארײַנקומענ, וואָס דארפ ער נאָך? ער וואָלט שוינ אליינ געפינענ זײַנ שנאפּס.

א פּאָר קינדער זײַנען מיט געשריי ארויסגעלאָפנ פונ דער כאסענע־שטוב מיט אָנגעפּאקטע קעשענעס לעקעך און טאָרט. כעוורע ייִנגלעך איז זיי באפאלנ דעם לעקעך אָפּנעמענ: ס'איז געוואָרנ א קוויטשערײַ און א געוויינ.

דער שאמעס פונ סאָלדאטסקנ בעסמעדרעש מיטנ איינציקנ אויג און פארוואקסענעם פּאָנעם, האָט עפּעס גלײַך זיך אָנגעכאפּט אָנ אנ אײַנפאל און איז טייקעף צוגעלאָפנ צו דער כאסענע־שטוב. ער האָט האסטיק אנ עפנ געטאָנ די טיר און אויסגעשריִענ מיט א קאָל, ווי מע זאָגט אָנ א סרייפע.

— יורע־לייב, מע באגאנוועט דיר דעם לעקעך!

— וואָסער לעקעך...?

— אָט זע, יורע־לייב... זע... גאנצע קעשענעס לעקעך שלעפּנ זיי...

— זאָלן זיי...

— זאָלן זיי... אז דיר איז ליב... מאזל טאָוו, יודע לייב, מאזל טאָוו! וואָרום אָט גיי איך ארום א גאנצן אָוונט און טראכט: מיילע... מיך רופן אף דער כאסענע איז דאָך טאקע ניסאָ פארוואָס... אָבער אָפגעבן מאזל טאָוו מוז איך דאָך. מאזל טאָוו, קאלע לעבן!

— קומט אריין—האָט געענטפערט די קאלע—מאכט א בראָכע!

די יינגלעך האָבן נאָך ניט באוויזן פארענדיקן דעם געשלעג צוליבן לעקעך, די גאנצע מייסע מיטן שאמעס פון סאָלדאטסקן בעסמעדרעש איז דערגאנגען צו אנדערע שאמאָסים און באטלאָנים. אופגעקאָכטע און אופגערעגטע האָבן זיי זיך געלאָזט לויפן צו דער כאסענע.

— א מאזל פון אן אויסוווּרף!

— א כיטראק!

— ער—יאָ! און מיר ניט? דער זעלבער איכעס...

איינער פון זיי מיט א געלער צעשלאנדערטער באָרד האָט זיך צוגעריסן צום פענצטער מיט א גוואלד־געשריי:

— ווו איז ער דער סאָלדאטסקער טעלערלעקער? ביסט דאָ?!

מיט פארקאשערטע ארבל האָט זיך דער געלער ארייננגעלאָזט אין שטוב.

— דאָס האָסטו געזאָגט, אז מיינע יינגלעך גאנוועענען לעקעך..? דו!—האָט ער געשריען צום שאמעס.

— רעב צעמאך—האָט זיך אָפגערופן די קאלע—ווי קומען צו אייך יינגלעך? אז קיינ־אנאָרע, איר האָט דאָך נאָר מיידלעך... אלע געלינקע... אין אייך געראָטן... איז ווי קומען צו אייך יינגלעך...

— כ'האָב טאקע גאָר פארגעסן...—האָט געענטפערט דער געלער און אלע געסט האָבן זיך פאנאנדערגעלאכט.

— מאכט א בראָכע—האָט זיך אָפגערופן צו אים די קאלע—און מער זאָל מען קיינעם ניט ארייַנלאָזן. כיטרע יידן זיינען דאָ געגוג.

* * *

אינמיטן ברייגעס־טאנץ צווישן יודע־לייבן און זיין ווייב אלטע־לייע, האָט מען אָנגע־זאָגט, אז די פריזיוניקעס זיינען געקומען—זיי ווילן זיין אף דער כאסענע.

— מאלע וואָס זיי ווילן—האָט זיך אָפגערופן די קאלע—מאָרגן וועט זיין פאר זיי א באזונדער טיש. טאנץ, טאטע...

די פריזיוניקעס האָבן זיך אפילע געוואָלט מיט גוואלד ארייַנרייסן, נאָר דער אָדעסער גאסט האָט זיי אָפגעהאלטן.

— קומט, ברידער, א ווייַלע אָן א זייט, לאָמיר באטראכטן דעם אייסעק...

זיי האָבן זיך אראָפגערוקט צום בעסאלמען־געסל.

— ברידער, מיר האָבן דאָ א גרויסע אבידע און געשענקט קען עס ניט זיין.—האָט געזאָגט דער אָדעסער גאסט—מיר גייען דינען, פארשוואַרצן אונדזערע יאָרן, אונדז זאָל מען באליידיקן... מיר קענען עס ניט פארשווייַגן. שלאָגן דארף מען זיי. אָבער, ברידער, שלאָגן דארף מען קענען. פריִער דארף מען לאָזן יענעם זיך אָנשרייַען, אָנמאטערן, קאליע מאכן דאָס בלוט... און דעמלט זעצט מען אים ארייַן צוויי מאָל אין שלייף און א סבענק

אינ דער נאָז... פּאַרטיק! זאָלנ זיי זיכ אַפּ דער כאַסענע אָנשיקערנ, וועלנ מיר בייקערנ די ביינער.

אַז אַ דראָזשקע איז צו יודע לייבס שטוב צוגעפאָרנ דער יורזיקער קייסער. ער האָט געבראַכט מיט זיכ אַ קאַסטנ בראַנפּנ אונ אַ קאָרב מאַראַנצנ.

— קאַלע לעבנ,—האָט דער קייסער געזאָגט—מייַנ מאַזל זאָל שטאַרק זייַנ ווי בראַנפּנ אונ זאָל שייַנענ, ווי מאַראַנצנ. לאָמיר זיכ צעקושנ, קאַלע טייַערע.

דער גאַנצער באַלעבאָס איז שויג איצט געוואָרנ דער קייסער. ער האָט אָנגעפירט מיט די טענצ אונ אַליינ געטאַנצט. ער איז פול בא יעדנ טיש. בא אַלעמענ געטרונקענ אונ געשפּאַסט.

— טרינקט, ברידערלעכ, טרינקט... מיר האָבנ ניט וואָס צו שטרייַקנ. באַלעבאַטים זייַנענ שטענדיק באַלעבאַטים. ווער עס טרינקט ניט, יענער איז ניט אונדזער גוטער פרייַנט.

ער האָט אַליינ צעשטעלט אַפּ די טישנ פלעשלעכ בראַנפּנ. דער אוילעם האָט געטרונקענ. ער האָט צוגעגעבנ היצ.

— יודע לייב, מוזט מיט מיר טאַנצנ. כאַסענע געמאַכט די ייִנגסטע טאָכטער, דעם מעזיניק אויסגעגעבנ. יודע לייב, האָסט שוינ אַלע דייַנע קינדער באַזאָרגט, יודע לייב... איצט וועסטו גיינ צו די קינדער אינ געסט.

— רייד ניט קיינ רעכילעס אַפּ מייַנ מאַנ—האָט זיכ אָפּגערופנ אַלטע-לייע—ס'קענ זייַנ, אַז נאָכ ניט דער מעזיניק, ס'קענ זייַנ...

— אַלטע-לייע, קום טאַנצנ, אַלטע-לייע, ביסט ווערט נאָכ דרייַצנ מעזיניקס...

אַלטע-לייע איז אַרויס טאַנצנ. אַ הויכע. אַ שטאַלטנע. אַ פולע. מיט געקנייטשטע, נאָר לאַנציקע רויטע בעקלעכ. זי איז געשטאַנענ הויכ פאַריסנ דעם קאָפּ אינ גרויענ פאַר-קאַמטנ שייטל, רויִק אונ געלאַסנ געהויבנ אינ טאַקט די פיס אונ לייַכט געקלאַפּט אינ די דלאָניעס.

דער קייסער האָט שוינ אַראָפּגעוואָרפנ פונ זיכ דאָס רעקל. אינ אַ בלאָער העמדל, אינ לייַכטע שטיוועלעכ האָט ער פלינק אַרומגעטאַנצט אַרום אַלטע-לייענ. זייַנע פיס האָבנ זיכ צעשפּרייט אונ זייַנענ זיכ צונויפגעגאַנגענ, ער האָט מיט זיי געטראַסקעט אינ דיל, אַז דער שטויב האָט זיכ אויפגעהויבנ אונ די פלעשלעכ אונ גלעזלעכ אַפּ די טישנ האָבנ גע-ציטערט אונ געקלונגענ. אינ די בליצ-לאָמפּנ האָבנ די פייַערנ געטאַנצט. זייַנע הענט האָבנ זיכ לייַכט אונ האַסטיק געוואָרפנ אינ דער לופטנ, זייַנענ געפלויגנ אינ די זייַטנ, זיכ גע-בויגנ אונ געבראָכנ. זייַנ קערפּער האָט זיכ געדרייט, געבויגנ, גענויגט. צוגעזעצט אונ אויפגעשפּרונגענ. זיכ אַפּ איינ פוס געדרייט, ווי אַ ווינט-מיל, געקוליעט זיכ ווי אַ ראָד. דוישיק אונ אימפּעטפול האָט ער זיכ געוואָרפנ איבערנ צימער אַרום אַלטע-לייענ. זייַנ פּאָנעם איז געווענ רויט אונ פאַרשוויצט, זייַנע האָר צעוואָרפנ, זייַנע פיס האָבנ געטראַס-קעט אונ זייַנע הענט האָבנ געקלאַפּט.

אַלטע-לייע איז מיט אַ שמייכעלע אַפּ איר צופרידענעם אונ פאַרהויבענעם פּאָנעם אַלצ אַזוי געשטאַנענ ווי אַנ אויסגעגאָסענער דענקמאָל אינ איר לאַנגנ שלעפּ-קלייד אונ צו-געקלאַפּט צום טאַקט.

אונ דער אוילעם אַרום האָט אָנ אויפהער געקלאַפּט אונ געכלאָפּעט אינ די דלאָניעס אַלצ שטאַרקער, אַלצ העכער, אַלצ פלינקער.

אונ נאָכדעם האָט מענ ווידער געטרונקענ.

ס'איז געוואָרן נאָך הייסער, אָנגערויכערטער און דושנער. די מאנסבילן זײַנען געזעסן אָן רעקלעך. די פרויען האָבן מיט טיכלעך געפאָכעט ארום זיך.

— גאנץ יורזיקע איז הינטער די פענצטער. דער שולעפ איז צונויפגעלאָפן. אזש פון סלאָבאָדקע איז מען אהער געקומען...—האָט זיך צעשריִען דער קייסער—ליידיקגייער! מע שטרײַקט, מע ארבעט ניט, כאַלעמויד סוקעס בא זיי...

— צו דער ארבעט דארף מען זיי טרײַבן!

— א שטאָט ניט אומגליקלעך מאכן!

— פלייש זאָלן זיי קויפן!

האָבן די געסט אים אונטערגעהאלטן.

— טרײַבן, טרײַבן!—האָט זיך פון זײַן אָרט אופגעהויבן לייזער דער פורמאן. זײַן פאָנעם איז געווען רויט און די אויגן פארטרונקען.—הייס איך ניט לייזער, אויב איך וועל זיי פון די געלעגערס ניט ארויסטרײַבן. קומט ייִדן!

לייזער האָט זיך געלאָזט צום טיר. נאָך אים איז דער קייסער אוועק מיט א געשריי:

— איך גיי אויך! קומט...

די קאצאָווים און די פישערס האָבן זיך אינג איַלעניש געוואָרפן צו דער גאס.

— און מיר שווײַגן, וואָס?

— די ביינער ברעכן?

— פאלמעסן!

— פארכעס!—האָט דער קייסער אויסגעשריִען צו די פארזאמלטע אפ דער גאס—פאר־כעס! צו דער ארבעט זאָל מען גיין, מירן דווירעסן!

— מיר וועלן פון די בעטן טרײַבן!

— פלייש זאָל מען קויפן!

— שטיל!—האָט געזאָגט דער קייסער—לאָזט מיך ריידן. די פאלערינעס, די העמדלעך מיט די שטעקלעך, זיי קלײַבן זיך מיט די נארישע מיידלעך אינ די וועלדער אפ קוצעניר־מוצעניו און אײַך הייסט מען סטאטשקעס מאכן. יאָלדן זײַט איר, פרײַערס... זיי נארן אײַך, ווי שימעלע די באנדע נארט זײַנע נעקייווע. די קישקעס וועלן מיר רײַסן, די מאר־כעס וועלן מיר קיצלען. צו דער ארבעט! לייזער, דו וועסט מיט א ביסל מענטשן גיין צו יורזיקע אָנזאָגן אינ אלע הײַזער, אז מאָרגן גייט מען צו דער ארבעט. כאַימקע סאָנעס וועט גיין מיט מענטשן אפן שולעפ. און איך וועל דאָ אפ טראָציִצע אָנזאָגן...

פלוצלינג האָבן פונעם פינצטערן בעסאלמען געסל גענומען פליִען האלבע ציגל, שטי־קער אײַז, פוקעוואטע דרענגלעך... צווישן די קאצאָווים איז געוואָרן א טומל. עמעצער האָט א געשריי געטאָן פון ווייטעק.

— אונדזערע שלאָגט מען! פאר די מעסערס, ברידער, פאר די מעסערס!—האָט איבער דער גאנצער גאס געשריִען דער קייסער.

— פאר די מעסערס!—האָבן נאָכגעשריִען די קאצאָווים און זיך געלאָזט צום פינצטער בעסאלמען געסל.

צ. דאָלגאָפּאָלסקי



# א גוט עלטער

ד ע ר צ ײ ל ו נ ג.

— מיר אײסיקן זיך שוין צופיל מיטן אלטן,—האָט אײנער א היציקער מיטגליד פון שטאָטסאָוועט באמערקט; מע דארף אהינצו צושיקן בויער, פאנאנדערוואָרפן די גרינע כאַלופּקע, ארויפוואַרפן דעם דאך...

אין קאבינעט פון פאָרזיצער פון שטאָטסאָוועט זײַנען געזעסן: דער שעף פון דער שטאָטישער מיליציע, אײניקע אקטיוויסטן מיטגלידער פון שטאָטסאָוועט. זײ האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט ווערטער וועגן אלטן און וועגן דער כאַלופּקע.

— און עפשער וועט זיך גראָדע אײַך אײַנגעבן איבערצײַגן דעם אלטן, אז פון זײַן „מאיאָנטעקל“ מוז ער זיך אָפּזאָגן,—האָט דער רויִקער שעף פון דער שטאָטישער מיליציע זיך געווענדעט צום אומגעדולדיקן מיטגליד פון שטאָטסאָוועט.

— פּרוּווט לאָזן אין גאנג אײַער שווערע ארטילעריע פון סאָציִאליסטישן רעאליזם,—האָט ער אין א פאָר מינוט ארום צוגעגעבן, ווי אָנכאַפּנדיק זיך פאר א נײַ־דערפונדענעם מיטל,—שילדערט פאר אים די צוקונפט פון דעם פלאַץ...

דער יונגער כאַווער האָט זיך קימאַט ווי באַלײדיקט.

— איך גײ, איך גײ,—האָט ער געענטפערט: איך וויל אָנקוקן דעם אלטן. איך זאָל גײן אלײן?

— איר וועט גײן זאַלבאַנאַנד.

— אָבער האַלטן זיך געדולדיק און קאָרעקט, האָט ער צוגעגעבן. ער האָט זיך אופּגעהויבן פון אָרט און דערמיט געגעבן צו פארשטײן, אז דערווײַל איז די פראגע מיטן אלטן דערלײזט. גראָד אין דעם מאָמענט איז אין קאבינעט ארײַן דער פּראָפעסאָר פון דעם בויונג־פּראָעקט, דער ארכיטעקטער, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן ווי א מענטש, וועלכער איז דאָ אין שטאָט אן ערשטן מאָל.

— און אויב אײַך וועט זיך דאָך ניט אײַנגעבן איבערצײַגן דעם אלטן, זאָלט איר מיר אָנקלינגען,—האָט צוגעגעבן דער פאָרזיצער. איך וועל דאן אלײן צו אים צופאָרן... זיצט,—האָט ער זיך געווענדעט צום ארכיטעקטער—און האָט אים פארבײַגײענדיק דערצײלט, אז מיט דער בויונג איז צוליב א קלײניקײַט פאראן אן אָפּהאַלט, עפּעס אײנער אן אלטיטשקער איז אײַנגעשפּאַרט, באַפרײַט ניט דעם פּלאַץ.

אפ אזא אופן איז די „דעלעגאציע" צום אלטן באשטאנען פון צוויי פערזאָן, פונעם יונגן מיליציע־באאמטן, מיט קוואדראטלעך אפן לאצ, מיט ספּאָרטיווע רעקאָרד־צייכנס אפ דער ברוסט און פון דעם יונגן מיטגליד פון שטאָטסאָוועט.

— פאר אונדז וועט זײַן א שאנדע, ווען אונדז וועט אויסקומען ארויסרופן דעם פאָרזיצער,—האָט איינער געזאָגט.

— מיר טאָרן זיך ניט אומקערן מיט ליידיקע הענט,—האָט דער צווייטער אונטערגעהאלטן.

זיי האָבן אָפּגעקערט אין איינער א הינטערגעסל, איבערגעגאנגען די זאמדיקע ניט געברוקירטע גאס, צוגעגאנגען צום איינשטאָקיקן הילצערנעם הײַזל, אופגעהויבן זיך אפן פינפטרעפיקן גרינעם גאניק און זייער קאָרעקט אָנגענומען דאָס הילצערנע הענטל פונעם פארצײַטיקן גלעקל.

פון אינוויייניק האָט זיך דערהערט א גאנץ הילכיקער קלונג, קיינער אָבער האָט אפן קלונג ניט רעאגירט. דאן האָבן ביידע אונטערגעוואַרט בא א פאָר מינוט און איינער פון זיי האָט קאָרעקט, זייער קאָרעקט אָנגעקלונגען א צווייטן מאָל און ווידער אָן רעזולטאטן. קיין טריט פון אינוויייניק האָט מען ניט דערהערט. א דריטן מאָל אָנגעקלונגען—און ווײַטער אומזיסט, קיינער ווײַזט זיך ניט, קיינער ענטפערט ניט.

— א האָזע פון אן אלטן,—האָט דער דעפּוטאט באמערקט.

באם גרינעם גאניק האָבן זיך שוין צונויפגעקליבן מענטשן פון גאס.

— און עפּשער איז אין שטוב קיינער ניטאָ,—האָט דער מאן פון מיליציע אָנגעצויגן אפ זיך די ווײַסע לײַקענע הענטשקעס.

איינער, אן עלטערער מענטש, האָט ווי ער וואָלט ריידן מיט זיך אליין געזאָגט:

— מע האָט דאָך אים דאָ נאָר וואָס געזען. ער איז אוודאי אינדערהיים. ער רעכנט זיך מיט קיינעם ניט.

דאן האָט דער יונגער מיטגליד גענומען שטארקער קלאפּן אין טיר. ערשט דאן האָבן זיך דערהערט פון אינוויייניק טריט. אפן גאניק האָט זיך באוויזן דער אלטער און הינטער אים אן אלטיטשקע, מיסטאָמע זײַן ווײַב.

— איך האָב אָבער געזאָגט, אז בא אײַך ארבעט ניט דאָס גלעקל,—האָט דער פאָרשטייער פון מיליציע באמערקט.

אָנשטאָט צו ענטפערן אפ דער כיטרער באמערקונג, האָט דער באלעבאָס פון שטוב זיך גאָר צעשריַען אפ די מענטשן, וואָס האָבן זיך געקליבן.

— וואָס קלײַבט איר זיך אהער—האָט ער אָנגעהויבן: וואָס ט'איר דאָ ניט געזען.

אין זײַן צעשויבערטן קאָפּ האָר, אין זײַן ברייטער קורצלעכער און געדיכטער גראָער־באָרד, אין די קײַלעכדיקע שפּאקולן, וואָס מאכן ווייכער און נאָכגיביקער זײַן שארפן בליק, איז דער אלטער געווען זייער ענלעך אפ איבסענען. זײַן אויסזען האָט איספּאָנירט און ארויסגערופן רעספּעקט בא ביידע יונגע לײַט.

— מיילע, דער כאווער איז פון מיליציע, איז פארשטענדלעך, און ווער זײַט איר, יונגער מענטש? האָט זיך דער אלטער געווענדעט צום צווייטן.

— איך בין א שרײַבער,—האָט דער אלטער באקומען אן ענטפער, און אָנשטעלנדיק דעם לינקן אויער האָט ער איבערגעפרעגט:

— איך האָב פאַרהערט. ווי?
— א שרײַבער.
— איך בין טויבלעך. א שרײַבער? א שרײַבער פון שטאָטסאָוועט, צי א שרײַבער פון מיליציע?
— א סאָוועטישער שרײַבער. לאָמיר זײַן באַקאַנט. א מיטגליד פון שטאָטסאָוועט, און אָפטער גאַסט אויך אין דער מיליציע.
— איר שרײַבט קרימינעלע ראָמאַנען אָדער...
— ניין, איך בין ניט קיין ראָמאַניסט, איך בין א דיכטער.
— עפשער א ליריקער?
— יאָ, א ליריקער.
— פון וועלכן מיליציע־אָפּטיילונג זײַט איר א ליריקער... דאָס זײַט איר געקומען נעמען מיך אין דער ארבעט... אַדראַבע, אַדראַבע...
— איר וועט דערלויבן,—האָט דער שרײַבער אָנגעהויבן.
— געוויס.
— פאַרוואָס האָט איר אונדז באַלד ניט געעפנט?
דער מיליציע־באַאַמטער האָט דעם שרײַבער א צי געטאָן פאַרן רעקל.
— איר פרעגט, פאַרוואָס האָב איך אײַך באַלד ניט געעפנט. גאָר פּאָשעט. איך האָב געמיינט, אז אײַך וועט דערעסן צו קלינגען—וועט איר שוין בעמיילע פאַרלאָזן מײַן שטיבל. איז נאָכוואָס, יונגע לײַט, זײַט איר געקומען אהער? מײַן הײַזל מוז אראָפּגעטראָגן ווערן? און ווו זאָל איך זיך אהינטאָן.
— ווי אינדז איז באַוווּסט, ווערט איר באַזאָרגט מיט א דירע... און כוץ דעם...
— און כוץ דעם, ווילט איר צוגעבן, באַצאָלט מען מיר פאַר מײַן שטיבל... אָבער, טײַערער ליריקער, איך האַנדל ניט מיט הײַזער. דאָס שטיבל איז מײַנס.
— אָבער דער פּלאַץ געהערט צום שטאָטסאָוועט?
— און איך אליין? צו וועמען געהער איך, איך פרעג אײַך?
— איר זײַט א בירגער פון סאָוועטנפאַרבאַנד.
— איז וואָס געהער זיך עס אָן?
— אהא, מיינט איר אז אײַער א הײַזל איז וויכטיקער איידער דער קינדער פּאַלאַץ.
דאָס געסל האָט זיך געגרענעצט מיטן אָרטיקן אעראָדראָם. אהער האָט זיך פון דער־הויך דערטראָגן א נאָענטער רויש פון מאָטאָרן, און אין הימל האָבן זיך באַוויזן שווּעבנ־דיקע פאַראַשוטיסטן. זיי האָבן זיך אין בלענדנדיקן רוים געבאָמבלט, ווי פּישלעך, וואָס הענגען אף דער וועבטקע און וואָס רײַסן זיך צוריק אין וואַסער, שלעפּן צוריק אין די טיפעניש די וועבטקע צוזאַמען מיט דער האַנט, וואָס האָט זיי געפאַנגען.
דער אַלטער איז געוואָרן אומרויִק. ער האָט אויסגעשריִען:
— ווידער א פאַראַשוט... אף מײַן בלומען־גאָרטן גייט עס... יאָ, ער גייט אף מײַנע פלאַנצן... יאָ, איך האָב קיין טאָעס ניט.
אראָפּגעלאָזן זיך אף דעם אַלטנס בלומען־גאָרטן האָט זיך א יונג מיידל. איר פּאָנעם האָט געפלאַמט. זי האָט שווער געטעמט. זי האָט פלינק אופגעקליבן די זײַדענע פאַלדן פון איר פאַראַשוט און האָט זיך פון פרייד פאַנאַנדערגעלאַכט.
דערזעענדיק דעם אומצופרידענעם פּאָנעם פון דעם אַלטנס, האָט זי זיך ארומקוקנדיק, באָכמער צעלאַכט.

— אנטשולדיקט,—האָט זי א פאטש געטאָנ מיט די הענט... אי, אי... די בלומענ אײַערע צעטראָטנ... אכ דו, פאראשוט, אכ, דו, נארישער פאראשוט, האָט זי בארויִקט דעם אלטנ אזוי ווי מע בארויִקט א קינד, באשטראָפנדיק דאָס אָרט, ווו דאָס קינד איז געפאלנ.

דעם אלטנס אלטיטשקע האָט זיכ צוגעטוליעט צו א זײַטיקער קלומבע, האָט מיט אירע אויסגעטריקנטע פינגער אָפגעקניפט איינע נאָכ די אנדערע זאפטיקע שלאנקע נארציסנ און האָט דערלאנגט דער פאראשוטיסטנ.

— ווײנ ניט, מאמעשע, האָט דאָס מיידל זיכ געוואָרפנ קושנ צו דער אלטער. איכ האָב אויכ א מאמענ, א ביסל ייִנגער פונ אײַכ, אָבער אויכ שוינ אנ אלטע.

— אָט ווער עס ארבעט אפ אונדז, האָט דער מיליציע-באאמטער א שלעפ געטאָנ פארנ ארבל דעם לירקער.

— יאָ, יאָ, עס וועט גיינ, האָט דער דיכטער צוגעשטימט און האָט זיכ אײַנגעגראָבנ אינ זײַנ בלאָקנאָט. דער דיכטער האָט געאײַלט און האָט זיכ אָפגעהיט פונ א פרעמדנ אויג... יאָ, האָט ער צוגעגעבנ: א גוואלדיקע סיטואציע פונ ראָמאנטיק און סאָצ־רעאליזמ.

אזוי ווי דער דיכטער האָט זיכ פארטיפט אינ זײַנ בלאָקנאָט, האָט די אָנפירונג איבערגענומענ דעם מיליציע־מאנ אפ זײַנ אייגענעמ אכרײַעס.

— איר זעט אליינ, אלטער כאווער, אז מעסטנ דאָס לעבנ מיט אײַער אלטער מאָס איז איצט אומעגלעכ. איר זעט דאָכ אליינ—רעוואָליוציע... אָט אפ דעם פלאצ ווערט אופגעבויט א פאלאצ פאר קינדער, פאר קומענדיקע פאראשוטיסטנ, וואָס וועלנ זיכ אראָפלאָזנ אפ אונדזער גליקלעכער ערד אזש פונ דער לעוואָנע, אָדער פונ מארס, אָדער גאָר פונ יופיטער... ביט שוינ אײַער אונטערשריפט, אז איר זאָגט זיכ אָפ פונ אײַער שטיבל. זײַט א רעוואָליוציאָנער.

— איר זײַט געקומענ מיכ אגיטירנ, מיכ, וואָס האָט דער ערשטער צעשמעטערט דעמ הימלשנ גאָט, וואָס האָב געטריבנ דעמ גאָט דעמ ערדישנ, דעם קייסער... איר האָט געלייענט מײַנ בוכ „אראָפ די געטער?!” און ווענ האָב איכ זיִמ געשריבנ. און ווי האָב איכ עס געדרוקט... קינדער, יאָ, קינדער... אָבער די רעוואָליוציע האָט בא מיר אָפגענומענ מײַנע קינדער...

— דו!—האָט די אלטע באוויזנ מיטנ פינגער.

— דאָס ווארפט זי מיר אופ, וואָס איכ,—איכ און ניט זי, האָב צעריסנ מיט מײַנע אייגענע קינדער. זיי האָבנ זיכ אפ שטענדיק צעזעגנט מיט אונדז. זיי ווייסנ אפילע ניט, ווו ס'איז אהינגעקומענ דעם טאטנס געביינ. זיי בויענ, זיי בויענ...

— עס וועט זיכ גאָרניט באקומענ, האָט דער דיכטער שטיל געזאָגט צום מיליצע־באאמטנ, עס וועט אויסקומענ ארויסרופנ דעם פאָרזיצער.

דער דיכטער האָט איבערגעגעבנ דאָס טרײַבל דעם אלטנ מאנ.

— יאָ, איכ הער, האָט דער אלטער געזאָגט... איכ בעט אײַכ, איכ בעט, א גוטער גאסט... ווי? איכ הער ניט. איר ווילט קומענ צוזאמענ מיט אײַער ארכיטעקטער. איר האָט מאָבילײזירט די מיליציע, די ליטעראטור און איצט—די ארכיטעקטור, אָבער אָנ דערפאָלג... ביטע, ביטע... קומט זאלבאנאנד... איר פאָרט שוינ ארויס? וואָס? איכ זאָל פארהאלטנ די דעלעגאציע... איבערגעבנ זיי דאָס טרײַבל... ווע מענ גיב איכ דאָס טרײַבל,—האָט ער זיכ געווענדעט צוביידנ, נעמט דאָס טרײַבל, לירקער.

ער האָט צורעכט געמאכט דעם שרײַב־טיש. אינ עטלעכע מינוט ארום האָט זיכ אָפגעשטעלט באמ גרינעמ גאניקל א מאשינ. פונ איר זײַנענ ארויס—פריִער דער פאָרזיצער

פון שטאָטסאָוועט און נאָך אים דער ארכיטעקטער. ער האָט אויסגעזען ייִנגער פון פאָרזיצער. דער ארכיטעקטער האָט זיך ארומגעקוקט, האָט זיך אופגעהויבן אפן גרינעם פארקנדל און באטראכט די אומגעגנט, פארהאלטן דעם פאָרזיצער, האָט זיך מיט אים ווי וועגן עפּעס מעיאשעוו געווען און קאָנטיק ניט געאײַלט צום אלטן.

— איך וועל ארײַן פון הינטער־טיר, האָט דער ארכיטעקטער געעפנט דאָס הויפ-טירל.

דער אלטער האָט באגעגנט דעם פאָרזיצער אין פאָדער-צימער. דער אלטער האָט געפרעגט:

— און ווו איז אײַער ארכיטעקטער? איר זײַט דאָך געווען צוזאַמען.

— ער גייט פון הינטער טיר,—האָט דער פאָרזיצער געמאָלדן.

— ווי? איך האָב פארהערט. פון הינטער־טיר? צו וואָס פון הינטער טיר?

— וואָס פארשטייט איר ניט, האָט דער פאָרזיצער געענטפערט. ער האָט דערזען די פאראשוטיסטן. יוגנט. איר זײַט אמאָל אויך יונג געווען.

— די יוגנט גייט ניט פון הינטער־טיר, האָט דער אלטער ניט פארשטאנען. פון קיך האָבן זיך דערטראָגן עפּעס מאָדנע אויסגעשרייען.

די אלטע פון איין זײַט, די פאראשוטיסטן פון דער צווייטער זײַט און דער ארכיטעקטער אינמיטן, אזוי האָבן זיי זיך באוויזן פון קיך. דער אלטער האָט אָנגעזאָטלט די שפּאָקולן זײַנע, דערפון זײַנען זײַנע שארפע אויגן געוואָרן עטוואָס מילדער.

— מישא, מיכאיל,—האָט ער זיך אָפּגעשטעלט: דאכט זיך, אז דאָס איז מיכאיל, האָט ער רויִק איבערגעפרעגט.

דער ארכיטעקטער האָט געגלעט דעם גרויען קאָפּ פון דער אלטער פרוי, וועלכע האָט זיך געטוליעט צו אים.

— ... אזוי, ביסטו דאָס דער ארכיטעקטער. דאָ אין שטאָט?

— אָט ווי דו זעסט, טאטע, האָט מיכאיל געענטפערט און געווענדעט זיך טייקעף צו דער מאמען: „און לידען, מאמע, וועלן מיר אראָפּברענגען אהער. אָט האָסטו פון איר א לעבעדיקן גערוס... אגעוו, אָט די קווייטן פון דײַן קלייד איז לידעס ארבעט. זי איז דער קינסטלער פון דעם טעקסטיל־טרעסט... בונטעוועסט נאָך אלץ, טאטע.

— איך? איך בונטעווע? איר בונטעוועט דאָך.

— נעם זיך ניט איבער, טאטע. די סאָוועטנמאכט באלעוועט דיך. מיר וואָלט ניט שווער געווען אריבערטראָגן דײַן שטיבל אָט אזוי ווי זי שטייט און גייט אפילע מיט די בלומען בייטן—אָבער צי לוינט עס און צי האָסט עס פארדינט.

— נו, נו, עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן, האָט די מאמע בארויִקט דעם טאטן און דעם זון.

— זאָל ער זיך ניט איבערנעמען דער טאטע... א גרויסער יאכסן, אן אנטירעליגיִעזן ביכל אָנגעשריבן, אנטלאָפן פון קאראול.

— ניט ריכטיק, איך בין ניט אײַנשטימיק, איז אומדערווארטעט ארויסגעטראָטן די פאראשוטיסטן: וויבאלד דער קאָרפּוס וועט גיין אין דרײַ ריכטונגען, קען דאָס הײַזל איבערגעלאָזן ווערן אינמיטן. עס וועט זיך באקומען זייער אָריגינעל, הויכע קאָרפּוסן פון אלע דרײַ זײַטן, און אינדערמיט דאָס גרינע שטיבל, ווי א קינדער-שטיבל, ווי א שטיבעלע פאר קינדער...

— און ווער איז דאָס מיידל, וואָס האלט מיך אזוי אונטער, איך מיין, וואָס זדעקעוועט זיך איבער מיר.

— שוין דאָס אליין, וואָס דו, מאמע, פארשטייסט עס, איז שוין גוט...

דאָ האָט די אַלטיטשקע ניט אויסגעהאַלטן. זי האָט פֿײַערלעך געמאָלדן:

— און ווו איז די זעלבסטשטענדיקייט פון דער פרוי? און איך בין עפשער ניט די באַלעבאָסטע פונעם גרינעם שטיבל? איך שרײַב זיך אונטער די ערשטע. אַרבעט, טוט— איר זײַט קליגער פאַר אונדז, און האָט אוועקגעלייגט א ווילדע געצוקטע פרויען־כסימע און האָט דערלאַנגט די פען איר אַלטן.

דער אַלטער האָט זיך צוגעזעצט באַם שרײַב-טיש, האָט געטראַכט א רעגעלע, פעסטער אָנגעזאָטלט די שפּאַקולן אף זײַן נאָז און פאַרן געבן זײַן אונטערשריפט, האָט ער אַרײַנגעשריבן: „אף דער עלטער גיב איך זיך אונטער".

די פאַראַשוטיסטן, איבערלייענענדיק דעם אַלטנס רעזאָליוציע, האָט זיך מיט אימפּעט געוואָרפן קושן צום אַלטן. אַזאַ נאַריש מיידל! ווייניק יונגע זײַנען דאָ אינעם גרינעם שטיבל!

ע. פינינבערג



# לאָפּארנ זינגענ וועגנ סטאלינענ

(פונ לאָפּארישנ פאָלקלאָר)

טרויעריק געוועג די שקיִע,
אפנ טשום האָט וינט געוואָיעט,
גאָר מיט קריהעס צו די יאמענ
איז די נאכט אוועקגעגאנגענ,
אונ דעם אומגליק אונ דעם אומעט
האָט צעזייט אינ וועלט א וויכער,
אונ די טרערנ אפנ פּאָנעמ
האָט דער וויכער אויסגעטריקנט.
וידער האָט די זונ באלויכטנ
ס'לעבנ פונ די טונדרע־מענטשנ.

צו די אײַז־שטרעקעס די ברייטע
האָט געבראכט די זונ אונדז איינער
אינ שינעל אינ גרויענ, איינער,
וואָס איז קלוג אזויווי לענינ,
וואָס איז שטארק אזויווי לענינ.

ער איז צו אונדז אָנגעקומענ
אפ אנ אײַז־בארג אפ א גרויסנ,
דורכנ יאמ, ווי אפ א שיפל.

ס'איז אנ אײַז־בארג, וואָס איז העכער
פונ די בערג פונ די כיבינער,
קיינ לאפּלאנדיע געשווומענ,
צוגעשווומענ, ווי אנ אינדזל.

ער געשטאַנען איז א שטאָלצער,
ווי דער שפּיץ פון בערג נאַרוועגער,
אין די הענט האָט ער געהאַלטן
אונדזער זון־ראָד, אונדזער גינגאָלד.

צו דעם יאַם־ברעג צו דעם קאָלסקער
מיט דער זון איז ער אראָפּעט,
אפ דער ערד אוועקגעלייגט זי
און האָט זי א שטויס געגעבן
איר מיט הויכער שטים באַפוילן:
„שפּאַן דו, זון, איבער דער טונדרע,
מאַך דאָס לעבן שיין אין טונדרע,
שאַף דאָס גליק די טונדרע־מענטשן".

ער איז גרויס און קלוג, ווי לענין.
ער איז גרויס—א פעלדז א פעסטער,
און א מילדער און א גוטער,
פונקט ווי לענין, פונקט ווי לענין.

די סאַאַמען און די נענצעס, [1]
אַלע מענטשן, וועלכע לעבן
מיט א זויבערער נעשאָמע.
און מיט אָרנטלעכער ארבעט
זײַנען זײַנע פרײַנט די בעסטע.

ער איז פּראָסט און קלוג, ווי לענין.
אין דער טונדרע ווייסן אַלע,
יונג און אַלט, סאַאַם און נענעצ:
ס'איז זײַן נאָמען—קלוגער סטאַלין.

ר'האָט באַפוילן די סאַאַמען:
„שענער זײַן וועט אײַער לעבן
פון דער וואונדערלעכסטער מײַסע,
ווי די זון וועט זיך צעבליִען
גאָר די ראַכוועסדיקע טונדרע,
און בעשעפע וועט איר לעבן,
איר אַליין נאָר זאָלט דערופעט,
ווי געהעריק אכטונג געבן!"....

די באַלעגופים און שאַמאַנען
פון דער טונדרע ר'האָט פאַרטריבן,
און די לעצטע ייִכעס־פירשטן
ר'האָט צעקוועטשט, ווי די מאַסקיטן.

[1]) נענצעס—א צאָפן־פאָלק (סאַמאָיעדן).

ר׳האָט געזאָגט צו די סאאמענ:
„איר האָט ס׳גאנצע לעבנ אײַערס
זונ געוואָלט אונ זונ געבעטנ,
נאט זי אײַך, די זונ,—פונ איצטער
זאָל זי אײביק, אײביק, אײביק
אײנמאָל אינ מעסלעס אינ יעדנ
אומגײענ ארום דער טונדרע,
װארעמענ די טשומענ-נירטעס,
נאט זײ אײַך, אונ היט זײ אָפּעס,
לענינ האָט פאר אײַך געלאָזט זי,
איך האָב זי געבראכט אהערצו,
זי געגעבנ די סאאמענ
אינעמ לאנד סואמאלאנדע".

אונ קײַנ מאָסקווע דורך דער טונדרע
איז ער זיך אװעקגעגאנגענ.
װו ער האָט א שפאנ געגעבנ,
דאָרטנ איז א שפור געבליבנ:
יעדער שפור—א שטאָט א נײַע,
אונ אנ אײַזנבאנ, אונ בריקנ.
אפנ אָרט פונ װאלד כיבינער
אויסגעװאקסנ אינ דער טונדרע
איז א שטאָט א ליכטיק-שײנע.
דורכגעגאנ דאָס לאנד דאָס גאנצע
איז דער פעלקער-פרײַנט אונ פירער,
אומעטומ געלאָזנ שפורנ, —
שטעט אונ הײַזער, װי די פעלדזנ,
ר׳האָט פארזײט אינ לאנד אינגאנצנ.
אז סע קומענ טעג פונ פרילינג,
אינ קאָלװירטנ פונ דער טונדרע
זינגענ מיר דעמ פרײַנט אונ פירער
װעגנ זונ א ליד א גרויסע,
זאָגנ אימ „א דאנק!", דעמ פירער.

ער װעט דורכגײנ אלע פעלקער,
װי געהײסנ האָט אימ לענינ.
ער װעט ברענגענ גליק די פעלקער
אפ דער ערד, װאָס האָט קײנ סאָפ ניט,
ער איז גרויס אונ קלוג. אינ פרילינג
זינגענ מיר אימ ליד—געזאנגענ.

ה. שווערדיק



# צען קאָמיוגיסטן האָבן דערזען...

דרייט א זאווײ אפֿן בײַקאַל,
לעצטע שטערן דערפֿרירן.
דורך דער זאווײ, איבער בײַקאַל
גייען צען קאָמאַנדירן...

שמײַסט דער ווינט אין פּאָנעם און קאַרק
פֿולע הויפֿנס מיט שנייען...
מאָסקווע לויכט אויף ווי א העלער מאַיאַק
און שטאָלץ די יונגע גייען...

ליזשניקעס מונטערע שפּאַנען פּאָרויס, —
זיי קאָנען ניט פֿאַרהאַלטן קיין שטערונג...
דער ווינט הויבט זיך אופֿעט און פּײַפֿט זיי דאָרט אויס,
פֿאַרלעשנדיק לעצטע שטערן...

נאָר אַז עס גייט ווי מיט קאָסעס א שניט
דער שאַרפֿער ווינט איבער קניִעס.
נאָר, ווען מיט שנייען אין פּענעמער שיט,
און עס פֿאַרקלעפּט די וויִעס...

האָבן די יונגע זיך אָפּגעשטעלט
(דער ווינט האָט פֿאַרהויבן זײַן שטימע)
איז איינער אין טרוים אַריבער דעם שוועל
פֿון א וואַרעמען ליכטיקן צימער...

א סאמאָוואר האָט געפּײַפט אפן טיש,
א פרוי איז ארויס אים אנטקעגן.
זי האָט אים פריַינטלעך באם שוועל באגריסט.
ווארעמקײַט האָט אים בארעגנט.

און ס'האָט דער צווייטער דורך שניי און דורך פראָסט,
דורך ווילדן, צעצוויגענעם פײַפן
געזען זיך זיצן אין גרינעם גראָז,
אין ליפּן א דינע פײַפל...

ס'איז דער בײַקאל דורכזיכטיק—ריין
פון קלאָרער דעק ביז אויבן.
קוקסט אפ אראָפּ און דעם קלענסטן שטיין
דו זעסט ווי דורך בלויע שויבן...

זעסט ווי אין בלויקײַט פליעסקען זיך פיש,
אפן דעק—דעם קלענסטן בלימל
און אין דער אָזערע רויִק שווימט
דער גאנצענער בלויער הימל...

נאָר וויַיטער פון אלע דעם דריטנס בליק:
מאָסקווע גייט אופ אין שטראלן.
עס וויט א ווינט
און קעגן ווינט
גייט דער כאווער סטאלין...

ס'פארהויבט זיך דער ברעג פון זײַן שינעל,
די טריט פון פעסטקײַט ריידן,—
עס גייט דער פירער זיכער און שנעל,
מונטער אזוי און אנטשיידן.

און ס'דאכט זיך צו זיי—צו די ליזשניקעס צען
שמייכלען אצינד זײַנע בליקן...

— — — — — — — — — — — — —

„ברידער, מיר וועלן באלד מאָסקווע זען
און סטאליגס האנט דריקן...“

איינפאך אזוי האָט דער דריטער געזאָגט
און אָפּגעהילכט האָט ווי א וונדער —
די ווארעמע שטוב האָט אין ערגעץ פאריאָגט,
דער זומער־בײַקאל איז פארשוווּנדן...

און צען קאָמיוגיסטן האַבן דערזען:
מאָסקווע גייט אופ אין שטראַלן...
עס ווייט א ווינט
און קעגן ווינט
גייט דער כאווער סטאַלין...

אָט איז ער שוין דאָ, ער שטרעקט אויס זײַן האנט:
זיכער פאָרויס, נאָך מיר... און
ס'האָבן נאָך אים זיכער געשפאנט
דרייסטע צען קאָמאנדירן...

### י. קאָטליאַר

# לידער

## מאמע

לאַכט צו מיר די מאמע, ווי א מאמע קען,
און איך, איך האָב דערזען,
ווי עס זײַנען אײַנגעפאלן אירע אויגן...
רעדט צו מיר די מאמע, ווי א מאמע שטיל,
און איך, איך פיל
צאר אין אירע ווערטער אָנגעזויגן.

ווילט זיך מיר ארומנעמען דעם קאָפּ, וואָס טראָגט
אש פון פופציק יאָר, אים צודריקן צום הארץ צום סאמע
און עפּעס אַנזאָגן א פרייד. נאָר כ'האָב גאָרניט ניט געזאָגט
מײַן קלײנוווּקסיקער, מײַן אויסגעפלאָגטער מאמען.

און נאָר די פויסטן כ'האָב צונויפגעדריקט ביז ווײ
און שטײן געבליבן מיט געמיט מיט שווערן...
— מײַן היגער זון, שוין א כאדראָשים צוויי,
אז דו קומסט אפילע ניט געווירע ווערן!..

וואָס דערציילן איר? איך שווײַג און שווער
איך הער איר הארציקע, געדעכטע טײַנע,
כ'האָב פארגעסן, מיט מײַן גאנצער ערד
דרייט זיך אויך ארום די מאמע מײַנע.

וואָס זעט נאָר איצט איר וועלט אין מײַן געזיכט,
און פילט דאָס הארץ, וואָס כ׳טראָג אין טיף פארבאָרגן...
לאַך איך—
לאַכט זי אינווייניק אין זיך,
זאָרג איך—
גייט זי אויך ארום אין זאָרגן!..

און מיר,—
פון קליין דערהויבענע מיר שטייען בלינד,
פאר דער וואָס האָט מיט פײַן אונדז אויסגעטראָגן.
מאמע, ס׳האָט דײַן היגער זון, דײַן קינד
דערפילט אצינד, ווי ווערטער קענען שלאָגן!..

לאַכט צו מיר די מאמע, ווי א מאמע קען,
און איך, איך האָב דערזען—
טיפער ווערן אירע אויגן, שווארצער..

ויעדט צו מיר די מאמע, ווי א מאמע שטיל,
און איך, איך פיל—
הייסע ליבשאפט ליכטיקט אין מײַן הארצן...

# פרילינג אין פארק

פרילינג־פארק געהיימער,
הארציק איך באגריס
דײַנע גרינע ביימער
אָט די ווײַסע פיס.
בלייך נאָך, בלייך די זון גייט
קוקט נאָך בייז און שטרענג
אף די פאָרלעך יונגע,
בא די פײַכטע בענק.

מעגסט זיך, מעגסט באַרימען
פרילינגדיקער פארק.
ס׳איז א גוטער סימען
ווען מע ליבט זיך שטארק!

קוים א שאָרך דערהערט זיך,
טוט א בלאָז א ווינט,—
ניין, דאָס האָט אין הערצער
פרילינג זיך צעגרינט!

ווי דער פּארק געהיימער
ווי די לופט, וואָס פליסט,
אף די גרינעביימער
מיט די ווײַסע פיס.

## וואָס ביסטו אנטלאָפן?

אלע פעלדער אָפן,
ווי מײַן הארץ מײַן ברייטס.
וואָס ביסטו אנטלאָפן
פונעם סטויגל ווייצ?

מיינסט איך וועל ניט קענען
אײַנוויגן דעם גלוסט,
ער זאָל שטילער ברענען
אין מײַן דינער ברוסט...

זעסט די הענט, כ'וועל צוימען
זייערווילדן טאנצ,
דײַנע בעסטע טרוימען
זאָלן בלײַבן גאנצ.

קום מיט מיר דערנעבן,
גיי ניט אום פארטראכט,
האָסט דאָס גאנצע לעבן
פונקט ווי איך פארבראכט...

נעפּלען אין די אויגן!..
וויפל מאָל, פארגעכט?
צו דײַן עלנבויגן
האָסטו זיי געפּרעסט.

מיט א קלאָג א בלינדער
יעדן טאָג באגריסט.
ווייסט, אפילע קינדער
וויינען ניט אומזיסט...

בעסער ניט דערמאָנען
קוק נאָר א פארנאכט!
אונטער ראָזע פאָנען
אונדזער הימל לאכט.

און די פויגלען שוועבן
אינעם גרין־קאָליר...
זיי זײַנען אין לעבן
אײַנגעליבט ווי מיר.

דארפסטו מיך ניט בעטן,
קום ווי דיר געפעלט.
ווי דו זאָלסט ניט טרעטן
איז דאָס אונדזער פעלד!

ווקסיקע קאשטאנען—
אויך אין רויטער ליכט.
ווי דו זאָלסט ניט שפאנען
ביסטו אלץ בא זיך!

אל און אלץ איז אָפן,
מיט פארלאנגען רייצט...
וואָס ביסטו אנטלאָפן,
פונעם סטויגל ווייצ!

זיסקינד ליעוו



# פישל קאָפּטשיק און פּעטרע יערעמטשוק

דערציילונג

פּעטרע יערעמטשוק האָט אָנגעשטאָפּט די קליינע פּײַקע, אָנגעריבנ א שוועבעלע. לעבנ דער טיר האָט ער געכאפּט א בליק אפנ ווײַב, אפ דער טאָכטער, שנעל ארויסגעגאנגענ. אײַנגעהילט ביז צום האלדז, האָט זיכ פונ בעט ארויסגעזענ פּאראנקעס קליינ קעפּל אונ דורכ די צעשויבערטע האָר האָבנ ארויסגעקוקט שווארצע, פארבענקטע אויגנ. זי וואָלט עפּשער געוויינט, די קליינע,—האָט פּעטרע ביטער געטראכט—ווײַל פריִער, ווענ די מוטער האָט אימ געפרעגט, צי ער וועט נאָכ אמאָל צוריקומענ, האָט זי זיכ פּלוצימ אופגעזעצט אינ בעט אונ געשריגנ: יאָ, יאָ, צוריקומענ!

ער איז געשטאנענ אינ טונקעלנ פירהויז, מיט פארקרימטע ליפּנ געפּיפּקעט די קליינע פּײַקע, דאָס הארצ האָט זיכ אימ, פארקלעמט. אזא קינד, האָט ער געטראכט, דאָס האָט א געפיל ווי א שטומע כײַע. שוינ פריִער, נאָכ ווארמעס, ווענ זי איז ארופגעקומענ מיט די געַנדז פונ פּאשוויסקע, איז זי פונ אימ נישט אָפּגעטראָטנ. נאָר געקוקט אונ געקוקט אונ אז די מוטער האָט זי נאָכ געפרעגט פארוואָס אזוי פרי איז זי געקומענ מיט די גענדז, האָט זי געזאָגט, די קליינע, אז זיי האָבנ זיכ שוינ גענוג אָנגעגעסנ, די גראָבע גענדז. פּעטרע האָט צוגעמאכט די אויגנ, א מינוט אופגעהערט צו פּיפּקענ, ער האָט פריִער געזאָגט דעמ אלטנ האורילאָ, ווענ יענער האָט דערציילט א מײַסע פונ מילכאָמע, אז דאָס אלצ וועט אמאָל אופהערנ. „עהע, מיר וועלנ דאָס שוינ נישט דערלעבנ”,—האָט דער אלטער געענטפערט. ארופגעקוקט צומ הימל אונ געהויבנ די אקסלענ. אויבנ האָבנ זיכ גערוקט, פולבײַכיק אונ שווער, טונקעלע כמארעס. אונ דעמלט איז אָנגעקומענ פּאראנקע מיט די גענדז. פונ אונטנ, פונ טאָל, איז צוערשט געקומענ א זאמדיקער שטויב אונ דערנאָכ די קליינע מיט די גענדז. אירע נאקעטע פיסלעכ זײַנענ געווענ גראָ פארשטויבט אונ די קײַלעכיקע בײַכער פונ די גענדז זײַנענ געווענ שווארצ אײַנגעריכט. אונ ווענ דער שטויב האָט זיכ געלייגט, זײַנענ זײַנע אויגנ געלאָפנ ארויפּ־בארג אונ געזענ דעמ קרומענ גלויפּ פונעמ זברוטש. דאָס ברייטע, הארבסטיק־צעגראָבענע פעלד אפ דער אנדער זײַט — — —

פעטרע האָט געפרווט א פיפקע טון מיט ליפן, נאָר די פייַקע איז געווען אויסגעלאָשן. ער האָט אויסגעשפיגן און איז ארויס אינדרויסן, פול מיט א צעווייטיקט הארץ.

עס האָט געגאָסן א שלאקס־רעגן. פעטרע האָט פאמעלעך צוגעמאכט די טיר פון אויס־געלאָשענעם פירהויז, ער האָט זיך אײַנגעהויקערט ווי א קאץ און זיך א לאָז געטאָן אפן נאסן גליטש. ווײַט פון מארק, נאָך אלע הינטערגעסלעך, אינמיטן בארג־ארויף, שטייט פעטרע יערעמטשוקס שטוב. די לעצטע פאָרשטאָט־הײַזלעך, וואָס אין נאָנטער שכיינעס, נידעריקע ליימיקע כאטקעס, האָבן זיך צעגאָסן אין דער טונקלעניש, ווי פעסער שווארצע סמאָלע, פארזונקענע געוואָרן אין דער טיף פון דער נאכט. דעם שמאָלן פאס וועג האָט מען געמוזט ארומטאפן מיט די הענט. אזוי טונקל איז געווען. און דער רעגן האָט גע־גאָסן, גלײַכמעסיק און הארט, איבער די דעכער, איבער די גערטנער, אפן וועג. פעטרע יערעמטשוק איז נישט געגאנגען, ער איז געשווומען מיט די הענט. בארג־ארופ צו דער שטאָט האָט ער זיך קעסיידער געגליטשט אפ צוריק, טיפער זיך אײַנגעבויגן, דערכאפט זיך מיט די הענט און ווײַטער געשווומען. נעכטן איז ער געגאנגען מיט א בריוו אין דער שכיינעסדיקער שטאָט—וועגן בלײַבן אין קאָנטאקט. עס איז געווען אן אנדער וועג, אן אנדער טאָג, עס איז אים נאָך געווען אסאך פריילעכער אפן הארץ. א פריש ווינטל האָט געטריבן די כמארעס, לײַכט און שטיל איז ארומגעלאָפן דאָס ווינטל און אָפגערייניקט די שווארצע שטיקלעך פון בלאָען הימל. דער וועג איז געווען בלאָטיק, נאָר אפן הארץ איז אים געווען לײַכט, און ער האָט מיטאמאָל אָנגעהויבן זינגען. אָבער ווען דאָס הארץ איז בא אים פריילעך, דעמלט לאָזט ער זיך הערן מיט א טרויעריק לידל. שטיל און וויך ווי א קינד, אזש די טרערן רײַסן זיך אין די אויגן. עס זײַנען נאָך נישט געווען אויסגע־גראָבן אלע קארטאָפליעס, עס זײַנען נאָך געשטאנען קרויט־קעפלעך אף די פעלדער. אין דער שכיינעסדיקער שטאָט איז ער אָנגעקומען פארנאכט. דאָרט זײַנען שוין געווען די פאָליאקן. די שטאָט האָט געקרעכצט פון מיליטערישן גערודער, איבער די גאסן האָבן געסלוקעט שווערע וואָגנס מיט אמוניציע, מיט פראָוויאנט, פוסגייער האָבן זיך געשלעפט שווער און פארבלאָטיקט, אויסגעמאטערט און פון הונגער פארקרומט די פנעמער, רײַטער האָבן געקלאפט אף די שטיינער מיט שוימיקע פערד, אָפיצערן האָבן געשריגן און גע־שאָלטן. ווי א גאנעוו האָט ער זיך גערוקט בא די ווענט, א האלב אויג האָט ער געהאט פארן מיליטערישן גערודער, א האלב אויג פאר דער אייגענער זיכערקײַט. די געוועלבער זײַנען געווען פארשלאָסן. שטאָטישע מענטשן האָבן זיך געוויזן זעלטן. דאָ און דאָרט איז געווען אופגעריסן די טיר פון א קראָם, ליידיקע שאכטלעך, ברעטלעך פון צעהאקטע קאסטנס, שטיקער לײַוונט, שטאָפן, פלעשער און צעבראָכן גלאָז האָבן זיך געוואלגערט אינעווייניק און אף דער גאס. ערגעץ־ווו האָבן געבילט לײַכטע קאנאָנען. אן אלטע אוק־ראינישע פרוי, צו וועלכער ער האָט זיך צוגעטשעפעט, האָט ער געפרעגט אף א גאס און דערבײַ האָט ער זי געפרעגט צי געשלאָגן האָט מען אויך, אָדער בלויז געראבעוועט. נאָר איינעם, האָט זי געזאָגט, א ייִדישן באָלשעוויק, האָבן זיי צעהארגעט. זי האָט אים געוויזן די גאס און ער איז אוועק. געדרייט זיך אין קליינע, זײַטיקע געסלעך, געפאָרשט אין אלע זײַטן, עס איז דאָ געווען אויסגעשטאָרבן—שטיל, און ער איז ארײַן אין א הויף מיט עטלעכע שטיבלעך, נאָכאמאָל געמוזט פרעגן אפ: אדרעס און געשטאנען אין יענער שטוב, וועלכע ער האָט געזוכט. אן אלטע ייִד, אן אלטע ייִדענע זײַנען געזעסן אין א ווינקל, אין בעט איז געלעגן א מענטש, אײַנגעוויקלט אין הוילע שמאטעס. די צוויי אלטע האָבן גאָרנישט געפרעגט, נישט אופגעהויבן אפילע די קעפ, זיי זײַנען געווען פאר־

גליוורט—אויסגעזען, ווי מע וואָלט זיי געהארגעט אזוי זיצנדיק. ווען ער האָט אָנגערופן דעם נאָמען, האָט זיך ארויסגערוקט א האנט פון בעט, די בלייכע הויט צעקראצט, און עס האָט זיך באוויזן א פּאָנעם, ארום און ארום פארבאנדאזשירט. פּעטרע האָט ארויסגעגראבלט פון לינקן ארבל א צעטעלע און צוגעגאנגען צום בעט. „פון פישלען"—האָט ער געזאָגט שטיל. און יענער אין בעט האָט גענומען דאָס צעטעלע, קוים גערירט מיט דער האנט, די אויגן האָבן ארויסגעקוקט פון די באנדאזשן, ווי זיי וואָלטן געקוקט אין א ווײַטער וועלט, און די ליפּן האָבן געשעפּטשעט: „איך ווייס—אָבער", מער האָט ער נישט געזאָגט. פּעטרע האָט פארשטאנען, עס איז שוין נישטאָ מיט וועמען צו ריידן, זיי האָבן אים צערעכט געמאכט. דאָך האָט ער אים געזאָגט: „דו מוזט פונדאנען אַוועק, אויב דו ווערסט געזונט ווערן."

פּעטרע האָט שטיל געזיפצט, זיך אומגעקוקט אפן נאסן וועג, צי זעט מען נישט אויך דאָ שוין דאָס פוילישע מיליטער. ער איז געשטאנען אין מארק, טונקל האָבן געגליוורט די ברייטע הײַזער אין גרויסן פירעק, מע האָט נישט געזען קיין הונט, בלויז אן איינציקע שטוב האָט ארויסגעלויכטן דורך די שמאָלע שפּאָרעס פון פארמאכטע לאָדנס, דער רעגן האָט נישט אויפגעהערט צו כליאָפּען. דורכגעווייקט ביז אפ דער הויט, צונויפגעקאָרטשעט, מיט א קאלטן דרעשטש איבערן לײַב, האָט זיך פּעטרע געלאָזט גיין דאָרט הינטערן מארק אין די יידישע הינטערגעסלעך, וווּ פישל קאָפּטשיק וווינט. אין יענע געסלעך איז די ערד א ליימיקע און פּעטרע האָט געשלעפּט מיט זײַנע צעוואשענע שטיוול, ווי מיט פולע לאָפּאטעס, די קלעפּיקע ראָשטשינע. ער האָט זיך אָפּגעמאטערט באם גיין, נאָר גענאנגען איז ער שנעל, וואָס גיכער געוואָלט אנטלויפן פון רעגן. פונדעסטוועגן האָט ער נישט אָנגעקלאפּט באלד אין דער טיר פון פישל קאָפּטשיקס שטוב, פריִער אריבערגעקלעטערט איבערן נידעריקן פּלויט אין גאָרטן ארײַן און געקוקט דורכן פענצטער. אין דער פארגאָסענער טונקעלער נאכט האָט די שטוב נישט אנדערש אויסגעזען, ווי א פארגראָבענע בארג־הייל מיט א קליין פינטלדיק פײַערל. נאָר שטייענדיק נאָנט לעבן פענצטער, האָט פּעטרע געזען אן אלט־באקאנטע שטוב, א מער־לענגלעכיקע, אָפּגעטיילט מיט א האלבן פאָרהאנג אין צוויי העלפטן—הינטן דאָס בעט מיט אלע אנדערע זאכן, ווי אין א וווינשטוב—פאָרנט א פריזיר־טישל מיט א גרויסן וואנט־שפּיגל, גלאנציקע פריזיר־געצײַג, פארשיידענע פלעשלעך און א גרויסן סלאָי מיט פּיאווקעס. דאָס קליינע טישל איז איצט געשטאנען פאָרנט אין פריזיר־אָפּטייל, באם טישל זײַנען געזעסן פישל, פארוואָרפן די לאנגע פיס און ווײַט אָנגעלענט אינעם פריזיר־שטול ווי צום גאָלן זיך, און זעליק. ער איז שנעל אריבער צוריק דעם נידעריקן פּלויט, אָנגעקלאפּט אין דער פאָרנטיקער טיר.

— האָסט געלאָזט אפ זיך וואַרטן, פּעטרע.—האָט פישל געזאָגט. ווידער צוגעשלאָסן די טיר, זיי זײַנען ארײַן ביידע אין שטוב.

— זעליק—דער ליבער זעליק, וואָלט פּעטרע געזאָגט, ווײַל סאָפּקאָלסאָפּ געהערט ער שוין נישט צו די יונגע, און אפ זעליקן ליגט די פרישע צארטקײַט פון דער גליקלעכער יוגנט, דער לײַכטער צופרידענער שמייכל, דער פלינקער בויגעוודיקער באוועג פון די שפּיציקע אקסלען—ער איז שנעל אויפגעשטאנען, אויסגעשטרעקט צו פּעטרען די האנט מיט דער דורכזעעוודיקער הויט:

— גוטן אָוונט, פּאניע קאָמיסאר.

ניין, איצט האָט דאָס וואָרט נישט געהאט מער די ווירקונג פון דעמלט, ווען אוראָמטשע הויש האָט דאָס געזאָגט. דעמלט האָט מען הארציק געלאכט, איצט האָט מען ערנסט

געקוקט אַפ פּעטרען—עס האָבן זיך געקרײַזלט צווײ טרויעריקע פאַלדן אַרום זײַנע ליפּן, אונטער דער שוואַרצער וואָנצע, ער האָט זיך לײַכט אָפּגעטרײסלט פון דער דורכגעזאַפּטער נאַסקײַט, געזאָגט שטיל, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אָפּקלעפּנדיק די הויזן פון דער הויט:

— שוין. נאָכן קאָמיסאַר.

דערנאָך האָט ער זיך געזעצט צום קלײנעם טישל, אויך באָרעך קרולן געגעבן די האַנט. און פישל האָט אָנגעצונדן דאָס שפּירט־מאַשינדל, צוגעשטעלט וואַסער אַפ טײ. מיט די לאַנגע דינע פיס האָט ער זיך אַרומגעפּאָרעט הינטער אַרום, דין און בויגעוודיק געוואָרפן די הענט אַרום זײַן באָכערישער ווירטשאַפט, און מיט אַ פרײלעך קאָל געטרײסט פּעטרען:

באַלד. באַלד, וועסט זיך דערוואַרעמען, איך וועל דיר געבן טײ, און עפּשער אַביסל בראָנפן אויך? ניין, וועסט דיך נאָך אָנשיקערן, און הײַנט טאָר מע דאָס נישט. נאָר אַ קלײן ביסעלע וועל איך דיר געבן פונדעסטוועגן. נאַ, נעם אַ מאַנטל, טו אויס דײַנע דורכגעווייקטע שמאַטעס.—ער האָט אים צוגעטראָגן אַ לאַנגן ווינטערדיקן מאַנטל.—טו אויס, טו אויס, שעם דיך נישט ווי אַ קלײנטשיק קינד, ביסט שוין אַ דערוואַקסענער.

ער האָט אים געטריבן. און פּעטרע האָט עמעסדיק אויסגעזען ווי אַ רינענדיקע ריטשקע. כאָטש ער האָט זיך פריִער אָפּגעטרײסלט, האָט נאָך אַלץ פון אים געקאַפּעט אין אַלע זײַטן. דער שוואַרצער שטרויענער קאַפּעליוש איז געווען אויסגעבויגן ווי אַ קינדעריש־קלײנע שיף און אַרום אַפן ראַנד איז געלאָפן אַ ריטשקעלע ווי אין אַ רינווע. פישל האָט אים געהאָלפן זיך אויסטון, ער האָט אים געגעבן אַ האַנטעך זיך אָפּצווישן, און אַרופגעוואָרפן אַפ אים דעם מאַנטל. די אַנדערע צווײ האָבן געשוויגן. דעם יונגן זעליק איז נישט באַקוועם דער פריִערדיקער שפּאַס מיטן „פּאַניע קאָמיסאַר". „שוין. נאָכן קאָמיסאַר" האָט פּעטרע געענטפערט, און דאָס וואָרט איז געבליבן שטעקן אין זעליקס האַלדז ווי אַ טרוקענער ביין. די האָפענונג, אַז די באָלשעוויקעס וועלן ווידער צוריקקומען, איז נישט פאַרשוווּנדן, אָבער דערווײַל וועלן קומען די ווײַספּאָליאַקן, און דער טונקלער געדאַנק האָט אין אים געקעקבערט ווי די שוואַרצע נאַכט. זײַן יונגטלעך פּאָנעם מיט דער צאַרט־בלײכער הויט האָט איצט געקוקט איבער דער שטוב טאַמעוואַטע און לעפּיש, אַ קרענקלעכער קראַמפּ האָט פאַרצויגן זײַן ליפּ אונטער דער נאָז. און דער אַלטער באָרעך קרול איז לעבן אים געזעסן וואַזשנע—שווײַגנדיק. די עלנבויגן אַפן טיש, דאָס פּאָנעם אין די הענט—דאָס ברייטע, אַלט־צעקנייטשטע פּאָנעם מיט דער קײַלעכיק־אַרומגעשוירענער באָרד, מיט דעם גאָלן קאָפּ און מיט די געדיכטע ברעמען. פישל קאָפּטשיק האָט געריכערט איין ציגאַר נאָכן אַנדערן. פּעטרע יערעמטשוק האָט אָנגעצונדן די קלײנע גראָבע פײַקע, ער האָט זיך פונסנײַ דערמאָנט וואָס פישל האָט אים פריִער געזאָגט, אַז ער האָט געלאָזט אַפ זיך וואַרטן.

— ס'האָט זיך געמאַכט אַזוי, מײַן ווײַב האָט מיר אָנגעזאָגט שפּעטלעך, אַז דו ביזט בא מיר געווען און אַז דו דאַרפסט מיך האָבן. אָבער פאַרנאַכט האָב איך דאָך נישט געקאָנט גיין, אַז מע זאָל מיך זען בא דיר,—אַצינד דאַרף מע דאָך שוין — — — —

— גאָרנישט דאַרף מען.—פישל האָט אים איבערגעריסן.—די פּוילישע זײַנען נאָך נישטאָ, און ביז זײ וועלן קומען, האָבן מיר נאָך צײַט גענוג. דערווײַל שטייען נאָך אונדזערע הינטער דער שטאָט, דו וועסט אַוועק מיט זײ, פּעטרע, פאַרשטייסט?

פּעטרע האָט אויפגעמאַכט דאָס מויל. אַפ דעם האָט ער זיך נישט געריכט, ווײַזט אויס. געמיינט, אַז פישל וויל מיט אים ריידן וועגן דער אונטערערדישער אַרבעט אין דער צײַט,

ווען די פוילישע וועלן דאָ זײַן, דערווײַל הייסט ער אים גאָר אוועק. ניין, דאָס קאָן נישט זײַן. נאָר ער האָט נישט געענטפערט, מיט שטומע שוואַרצע אויגן געקוקט אַף פישלען.

— וואָס קוקסטו?—האָט פישל געפרעגט.—דו ווילסט נישט? איך האָב געוווסט, אַז דו וועסט דיר נאָך איבערלייגן. אָבער עס וועט דיר גאָרנישט העלפן, אַזוי איז באַשלאָסן.—ער איז אופגעשטאַנען דערלאַנגען טיי.

די גלעזער האָבן געבלאַנקט פון ריינקײַט, די טונקלע טיי איז אופגעגאַנגען מיט אַ פײַנעם רייעך. פישל האָט זיך געפּאָרעט, געזאָגט „טרינקט", דערנאָך זיך ווידער עפּעס דערמאָנט, און צוגעטראָגן פּעטרען אַ גלעזעלע בראָנפן. „טרינק" האָט ער נאָכאַמאָל געזאָגט. אָבער פּעטרע האָט נישט געוואָלט טרינקען, אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, פינצטער איז געווען דאָס פּאָנעם. פישל האָט אַנידערגעשטעלט לעבן אים דאָס גלעזעלע.

— פּעטרע דו ביסט טאַקע ווי אַ קינד, און אַלט ביסטו שוין פערציק יאָר.

— דאָס איז נישט אַזוי.—האָט פּעטרע געזאָגט און אויסגעטרונקען דעם בראָנפן. מער האָט ער נישט גערעדט.

זעליק האָט געטרונקען די הייסע טיי. און צווישן דער געקרײַזלטער בלויער פּאַרע, וואָס איז אופגעגאַנגען פון די בלאַנקע גלעזער, און צווישן די פאַרנעפּלט־טרויעריקע אויגן, וואָס האָבן אַרײַנגעקוקט אין די די גלעזער מיט טונקעלער טיי, האָט זיך געדרייט דער ערנסט־פאַרטראַכטער געדאַנק, דאָס טונקל־אומקלאָרע פאָרגעפיל פון דעם, וואָס דאַרף קומען.

בעשאַס זעליקס געדאַנקען האָבן זיך אַרומגעדרייט דאָ אין דער לאַנגער שטוב, צווישן מענטש און מענטש, האָט פּעטרע יערעמטשוק געשפּאַנט אַף ווײַטע מײַלן, אַרומגעקרײַזט באַלד אַ צוויי צענדליק יאָרן, פונסנײַ דורכגעפילט יענע ווײַטע טעג, וואָס זײַנען געפלאָסן ווי וווּנדערלעכע קינדערישע מײַסעס מיט זיסן האָפענונג־טרוים—אַפן זברוטש איז געשווּומען אַ שיפל — — — איז געשווומען אַ שיפל אַפן זברוטש און ער, פּעטרע יערעמטשוק, האַלב נאַקעט, זון־פאַרברענט, האָט מיט אַ לאַנגער ווענטקע געכאַפּט פיש. צוערשט איז דאָס געווען אַ לײַכטער שפּיל און אַ קליינער פאַרדינסט, פון זון־אופגאַנג ביז זון־פאַרגאַנג פאַרבראַכט אין קליינעם שיפל, זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג אַקעגן דעם שאַרפן גלאַנץ פון דער זון, אופגעזעצט זיך און אויסגעצויגן די לאַנגע ווענטקע מיט אַ נאַריש־פּיטשינק פישל, פאַרנאַכט פאַרקויפט די מעציִע אין שטאָט—דערנאָך איז געקומען, ווי אַ פויגל צו פליִען, פישלס באַקאַנטשאַפט. ווער קאָן זיך דערמאָנען יענע פאַרנאַכטן, ווען די קליינע פּעקלעך זײַנען אַריבערגעפלויגן אַף דער אַנדערער זײַט זברוטש! „אַף דער אַנדערער זײַט זײַנען קאָזאַקן", האָט מען געזאָגט אַף דער זײַט. און מיטאַמאָל פישלס באַקאַנטשאַפט, מיטאַמאָל פּעקלעך פאַר דער אַנדערער זײַט!

— איך וועל נישט אַוועק.

מיט אַן איראָנישן שמייכעלע האָט זיך פישל אומגעקוקט, געזען האַרטע קנאָכן הינטער פּעטרעס שוואַרצע אויגן, אַליין באַלד געוואָרן ערנסט.

— ווי דו ווילסט. פּלוצים האָסט זיך דערמאָנט? וואָס עפּעס געשען?

וואָס עס איז פּלוצים געשען, דאָס האָט פּעטרע נישט אויסגעזאָגט. די לאַנגע־לאַנג־יאָריקע ברידערלעכע פרײַנטשאַפט מיט אָט דעם פישלען, דאָס האָט פּעטרען, טיף אין האַרץ, נישט דערלאָזט איצט זיך אָפּרײַסן פון זײַן כאַוער. ער האָט געזאָגט:

— איך וועל אָן דיר נישט אַוועק.

זעליק, דער פריִער דערשלאָגענער, האָט זיך פריילעך אַ ריר געטאָן. פישל קאָפּטשיק

האָט געזאָגט, אז קיין באפעל פעטרע זאָל אוועק איז נישטאָ, נאָר ער וועט זיך נישט קאָנען אויסבאהאלטן, אונ די פּוילישע וועלן זוכן, שטארק זוכן. דאָס זאָל ער גדענקען. פעטרע האָט געענטפערט קורץ:

— דו וועסט נישט אוועק? איך אויך נישט.

ניין—פישל האָט נישט אזוי גיך נאָכגעגעבן. נאָכאמאָל אונ נאָכאמאָל האָט ער אופגעקלערט פעטרען זײַן געפערלעכע לאגע, ער וועט נישט קענען ווי געהעריק זיך צו באהאלטן, אסאך אופטונ וועט ער דערפאר נישט קאָנען, עס איז בעסער ער זאָל אוועק מיט די באָלשעוויקעס—ער וועט מיט זיי ווידער צוריקומען. פישל קאָפּטשיק האָט געדרייכערט איין ציגאר נאָכן אנדערן, פעטרעס לעבן איז אים נישט געווען גלײַכגילטיק. אָבער אויך פעטרע, ווי אופגעוואכט פון דער כאווערישער ווארעמקײַט, האָט קעסיידער געפּיפקעט די קליינע פײַקע אונ געבלאָזן פולע קנוילן רויך—זײַנע גדאנקען האָבן ארומגעקרײַזט באלד א צוויי צענדליק יאָרן—אונ אזויווי בא זײַן פרײַנט זײַנען די יאָרן געווען אויסגעפילט מיט רעוואָליוציאָנערער ארבעט, איז בא אים אליין געווען א ווײַטער בלויז, א ווייסע פליאמע פון גאָרנישט טאָן, ווײַל ער האָט נישט פארשטאנען וואָס צו טאָן,—איצט ווייס ער, פארשטייט ער:

— איך וועל אופטאָן דאָסזעלבע וואָס דו.

דאָס איז געווען דאָס לעצטע וואָרט; אויך פישל האָט מער נישט געוואָלט אים אגיטירן:

— אונדזער פארבינדונג וועט זײַן באם כאווער קרול. אונדזער פארבינדונג־מענטש וועט זײַן זעליק. איך בלײַב נישט אין שטאָט. ערגעץ אינ שכיינעס—ווו וועסטו זײַן?

דידאָזיקע פראגע האָט פעטרע דערפילט ווי די ערשטע הארבע פּרוווּנג. וועגן דעם האָט ער, עמעס, גאָר קיינ טראכט נישט געטאָן אפילע. א רויטע היץ איז אים ארײַן אינ פּאָנעם, פונעם קאלטן רעגן האָט ער זיך שוינ לאנג געהאט דערוואָרעמט, ער האָט שנעל געענטפערט:

— איך וועל זײַן, איך וועל זײַן אינ דאָרף. אונ איך ווייס נאָך נישט ווו — — —

דאָס וואָרט האָט זיך אים אָפּגעהאקט, ער האָט געזען זײַנע באקאנטע פויערים פון דאָרף, זיי וועלן אים העלפן אויסבאהאלטן זיך, ער האָט גלײַך א טראכט געטאָן וועגן די רײַכע אונטערלעקערס, דעם פּאָפּ, די זשאנדארן, וואָס וועלן נישטערן אינ דאָרף. דערפאר האָט ער געזאָגט: „איך ווייס נאָך נישט ווו, אונ דערפאר האָט ער איצט פארהאקט די ציינ מיט בייזער אקשאָנעס. עס האָט אינ אים געקאָכט: „איך וועל מיך שוינ דורכשלאָגנ“.

זעליק איז אוועק. פישל האָט נאָכאמאָל געזאָגט צו פעטרען!

— געדענק, דאָס ערשטע געבאָט פון א רעוואָליוציאָנער איז צו ארבעטן אונ נישט ארײַנצופאלן אינ די הענט פון פײַנט. זאָלסט לאָזן וויסן זעליקן ווו דו ביסט.

זייער דריקן זיך אינ די הענט אינ נישט געווען אזא, ווי אינ דער אלטער צײַט פון אריבערוואָרפן פעקלעך ליטעראטור אפ דער אנדער זײַט זברוטש, יוגנטלעכ־פריש, ווארעם אונ ווילײַנגעש—עס איז געווען, ווי צוויי ברידער געזעגענען זיך איידער זיי גייען אינ מילכאָמע—פעטרען זײַנען געשטאנען טרערן אינ די אויגן. „נו!“—האָט פישל געזאָגט—איינ וואָרט אונ אסאך. ער האָט אים ארײַנגעקוקט אינ די אויגן, דערנאָך האָבן זיי זיך ארומגענומען אונ געקושט. אינ דער אָפענער טיר האָט פישל נאָכגעקוקט פעטרען ביז ער איז ארומגענומען געוואָרן פון דער טונקלער ווײַטקײַט — — —

(סאָפּ קומט)

## ה. קאמענעצקי



* * *

וער האָט קינדוויַיז פון אונדז ניט געכאָלעמט
זיַין א העלד, ווי אין אַלטע לעגענדן
און באפאלן אין וועלדער, אין טאָלן
ליוועראנטן, קייסאָרים און הענדלער.

איך פלעג אויך וועגן העלדישקייַט קלערן,
און דאָס בלוט האָט געוואָרפן זיך האסטיק.
כ׳ האָב געטרוימט א פאָזשארניק ווערן
און פארמאָגן א מעשענע קאסקע...

דערפאר ווען ס׳ פלעגט פלוצים א סרייפע
צעוויקלען א ראָזעווע פאָכער,
פלעג איך ווארפן די שפיל אין רייפן
און דער ערשטער אין פייַער געקראָכן.

אהיים פלעג איך נאָכדעם שוין קומען
מיט צעפליקטע, פארסמאליעטע פינגער.
כ׳ פלעג באהאלטן די הענט מיט אן אומרו,
ס׳ פלעגט א ציטער אין לייַב זיך צעקלינגען.

ס׳ פלעגט א קינדיש־פארטייַעטער פלאטער
אונטער בליק בא מיר נאָגן, נאָגן,
ווייַל איך האָב פאר דאָס אלץ פון טאטן
ניט איין הילכיקן פלעם געקראָגן.

און דאָך, ווען איך נעם אמאָל קלערן,
ווערן נאָענט און וווּנדערלעך טייַער
יענע יאָרן, ווען כ׳האָב זיך געלערנט
קריכן אין פייַער...

## ז. אקסעלראָד



* * *

איך האָב זיך אָפּגענארט...
איך בין געוועזן צופילֿ צארט
און האָב אומזיסט, דאכט זיך, געווארט
און מעג זיך ווײַטער רירן...

דער זייגער איז שוין עלֿף און מער
און כ׳גיב בא זיך אזוי א קלֿער:
זי וועט ניט קומען דאָך אהער,
זי וועט מיך אונטערפירן.

צי זי איז אלֿץ נאָך אין אנשטאלֿט,
אָדער עמיץ אונטער האנט זי האלט,
און וויפלֿ איז מען עס איינגאנצן אלֿט
אפ לֿיבעס נאָך צו פירן.

און ס׳ווערט פאר מיר איינגאנצן קלֿאָר
און כ׳גיב זיך פעסט אזוי א וואָרט:
אפ אָט דער גאס, אפ אָט דעם אָרט
קיין לֿיבעס ניט פארפירן —

איך האָב זיך, דאכט זיך, אָפּגענארט,
איך בין געוועזן צופילֿ צארט
און שטיי נאָך אלֿץ אָבער און ווארט
און קען זיך פאָרט ניט רירן.



פאָלקס־ארטיסט פונ דער רעפּובליק ג א ר ד י נ אינ
דער ראָל פונעם זיירנ ניקיטא. פונעם קלאנג־פילם
„די מוטערלאנד רופט“, פּראָדוקציע פונ ווײַסטעלוכער
קינאָ. רעזשיסער אָרשאנסקי, סצענארי פונ פארדינסט־
פולנ קונסט-טוער פונ ווססר א. ו אָ ל נ י.

ב. אָרשאַנסקי



# צווישן סאָפּקעס און שנייען

(עסקיזן)

I

קאַלימאַ...

ווער ווייס פון דער דאָזיקער געגנט, אַכוץ עפּשער די אַלטע פּאָליט־קאַטאָרזשאַנער, וואָס האָבן אין די אַמאָליקע צאַרישע צײַטן איינזאַם געבלאָנקעט איבער דער שנייִיקער אומענדלעכקײַט צווישן וועלף און בערן, צווישן ווילדע הירשן און בלוי־זילבערנע פוקסן, געבלאָנקעט, געבלאָנדזשעט און טראָפּן נאָך טראָפּן אויסגעטריפט דאָרט דעם כּיעס, דעם זאַפט פון דער יוגנט, דעם לעבן, און איינציקע פון זיי אפילו דעם גלויבן אין דעם, פאַרוואָס מע האָט געלעבט און געקעמפט.

און נאָך ווייסן פון קאַלימאַ: אַ פּאָר אַקאַדעמיקער, עטלעכע פּראָפעסאָרן און געלערנטע, וואָס זיי האָט אינטערעסירט די געאָגראַפיע, אָדער געאָלאָגיע אין דעם דאָזיקן געגנט.

און גאָר...

דער ברייטער עולם ווייס גאָרנישט פון קאַלימאַ. עפּעס האָט מען אַמאָל געהערט פון אַ טײַך אַזאַ, וואָס ליגט ערגעץ ווײַט אין ווײַטן צאָפן פון ווײַטן מיזרעך.

צי איז דאָרט דאָ עפּעס אַ יִישעוו, ווי גרויס ער איז, ווער וווינט דאָרט, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די פעלקער, וואָס וווינען דאָרט, פון וואָס לעבן זיי, מיט וואָס עטעמען זיי— דאָס ווייס קימאַט קיינער ניט.

פון אַמאָליקע אַלטע באַגריפן וועגן „ווילדע“ פעלקער ביכלאַל, איז בײַ אונדז פאַרבליבן, אַז דאָרט ערגעץ ווײַט אין ווײַטן צאָפן פון ווײַטסטן מיזרעך וואַנדערן אַרום עפּעס מאָדנע מעשונע פעלקער, וואָס האָבן צוויי גרונט „מײַלעס“: ערשטנס, זײַנען זיי ווילדע פעלקער, און, צווייטנס, שטאַרבן זיי נעבעך אויס...

קיינער נויט זיי ניט אויסשטאַרבן, קיינער קוילעט זיי ניט אויס, קיינער האָט ניט אָנ־

געבראַכט אהין קיין שום קרענק... כאָלילע... זיי אַליין, מאַמעש פון גוטפריַנטשאַפט ווענן שטאַרבן זיי אויס...

אפן „וויסנשאַפטלעכן" לאָשן האָט דאָס געהייסן: די ווילדע פעלקער האַלטן ניט אויס דעם דרוק פון קולטור און ציוויליזאַציע, וואָס עס שפּאַרט פון אַלע זיַטן אין זייער אָרעם, זיי פאַלן אַריַן אין די אָרעמס פון דער צווייפּענעמדיקער דאַמע און שטאַרבן פון איר קוש...

און דעם בריטן אוילעם האָט מען אונטערגעטראָגן ביליקע בולוואַר-באַשריַבונגען מיט בולוואַר־צייכענונגען, וואָס האָבן געדאַרפט באַשטעטיקן אָט די דאָזיקע אַלע „פאַקטן" און איַנפלאַנצן די נייטיקע באַגריפן.

און ווירקלעך... קוקט אַריַן און זעט ווי ווילד 'עס האָבן אויסגעזען אָט דידאָזיקע־פעלקער אפ די לובקעס אין די בולוואַר־אויסגאַבן...

די עקזאָטישע קאָסטיומען, טענדענציָעז ־ אוטרירטע, האָבן געשראָקן מיט זייער האַלב־מענטש, האַלב־כאַיע־אויסזען. קרומע אויגעלעך, שמאָלינקע און ווילדע אויסגעטאַר־טשעטע באַקן־ביינער... די אָרומיקע שנייִקע בערג, די הירשן געשפּאַנטע אין נאַרטעס, די פאָטיאַגעס*) הינט, אפ וועלכע עס פאָרן אַרום די דאָזיקע פעלקער—אין דער דאָזיקער גאַנצער אַרומרינגלונג האָט דער צאָפנדיקער מענטש אפ די ביליקע בולוואַר־בילדלעך ווירק־לעך אויסגעזען, ווי אַ ווילד־מעשונע כאַיע.

און די באַשריַבונג איז געווען ניט ווייניקער ביליק און האָט ניט ווייניקער געשמעקט מיט בולוואַר, ווי די מאָלעכצ... עס האָט פון ביידן געשפּאַרט מיט אימפּעריַאַליזם געקויפלט אפ צאַריזם.

דאָס אויסערלעכע, דאָס עקזאָטישע האָט אינטערעסירט באַ דידאָזיקע פעלקער. דאָס האָט מען צעשמירט אפ טעלערלעך, דערמיט און נאָר דערמיט, האָט מען געלאָזט און געקוויקט דעם בריטן אוילעם.

קימאַט קיינעם פון די אַמאָליקע שריַבער האָט ניט אינטערעסירט, וואָס עס טוט זיך מיטן לעבעדיקן מענטשן, מיט וואָס עטעמט ער, וועגן וואָס טראַכט ער, צי לעבט ער וואָס איבער?

ביזוויליק איז אָבער אומעטום פאַרשוויגן געוואָרן דאָס וויכטיקסטע—די שענדלעכע און גרענעצלאָזע עקספּלואַטאַציע, דער טעראָר און די שכיטעס, וואָס די צאַרישע רעגי־רונג, אירע קאַזאַקן און זשאַנדאַרמען, די פּאָפּעס און שענקער, די סאָכרים און פּאָליציי־ליַט—האָבן איַנגעאָרדנט אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקלעך אינגאַנצן אומגעשטערט. עס איז אַבסאָליוט ניט דערמאָנט געוואָרן די קלאַסן־סטירעס און דער קלאַסנקאַמף, וואָס האָבן עקזיסטירט באַ די דאָזיקע פעלקער.

און ווירקלעך—צו וואָס? צו וואָס מענטשלעכקײַט און נאָך פון קלאַסן־שטאַנדפּונקט, ווען מע קען אויסקערן דעם פעלץ, אַרופציִען אפ זיך אַ כאַוער־קאָשער־פיסל־מאַסקע, אָנזאָטלען אַן אויסגעפּוצטע אין איר גאַנצן פּראַכט און מיט איר גאַנצן „כיין" די באַרימטע „מאָראַל" און—פאַרדינען דערבײַ אַ פעטע קאָפּקע.

ווילדע פעלקער, פאַרשטייען זיי ניט די וויכטיקײַט און די גוואַלדיקע רעטונג פאַר זיי פון... קריסטנטום, לעמאָשל... שמאַדט מען זיי איבער אָן זייער וויסן, גיט מען זיי ריין־רוסישע נעמען און ריין־רוסישע פאַמיליעס... קעדיי כאָטש אין „פּאַטשפּאָרט" קריגן אַ „קולטורעלן" אויסזען...

---

*) פּאָטיאַג—אַ שפּאַן.

ווילדע פעלקער, באַגרײַפֿן זיי ניט, וואָס איז אונדזער קולטור און ציוויליזאַציע בכלל, האָט מען אַהינצו געבראַכט—ניט קיין דאָקטער, אָדער כאָטש אַ פעלדשער... מע האָט אויך ניט געעפֿנט דאָרט קיין שולן—פֿאַר זיי, פֿאַר אָט די ווילדע פעלקער האָט מען אויף די קאָזאַקישע שפּיצן געבראַכט שכּיטעס, שנאַפּס, מאַגייפֿעס, און... סיפיליס...

און ווי באַלד, אַז ווילדע פעלקער, איז דאָך בכלל ניט שווער צו זאָגן—ווי לעבן זיי, וואָס טראַכטן זיי, וואָס פֿילן זיי...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

.2

וועלן מיר פֿאַרגעסן אָט די „באַגריפֿן", מיר וועלן זיי אָפּשלײַדערן און פּרוּוון געבן אייניקע שטריכן, וואָס וועלן שאַפֿן כאָטש אַ מינדסטע, אָבער ריכטיקע פֿאָרשטעלונג וועגן קלימאַ, וועגן די פעלקער, וואָס וווינען דאָרט, וועגן דעם, ווי האָבן זיי געלעבט בײַ דער הערשאַפֿט פֿון צאַר און וואָס שטעלן זיי מיט זיך פֿאָר איצט, מיט וואָס לעבן זיי, מיט וואָס עטעמען זיי. מיר וועלן פּרוּוון דערווײַזן מיט אַ רײ בײַשפּילן, אַז זיי זײַנען ווײַט ניט קיין ווילדע, ניט געקוקט אויף זייער אָפּגעשטאַנענקייט, אַז אין אונדזער לאַנד, בײַ אונדזער מאַכט הייבן אָן ביסלעכווײַז אַפֿילו אַזעלכע פעלקער, וואָס אַמאָל האָט מען מיט זיי קינדער געשראָקן, אַרײַנגעצויגן ווערן אין קולטורעלן לעבן און מיר מאַכן פֿון זיי עכטע באַוווּסטזיניקע בירגער פֿון זייער אייגענעם פֿאָטערלאַנד...

איז אָט... קלימאַ...

אַפֿילו ניט וועגן גאַנץ קלימאַ וועט דאָ גיין אַ רייד, בלויז וועגן איין טייל אירן, וואָס באַשטייט פֿון פֿיר ניט קיין גרויסע ראַיאָנען: אָלער, טאַויער, סיימטשאַנער און נאַיאַכאַנער, פֿיר ראַיאָנען, וואָס ווי קליין זיי זאָלן ניט זײַן, וואָלט קוים יעדערער פֿון זיי געקענט פֿאַרשטעקן אין איין ווינקל אַזאַ לאַנד, לעמאָשל, ווי ליטע... און אַלע פֿיר ראַיאָנען צוזאַמען פֿאַרנעמען אַ טעריטאָריע קוים אַזוי די גרויס, ווי פֿראַנקרײַך...

ליגט דאָס סאָוועטיש ווינקעלע ערגעץ ווײַט, אַ דרײַצן-פֿערצן טויזנט קילאָמעטער פֿון צענטער, ליגט עס אַ פֿאַרוואָרפֿנס צווישן סאָפּקעס און שנייען אויפֿן ווײַטן צאָפֿן פֿון ווײַטן מיזרח.

אַ ראַכוועס פֿון שנייען אויף טאָלן, אויף סאָפּקעס, אויף בערג. צעוואָרפֿן אין אומאָרדענונג, ווי עמעצער וואָלט זיי דאָ צופֿעליק פֿאַרלאָרן, ליגן די סאָפּקעס, מעגושעמדיקע און שפּיציקע, און בערג ליגן דאָרט אײַנגענורעט מיט די קעפּ אין שניי און עס דוכט זיך, אַז אין זייער אײַנגעקאָרטשעטקייט האָבן זיי בלויז די רוקנס זייערע אַרויסגעשטעלט און וואַרעמען זיי אויף דער שאַרף-ליכטיקער און שאַרף-שטראַלנדיקער זון.

ליגט דאָרט באַטאָג אַ בלאַנקע בלישטשענדיקע ווײַסקייט, וואָס גיט אָפּ מיט אַ בלויקייט, שנײַדט די בלאַנק-בלישטשענדיקע בלויקייט די אויגן, און געניטע מענטשן לאָזן זיך ניט אין וועג אָן ספּעציעלע בוטל-פֿאַרביקעברילן—מע ווערט בלינד.

פֿאַרטאָג און פֿאַרנאַכט צעשפּילט זיך איבער די סאָפּקעס און רוקנס פֿון בערג אַ געדיכטע און פֿרײלעכע שטראַלנדיקע ראָזעווּדיקייט, ווי די בליִענדיקע ראָזעווּדיקייט אויפֿן פּנים פֿון אַ קינד, וואָס איז נאָר וואָס אויפֿגעשטאַנען פֿון שלאָף...

און פֿרעסט שטייען דאָרט האַרבע. זיי זײַנען אַזעלכע געדיכטע און פֿילן אָן די לופֿט מיט בייזן און גרויזאַמען סקריפּ. די זון איז עטוואָס פֿאַרנעפּלט פֿון פֿראָסטיקן אָטעם. אירע שטראַלן שטעכן אין דער שטאָלענער פֿראָסטיקייט און פּרוּוון לינדערן איר גרויזאַמקייט.

זײַנען אָבער די ווינטער־טעג צו קליין, די זון צו אָנמעכטיק... שטײַגן די פרעסט אַלץ העכער און העכער און טעג זײַנען דאָ—אָז גרויזאם ווערט זייער שטעכיקער אָטעם.

און די נעכט, אונטערן שײַן פון דער לעוואָנע, האָבן אַן אויסזען פון דורכזיכטיקן ברינגלאָזיקן גליוועך. זיי עטעמען רויק און שטיל, מיט א פולער ברוסט און פארשטשעמען הארב דעם גאנצן ארום אין זייערע אײַזערנע שטעכיקע נעגל...

טרעפן טעג און וואָכן... ערגעץ ווײַט הינטער די סאָפּקעס צעשפּילט זיך שטורעמדיק א ווינט. ער צעשפּילט און צעווירבלט זיך, ער פארטרײַבט ערגעץ ווײַט די זון, פארבאריקאדירט זי מיט שווערע וואָלקנס און א פרײַער און באפרײַטער צעהוליעט ער זיך אין שנייִקן טאנץ.

פורגא.

אף דער צײַט פון ווינטישער מעשוגאעס ווערט אָפּגעשטעלט דאָס לעבן. דער נאָכן נעכטן אָפּגערייניקטער וועג איז הײַנט פארוואלגערט מיט שניי אף 2־3 מעטער די הויך. עס שטעלט זיך אָפּ דער יאגד, דער טראנספּאָרט... עס הייבן אָן אופצולעבן די ווינטער־הײַזלעך אף די וועגן: אהין אײַלן צו קומען די פארשיידענע וועג־מענטשן און יאגד־לײַט איבערוואַרטן די פורגא...

אף בערג און סאָפּקעס זײַנען צעזייט קודריאַווע, קורצקעפּיקע טײַגעס. ציִען זיי זיך ווײַט און ברייט אָן א סאָף. און אין זיי ווימלען די זעלטנסטע כאיעס: פוקסן מיט בלאָזילבערנע רוקנס, פלינקע וועווערקלעך, שנייווײַסע. לאנגעקיקע גאָרנאסטאיען, געדיכט־האָריקע, ווארעם־פוכיקע ווידרעס, שווערפיסיקע בערן, וועלף, ווילדע הירשן און נאָך און נאָך...

אין די טײַגעס בא טײַכן, בא סאָפּקעס און בערג צעשנירלען זיך שמאָלינקע, שלאנגיקע וועגעלעך און בא די זײַטן פון וועגעלעך, אף אויסגעפּונענע פלאכן, ווי אף דלאָניעס, ליגן צעוואָרפן אין יורטעס, ווי גרויסע שפּיציקע יארמלקעס, קליינינקע ייִשוווימלעך.

און דאָ, אין די ייִשוווימלעך, האלט זיך אופ דער גרונט־קערן פון דער אָרטיקער באפעלקערונג: די טונגוסן.

איך אנטשולדיק זיך: ניט טונגוסן, נאָר אָראָטשעלער (פון וואָרט אָראָן—א הירש, ד. ה. הירשן־צוכטלער). טונגוס איז בא זיי א זידל־וואָרט, ווי בא אונדז „זשיד“, „מאלאָראָס“.

הונדערטער יאָרן האָבן אָט די דאָזיקע אָראָטשעלער געלעבט אונטערן יאָך פון קאָזאק און זשאנדארמען. זיי האָבן געלעבט און פון קיין לעבן ניט געוווּסט. שטענדיק געוואנדערט פון איין פּערעוואַל צו דעם צווייטן, געשלעפּט מיט זיך אף הינט—אָדער אף הירשן־נארטעס [1]) די גאנצע פאמיליע, די קינדער אין קוקולן [2]). ערגעץ־ווו אף א פלאך, צווישן סאָפּקעס, אָדער אינמיטן וואלד, האָט מען פאנאנדערגעוויקלט די יורטע, זי ווי עס איז אײַנגעשטעלט אין שניי, ארומגעהאנגען מיט הירשן־פעל און אף עטלעכע וואָכן, אָדער כאדאָשים אײַנגעשטעלט א וווינונג...

דערנענטערט זיך דער פרילינג, דער יאגד לאָזט זיך אויס, הייבן זיך פאמיליעס אופ פון „אײַנגעזעסענע“ ערטער און וואנדערן אריבער נענטער צו די טײַכן, אין די „אלט־געזעסענע“ ערטער.

עס הייבט זיך אָן דער פיש־פאנג.

---

[1]) א נארטע—א מין שליטן.

[2]) א קוקול—א זעקל פון רויכווארג.

שטייט מען אין די טײַכן מיט די צעדריפּלטע נעצן ביז האלב אין וואסער, שטייט מען טאָג און נאכט, מע כאפּט פיש...

אָדער ייִשוּווימוויַז הייבן זיי זיך אופ, וואנדערן מיט טויזנטער און צענדליקער טויזנטער הירשן ערגעץ אפּ די רוקנס פון בערג און סאָפּקעס, זוכן אויס די בעסטע יאגעל[1]-ערטער, עס פּאשען זיך די הירשן, קעלבן זיך דאָ, האָדעווען זיך אין די הייסע זומער-טעג אין שאָטן פון וואלד... פלעגן וואלגערן זיך מיט זיי די צענדליקער באטראקעס, אופּגעגעסן ווערן פון דער באריםטער מאשקארא, צעברענט ווערן אפּ דער שארפער און ברענענדיקער זון.

צוליב וואָס? פאר וועמען?...

די אָרעמע און מיטעלע אָראָטשעלער פּויערים,—וועגן די באטראקעס איז שוין אָפּגערעדט,—האָט מען שטענדיק מיט צוויי בײַטשן געשמיסן: פון איין זײַט האָט איבער זיי געהערשט די אומבאגרענעצטע מאכט פון סטאנאָוואָי און פּריסטאוו, פון יעדן צארישן פּארשיווּן טשינאָווניקל, פון גאלעך און פון רוסישן סויכער,—פונעם אזוי גערופענעם „פּרעמדנ". און פון דער אנדערער זײַט האָט זיי געדרייט אין דרײַען דער „אייגענער", דער אָראָטשעלער באלעגופּ, וואָס האָט געהאט טויזנט-קעפּיקע הירשן-טשערעדעס, דער גרויסער אָראָטשעלער סויכער, וואָס איז געווען דער פּארמיטלער צווישן די הונדערטער אָרעמע האָרעפּאשניקעס און דעם רוסישן און אמעריקאנער גרויסן סויכער, און צוזאמען מיט זיי אפּן ברוטאלסטן און ווילדסטן אויפן עקספּלואטירן „די אייגענע ברידער"...

די געגנט איז זייער א רײַכע, אויסער פּוטערוואַרג, און פישן, און הירשן, פּארמאָגט די געגנט גאָלד, פּארשיידענע אנדערע מעטאלן; גרויסע פויגלען, ווי גענדז, וואָס האָבן א זעלטן-ווייכן פּוך און אויסערגעוויינלעכע שיינע פעדערן, מיט וועלכע די בורזשואזע דאמען פלעגן באפּוצן זייערע קליידער און היט; די ברעגן פון יעגער-יאם זײַנען רײַך מיט מויערקעפּלעך, אין וועלכע עס געפינט זיך גאנץ אָפט די זעלטנסטע פּערל.

אָבער די געגנט האָט ניט קיין ברויט. זי האָט ניט קיין זאלץ, זי האָט ניט קיין טאַבאק. און אָן די אלע זאכן קאָן מען ניט לעבן. בא די אָראָטשעלער רויכערן אלע: די מענער, די פרויען, די קינדער. זיצט ערגעץ א זיבן-אכט יאָריק נעפעשל אפּ א הירשנפעל אין ווינקעלע פון יורטע און פּיפּקעט א ליולקע. די דאָזיקע געגנט האָט ניט קיין טיי, וועלכע די אָרטיקע באפעלקערונג טרינקט אָן א שיר. וועגן קליידער, וועגן בונט-פּארביקע צירונג, וואָס די אָראָטשעלער פרויען האָבן אזוי ליב,—וועגן דעם איז דאָך ניטאָ וואָס צו ריידן...

די דאָזיקע אלע זאכן ברענגט מען אהין פון אזויגערופענעם „מאטעריק".

און דאָס האָבן אויסגעצייכנט אויסגענוצט פּארשיידענע סאָכרים סײַ רוסישע, סײַ אמעריקאנער. זיי צוהילפּ זײַנען געקומען די „אייגענע"—די אָראָטשעלער באלעגופּים און סאָכרים.

די רוסישע און אמעריקאנער סאָכרים פלעגן מיט דער ערשטער נאוויגאציע ברענגען אהינצו פּארשיידענע שפּײַז-פּראָדוקטן און גאלאנטעריי, און דערהויפּט ספּירט... דאָס אלץ פלעגן זיי ברענגען בעצימצעם. און ארויספירן פלעגן זיי פון דאָרט ווערטפולע סכוירעס אפּ פעטע מיליאָנען...

אדהאיעם דערציילן די אלטע אָראָטשעלער א גרויסן וווּנדער...

---

[1]) יאגעל—א מאָך, וואָס מיט אים שפּײַזן זיך די הירשן.

איינמאָל האָט זיך אַראָפּגעלאָזן ערגעץ פון ווײַט א מאָדנער רוסישער סויכער. ער האָט מיט זיך געבראַכט אַסאַך צירונג: בונט־פאַרביקע סטענגעס, בוסן פּילפאַרביקע, גרויסע און שײַנע... און ער... ער דאַרף דערפאַר גאָרנישט... ער דאַרף האָבן אַזעלכע מויערקעפּלעך, וואָס וואַלגערן זיך באַם ברעג יאַם אָן א שיר. ער פלעגט נעמען וועוורקלעך און פוקסן אויך, אָבער דערהויפּט פלעגט ער בעטן די מויערקעפּלעך... פאַמיליעס גאַנצע פלעגן טעג און וואָכן קלײַבן די מויערקעפּלעך... ניט אַלע פלעגט ער נעמען, עפּעס א באַזונדער מין... א מאָדנער סויכער געווען...

דער „מאָדנער" סויכער האָט אין „דעם באַזונדער סאָרט מויערקעפּלעך" געפונען, פאַרשטייט זיך, פּערל. פאַר ביליקע אָבער בונטע סטענגעס און בוסן, וואָס קאָסטן גראָשנס, פלעגט ער באַקומען אָט די טײַערסטע פּערל.

אַזעלכע „מאָדנע" סאָכרים מיט פאַרשיידענע „סכוירע־אָפּנויגן" פלעגן אַהינצו אָנפאָרן מיט די ערשטע נאַוויגאַציע־וואָכן און צונעמען אַלץ, וואָס די אָרעמע באַפעלקערונג פלעגט אָנזאַמלען אין פאַרלויף פון ווינטער.

און באַקומען פלעגן זיי פאַר די דאָזיקע און אַנדערע זעלטענע עקספּאָרט־סכוירעס א האַרטן, שוואַרצן ציגל טיי, א פּאָר פּעקלעך מאַכאָרקע, עטלעכע פּילפאַרביקע שמאָכטעס און... ספּירט!...

ספּירט... אָרער, ווי די אָראָטשעלער רופן דאָס אָן פיגורעל—„א סאָסקע"!...

פאַר דער „סאָסקע" פלעגט דער סויכער אַמאָל אָפּקויפן אַלץ, וואָס דער אָרעמער אָראָטש האָט געהאַט. אין די לאַנגע און שווידערלעכע ווינטערן האָט די „סאָסקע" כאָטש אויף א ווײַלע דערוואַרעמט די צעקאַלייעטע גופים; די „סאָסקע" האָט אויף א ווײַלע געמאַכט פאַרגעסן דעם שווידער אין דער היים, די רעכטלאָזיקייט און עלנטקײַט, די ווילדסטע פאַרוואָגלטקײַט.

און די „סאָסקע" איז געוואָרן דער אינהאַלט אין לעבן.

די אָרעמע אָראָטשעלער באַפעלקערונג, אָט די, וועלכע פלעגט זיך וואַלגערן אויפן יאַגד, וואָס פלעגט האָדעווען די הירשן, וואָס פלעגט פאַנגען פיש—די באַפעלקערונג, וואָס פלעגט זאַמלען די רײַכקײַטן פון געגנט, האָט געווינט צעשאָטן און צעוואָרפן אין דער טיף פון דער טײַגע, אין ערטער, וווהין עס פלעגט זײַן גאַנץ שווער און אָפט אוממעגלעך צו דערקלײַבן זיך.

די גרויסע סאָכרים, די אַמעריקאַנער און די רוסישע האָבן, נאַטירלעך, ניט געקענט זײַן פאַרבונדן מיט יעדן אָרעמען אָראָטש באַזונדער. זיי האָבן דעריבער געהאַט זייערע „פאַרמיטלער", די גרויסע סאָכרים פון דער טייל פון דער רוסישער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך דאָרט באַזעצט אויף שטענדיק, און דערהויפּט טאַקע די אָ ר ט ג ע ב י ר ט י ק ע סאָכרים, די אָ ר אָ ט ש ע ל ע ר. די אַמעריקאַנער, לעמאָשל, האָבן געהאַט צו טאָן קימאַט דורכויס מיט אָראָטשעלער סאָכרים. באַ די דאָזיקע אָראָטשעלער באַלעגופים האָט מען נאָך ביז גאָר ניט לאַנג געקענט געפינען גרויסע שאַפעס מיט שפּיגל־גלאָז, געבראַכטע פון אַמעריקע, אַמעריקאַנער קיך־געשיר, אַמעריקאַנער צירונג. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָבן מיר נאָך געפונען באַ א באַלעגוף פאַרגראָבן און באַהאַלטן גאָר א גרויסע צאָל טאָנען זאַלץ, אויך איבערגעבליבן פון אַמאָליקן מיסכער מיט די אַמעריקאַנער...

און דאָס האָבן אויסגענוצט די „אייגענע", די אָראָטשעלער סאָכרים. דאָ איז אָנגעגאַנגען די ווילדסטע עקספּלואַטאַציע, אָבער שטענדיק מיט א געדיכטער שאָוויניסטישער אידעאָלאָגיע. די אָראָטשעלער סאָכרים האָבן אויסגענוצט אויסגעצייכנט דעם ווילדן דרוק און

די נאָכ ווילדערע אונ העסלעכע באַליידיקונגענ, וואָס פלעגנ זיכ שיטנ אפּנ קאָפּ פונ דעמ אַרעמנ אָראַטש. זיי האָבנ אויכ אויסגענוצט דאָס, וואָס די אַרטיקע רוסישע סאָכרימ,— געוויינלעכ אנטלאָפענע באנדיטנ, אָדער פארשיקטע פארברעכער—פלעגנ באגאנווענענ אונ „בארעכענענ" דעמ אנאלפאבעטישנ אָראַטש.

דער אַראָטשעלער סויכער מיט דער הילפ פונ דעמ שאמאנ [1]) האָט געזייט די בלוּ־טיקסטע סינע צומ „פרעמדנ", צומ רוס. דער שאמאנ האָט אינ דער זעלבער צײַט ווונדער דערציילט פונ דער גוטסקײַט אונ איידלקײַט פונ דעמ אייגענעמ „ברודער", פונ דעמ אַראָטשעלער סויכער.

אהא, די „אייגענע"! זיי באגייענ זיכ ניט אזוי, ווי די „פרעמדע". זיי טרײַבנ ניט ארויס פונ יורטע, זיי נעמענ אופ זייער גוט אנ אייגענעמ „ברודער", אנ אָראַטש. שטענדיק איז גרייט פאר אימ א הייסע גלאָז טיי מיט צוקער, טרינק וויפל דו ווילסט... זיי גיבנ אמאָל א „סאָסקע" אויכ...

דער אַראָטשעלער סויכער האָט אנ אָפענע האנט. ער גיט אפּ באָרג אביסל מעל, אי טאבאק, אי א ציגל טיי. דער רײַכער אָראַטש פלעגט מיט פארגעניגנ צוווארפנ דעמ אָרעמענ אראָטשעלער יאגד־מענטש א הירש, פארצוקט פונ א וואָלפ, אָדער וואָס איז אָנגעשטעקט פונ „קאפיטיצע" [2]) אונ דורכ דעמ פלעגט ער אימ אפּ שטענדיק פארשקלאפנ. ער האָט שוינ בעמיילע געמוזט אָפּגעבנ דעמ „אייגענעמ ברודער" די גאנצע יאגד־רויב, ווײַל ער האָט דאָכ געלעבט פונ דעמ גרויסנ באלצדאָקע אונ זײַנ בארמהערציקײַט.

ווי ענלעכ עס איז געווענ אפּ דער פאָרמ פונ עקספּלואטאציע, וואָס עס האָט געהערשט אינ די גאָר ניט לאנג פארגאנגענע „גוטע" צײַטנ בא אונדז אינ דאָרפ, ווענ דער אָרעמער אונ מיטעלער פויער איז געלעגנ אינ די נעגל פונ בארמהארציקנ אונ גאָטספאָרכטיקנ באַ־לעגופ! אפאָנעמ, אז דער „ווילדער" צושטאנד פונ די דאָזיקע פעלקער האָט זיי אבסאָליוט ניט געשטערט אָפּצולערנענ זיכ פונ זייערע „ציווילזאטאָרנ" אונ ארײַנברענגענ בא זיכ די זעלבע „קולטור" פונ עקספּלואטאציע, ווי בא די „קולטורעלע" באלעגופימ...

יאָרנ נאָכ יאָרנ האָט מענ אָט דעמ דאָזיקנ שאָוויניסטישנ סאמ געזייט אינ די הערצער אונ מויכעס פונ אָרעמנ אָראַטש. קעדיי צו האָבנ א באגריפ וועגנ דעמ, אינ וואָס פאר א ליכט עס זײַנענ ארויסגעשטעלט געוואָרנ די גרויסע אָראָטשעלער סאָכרימ, וועלנ מיר ברענגענ אנ אויסצוג פונ איינ דאָקומענט, וואָס רופט זיכ „די געשיכטע פונ דער קאריא־קישער מילכאָמע"... די „געשיכטע" געפינט זיכ אינ מאנוסקריפט אינ דער ביוראָ פונ קאנטקענטעניש אינ נאגאיעווע אונ איז געשריבנ געוואָרנ פונ א בארימטנ באלעגופ, וואָס איז ביז דער לעצטער צײַט געווענ זייער געאכט אפילע בא א טייל פונ דער אָראָטשעלער אַרעמשאפט. דער אווטער רעכנט זיכ דאָרט פאר דעמ איינציקנ געלערנטנ, אונ זײַנ וואָרט איז דעריבער געווענ מאמעש הייליק.

אָט וואָס דער דאָזיקער „געלערנטער" דערציילט וועגנ איינעמ א גרויסנ סויכער גע־ראסימ קירילאָוויטש כאבאראָוו.

„אונ געווענ איז עס אינ יענער צײַט, ווענ אפּ דעמ דאָזיקנ יאמ־ברעג האָבנ פיל רײַכע לײַט געווינט. אונ געהאט האָבנ זיי גרעסערע אונ קלענערע טשערעדעס הירשנ אומעטומ אפּ דעמ יאמ־ברעג. אינ יענער צײַט האָט געהערשט דער צווייטער דאָלגאנער

[1]) א מינ הייליקער...
[1]) א הירשנ־מאגייפע.

שוירעש אפ אונדזער יאמ־ברעג. אונ געווענ איז צווישנ זיי איינער א רײַכער אונ געלערנטער מאנ, דער רײַכסטער אונ געלערנטסטער אינ אָכאָטסק אונ אפ קאמטשאטקע. געהייסנ האָט דער בארימטער מאנ געראסימ קירילאָוויטש כאבאראָוו. ער האָט געהאט, דער בארימטער מאנ, דרײַ טויזנט הירשנ, אונ געווענ איז דער דאָזיקער געראסימ קירילאָוויטש זייער א גוטער מענטש. אזעלכע ווי ער, זײַנען אינ טונגוסישנ פאָלק געווענ נאָר צוויי מענטשנ. ער פלעגט אראָפּפאָרנ אינ אָלער קאנט, אינ טאויער קאנט, אינ ארמאנ אונ דעמ ליידיקגייענדיקנ הונגעריקנ פאָלק פלעגט ער אומזיסט שפּײַזנ מיט הירשנ־פלייש, אינגאנצנ אומזיסט. אונ געטיילט האָט ער אויכ לעבעדיקע הירשנ אומזיסט פאר דעמ אָרעמנ פאָלק. אונ טאָמער פלעגט עמעצער ווערנ באצאָלנ, פלעגט ער פאר זיכ ניט נעמענ, ער האָט עס געהייסנ אָפּגעבנ פאר די אָרעמע פאסטעכער. זײַנ פארלאנג איז געווענ לויטער שפּײַזנ אָרעמעלײַט. אונ דערפאר האָט אימ גאָט געהאָלפנ אונ ער האָט שטענדיק געהאט א טשערעדע פונ דרײַ טויזנט הירשנ.

„אונ עס פלעגט טרעפנ, אז עס פלעגנ אָנפאָרנ אסאכ געסט אפ אסאכ נארטעס, געפאקטע מיט מאטאָנעס: פישנ פארשיידענע געזאלצענע, יוקאָלאָ[1] אונ פליישנ געזאלצענע. אונ געווענ זײַנען דאָס מענטשנ פונ אָרעמענ פאָלק. זיי האָט זייער געפרייט, וואָס זיי קענען אָנזוען זייער רײַכנ אונ בארימטנ מאנ. אונ אז עס פלעגנ זיכ צוזאמענקלײַבנ אלע נארטעס, פלעגט ער אליינ אָנווײַזנ אפ זיי אונ הייסנ: נעמט אָט די דאָזיקע נארטע אונ פירט צו צו אָט יענער יורטע, דאָרט וווינט אנ ארבעטער. ער פלעגט ניט קוקנ, וואָס מע האָט געבראכט אונ פלעגט אפילע ניט פרעגנ, וואָס דאָרט איז דאָ. ער האָט אלצ אָפּגעגעבנ די ארבעטער, די פאסטעכער. אייניקע אײַנוווינער פלעגנ זאָגנ: אפ מײַנ נארטע ליגט מילכ, פוטער, דאָרט איז דאָ שמאנט, א מאטאָנע האָב איכ געבראכט פאר דיר, מײַנ גרויסער האר, נאָר ער פלעגט ענטפערנ: „די אָרעמעלײַט ווילנ אויכ עסנ"...

ווײַטער ווערט דערציילט, וויאזוי דער בארימטער כאבאראָוו איז געשטאָרבנ. פארנ טויט האָט ער צונויפגערופנ אלע אָרעמעלײַט, אונ די ארבעטער זײַנע, אונ די פאסטעכער. ער האָט זיכ מיט זיי צעזעגנט אונ האָט די פרויענ זײַנע (ער האָט געהאט צוויי ווײַבער) אָנגעזאָגט, אז זיי זאָלנ זיכ אויכ אזוי פירנ, ווי ער האָט זיכ געפירט: מע זאָל די אָרעמעלײַט כאָלילע ניט באאווּלענ, מע זאָל די אָרעמעלײַט שפּײַזנ אומזיסט אונ העלפנ דער באַפעלקערונג אינ פאלנ פונ נויט, מע זאָל אויכ העלפנ דער מעלוכע... ער האָט אויכ פארָאָרדנט, מע זאָל זײַנ „סטאראטעלנע" אינ דער ארבעט, ניט לאָזנ די וועלפ פארצוקנ קיינ הירשנ אונ ניט לאָזנ זיי פארפאלנ גיינ אינ טײַגע.

„אינ יענע אלטע צײַטנ—פארענדיקט דער „היסטאָריקער"—איז אזא מענטש געווענ זייער א גוטער בירגער אונ קיינ פארגלײַכנ צו אימ איז ניט געווענ צווישנ די הירשנצוכטלער... אונ ווי ער האָט פאראָרדנט, אזוי איז טאקע געווענ. די ארבעטער האָבנ זיכ געפלײַסט, די פאסטעכער האָבנ די צאוואָע אויסגעפילט אונ גאָר אינגיכנ איז די יאָרשימס טשערעדע אויסגעוואקסנ אינ צוועלפ טויזנט קעפּ".

אָט אינ אזעלכע לעגענדעס, דורכגעזאפּט מיט באלעבאטישנ גײַסט, האָט מענ דערצויגנ די אָרעמשאפט. עס איז אינטערעסאנט צו ברענגענ נאָכ א קליינעמ אויסצוג, ווו עס ווערט

[1] יוקאָלאָ—געוויאָנרלטע פיש, מיט וועלכע עס שפּײַזנ זיכ די אָרטשטעלער אונ מיט וועלכער זיי שפּײַזנ די הינט.

דערציילט וועגנ דעמ, וויאַזוי די „אָפּטשעסטווע" פלעגט וועלנ אויסקלײַבנ אלס עלטסטנ נאָר אָט דעמ דאָזיקנ כאַבאַראָווג.

„אינ יענע צײַטנ האָבנ עקזיסטירט אפ אונדזער יאמ־ברעג קייסאָרימ־עלטסטע. אפ גרויסע יארידנ פלעגנ זיכ פארזאמלענ די טונגוסנ אונ פלעגנ אויסוויילנ זייער עלטסטנ. אונ שטענדיק פלעגט מענ אויסוויילנ כאַבאַראָווג. ער, א רײַכער מאנ, האָט ניט געוואָלט זײַנ קיינ עלטסטער, ער פלעגט שטענדיק זאָגנ: ווײַלט אויס אנ אָרעמענ מענטשנ, אָבער די „אָפּטשעסטווע" פלעגט שטענדיק ענטפערנ: „ניע זשעלאיעמ, מיר ווילנ קיינ אנדערנ ניט".

אזעלכע לעגענדעס, ווו עס ווערט אידעאַליזירט דער רײַכער סויכער אונ באַלעגופּ, זײַנענ זייער פארשפרייט צווישנ דער אָראָטשעלער אָרעמשאפט. אינ זעלבנ גײַסט זײַנענ פארשפרייט לעגענדעס וועגנ דעמ הייליקנ שאמאנ.

„אינ אמאָליקע אלטע צײַטנ—ווערט געזאָגט אינ דער אויבנציטירטער „געשיכטע"—האָבנ די טונגוסנ אונ קאזאקנ אפ דעמ יאמ־ברעג געלעבט נאָר מיטנ כעסעד אונ מיטנ קויעכ פונ שאמאנ. קיינ דאָקטוירימ האָבנ זיי ניט געהאט אונ זיי האָבנ געלעבט מיט דער הילפ פונ שאמאנ. פלעגט אומגיינ דער שאמאנ איבער דער ערד, פלעגט קוקנ אפ די גראָזנ אונ פונ די גראָזנ אויסקלײַבנ רעפועס. דער שאמאנ האָט געשאמאניעט אונ האָט געקוקט אפ די בליִונג אונ האָט פונ דער בליִונג אויסגעקליבנ רעפועס. ער האָט געהיילט וווּנדנ, ער האָט געהיילט פונ הוסט אונ פונ פארקילונג..."

פונ איינ זײַט דער ווילקיר פונ די צארישע טשינאָווניקעס, פונ דער אנדער זײַט די אי־דעאַליזאציע פונ די „אייגענע" גרויסע „רעטער", אינ דער פערזאָנ פונ די שאמאנענ אונ באַלעגופימ, האָבנ זיי זייער פיל מיטגעהאָלפנ דער עקספּלואטאציע פונ דער אָרעמער אָראָטשע־לער באפעלקערונג.

אָבער דידאָזיקע עקספּלואטאציע איז צוגעגאנגענ אזוי צו זאָגנ „איידל".

פיל ברוטאלער איז געווענ די באציִונג פונ רוסישנ זשאנדארמ אונ סויכער.

אדהאיעמ דערציילנ נאָכ די אלטע קאיורנ [1], וואָס איצט זײַנענ זיי שוינ קאָלווירטני־קעס, וויאַזוי מע פלעגט זיכ מיט זיי באגיינ.

א פאָלק אינ עצעמ גענומענ א פארהארטעוועטס אונ שווײַגנדיקס, א פאָלק, וואָס איז ווײַט פונ יעדער סענטימענטאלקײַט, האָבנ זיי דאָכ אמאָל ליב צו דערמאָנענ אמאָליקע שווערע צײַטנ, דערהויפּט, ווענ זיי קומט אויס צו פארגלײַכנ מיט דער איצטיקער צײַט, ווענ זיי זײַנענ אליינ באלעבאטימ אינ לאנד, ווענ זיי קאיורעווענ פאר דער מעלוכע אונ באקומענ אויסער געהאלט די נייטיקע סכוירעס.

מיר זײַנענ אמאָל געגאנגענ פונ א טשאכאבאכ [2]. דער פראָסט האָט זיכ געשטארקט אונ מיר, ניט צאָפּנדיקע מענטשנ, האָבנ א ביסל אונטערגעקרעכצעט אונטער זײַנ בייזנ אונ ברענענדיקנ סקריפּ. דער דעלעגאט, מיט וועלכנ איכ בינ געגאנגענ, אינגאנצנ א געפּעלצטער, האָט געשטעלט פלינקע דריבנע טריט אונ מיט א שמייכל פונ צײַט־צו־צײַט געוואָרפנ אפ מיר א זײַטיקנ, א ביסל איראָנישנ בליק.

— כאָלאָד, א? כאָלאָד... א—יא [3]) מאָראָזי, באָלשאָי מאָראָזי...

ער האָט א הוסט געטאָנ אונ ווידער א שמייכלדיקנ בליק געוואָרפנ צו מיר.

[1]) אנ אָנשרײַבער אפ הירשנ אָדער אפ הינט.

[2]) א פארזאמלונג, א צוזאמענפאָר.

[3]) א—יא—גוט, סארא איא– זייער גוטע.

— טעפּיער מאָראָזי—מענשע מאָראָזי... טאָגדא, דאוונאָ—באָלשי מאָראָזי.

עס איז קענטיק געווען, אז דאָס פארגלײַכן פון איצטיקע און אמאָליקע פרעסט איז בא דעם אלטן קאיור בלויז א מין צוטשעפּעניש, קעדיי אָנצוהויבן א געשפּרעך און דערציילן וועגן אמאָליקע ביטערע צײַטן.

און אז מיר זײַנען געזעסן באם טיש נאָך טיי און געריכערט א גוטן פּאפּיראָס און אין שטוב איז געווען ווארעם און ליכטיק, האָט דער דאָזיקער קאיור אָנגעהויבן צו דערציילן...

ער האָט דערציילט שטיל אזוי, פארטראכט, עטלעכע מאָל איבערגעכאזערט א פראזע, איך זאָל אלץ פארשטיין. ער האָט אופגעדעקט די אלטע ווונדן, גערעדט וועגן זיי מיט א געפיל פון פארביטערונג און ווייטעק.

ער פלעגט צופינטלען מיט די אויגן פלינק־פלינק און געוואָלט דערמיט ווײַזן, אז אלץ איז עמעס. און עפשער האָט ער מיטן ¦ פלינקן פינטלען מיט די אויגן געוואָלט זאָגן, אז ער פילט נאָך ביז הײַנטיקן טאָג אפן רוקן דעם ברען פון דעם אמאָליקן פיזישן און גײַסטיקן קאנטשיק?..

— איז אָט אמאָל... גאָר אמאָל און מיר פלעגן פאָרן... מיר פלעגן פירן פריצים אפ אונדזערע הירשן, אפ אונדזערע פּאָטיאָגעס הינט... גרויסע פרעסט, גאָר גרויסע, ניט ווי איצט, גרויסע פרעסט. פלעגט מען פאָרן לאנג־לאנג אין די גרויסע ווינטער־נעכט און בלײַבן נעכטיקן אין א ווינטער־הײַזל... פלעגט דער פאָרעץ ארײַנגיין אין ווינטער־הײַזל.. אונדז פלעגט מען הייסן אָנטראָגן האָלץ, אײַנהייצן... פלעגט ווערן ווארעם... די ביינער צעגייען און עס ווילט זיך א ווארעם גלעזל טיי, עס נייגט צום שלאָפן... דער פאָרעץ צעלייגט זיך, אפן אויוועלע שטייט א טשײַניק, ער הויבט שוין אָן זידן. אָט באלד—און די טיי וועט אופקאָכן... דער פאָרעץ וועט ארויסנעמען הירשן־פלייש, וועט עס צופּרעגלען און...

„נאָר דער פאָרעץ פלעגט א געשריי טאָן...

„—אָנגעוואָרעמט זיך? גיי פונדאנען!..

„—פלעגן מיר בלײַבן אפן פראָסט אָן א גלעזל טיי... מיר פלעגן ארײַנקריכן אין אונדזערע קוקולן און שלאָפן דאָרט א לאנג־לאנגע ווינטער־נאכט... הונגעריק איז געווען און קאלט איז געווען...

”— און עס פלעגט טרעפן, עס הויבט זיך אוף א פורגא, אפ וואָכן, אפ לאנגע וואָכן, א פורגא... שניי שיט אָן הויך, גאָר הויך, אזוי אוואדע ביזן שפּיץ בוים. בלײַבט מען אין וועג... הייסט דער פאָרעץ אופשטעלן א בײַדל... אָן א בײַדל לאָזט ער זיך ניט אין וועגשטעלט מען אוועק אינמיטן וועג א בײַדל. דער קאיור קריכט איבער בערג שניי, ברעכט בוימער, און דער קאיור ברענגט האָלץ, און דער קאיור הייצט אײַן דעם אויוון... און דעם קאיור טרײַבט דער פאָרעץ ארויס...

ער איז א ווײַלע אנטשוויגן געוואָרן, האָט ארויפגעלאָזט די אויגן. נאָר באלד האָט ער ארוימגעלאָזן א שטיל דריבנעם געלעכטערל. עס איז געווען אזוי שפּיציק און שטעכיק דאָס געלעכטערל, אז איך האָב אינווייניק א ציטער געטאָן. ער האָט באלד אופגעהויבן אפ מיר א פּאָר בליציק־שטעכיקע אייגעלעך פול מיט פּײַן און דערנידערונג. ער האָט זיך קענטיק, געשעמט פאר זײַן קנעכטישן אמאָל. ער האָט אָבער די אויגן ניט ארויפגעלאָזן, ער האָט מיך, אפּאָנעם, מיט זײַן בליק געוואָלט איבערצײַגן, אז דאָס איז ריכטיק.

„— איז אזא קאיור געבליבן נעכטיקן אפן גאס וואָכן נאָכאנאנד, ביז עס פלעגט אופ־

הערן די גרויסע פורגא, און דאָרט אַף שנייען, אַף ווינטן, אַף פראָסט פלעגט ער זיך ארומוואלגערן. באטאָג האָט דער קאיור געפּאשעט די הירשן, געהייצט דעם פּאָרעצ דעם אויוון... און אין דער ווארעמער פּאלאטקע פלעגט בלייבן שלאָפן דער פּאָרעצ...

אָט אזוי אומגעפער האָט אויסגעזען די „רעכטלעכע" לאגע פון „ווילדן" טונגוס אין די אלטע „גוטע" צייטן...

.3

עס איז אומעגלעך פאָרצושטעלן זיך, ווי שוידערלעך־שווער עס איז געווען דאָס לעבן פון די דאָזיקע פעלקער אין די אמאָליקע צארישע צייטן.

עס איז ניטאָ קיין גענויע ציפער, וואָס זאָלן אונדז ווייזן, ווי גרויס עס איז געווען די אָרטיקע באפעלקערונג אין דער צייט, ווען אַף זיי האָט זיך מעראכעם געווען די צארישע רעגירונג און האָט זיי אָנגעשיקט אהין קאזאקן. נאָר די אלטע אָראָטשעלער דערציילן, אז זייערע זיידעס און עלטער־זיידעס פלעגן זאָגן, אז די אָראָטשעלער און יוקאגירן האָבן געציילט צו... עטלעכע מיליאָן.

בא היינטיקן טאָג ציילן די אָראָטשעלער ניט מער, ווי זיבן־אכט טויזנט און די יוקאגירן ניט מער, ווי הונדערט פיר און זעכציק מאן.

וווּ איז אהינגעקומען די גאנצע באפעלקערונג?

מיר וועלן, פארשטייט זיך, מיט פאראכטונג אָפּווארפן דעם „געדאנק," אז די דאָזיקע „ווילדע" פעלקער זיינען, קלוימערשט, פון דער נאטור אליין פארמישפּעט געוואָרן צום אונטערגיין, אז זיי שטארבן, נעבעך אויס, ווייל זיי קענען זיך ניט צופּאסן צו די נייע קולטורעלע באדינגונגען...

אָבער אין דער דאָזיקער כוצפּעדיקער און באגלייך צוויִעסדיקער פאָרשטעלונג, וואָס עס האָבן זיך געמיט צו פארשפּרייטן פארשיידענע בורזשואזע „געלערנטע" וועגן די „ווילדע" פעלקער, שטעקט איין שטיקעלע עמעס: ביז די ראטנמאכט איז געקומען, זיינען די דאָזיקע פעלקער ווירקלעך געווען פארמישפּעט צום אונטערגאנג. זעלבסטפארשטענדלעך, אז ניט די „קולטור" האָט דאָ געווירקט—א וואזשנע קולטור איז דאָס, ווען זי פארמישפּעט גאנצע פעלקער צום אונטערגאנג—דאָ האָבן געווירקט אינגאנצן אנדערע סיבעס.

די ערשטע סיבע איז געווען—די שכיטעס, וואָס די צארישע רעגירונג האָט איינגעאָרדנט אַף דער דאָזיקער באפעלקערונג.

צוויי־דריי שכיטעס.

איין „קאטעגאָריע" שכיטעס האָבן איינגעאָרדנט די קאזאקן גופע. די דאָזיקע שכיטעס האָבן געדויערט צענדליקער יאָרן. איין דאָקומענט, וואָס עס האָט צוגעשטעלט די טאוויער בירא פאר קאנטקענטעניש, דערציילט וועגן דעם אָט וואָס:

...„נאָר אָט זיינען געקומען מענטשן, אין וועמעס הענט עס איז געווען א פייערדיקער שלאכט־מיטל. עס איז געווען א שטארקער סוינע, וואָס האָט געפּאָדערט יאסאק (צינדז). די ווילדע מענטשן זיינען ניט געוווינט געווען אונטערצוגעבן זיך. האָט זיך אָנגעהויבן א מילכאָמע ניט אַף לעבן, נאָר אַף טויט: ווער־וועמען?

„שרעקלעך און שווער איז געווען צו שלאָגן זיך מיט מענטשן, בא וועמען עס איז געווען אין די הענט א פייערדיקער שלאכט־מיטל:

„די געקומענע קאזאקן האָבן געצוימט, געקוועטשט און געשלאָגן, גענומען יאסאק... מע האָט געמוזט צוטראכטן, וואָס זאָל מען טאָן, עס איז שווער געוואָרן צו לעבן.

„דער קאמפ איז געווען ניט קיין גלײַכער און נאָך א שוידערלעכער עפּידעמיע, ווען א גרויסער טייל פון דער באפעלקערונג איז אויסגעשטאָרבן, איז דער קאמפ פארשטילט געוואָרן. א טייל פון דער באפעלקערונג איז אוועק אין די בערג, זיי זײַנען אוועק פרײַע, ניט פארקנעכטיקטע, צו צאָפן צו".

די דאָזיקע שטעל אין דאָקומענט איז א שטיקל פאָלקס-עפּאָס, וואָס איז דורך יאָרן שטארק אויסגעוועבט געוואָרן און דורך מענטשן גאנץ היפש פארקריפּלט. די אָראָטשעלער ווערן זיך אליין ניט אָנרופן „ווילדע" מענטשן. אָבער די עצעם לעגענדע גייט נאָך אד־האיעם אום פון מויל צו מויל. צווישן די שורעס פון דער דאָזיקער א ביסל אָפּגעקילטער לעגענדע, קען מען אָבער אויסלייענען שוידערלעכע בילדער פון ווילדע שכיטעס, וואָס די קאזאקן האָבן אײַנגעאָרדנט איבער דער אָרטיקער באפעלקערונג. טויזנטער פלעגן בלײַבן אפן שלאכט-פעלד, פלעגן דאָ פוילן און פארשפּרייטן מאגייפעס און טויט.

נאָר דערמיט אליין האָבן זיך די צארישע זוברעס ניט באנוגנט. דער צאָרן, וואָס איז געוואָקסן צווישן דער אָרטיקער באפעלקערונג קעגן די צארישע מאטראָסן, פלעגט גאנץ אָפט פארוואנדלט ווערן אין אן אופשטאנד. די טאויער קאזאקן, לעמאָשל, זײַנען געווען געצוווּנגען צו שאפן פאר זיך א פעסטונג, ווײַל די אָרטיקע באפעלקערונג, „פלעגט נעמען מיט כיטרעקײַט, מיט אָפּנארערײַ, מיט פלוצימדיקײַט פון אָנפאל". דאָס האָט גע־צוווּנגען די צארישע רעגירונג אָנצונעמען פארשיידענע אנדערע מיטלען, וואָס זאָל אָפּ־שוואכן די שטאנדהאפטיקײַט פון דער אָרטיקער באפעלקערונג.

און די מיטלען זײַנען געפונען געוואָרן. דאָס זײַנען געווען די אלטע צארישע מיטלען פון אָנרייצן איין טייל באפעלקערונג אפ דער צווייטער.

אפ דער טעריטאָריע, וועגן וועלכער מירריידן, האָבן געוווינט פארשיידענע פעלקער, וועלכע האָבן צווישן זיך, קענטיק, געלעבט ניט זייער פרידלעך. מיט עטלעכע הונדערט יאָר צוריק איז געווען אינגאנצן אן אנדער לאגע, ווי עס איז געוואָרן שפּעטער, בייס דאָרט האָט זיך אנטוויקלט דער האנדל. די באשעפטיקונגען זײַנען געווען זייער באגרע־נעצטע: יאגד, הירשן־צוכט, פישפאנגערײַ—אָבער ניט צו בײַטן אפ אנדערע פּראָדוקטן.

די אָרעמקײַט פון דער ארומיקער נאטור, האָט געצוווּנגען די מענטשן לאנג זוכן און מיט מאטערניש געפינען דערנערונג־מיטלען. פארשטייט זיך, אז אזעלכע שווערקײַטן האָבן ארויסגערופן רײַבונגען צווישן איין טייל באפעלקערונג און דער צווייטער.

איינע פון די סיבעס, וואָס פלעגט ארויסרופן רײַבונגען, איז זיכער געווען די פאשע־פלעצער, ווו די אָרטיקע באפעלקערונג פלעגט פאשען די הירשן. דאָס איז אָבער ניט די איינציקע סיבע געווען. די ערטער פון פישפאנגערײַ, פון יאגד האָבן אויך ארויס־גערופן רײַבונגען, דערהויפּט דאן, ווען די באפעלקערונג איז אין יענע זייער אָרעמע געגנטן, אפאָנעם, געווען פארהעלטניסמעסיק א גאנץ געדיכטע.

די דאָזיקע רײַבונגען, וואָס פלעגן אין געוויינלעכע צײַטן אויסברעכן אין באדײַטנ־דיקע שלאכטן, האָט די צארישע רעגירונג אויסגענוצט און האָט זיי פארוואנדלט אין שטענדיקע מילכאָמעס צווישן איין פאָלק און דעם אנדערן. טונגוסן מיט קאריאקן, יאקוטן מיט טונגוסן, טשוקטשעס מיט קאריאקן א.אוו. א.אוו. האָבן זיך יאָרן און צענדליקער יאָרן נאָכאנאנד געשלאָגן צווישן זיך. די צארישע רעגירונג האָט אפן ווײַטן צאָפן דורכגעפירט די זעלבע פּאָליטיק, וואָס זי האָט דורכגעפירט אפ קאווקאז, אין פוילן און אומעטום, ווו עס האָט איר בעדראָט א וועלכע עס איז געפאר.

נאַציאָנאַלער האַס, וואָס האָט זיך שטענדיק פֿאַרוואַנדלט אין נאַציאָנאַלע מילכאָמעס, אין פּאָשעטע פּאָגראָמען—דאָס איז געווען די צווייטע קאַטעגאָריע שכיטעס, וואָס האָט אויסגעראָטן די אָרטיקע באַפֿעלקערונג.

די צווייטע סיבע פֿון אונטערגאַנג פֿון די דאָזיקע פֿעלקער איז געווען—פֿאַרשיידענע מאַגייפֿעס. וועגן דעם דערציילן זייער פֿיל דאָקומענטן. קיין שום מעדיצינישע הילף איז דאָרט ניט געווען. פֿלעגן אָנקומען מאַגייפֿעס, פֿלעגן די דאָזיקע מאַגייפֿעס אויסקוילענען די באַפֿעלקערונג און פֿלעגן מאַכן פֿון איר א טעל. אַפֿילע אַזאַ קרענק ווי מאָזלען, פֿלעגט מאַכן פּוסט גאַנצע יישוווים. א גאַנצע ריי קרענק און מאַגייפֿעס האָבן מיט זיך געבראַכט די „ציוויליזאַטערן"—די סאָכרים, סײַ די רוסישע און סײַ די אַמעריקאַנער. איין דאָקומענט דערציילט וועגן דעם פֿאָלגנדיקעס:

„זיי (עס גייט א רייד וועגן די אַמעריקאַנער סאָכרים) האָבן דאָס דערהויפּט אָנגעטראָגן אַהינצו צו יענער צײַט (אָנהייב 20־טן יאָרהונדערט) פֿאַרשיידענע קרענק, די זעלבע זאַך, ווי ביז זיי, האָבן דאָס געטאָן די רוסישע סאָכרים. די דאָזיקע רויבער פֿלעגן גאַנץ אָפֿט איבערלאָזן אין יאַם פֿאַרוווּנדעטע יאַם־ריזן (קיטן, אַקיבאַס אאַוו), די דאָזיקע פֿלעגן שטאַרבן פֿון די ווונדן, פֿלעגן צעלייגט און צעפּוילט ווערן און אַזעלכע פֿלעגן זיי צושווימען צום ברעג. די אָרטיקע באַפֿעלקערונג, וואָס האָט אַזוי ליב די פֿעטס פֿון די דאָזיקע יאַם־כאַיעס, פֿלעגן זיך אַרופֿוואַרפֿן אויף די פּגאָרים און אײַנשלינגען זיי. און אָט פֿון אַזאַ מין מײַכל, אָדער עפּשער האָבן אים די סאָכרים אַליין מיט זיך געבראַכט, נאָר מימאַמאָל האָט זיך פֿאַרשפּרייט די מאַגייפֿע פֿון טיפֿוס אָדער פּאָקן. איינע נאָך די אַנדערע האָבן גענומען קראַנק ווערן די מענטשן און אין שוידערלעכן ליידן, שוואַרצווערנדיק, ווי קוילן, זײַנען זיי אויסגעשטאָרבן. די ערשטע צײַטן האָט מען די מייסים מעקאַבער געווען אונטערן קלאַנג פֿון שאַמאַנישע פּויקן, נאָר די קרענק האָט גענומען וואַלגערן צענדליקערווײַז, די מאַגייפֿע האָט זיך צעהוליעט, ניט באַגעגענענדיק קיין שום ווידערשטאַנד. עס האָבן גענומען פֿעלן הענט מעקאַבער צו זײַן. צום סאָף זומער איז אַלץ געווען פֿאַרענדיקט. איבערן יאַם־ברעג האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט הינט פֿאַרלאָזענע פֿון זייערע באַלעבאַטים, עס זײַנען אַרומגעלאָפֿן הירשן, אַרומגעלאָפֿן און צעלאָפֿן זיך איבער דער טײַגע, ווי זיי וואָלט זיך אויך וועלן אַנטלויפֿן פֿון דעם דאָזיקן שוידער. איבערגעבליבן זײַנען נאָר א פּאָר צענדליק מענטשן, האַלב געריר״טע פֿון די שרעקן: זיי זײַנען אַנטלאָפֿן פֿון דאַנען, איבערלאָזנדיק אַלץ און אויף שטענדיק.

„אין א פּאָר צענדליק יאָר אַרום זײַנען ווידער אויף דעם ברעג געקומען מענטשן. פֿון די אַמאָליקע יורטעס און קלויסטערס האָבן זיך געוואַלגערט בלויז די צלאָמים און אויף די וועגן זײַנען געווען אָנגעוואָרפֿן שאַרבנס און ביינער פֿון מענטשן, וואָס האָבן דערמאָנט וועגן אַמאָליקן אומגליק".

דאָס איז בלויז איין פֿאַל פֿון צענדליקער און עפּשער פֿון הונדערטער, ווען א מאַגייפֿע האָט א טעל געמאַכט פֿון א יישעוו, האָט אים פֿאַרוואַנדלט אין א וויספּע.

און די דריטע סיבע, וואָס האָט זייער פֿיל מיטגעהאָלפֿן דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון מאַגייפֿעס און פֿאַרשיידענע קרענק—דאָס איז דאָס הונגער־לעבן פֿון דער דאָזיקער באַפֿעלקערונג.

די שווערע שטײַערן, וואָס די צאַרישע סאַטראַפּן האָבן אַרופֿגעלייגט אויף דער באַפֿעלקערונג; די אומבאַגרענעצטע עקספּלואַטאַציע פֿון די סאָכרים און באַלעגופֿים; פֿון איין זײַט די ביליקע פּרײַזן אויף די רויכוואַרג און פֿישן, פֿון דער אַנדערער זײַט, די טײַערע פּרײַזן אויף

די געבראַכטע סכוירעס, און אויב מע זאָל נאָך דערצו צוגעבן די פּאַשעטע אָפּנאַרערײַ אין כעזשבנן, וואָס פּלעגט זיך פּראַקטיקירן אַף יעדן שריט און טריט און די פּאַראַזיטישע אַרבעט פון די שאַמאַנען, וועלכע האָבן זיך אויך אײַנגעשטעלט ניט קיין קליינע פּרײַז פאַר יעדער באַדינונג,—אויב מע זאָל דאָס אַלץ נעמען אין באַטראַכט, וועט זײַער גרינג זײַן צו פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ שוידער עס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דאָס אָרעם אָראָטשעלער לעבן.

אַלס איליוסטראַציע פון דעם שוואַרצן שוידער, וועלן מיר ברענגען איין מײַסעלע, וואָס ווערט דערציילט צווישן די אָראָטשעלער און וואָס קלינגט מאַמעש ווי אַ בלוטיקע לעגענדע.

דאָס מײַסעלע ווערט אומגעפער אַזוי דערציילט:

„ערגעץ ווײַט, אַף די קרייצן פון וועגן, צווישן סאָפּקעס און שנייען האָבן אין יורטעס אָראָטשעלער געוווינט.

„אין איינער פון די יורטעס האָט אַ מישפּאָכע געוווינט: אַ מאַן, אַ פרוי און אַן איין אייניציקער זון.

„איז דער זון אין איינעם אַ טאָג קראַנק געוואָרן. איז ער געלעגן אין פיבער אַף אַ הירשן־פעל און מיט די לעצטע קויכעס גערופן צו הילף... וואָסער האָט ער געבעטן, אַ ביסעלע קאַלטע וואַסער.

„האָט די מוטער שניי אַרײַנגעטראָגן, האָט אַ פײַער אין יורטע צעלייגט און האָט אים דעם שניי געוואַרעמט.

„אַז דער זון האָט זיך אַנגעטרונקען, איז אים גרינגער געוואָרן, און ער האָט דער מוטער אַזוי געזאָגט: מוטער איך האָב דעם שאַמאַן אין כאָלעם געזען, און דער שאַמאַן האָט מיר אַזוי געזאָגט: דו וועסט שטאַרבן, מײַן זון, דו וועסט שטאַרבן...

— „ליג רויִק, מײַן קינד, האָט די מוטער צום זון געזאָגט, עפּשער וועסטו נאָך געזונט ווערן, ווער ווייס...

„אַז איך וועל שטאַרבן,—האָט דער זון ווײַטער געזאָגט,—זאָלסטו מיך באַווײנען, שטאַרק באַווײנען...

„אַפּמאָרגן אינדערפרי איז דער זון געשטאָרבן און די מוטער האָט געוויינט, און די מוטער האָט געקלאָגט אַפּן טויט פון איר זון—אַזוי האָט דער זון געבעטן פאַרן טויט.

„האָט זיך דער געוויין און יאָמער צעטראָגן איבערן רוים און האָט אַרײַנגעדרונגען אין די איבעריקע יורטעס.

„האָבן די מענטשן אין די איבעריקע יורטעס ניט געוווּסט, וואָס וויינט מען דאָס עפּעס אין דער יורטע, וואָס שטייט באַם ברעג ייִשעוו. איז איינע אַ פרוי אַרויסגעגאַנגען און האָט זיך צו דער יורטע דערנעענטערט. און אַז זי איז אין יורטע אַרײַן, האָט זי דערזען, ווי די מוטער שטייט איבער איר געשטאָרבענעם זון און וויינט. האָט זי ניט פאַרשטאַנען, וואָס וויינט זי. איז זי צוגעגאַנגען צו איר און האָט געפרעגט וואָס וויינסטו? האָט די מוטער איר אַזוי געזאָגט:

— „איך וויין איבערן טויט פון מײַן זון. פאַרן טויט האָט מיך דער זון געבעטן, איך זאָל אים שטאַרק באַווײנען, באַוויין איך אים.

„די פרוי—די שאָכנטע—איז שטאַרק פאַרוווּנדערט געוואָרן, זי איז אַרויסגעלאָפן פון דער יורטע, איז אַוועקגעלאָפן איבערן ייִשעוו און האָט הויך אַפּן קאָל געלאַכט.

„עס האָט זיך פאַרזאַמלט דער גאַנצער ייִשעוו. און די פרוי, די שאָכנטע, האָט דערציילט מיט גרויס פאַרוווּנדערונג:

„זי וויינט איבערן טויט פון איר זון... געשטאָרבן בא איר דער זון—וויינט זי. איך האָב געמיינט, אַז בא איר איז אַ נאָדל פאַרפאַלן געוואָרן און זי וויינט... ערשט גאָר איבערן טויט פון איר זון... זין קען מען האָבן אַסאַך... אָבער אַ נאָדל, אַז ס'ווערט פאַרפאַלן איז שלעכט, זייער שלעכט, מעג מען טאַקע, און מען דאַרף וויינען"...

4.

אָט אַזוי האָבן פעלקער געלעבט הונדערטער יאָרן.

און עס איז לײַכט פאָרצושטעלן זיך, ווי פינצטער די האָרעפּאַשנע עלעמענטן פון די דאָזיקע פעלקער זײַנען געווען!

די אידעאָלאָגישע ווירקונג אַפ זיי האָבן געהאַט—דער קאַזאַקישער קאַנטשיק און די געדיכט־שאָוויניסטישע פינצטערע אַגיטאַציע פון דעם שאַמאַן און באַלעגופּ.

האָבן מיר באַקומען אַ באַפעלקערונג, וואָס איז גוואַלדיק אָפּגעשטאַנען, וואָס אין איר זײַנען אײַנגעגעסן פאַרשיידענע פאָרורטיילן; אַ באַפעלקערונג מיט אַ פאַרטיפטן שאָוויניסטישן געפיל און אידעאַליזאַציע פון זייערע באַלעגופּים; אַ באַפעלקערונג, וואָס די ביטערע פּראַקטיק האָט איר געלערנט סינעס מאָוועס פײַנט צו האָבן דעם „פרעמדן", דעם רוס, וואָס יעדע נײַע דערשײַנונג אין געזעלשאַפטלעכן לעבן ווערט באַגעגנט אַפ מעסער, ווײַל קעגן איר איז דער שאַמאַן, קעגן איר זײַנען די האָכגעשאַצטע לײַט, די יוסטע אָראָטשעלער באַלעגופּים און סאָכרים, ווײַל, ענדלעך, יעדע נײַע דערשײַנונג אין לעבן פון די דאָזיקע פעלקער בא דער צאַרישער מאַכט, האָט אָדער צו זיי קיין שײַכעס אינגאַנצן ניט געהאַט, אָדער זי איז געווען געווענדעט קעגן זיי.

איז אַ צײַט לאַנג בא אַ טייל אָראָטשעלער, וואָס וווינען טיף אין טײַגע, געווען אַ פאָרשטעלונג, אַז אָראָטשעלער, טאָרן ניט וווינען אונטער אַ דאַך. אַ יורטע איז אָן אַ דאַך, אויבן גייט זי זיך צונויף און פאַרבינדט זיך שטאַרק. איז, ניט שײַעך, אַז פון דאָרט זאָל עפּעס פאַלן אַפן קאָפּ.

אָבער אַ דאַך?

הענגען אין דער לופטן ברעטער איבערן קאָפּ. דו גייסט און עס טרייסלט זיך און עס סקריפּעט... עס מוז אײַנפאַלן... דער דאַך מוז אײַנפאַלן...

די דאָזיקע אײַנגעגעסענע אײַנגלויבעניש איז גוואַלדיק שווער געווען צו צעשטרײַען. קיין שום בײַשפּילן האָבן דאָ נישט געהאָלפן. די אויפגעבויטע הײַזער, די מישפּאָכעס, וואָס וווינען דאָרט און דער דאַך פאַלט ניט אײַן, און זיי ווערן ניט דערשטיקט אונטערן אײַנגעפאַלענעם דאַך—דאָס האָט ניט איבערצײַגט. „ווער ווייס פאַרוואָס דאָס איז... ווער ווייס... עפשער דערפאַר, ווײַל זיי זײַנען רוסן... פאַר אונדז אָראָטשעלער, איז דאָס ניט קיין גאַנג"— אַזוי זאָגט דער שאַמאַן...

און נאָך אין 1932 יאָר האָבן מיר זיך געטראָפן מיט אַזאַ פאַל.

עלעקטשאַן... אָדער, ווי מיר האָבן עס אין שפּאַס אַ נאָמען געגעבן, „די שטאָט פון ווינטן". עס איז אַ פיצימאָנטשיק שטעטעלע, וואָס מיר האָבן אויסגעבויט, דאָס שטעטעלע שטייט צווישן פיר סאָפּקעס. די סאָפּקעס זײַנען צעלייגט איינע אַנטקעגן די אַנדערע. אַפ יעדן

פון די פיר ווינקלען פון שטאָט שטייען די דאָזיקע שאָמרים בא דעם שטעטל און פון די אָפענע „פענצטער” (דער מעהאלעכ צווישן איין סאָפקע און דער אנדערער) בלאָזט א שטענדיקער צוג־ווינט.

ווינטער איז דער דאָזיקער עלעקטשאַנ דער באַלעבסטער פונקט אין טײַגע. האָבנדיק ניט מער, ווי א פופצן־צוואַנציק ניט קיינ גרויסע כאַלופּקעלעכ און עטלעכ ברעזענטענע בײַדלעכ, איז אָבער דאָס שטעטעלע פול מיט לעבן: דאָרט איז דער דאָרפּס־ראַט, דאָרט באַקומט די באַפעלקערונג איר באַסכוירירקונג פאַר רויכוואַרג, אַהינ פאָרן אָן פון דער טיפעניש פון דער טײַגע די הונדערטער הירשן מיט לײַדיקע נאַרטעס און די הונדערטער מיט סכוירע אָנגעלאָדענע נאַרטעס פאָרן צוריק אין טײַגע אַרײַן. דאָרט שטייט קימאַט שטענדיק דער טראַסק פון אַווטאָ־מאַשינעס, פון טראַקטערן, וואָס ברענגען פון נאָגאַיעווע סכוירעס קיין עלעקטשאַנ... צענדליקער קאַיורן, אָן א שיר דאָרפסלײַט פון די אָרטגעבירטיקע, שאָפערן אין די גרויסע טולופּן און פאַרשיידענע אָנגעשטעלטע...

עס איז א ווײַט ווינקעלע אינמיטן טײַגע. די אָרטגעבירטיקע באַפעלקערונג, וואָס פאָרט אַהין אָן, איז פון די ווײַטסטע טיפענישן פון טײַגע, פון דאָרט, ווּהין עס איז זעלטן ווען אַרײַנגעדרונגען א שטראַל ליכט.

איז אָט אין דעם דאָזיקן פונקט איז אָנגעפאָרן א קאָמיוגיסט, א רוסישער, וואָס איז געוואָרן דער סעקרעטאַר פון דאָרפסראַט.

דער קאָמיוגיסט האָט זיכ אַרומגעקוקט און אָנגעטאַפּט די טיפע פינצטערניש. ער האָט זיכ אײַנגעשלאָסן אין דער אַרבעט פון דאָרפסראַט, האָט גענומען העלפן דעם פאָרזיצער פון דאָרפסראַט. די אַרבעט איז אַוועק גוט. דער פאָרזיצער, אַן אָרטגעבירטיקער, האָט זיכ איבערצײַגט, אַז דער „פרעמדער” איז ניט קיין שלעכטער יאַט און האָט געקראָגן צו אים צוטרוי. דער קאָמיוגיסט האָט דאָס אויסגענוצט. ער האָט אים גענומען אײַנריידן, ער זאָל זיכ אַרײַנקלײַבן פון זײַן ענגער, פאַרויכערטער און פינצטערער יורטע אין א געבויט הײַזל, ווּ ער, דער קאָמיוגיסט, וווינט...

— אָ, ניינ, דאָס ניט, דאָס קען ניט זײַן... דער דאַכ וועט אײַנפאַלן.

דער קאָמיוגיסט האָט ניט געלאַכט. דער קאָמיוגיסט האָט אים גענומען אײַנריידן, האָט אים גענומען דערווײַזן, אַז אָט ער וווינט אין א שטוב, אָט זײַנען דאָ זייער פיל פאַמיליעס, וואָס וווינען אין הײַזער מיט דעכער איבערן קאָפּ און פונדעסטוועגן לעבן זיי, קיינ דאַכ איז קיינמאָל ניט אײַנגעפאַלן...

— אָבער פונדעסטוועגן...

ניט איין אָוונט איז דער סעקרעטאַר געזעסן מיטן פאָרזיצער פון דאָרפסראַט און האָבן געשמועסט. דער סעקרעטאַר האָט אים דערציילט פון דער ראַטנמאַכט, וואָס זי טוט אויף פאַר דער פריִער אונטערדריקטער באַפעלקערונג, וועלכע האָט הונדערטער יאָרן געלעבט אין דער פינצטערניש, און ווי זי וויל זי מאַכן פאַר פאָרגעשריטענע. און דערבײַ, פאַרשטייט זיכ, אַרײַנגעדרייט ווידעראַמאָל די מײַסע מיט דעם דאַכ.

ענדלעכ האָט דער קאָמיוגיסט איבערצײַגט דעם פאָרזיצער, אַז עס איז ניטאָ וואָס מוירע צו האָבן פאַרן דאַכ.

— יאָ, מיט מיר ביסטו שוין פאַרטיק, אָבער, וואָס טו איכ מיט מײַן ווײַב, וואָס וויל אפילע פון אזא זאַכ ניט הערן?

האָט זיכ אָנגעהויבן אַן אייסעק מיט „באַאַרבעטן” דעם פאָרזיצערס פרוי. דער קאָמיוגיסט האָט זיי ניט איינמאָל אײַנגעלאַדן צו זיכ אַף טיי, האָט געשטעלט צום טיש גוטע

קאָנפעקטן אאוו. האָט דער פרוי געוויזן, אז אָט איז ער נאָך דערוויַיל ניט געשטאָרבן און קלַייבט זיך ניט צו שטארבן, וויהאָראַיע, ער לאָדט זיי ביידן אַיַין צו זיך צו געסט נאָך־אמאָל אין א וואָך ארום אנערעך...

און ענדלעך האָט זיך אים אײַנגעגעבן איבערצײַגן אויך די פרוי.

באשטימט א טאָג אפ איבערקלַייבן זיך. דער קאָמיוגיסט האָט גוט אויסגעהייצט דעם אויוון, האָט צוגעקליבן דעם צימער, האָט אופגעהאנגען פּלאַקאטן און בילדער, האָט גע־בראכט א גוטן לאָמפּ מיט קעראָסין. אין צימער איז געווען וואַרעם און ליכטיק.

א טישל, א פּאָר שטולן, א גרויסע בעט.

איז ניט דער פּאָרזיצער און ניט זײַן פרוי זײַנען אינדערהיים געווינט געווען צו זיצן אפ שטולן, זיצן זיי די ערשטע צײַט אפ דר׳ערד, די פיס אונטער זיך, שלאָפן זיי אפ דר׳ערד, אפ אן אויסגעשפּרייטער הירשן־פעל.

אָבער דאָך ביסלעכווײַז געווינט מען זיך צום נײַעם שטייגער.

דער קאָמיוגיסט וואשט אלע אינדערפרי די ציינער און טוט עס אזוי, אז זיי זאָלן זען. דער פּאָרזיצער קוקט זיך צו... צו וואָס טוט עס דער סעקרעטאר זײַנער, ס׳איז אפּאָ־נים געשמאק?... ער רעדט מיט זײַן פרוי וועגן דעם, און אין א שיינעם פרימאָרגן ליגן בא זיי אפן טישל צוויי צאָן־בערשטלעך, צוויי קעסטעלעך ציין־פּולווער און א שטיקל שמעקעדיקע זייף—דאָס האָט דער קאָמיוגיסט אײַנגעקויפט און געבראכט זיי א מאטאָנע.

אָ, שמעקעדיקע זייף האָט גאָר געמאכט א שטארקן אײַנדרוק, באזונדערס אפ דער פרוי, עס האָט געשמעקט פון די הענט, פון פּאָנעם... נאָר אויך די ציין־פּולווער האָט אויסגע־נומען. געשמאק איז דאָס ניט, עס האָט בּיכלאל קיין טאם ניט, אָבער עפּעס אין מויל ווערט בעסער, גרינגער.

און אזוי ביסלעכווײַז האָט זיך גענומען שאפן א נײַער שטייגער...

נאָר אָט... אין איינ שיינעם פרימאָרגן. אפ צענדליקער נארטעס געשפּאנט אין הירשן, אפ צענדליקער פּאָסיאָגעס הינט זײַנען אָנגעפאָרן אָראָטשעלער מיט זייערע פרויען און קינדער אין עלעקטשאן. ארום דאָרפסראט שטייט א שוידערלעכע בילערײַ פון די הינט, וואָס רײַסט דעם הימל. אין דאָרפס־ראט א טומל פון אָנגעפאָרענע מענטשן.

— ווו איז דער פּאָרזיצער?

דער פּאָרזיצער איז אינדערהיים. און דער אוילעם טוט א שפּאר צום אָרט, ווו זײַן אלטע יורטע איז געשטאנען. די יורטע איז ניטאָ.

— ווו זשע איז דער פּאָרזיצער?..

נאָר אָט האָט זיך פונדערווײַטן דערטראָגן א ליארעם.

די אָראָטשאָלער פרויען האָבן זיך דערוווּסט, אז דער פּאָרזיצער פון ראט און זײַן פרוי ווינט גאָר—אין א שטוב מיט א דאך. איינע פון זייערע, וואָס האָט אירע גאנצע יאָרן געווינט מיט זיי—האָט זי געבראָכן דעם אלטן מינהעג און איז אריבער אין א שטוב מיט א דאך...

און די פרויען, און נאָך זיי די קינדער, האָבן זיך פארזאמלט ארום שטוב און האָבן אפ אן אָריגינעלן אופן גענומען דעמאָנסטרירן זייער אומצופרידנקײַט און פּראָטעסט. די פרויען האָבן זיך גענומען פאר די הענט, געדרייט זיך אין א קאראהאָד, טאנצנדיק און שרײַענדיק:

— ס׳וועט אלציינס אײַנפאלן דער דאך!.. ס׳וועט אלציינס אײַנפאלן דער דאך...

און די קינדער האָבן נאָכגעטאנצט און אויך געשריִען.

— ס'וועט אײַנפאלן, ס'וועט אײַנפאלן!...

די ערשטע צײַט איז אונדז זייער שווער געווען אפילע מיט אזא פּאָשעטער זאך, ווי גיין אין א באָד.

מענטשן האָבן זיך זינט זיי לעבן ניט געוואשן אין א באָד. איז אָט די דאָזיקע מענטשן געווען אומעגלעך אײַנצורײדן, אז מע מוז זיך וואשן אין א באָד. די קינדער פלעגט מען פון געבוירן אָן ארײַנלייגן הוילינקע אין די קוקולן אפ האָלץ־סטרוזשקעס, דאָרט פלעגן זיי ליגן, דאָרט פלעגן זיי שלאָפן, מיט די סטרוזשקעס פלעגט מען זיי ארום־ווישן, אָבער קיין מאָל קיין קינד ניט געבאָדן, ניט געוואשן.

האָבן יאָרן גערדויערט ביז מע האָט די מענטשן אײַנגערעדט, אז מע זאָל גיין אין א באָד. מיר האָבן אין דער הינזיכט גרויס דערפאָלג, אָבער מיר קענען זיך פאר קיין פאל ניט בארימען מיט אן ענדגילטיקן ניצאָכן...

1934 יאָר. א קאָלווירט, 8־7 קילאָמעטער פון אָלא,—און אָלא איז אן אלטע אויעזד־שטעטל, וואָס געפינט זיך באם ברעג פון יאם, ווו די אָרטגעבירטיקע זײַנען ביכלאל פאַר־געשריטענער. איז אָט אין דעם קאָלווירט לעבן אָלא, ווו עס איז שוין דאָ א קלוב, מיט א מוזיקאלישן קרײַז, מיט א וואנט־צײַטונג, מיט א וויקטאָרלע... איז אין דעם דאָזיקן קאָלווירט אויסגעבויט געוואָרן א באָד. אָבער זי ווערט באזוכט בלויז פון די מענער. די פרויען זײַנען נאָך אדאיעם אײַנגעאקשנט און ווילן פאר קיין פאל אין באָד ניט גיין!

און פרוווט איר מיט זיי ריידן וועגן דעם, ווערן זיי באלד סומנע, אײַנגעשלאָסן אין זיך און לאָזן אראָפּ די אויגן. זיי ענטפערן אײַך ניט, זיי זאָגן אײַך ניט אָפּ, נאָר אין באָד גייען זיי ניט.

דאָס זײַנען אלץ שטייגער־מאָמענטן.

אָבער ווײַט ניט ווי קעגן דער אָפּגעשטאנענקײַט אין שטייגער־לעבן איז אונדזערע כאווייריִם אויסגעקומען צו קעמפן מיט דער אלטער פארזשאווערטער אבערגלויבעניש, מיט דער אײַנגעגעסענער ווינקלדיקײַט און פארביסענער אקשאָנעס...

אפן געביט פון געזעלשאפטלעכן לעבן, אפן געביט פון בויען די סאָ־וועטנמאכט, פון סאָוועטיזירן די מעלוכע־ און פּאָליטבילדונג־אנשטאלטן, פון בויען די שול־נעץ; אפן געביט פון איבערגעבן די מאכט איבער דער געגנט דאווקע דער אָרע־מער טייל פון דער באפעלקערונג; אפן געביט פון קלאסן־דיפערענצירונג און קלאסן־קאמף א. א. וו. א. א. וו.—אפ די דאָזיקע אלע געביטן איז דער סאָוועטנמאכט אויסגעקו־מען אויסצוהאלטן א גוואלדיקן קאמף, א פארביסענעם און אקשאָנעסדיקן ניט בלויז מיט די באלעגופים און געוועזענע סאָכרים, מיט די איבערגעטאָנענע אוראדניקעס און זשאנ־דארמען, מיט די אײַנגעוואָרצלטע אלטע צארישע קאזאקן, מיט פארשיידענע פארברעכער און באנדיטן, וואָס זײַנען אהער פארשיקט געוואָרן אָדער זײַנען אהער אנטלאָפן, ווײַל נאָכיאָגן אהער איז קימאט אומעגלעך... ניט נאָר מיט אָט דער גאנצער באנדע, וועלכע לעבט שוין דאָ לאנג, וועלכע ווייסט אסאך מער די געגנט, איר באפעלקערונג, אירע זיטן און מינהאָגים, איידער די נײַ־אָנגעקומענע סאָוועטישע טוער, ניט נאָר מיט זיי איז אויס־געקומען דער ראטנמאכט צו קעמפן, עס איז אויסגעקומען אסאך ארבעטן אפ ארונטערײַסן דעם אווטאָריטעט און די ווירקונג פון דער באלעגופישער קליקע בא דער אָרעמער, האָ־רעפּאשנער באפעלקערונג...

צו שוואך אנטוויקלט און פּאָליטיש צו נאַיִוו איז געווען די אָרטיקע אָרעמע באפעל־קערונג, אז זי זאָל שוין אין די ערשטע טעג פון דער ראטנמאכט קענען באגרײַפן, וואָס

עס קומט פאָר ארום איר. און דערצו איז די ארומרינגלונג געווען א צו כיטרע, צו גרויסע ׳שוליקעס זייַנען געווען אין דער אויבנדערמאָנטער באנדע, אז די אָרטיקע באפעלקערונג זאָל זי קענען גלייַך צעקייַען.

נעכטיקע עקספּלואטאטערס און באַרייַסער, נעכטיקע בלוטזויגער און פּאַשעטע רויבער האָבן זיי זיך אפּגיך איבערגעפארבט, האָבן זיך צוגעפּוצט גלאט און פייַן און האָבן זיך ארויסגעגעבן פאר די רעטער פון דעם אָרעמען אָראָטשעלער פאָלק.

פארשטייט זיך, אז אויסער דער זשוליקערייַ פון דידאָזיקע עלעמענטן האָבן דערינ זייער פיל מיטגעהאָלפן טאקע די אָ ר אָ ט ש ע ל ע ר סאָכרים און באלעגופים, די הייליקע שאמאנען, וואָס האָבן אייגנטלעך פריִער אויך געלעבט זייער פרייַנטלעך מיט די געוועזענע מאכטהאָבער און צוזאמען מיט זיי אפּן געשמאקסטן אויפן עקספּלואטירט די אָרטיקע אָרעמע באפעלקערונג און וועלכע האָבן איצט בא דעם אָנקום פון דער ראטנמאכט דער־פילט די נאָענטקייַט פון זייער מאפּאָלע.

אָט די דאָזיקע „אייגענע ברידער״ האָבן אנטוויקלט א קאָלאָסאלע אגיטאציע קעגן דער ראטנמאכט און צוזאמען מיט דער גאנצער באנדיטישער קאָמפּאניע, יאָרן נאָכאנאנד געקעמפט קעגן דער ראטנמאכט אין אָפענע שלאכטן, אָרגאניזירנדיק פאר־שיידענע באנדיטישע אָטריאדן, און שפּעטער, אז די באנדעס זייַנען צעקלאפּט געוואָרן, און ווייַטער פירן אן אָפענעם קאמף איז שוין געוואָרן אוממעגלעך, האָט מען זיך גענומען אריַינקריכן אין אלע סאָוועטישע און מעלוכע־אנשטאלטן, דערהויפּט אין די קאָאָפּעראטיווע און פאר באזאָרגונג.

דער פּרעסטיזש פון די אָראָטשעלער באלעגופים אלס פארזאָרגער און רעטער פון דעם אָראָטשעלער פאָלק איז געווען אזוי שטארק, אז אפילע אין 1932 יאָר איז אויסגעקומען צו דערווייַזן פיל פון דער אָרעמשאפט די גאנצע שעדלעכקייַט פון די באלעגופים.

מע דארף דאָ אָנמערקן, אז אויסלעבן די דאָזיקע פינצטערניש און ווינקלדיקע אבער־גלויבענישן האָבן אין א געוויסער מאָס געשטערט אונדזערע אייגענע כאוויירים. ערשטנס, זייַנען בא אונדז געווען אזעלכע אופּריכטיקע נאראָנים און „לינקאטשעס״, וואָס האָבן ערנסט געמיינט, אז דאָ, אפ דער ווייַטסטער און פארוואָרפנסטער קאלימא, ווו עס שטעקט נאָך אין האלב־אנטוויקלטער פאָרם מאמעש די ערשטע שטופע פון מענטשלעכער קולטור און מענטשלעכע באגריפן, אז אָט אָ דאָ איז מעגלעך אָנצוהייבן פון דעם, מיט וואָס מיר האָבן אין די ל ע צ ט ע יאָרן געענדיקט אפּן „מאטעריק״...

זייַנען דאָרט געווען פרוּוון אָפּצונעמען א קלויסטער אפּ א קלוב, אָדער מאכן א קאָמונע בא דער אקשאָנעסדיקער שטומעניש קימאט פון גאנצן טשאבאכ... האָבן דאָך דאָ אייניקע „לינקאטשעס״ געפרוּווט שאפן א קאָמונע־„גיגאנט״, פארייניקנדיק דרייַ יִשוּווים, וואָס לעבן איינע פון די אנדערע אפּ א מעהאלעך פון עטלעכע צענדליק קילאָמעטער, צ ו נ ו י פ ש ל ע פ נ ד י ק די גאנצע באפעלקערונג אין איין אָרט...

נאָר אויסער אָט די אופּריכטיקע נאראָנים איז בא אונדז אפּ א געוויסן עטאפּ געווען טאקע זייער פארמיסטיקט דער אפּאראט. אהין זייַנען ארייַנגעקראָכן פארשיידענע פרעמדע עלעמענטן, סייַ פון דער אָרטגעבירטיקער באפעלקערונג און סייַ פון די געוועזענע צארישע הערשער און פארברעכערישע עלעמענטן. אפּ אזא מין אופן, לעמאָשל, זייַנען אין אייניקע דאָרפּראטן, די פאָרזיצער, נאָך ביז 1932־טן יאָר געווען געוועזענע סטאראָסטעס און געווע־זענע גאבאָים פון קלויסטערס. פארשיידענע באלעגופים, וואָס זייַנען אנטלאָפן פון „מאטע־

ריק״, האָבן זיך אריבערגעקליבן אפ קאַלימא און האָבן זיך אריַינגעשמוגלט אין אונדזערע קאָלווירטן, אין די קאָאָפּעראַטיווע אנשטאַלטן, אין די סאָוועטן־אנשטאַלטן און דאָרט פאַר־נומען זיך מיט שעדיקעריַי, מיט גנייוועס...

דאָס אַלץ האָט נאַטירלעכער געווירקט אפ דער אָרטיקער אָרעמער באפעלקערונג און זי איז מיט שווערע טריט צוגעגאַנגען צו דער סאָוועטנמאַכט. איר איבערבראָך און איבערגעבורט האָט געדויערט לאַנג און איז פאָרגעקומען שווער און קרענקלעך.

פאַר אונדז ליגט א פּראָטאָקאָל פון א טשאַכאַבאַך, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם אויבנדערמאָנטן עלעקטשאַן. מיר וועלן ברענגען פון אים אייניקע אויסצוגן, וואָס וועלן אויסגעצייכנט כאַראַקטעריזירן מיט וואָס האָבן געלעבט און געטעמט די אָראָטשעלער אָרעמשאַפט נאָך אין 1932 יאָר און וואָס פאַר א שטאַרקע ווירקונג צו יענער צײַט עס האָבן נאָך אפ זיי געהאַט די באַלעגופים.

עס איז א טשאַכאַבאַך פון דריַי וואַנדערנדיקע גרופּן: עלעקטשאַנער, בויונדינער און באַכאַפּטשאַנער. פון דער וואַנדערנדיקער באפעלקערונג איז דאָרט געווען 37 מאַן, צווישן זיי 9 פרויען. זיבן כאַווײַרים פון פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס און זעקס קאָלווירטניקעס פון סיגלאַן [1]. פאַר אָט די דאָזיקע דריַי וואַנדערנדיקע גרופּן גיט איצט אָפּ א באַריכט א דעלעגאַט פון א ראַיאָנעם צוזאַמענפאָר.

פאַרזאַמלט זיך, אויסגעקליבן א פּרעזידיום, אַלץ אין אָרדענונג. נאָר דער כ׳ קאָטש־ניעוו, דער געהילף־פאָרזיצער פון ראַיאָנעם אויספּירקאָם, מעלדעט, אז די פאַרזאַמלונג וועט מען קענען עפענען נאָר דאַן, ווען מע וועט זי אָפּרייניקן פון די באַלעגופים: זיי האָבן בא אונדז קיין שטים־רעכט ניט. און ער ווײַזט אָן אפ טראַכאַליאָוון, אפ א באַרימטן באַלעגופ אין יענער געגנט.

עס הייבט זיך אוף א טומל. א באַדיַיטנדיקע מערהייט פון די פאַרזאַמלטע פּראָטעס־טירן קעגן כ׳ קאָטשניעווס מעלדונג. אינאָקענטי טראַכאַליאָוו רירט זיך ניט פון אָרט: די גרעסטע מערהייט פון טשאַכאַבאַך איז אפ זײַן זײַט.

כ׳ קאָטשניעוו גיט צו פאַרשטיין די שעדלעכקייט פון די באַלעגופים. ער דערווײַזט, וואָס דער דאָזיקער טראַכאַליאָוו האָט אָפּגעטאָן מיט די באַטראַקעס, ווי ער האָט פאַר־קנעכטעט בא זיך די אָרעמע און מיטעלע פויערים. עס העלפט ניט, די פאַרזאַמלטע האַלטן זיך פעסט פאַר טראַכאַליאָוון. מע קען די פאַרזאַמלונג ניט פירן. עס געדויערט א שאָ און צוויי—עס העלפט ניט. טראַכאַליאָוו זיצט רויִק, בלויז די אייגעלעך זײַנע פליִען האַסטיק אַרום, פינטלען האַסטיק און באַגיטיקן דערמיט דאָס דעם, דאָס יענעם אָרעמען פויער, וואָס וואַרפן פון צײַט צו צײַט א בליק אפ אים, ווי זיי וואָלטן געפרעגט: מיר פירן גוט אויס אונדזערע היסכײַוועסן?..

ענדלעך פאַלט אפ א סוואָרע דער באַפולמעכטיקטער פון ריק. ער דערקלערט אָפן און קלאָר: די מאַכט פון אויספּירקאָם איז די מאַכט פון פאָלק. די געזעצן פון דער ראַטנמאַכט זײַנען די געזעצן פון גאַנצן פאָלק. דער אויספּירקאָם פירט אויס די אַלגעמיין אָנגענו־מענע געזעצן פון ראַטנמאַכט. און דער, ווער עס איז אויוועך אפ די געזעצן פון דער מאַכט, דער וועט שטרענג באַשטראָפט ווערן. די פאַרזאַמלטע זײַנען דאָ ניט שײַעך, זיי זײַנען גאָרנישט שולדיק. שולדיק איז דאָ טראַכאַליאָוו, וואָס פילט ניט אויס די געזעצן

[1] בויונדרא, באַכאַפּטשא, סיגלאַן—קליינע יִשוּוִים, וואָס געפינען זיך אפ ברעגן פון טײַכן, וואָס טראָגן דידאָזיקע נעמען.

פונ דער מאכט, אונ דערפאר וועט ער שטרענג באשטראָפט ווערנ דורכ דעם פּראָלעטאַ־רישנ געזעצ.

טראכאליאָוו האָט פארשטאנענ, וואָס מע מיינט, אונ האָט פארלאָזנ די פארזאמלונג.

אונ אָט איז דער באריכט. ער ווערט געלייענט אפ דער אָראָטשעלער שפראכ, ווערט איבערגעזעצט אפ יאקוטיש אונ רוסיש.

— פארשטענדלעכ?

— פארשטענדלעכ, אלצ פארשטאנענ.

— איז ווער וויל א וואָרט?

א ווײַלע שטומעניש. די פארזאמלונג האלט אראָפּגעלאָזנ די אויגנ אונ קוקט ניט אפנ פּרעזידיום. נאָר באלד האָט זיכ איינער אָנגענומענ מיט מוט.

— איכ בעט א וואָרט.

אונ איידער ער איז דערגאנגענ צו דער טריבונע האָבנ זיכ א שאָט געטאָנ אָנ א שיר ביטעס.

— א וואָרט.

— מיר אויכ א וואָרט.

— גיב מיר אויכ א וואָרט.

אונ אָט זײַנענ די ארויסטרעטונגענ:

„סידאָראָוו. איכ בינ ניט מאסקים צו פארמאכנ די קלויסטערס אונ בינ קעגנ אָרגאַ־ניזירנ קאָלווירטנ. איכ בינ קעגנ דעם, וואָס מע אנטבאלעגופעוועט די באלעגופים.

גאוורילאָוו. איכ בינ אויכ ניט מאסקים צו פארמאכנ די קלויסטערס, איכ בינ קעגנ קאָלווירטנ, איכ בינ קעגנ דעם, וואָס מע גיט ניט קיינ שטימרעכט די באלעגופים.

סלעפּצאָוו. מיר אָרעמע פויערים אונ באטראקעס, מיר זײַנענ דערוויַיל פינצטערע מענטשנ. מיר וועלנ ניט קענענ אָרגאניזירנ קיינ קאָלווירט. ווענ מיר וואָלטנ פארשטיינ אונ עפּעס ויסנ, וואָלטנ מיר געוועננ פאר אָרגאניזירנ א קאָלווירט. די באלעגופים העלפנ אונדז שטענדיק. וואָס איז שײַעכ דעם קלויסטער, בינ איכ אויכ ניט מאסקים, מע זאָל אים צומאכנ.

פּראָלאָוו. טרעט אויכ ארויס קעגנ דעם, וואָס מע האָט פארמאכט דעם קלויסטער אונ גיט צו: די באלעגופים גיבנ אונדז הירשנ. מיר ארבעטנ אפ זיי באם אריבערפירנ סכוירעס, דערמיט העלפנ מיר דער מעלוכע. איכ בינ קעגנ אנטבאלעגופענענ.

איינער א מיטגליד פונ דאָרפראט זאָגט: איכ האָב זיכ באליידיקט אפ דער ראטנמאכט פאר דעם קלויסטער, איכ וועל ניט ארבעטנ אונ די איבעריקע וועל איכ אויכ אָנריידנ, זיי זאָלנ ניט ארבעטנ.

איינע א פויערטע שרײַט אויס פונ זאל:

— איר האָט דענ ניט געגאנוועט אונדזערע קלויסטערס?

אינ דעם גײַסט זאָגנ זיכ ארויס זייער פיל רעדנער.

איכ האָב דאָ געבראכט אביסל ברייטער די אויסצוגנ, קעדיי צו באווײַזנ פונ איינ זײַט די גוואלדיקע פינצטערקײַט אונ פונ דער אנדערער זײַט דערווײַזנ, אז אינ זייער אקשאָ־נעס זײַנענ אינ א ריי פאלנ שולדיק געווענ אונדזערע כאווײרים — „לינקאטשעס“. איגנאנצנ אָנ א צוגעגרייטנ אונ פאנאנדערגעאקערטנ באָדנ צונעמענ א קלויסטער אפ קאלימא, אָנשטאָט די פּאָשעטסטע „טאָווארישטשעסטוועס“—בויענ אפ קאלימ א אינ 1930־1931 יאָר קאָלווירטנ אונ אפילע קאָמונעס, דאָס קענענ טאָנ ווילדע „לינקאטשעס“, וואָס האָבנ געבראכט מיט דעם פיל שאָדנ דער פארטיי אונ סאָוועטנמאכט

די דעבאטן זייַנען פארענדיקט. עס ווערן אריַינגעטראָגן צוויי רעזאָליוציעס. איין רעזאָליוציע: אָנעמען די באשלוסן פון צוזאמענפאָר און ענדגילטיק איַינשטעלן די ראטנמאכט אויך אפ עלעקטשאנ.

א צווייטע רעזאָליוציע: ווער איז פאר באלעגופים און פארן לעבן ווי אמאָל?

די ערשטע רעזאָליוציע באקומט 17 שטימען, אין די 17 שטימען גייען שוין אריַין 7 פאָרשטייער פון פארשיידענע אָרגאניזאציעס און 6 פאָרשטייער פון סיגלאנער קאָלווירט, אזוי, אז פון דער וואנדערנדיקער באפעלקערונג האָבן געשטימט בלויז 4 מאן פאר דער ערשטער רעזאָליוציע.

פאר דער צווייטער רעזאָליוציע האָבן געשטימט 34 מאן, דאָס הייסט, קימאט אלע פארזאמלטע פון דער אָרטיקער באפעלקערונג.

נאָך גרעסערע סקאנדאלן האָבן זיך אופגעהויבן, ווען מען איז צוגעטראָטן צו די איבעריקע פראגן: וועגן אָרגאניזירן א קאָלווירט, וועגן אָפנעמען שטימרעכט בא א באלעגוף, ווען מע האָט געדארפט אויסקליַיבן א ריכטער און ביַיזיצער פאר אן אָרטיקן געריכט.

— איך וועל ניט גיין אין קאָלווירט, איך וועל לעבן לויטן אלטן.

— מיר וועלן בליַיבן לעבן, ווי אמאָל. מיר וועלן העלפן דער מעלוכע, אָבער ווי איינצל־פויערים.

אָט דאָס איז דער אינהאלט פון זייערע ארויסטרעטונגען. עס העלפן ניט די באריכטן פון סיגלאנער קאָלווירט, עס העלפט ניט די ביַישפילן פון אנדערע דאָרפראטן, וואָס האָבן שוין באשלאָסן צו אָרגאניזירן קאָלווירטן. דער ענטפער איז איינער:

— מיר דארפן ניט קיין קאָלווירטן.

און נאָך דעם, ווי עס האָט זיך פארענדיקט די פארזאמלונג, האָט איינער פון די ביַיגעוועזענע אויסגעשריִען:

— קיין איין נארטע איַיערע וועלן מיר ניט ארופלאָזן אפ בויונדא.

אָט דאָס איז געווען די שטימונג פון א טייל אָרעמקייַט נאָך אין 1932 יאָר.

עמעס, מיר האָבן גענומען איינעם פון די אָפגעשטאנענסטע ווינקלעך פון אָלער ראיאָן, אָבער גראָד פאר אָלער ראיאָן איז אזא שטימונג אין 1932 יאָר אויסערסט אינטערעסאנט, זי דערוויַיזט, אז אפילע אין די פאָרגעשריטנסטע ראיאָנען פון קאלימא איז וויַיט ניט אלץ געווען אין אָרדענונג.

* * *

אָט אזוי איז געווען דער בלוטיקער און פינצטערער אמאָל... אָט אזא איז געווען די ירושע, וואָס מיר האָבן באקומען פון די אלטע ציַיטן.

און דאָך האָט זיך דער פארטיי, דער ראטנמאכט און נאָר איר איַינגעגעבן אוועקצושטעלן אפ די פיס די אָפגעשטאנענסטע פון די אָפגעשטאנענע. מיר האָבן דאָרט קאָלאָסאלע דערגרייכונגען, באזונדערס פאר די לעצטע עטלעכע יאָר.

עס איז שווער געווען דורכצוברעכן די וואנט פון פינצטערניש, אָבער האָט מען זי דורכגעבראָכן, האָט זיך די אָרטיקע באפעלקערונג מיט אמאָל א הויבגעטאָן און מיט שוונג זיך גענומען איבערבויען.

אָבער דאָס איז א קאפיטל פאר זיך.



ארטיסטב ט ש ע ס נ א ק אָ ו א אין דער ראָל פונ יעלענקא. פונעם קלאַנג-פילם „די ערד פאַרויס״ (באַרינגלעכער נאָמענ). פּראָדוקציע פונ וויַסמעלוכע־קינאָ. רעזשיסאָרנ—שפּיס און מילמאַנ, סצענארי— באָלשינצאָוו.

## מאגניטאָגאָרסקער ליטגרופּע *)

רוווע פאלק

# א בריוו פון גרענעצ

כ׳האָב געמוזט פארקויפן הײַנט
די וועש, דעם מאנטל און די שיך
און קויפן א בילעט.
געזעגנ איכ זיכ פון דער ווײַט:
א גוטנ, טײַערע,
איכ פאָר א נאקעטער אוועק...

כ׳האָב טאקע ניט געוואָלט,
אז דײַנע ווײַסע ווענט זאָלן מיר דערזענ,—
איכ וואָלט אזוי געלאכט,
און דו, וואָלסט הויכ געוויינט.

כ׳האָב געמוזט פארקויפן הײַנט
די וועש, דעם מאנטל און די שיך,
איכ בינ אזוי דאָכ פראָסט,
הונגעריק און רוי.
טײַערע,
כ׳האָב אזוי שוינ לאנג קיינ בולקע ניט געזענ.
צוקער וועל איכ קויפן, וועל איכ טרינקען טיי.

און איכ האָב ניט געוואָלט
קומענ צו דײַנ טיר,
עפענען עס ווילד
און ווײַזן דיר מײַנ פרייד.
איכ האָב דאָכ געוווסט:
האָסט שוינ לאנג פארקויפט
דײַנע מעשטלען און דײַנ העמד,
שלאָפסטו איצט אינ בעט
אינ אלטנ אויסגעוואשנ קלייד.

---

*) פונ רעדאקציע: מיר גיבנ אינ דעם אָפטייל פונ „מאגניטאָגאָרסקער ליטגרופּע״ די שאפונגענ פונ די באוויירים: פאלק, סאָלאָוויטשיק, בליאכער, וועלכע דרוקנ זיכ בא אונדז צום ערשטנ מאָל. אלע באוויירים זײַנען עמיגראנטנ פונ פוילנ, די שאפונגענ זײַנענ אפּ דער טעמאטיק פונ פוילנ.

איז דער באנ אינ וועג
ווי דער ווינט אינ פעלד,
טײַערע, אינ וועג איז אזוי דאָכ קאלט.
כ'האָב פארקויפט
די וועש, דעם מאנטל אונ די שיכ
גיכ... גיכ...

## א הוידלקע, ברודער: א שטריק

כ'וועל, כאווער, דיכ א נעמ טאָנ פאר די הענט.
אונ אָנעמענ דײַנ קאָפּ אונ דײַנע האָר אינ מײַנע פינגער
אונ ווײַזנ דיר דעמ טאָג, די גאס, די שטאָט,
די גאנצע וועלט אפ וויפל זי איז ייִנגער.

כ'וועל, כאווער, דיכ א נעמ טאָנ פאר דײַנ העמד
צערײַסנ זי, צעקנייטשנ זי, אונ ווארפנ אפנ ראָג.
זע! שטיינ אונ סלופּ אונ טראָטואר
האָט בלוט געטרונקענ, בלוט פונ אונדזער טאָג.

אונ וויפל הויפנס שטיינער, פאָנענ פרייד
שטעט צעהוליעטע, צעטרייסלטע פונ הענט.
וויפל יונגע, הונגעריקע זינ זײַנענ אפנ טויט
געפאלנ מיטנ ביקס בא שטיינערדיקע ווענט.

א הוידלקע, ברודער:
א שטריק.
א שטריק מיט א וויג.
א הוידלקע, שוועסטער:
עס וויגט זיכ צונויפ —
דער טויט
מיטנ זיג.

א לאנד מיט א שטאָט.
א דאָרפ מיט א פעלד.
א הוידלקע, קינדער:
עס מישט זיכ צונויפ
אזא פײַער מיט קעלט!

א הוידלקע, ברודער:
א זונ מיט א ווינט.
א טאטע,

א מאמע,
א שוועסטער,
א קינד.

פארשלאָסענע טירן,
פאריגלט ברויט, —
ווער איז דאָ שטארקער?
דער הונגער?
דער שטורעמ?
דאָס בלוט?
צי דער טויט?..
די ביקס?
צי די פרייד?..

א דלאָניע, —
א פליישיקע דלאָניע
פארויכערט, פארקנייטשט,
א געלע פארברענטע מאָזאָליע,
שווארצע פארטריקנטע הויט.

אינמיטן נאכט, געווער געבראכט,
געווער גענומען און צעטיילט,
אינמיטן נאכט
— נא דיר א פאָן.
— נא דיר א ביקס,
— א קוילנוואַרפער,
— א נאגאַן,
אַן אווטאָ אפן ראָג.
פאבריקן —
האלט!
באנען —
שטרייַק!

כ'מוז, כאווער, דיך א נעמ טאָן פאר די הענט.
און אָנעמען דייַן קאָפּ און דייַנע האָר אין מייַנע פינגער
און זע! און קוק! דעמ טאָג, די גאס, די שטאָט,
די גאנצע וועלט אפ וויפל זי איז ייִנגער.

הענאכ סאָלאָווייטשיק

# מיט די באָלשעוויקעס

## א פראגמענט „פונ אונטערערד״.

ארנ ברייטמאנ האָט פארופנ צו זיכ אינ גאסט־צימער זײַנע פיר אָנטרײַבער־יונגעג.

ראָזאליע, די עלטערע טאָכטער זײַנע, האָט זיי באגעגנט מיט אויגנ פארושמורעטע אינ פײַנטשאפט, מיט ווערעמארטיקע שמאָלינקע רויטע ליפעלעכ, פארקלעמטע אינ האס, אונ מיטנ געדאנק, אז איר, דער אריסטאָקראטקע, עקלט פונ די דאָזיקע אָנטרײַבער־יונגעג.

זי האָט פאָרזיכטיק אָפגעמאָסטנ עטלעכע טריט, זיכ דערנעענטערט צו זיי אונ פאוואָלינקעס, ווי אינ א געפאר געמאזיקט צו ווערנ, אויסגעבויגנ פאָרויס דעם קערפער. זי האָט פארקוועטשט מיט די פינגער די נאָז אונ פונ צווישנ די פארקלעפטע ווערעמ־ליפלעכ האָט זי ארויסגעלאָזט אנ אופגעשוידערט געשריי:

— אוי, כ'וועל עס ניט אויסהאלטנ... ס'שטינקט.

יונגישע הערצער האָבנ זיכ א טרייסל געגעבנ. אפ צולאָכעס אזוי, ווי אָפגערעדט צווישנ זיכ, האָבנ זיי ניט געבעטענע זיכ אוועקגעזעצט אפ די ווייכע ווײַס־צעכאָלענע שטולנ.

ראָזאליעס צעפאָקטע צורע האָט א ברודיקע, טונקעלע רויטקײַט אָפגעבריט, אונ די פאָקנגריבלעכ זײַנענ ווי צוריק אָנגעגאָסנ געוואָרנ מיט נײַע געשוויר־אָנרײַסונגענ.

זי איז זיכ פארגאנגענ אינ א פישטשערײַ:

— דאָס הארצ וועט אינ מיר פלאצנ...

ארנ ברייטמאנ האָט אָנ צערעמאָניעס פאָרגעלייגט די יונגענ זיי זאָלנ אימ העלפנ עוואַקוירנ זיכ צוליב די באָלשעוויקעס, וואָס וועלנ באלד ארײַנגיינ אינ שטאָט.

בערע־לייב האָט דער ערשטער א שמיצ געטאָנ האמעטנע אונ גיכ:

— באל־א־באָס, מיר וועלנ זיכ שוינ קיינמאָל ניט צונויפריידנ. ס'שטינקט דאָכ פונ אונדז...

די יונגענ זײַנענ אוועק צוריק אינ זייער באהעלטעניש, אינ פערדנ־שטאל הינטער דער פאָדלאָגע.

דאָרט האָט שײַקע „די מאלאכאמאָוועס־האנט״ מיט אנ אײַזנ געקלאפט אינ די שטיינערנע ווענט:

— איכ וועל גיינ מיט די באָלשעוויקס!

— דאָס זײַנענ איר ניט די דײַטשנ אונ ניט די פוילישע לעגיאָנ־אָפיצערנ.

בערע־לייב האָט איצט ווידער א שמיצ געטאָנ האמעטנע אונ גיכ:

— יאטנ, זאָל איכ דאָ מיטנ קאָפּ אפנ אָרט פארלייגנ, אויב ס'איז ניט א גלײַכע זאכ. לאָמיר אויסהארגענענ זײַנע פערד, וועלנ זיי א צעפלאצעניש אפ אנ אָרט אײַנעמענ.

— גוט, אָבער די ערשטע פערדישע קאָפּ דײַנע װעל איך צעפּלעטן. די פערד מוז מען פאַרהיטן פאַר די באָלשעװיקעס. די פערד װעלן אונדזערע זײַן, אָבער ניט זײַנע...

בערע־לײב האָט זיך נאַרעשעװאַטע פאַרקרימט, געטאַפּט מיטן קאָפּ אינדערפינצטער, זיך דערקונדיקן געװאָלט, צי שײַעס מאַלאַכאַמאָװעסדיקע הענט זײַנען טאַקע נאָענט לעבן אים...

— איך בין אויך מיט די באָלשעװיקעס. נאָר װאָס װעט זײַן, אַז ער װעט קומען מיט לעגיאָנערן און נויטן אײַנשפּאַנען, העלפן זײ אַנטלויפן.

— װעסטו זײַן דאַן אַ פערד, װעסטו אַלײן זיך אײַנשפּאַנען.

— מירן זיך אײַנשטעלן, מירן זיך האַרגענען ביז בלוט.

— װעט ער אונדז אויסמאָרען מיט הונגער. ער גיט שוין ניט עסן דעם צװײטן טאָג.

— אַ בראַנד מעג דאָ אונדז צעקײַקלען, אָבער די פערד מוז מען אויסהיטן פאַר די באָלשעװיקעס.

ייִצכאָק האָט די גאַנצע צײַט געשװיגן. אַרומגעשפּאַנט אין דער איפּעשדיקער דושנע־קײַט, געשװענקט זײַנע קראַנקע לונגען מיט דער זויערלעכ, װילגאָטנער קעלער־לופט, גע־קאַרבט די פינצטערניש מיט זײַנע שאַרפע װײַטזיכטיקע אויגן.

ייִצכאָק האָט איצט אָנגעקװאָלן. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט װאָס עס װעט זײַן אין אַ שטיקל צײַט אַרום: עס װעט אַרײַנקומען אַ נײַע מאַכנע, װאָס װעט ברענגען מיט זיך אַ נײַ לעבן.

די פערד אין שטאַל האָבן זיך צעפּרושעט, געפאָרשקעט מיט די נאָזלעכער, זיך געריסן פון די צוימען, געשלאָגן מיט די טלאָען אין דער פּאָדלאָגע, ניט אײַנגעשטאַנען אַף אַן אָרט, זיך געפּרוּװוט שטעלן דיבאָם, און מיט פולע טונקל־בלאָ רויטלעכע אויגן גע־לויערט װי אין אַ נאָענטער װעלפישער סאַקאָנע.

ייִצכאָקס נאַכעסדיק קװעלן אין האַרצ האָט אופגעריסן זײַן אײגענע שטומקײַט:

— כאַװײרים, ניט נאָר די פערד, נאָר אונדזער לײַב און לעבן פאַר די באָלשעװיקעס. דאָס זײַנען אַרבעטער, אָרעמע פויערים און לעניג... מיר דאַרפן פון זיך מאַכן אַ פּאַרטי־זאַנישע גרופּע אַף קיִעװער גאַס, אַנטקעגן „מישמערעס־כײלים" געפינען זיך די גרויסע סקלאַדן מיט פּראָדוקטן. איז גלײַך, װי אונדזערע רויטע כאַװײרים פאַרנעמען װילנע אײַדאַ, דאַן צו די סקלאַדן און ניט לאָזן צעשלעפּן. װײַל אַלץ איז אונדזערס פאַרהאָרע־װעט אײגנס...

שײַקע האָט ייִצכאָקן געװאָלט אַ כאַפּ טאָן אַף די הענט. אַ גליקלעכער פון באַנעמען זײַנע רײד, האָט ער אופגערעגט געבורטשעט:

— אָט אַ קאָפּ. אָט דאָס איז רײד... ברודערל, אַ טרײסט דיר אין די נירקעס. אָט טאַקע דו װעסט קאָמאַנדעװען מיט אונדזער אײגנס. און װי האָסטו געזאָגט: גרופּע?..

---

אַרן ברײטמאַן האָט װידעראַמאָל פאַרופן זײַנע פיר אָנטרײַבער־יונגען.

דאָסמאָל האָט זײ אין פּאָדערצימער באַגעגנט זײַן זון יוזעף, דער לעגיאָנערישער אונטעראָפיצער, מיט אַ רעװאָלװער אין האַנט, מיט אַזאַ פאַרקרימט פאַרליטענעם פּאָנעם, װי ער װאָלט געהאַט שטאַרקע בויכ־יעסורים פון אַ שטאַרק לײזן מאָגן.

ניט קוקנדיק די יונגען אין די פּנעמער, טײַטלענדיק מיטן װײַז־פינגער אַפן ציינגל פון רעװאָלװער, האָט ער פריציש רויִק און באַפעלעריש געמאָלדן אין פּויליש:

— פאַראָרדענונג: זיך פאַרהאַלטן אָנשטענדיק, רויִק און ריין. װער פון אײַך עס װיל

האָבן די קאָפּ אַף די פּלייצעס, דאַרף זיך גלײַך נעמען צום אײַנשפּאַנען די פערד. אַפּ קיִעווער גאַס געפינען זיך סקלאַדן מיט שפּײַז־פּראָדוקטן, מע דאַרף עס אָנלאָדן אַף די פּלאַטפאָרמעס און פירן עס גלײַך צו דער טאָווארנער סטאַנציע. מיר וועלן פאָר די כאַ־מישע באָלשעוויקעס קיין איין איינציקן גרויפּ ניט איבערלאָזן. פאַרהאַלט אײַך אָנשטענדיק, טוט וואָס איך הייס...

ארנ ברייטמאַנ האָט מיט נעקאָמענדיקער צופרידנקײַט געקוקט אַף די יונגישע שטום־באַוועגלעכע ליפּן, אַף זייערע צעטומלט־פאַרכווישעכטע פּנעמער, וואָס דריקן אויס בייז־קײַט, אַף זײַן אָפּיצערישן זינדל, אַפן רעוואָלווער און זיך נעגלעט איבערן פּעסלדיקן בויך, פאַרפּלאָנטערט אַ האַנט־פינגער אין דער געדיכטער גראָלעכער באָרד. אַ קלוגיטשקן קרעכצ געטאָן צום „ווילנער גאָען“ און געזאָגט:

— איך שווײַג שוין גאָר. רייד טאַקע דו יוזעפּ מיט די ווילדע ברוים. אַ לעבן זיי געקאָרמעט און געקליידט, די מאַמעס מיט זאַטע שאַבאָסים פאַרזאָרגט...—און ווי אַ בי־טערניש פון מויל אַרויסגעשפּיגן:

—פּראָסטאַקעס, אַקשאָנים.

ייִצכאָק מיט זײַנע פאַרשפּיצטע אויגן האָט אַ שטאָכ געטאָן פון אויבן אַראָפּ—פון „ווילנער גאָען“ ביז ארנ ברייטמאַנען אין בויך:

— באַלעבאָס, אײַער ווילגעבורטיקער זון האָט, דאַכט זיך, געהייסן זיך האַלטן אָנ־שטענדיק און איר זידלט זיך...

שײַקע האָט אַ גריזשע געגעבן אַ מאַזאָל פון זײַן ברייטער פורמאַנישער דלאָניע און זיך געהאַמעוועט:

— ס'וועט שוין אינגיכן אַ סאָף נעמען צו אײַערע אינטעליגענטישע קעפּ, וועלן מיר דאַן אויס פּראָסטאַקעס ווערן.

מיליטעריש פלינק האָט זיך יוזעפּ אויסבעקערעוועט צו די יונגען.

דאָס אָפיצערל האָט צוגערוקט צו שײַקעס אויגן די לופע פון רעוואָלווער!

— מילטש, רענצע דאָ גורע! [1].

שײַקעס הונדערט צוויי־ונצוואַנציק סאַנטימעטערדיקער גוף האָט זיך אויסגעצויגן, די פאַרהויבענע הענט אינדערהויך האָבן אים דאָפּלט גרעסער און שטאַרקער געמאַכט. שײַקע האָט אַרײַנגעקוקט אין דער טונקל שמאָלער עפענונג פון דער לופע און זײַנע אויגן זײַנען מיט אַ פינצטערניש פאַרלאָפן. ער האָט זיי אַ שווענק געטאָן איבער יוזעפּס פּאָנעם און זיי נאָכדעם פאַרוווּנדערט אָנגעהאַנגען אַף ייִצכאָקס פאַרשפּיצטע, ווײַזיכטיקע אויגן מיט אַ פראַגע־צייכן און געבעטן:

— אַראָפּלאָזן מײַנע הענט אַף אים? איך לאָז אַראָפּ.

ייִצכאָקס אַ קלוגער לויטערער בליק: ניין.—און צום אָפיצערל טאַמעוואַטע:

— צוואָס אַזאַ אײַלעניש? וועט עפּשער רעכט זײַן מאָרגן?

— נאָך הײַנט באַנאַכט טרעטן מיר אָפּ.

בערע־לייב אַ פאַרכלינעטער מיט רעציכע צו יוזעפן און מיט אופגעזאָדענער ראַכ־מאָנעס צו שײַקעס געזונטע גיבערדיקע הענט, די פאַרהויבענע אינדערהויך, ווי ער וואָלט זיך געגרייט צום צעשפּאַלטן אַ שטאַרק סוקעוואַטן האָלצ.

בערע־לייב האָט אַ שמיצ געטאָן אַ געשריי:

[1]) שווײַג, די הענט אינדערהויך!

— איר טרעט אָפּ? איז אָן הענט און פיס, אָן לײַב, און אָן לעבן, און אָן א קאָפּ!

ייִצכאָק האָט זיך אויסגעדרייט צו בערע־לייבן אים דעם מויל צו פארשטאָפּן, נאָר דאָס אָפּיצערל האָט אים אינמיטן דערינען געטראָפן מיט א זעץ פון רעוואָלווער־הענטל אין פּאָנעם.

ייִצכאָק האָט זיך אין ווייטעק אראָפּגעלאָזט צו דער ערד, זיך באלד צוריק אופגעשטעלט און, פארבײַסנדיק דעם קאָפּ ארוף, א שנײַץ געטאָן מיט בלוט דעם „ווילנער גאָען" אין פּאָנעם.

שײַקעס אופגעצאָרנטקײַט:

— געבן אים זײַן קאָפּ אין די הענט?..

ייִצכאָק איז זיך מעיאשעוו מיט זײַנע בלוט־טראָפּנס אפּן פּאָדלאָגע:

— ניין!

דאָס אָפּיצערל מיט א שטרענג פּאכדאָניש פּאָנעם, מיט רויטלעכע צעיאָגטע אויגן האָט זיך אָפּגעשפּארט אין א זײַט. דורכן האנט האָט אים מיט איימע געשטאָכן אין הארץ דער רעוואָלווער, האָט ער אים אין קעשענע פארוקט, נאָר פאר זיך אליין צוליב די יונגישע אויגן האָט ער קיין אָרט ניט געקענט געפינען.

בערע־לייב קאָן זיך קיין אייצע ניט געבן אווו אהינצוטאָן זײַן צעבושעוועטן געדראנג צו מיימעסן דאָס אָפּיצערל. איצט איז דאָך אזא געלעגנהײַט, אז שײַקע זאָל אים א גלעט געבן מיט זײַנע מאלאכאמאָוועסריקע הענט, נאָר ייִצכאָק איז קעגן.—פארוואָס?..

שײַקע האָט שוין אָפּגעריסן אן ארבל פון זײַן העמד און באנדאזשירט ייִצכאָקן. ער טוט עס אזוי פּאוואָליע, ציטריק, פּאָרזיכטיק, גלײַך ווי די גראָבע לײַוונט, וואָס ער לייגט עס צו, איז ייִצכאָקס לײַב, א טייל פון זײַן צעמאזיקט פּאָנעם.

בערע־לייב ווערט שיר ניט צעלייגט פון סינע צו ייִצכאָקן פאר זײַן גוטסקײַט צום אָפּיצערל. א כשאד טוט זיך א פלאָנטער אין קאָפּ, ווי די לייצעס אמאָל אין זײַנע הענט אפּ א שמאָל סאקאָנעדיקן אָרט.

ער גיט א ניט-אײַנגעהאלטענם יאָג:

— יאטן, זיי וועלן נאָך באלד אײַנשפּאנען די פערד אויך.

און צו יודקעס קאָסאָקן אויגל:

— קום, מירן אויסהארגענען די פערד.

שײַקע מיט טרוקענע אָנגעצונדענע אויגן:

— ווער אײַנגעזונקען דאָ.

ארן ברייטמאן גאנוועט ארײַן זײַן פעסלדיקן בויך, דערפרייט זיך מיט ייִצכאָקס פאר־באנדאזשירט פּאָנעם. טראָגט צו דעם בויך מיט צופרידנקײַט צום „ווילנער גאָען" און טפילעדיק־כיטרעוואטע ווינקט: „האָסט זיך דערבארעמט, דערבארעם זיך שוין אפּ ווײַטער אויך".

די יונגישע פּענעמער זײַנען אופגעפלאמט. ייִצכאָק דערפילט, אז ס'וועט זײַן א געשלעג. זאָגט ער געלאסן און אײַנגעהאלטן:

— באלעבאָס, מירן ארויסגיין זיך באראטן, מירן געבן א טשוווע.

---

בערע־לייבס אויגן זײַנען ווילד. דאָס פּאָנעם פון אופרעגונג פארשוויצט. די הענט האָבן שוין אלע בלעכענע קנעפּ אויסגעריסן פון זײַן בורקע. אין מויעך האָט זיך א גרויס געפּלאָנטער צונויפגעקנוילט און צעשפּארט שיר ניט דעם קאָפּ.

ייִצכאָקס טונקל פארומערטע אויגן אין ווייטיק האָבן מיט א פארשטאנדיקער רויִקײַט

א גלאנצ געטאָנ אפ בערע־לייבנ, אפ זײַנ פארבלוטיקטנ פּאָנעם האָט א צאפּל געטאָנ א דינ כײזעקדיק שמײכעלע, געווענדעט צו בערע־לייבנ:

— דו קיל אָפּ אביסל דײַנ צעהיצטע יוכקע. א הארצ און בלוט האָסטו הייסע, נאָר דעם קאָפּ דארפסטו צופײַלנ.

אינ שײַקעס טיפע אופגעריסענע אויג העלט א פרייד פונ זײַנ פארגלויבטקײַט אינ ייִצכאָקנ און זײַנ איבערגעגעבנקײַט צו די באָלשעוויקעס. אינ זײַנ פאָרשטעלונג: זיי, די באָלשעוויקעס, וועלנ עס איינ מאָל פאר אלעמאָל א סאָפ מאכנ צו דעם לעבנ, אינ וועלכנ עס הערשנ די ארנ ברייטמאנס.

בערע־לייב אינ צערייצטקײַט און אומגעדולדיקײַט האָט ווי א גריזשע געטאָנ אָט די ווערטער:

— זאָג, איטשקע, פארוואָס פלעגסטו אונדז אלעמאָל בונטעווענ, אז מע דארפ זיכ נית לאָזנ שפּײַענ אינ דער קאשע. איצט, אז מע האָט דיר ארײַנגעשפּיגנ ביז בלוט אינ פּאָנעם, שווײַגסטו ווי א טשוטשיקל. פארוואָס לאָזטו אונדז ניט?..

יודקע האָט אינ א ווײַלע ארום צוגעגעבנ:

— אז אונדזערנ א ברודער נעמט ברענענ אינ הארצנ—באדארפ מענ זיי מיט א פײַער אוועקלאָזנ, און אז איטשקע וויל ניט, איטשקע לאָזט ניט—טאָ זאָל ער אויכ מיט זיי סארפּענענ.

ייִצכאָקנ איז גוט געווענ אויסצוהערנ, פארטראכטנ זיכ און באנעמענ דעם אופגעשטורעמטנ האס פונ די יונגענ. דערפילנ זייער פארטיפעדטע סינע צו די ארנ ברייטמאנס, דערזענ דעם פאנאנדערגעבריטנ צאָרנ, וואָס וויל און וועט העלפנ אומברענגענ די וועלט פונ עקספּלואטאטערס. ער האָט שטרענג געשאצט זייער אויסהאלטעוודיקײַט און גרייטקײַט צו גיינ אינ קאמפּ.

און אז ייִצכאָק אנ איבערצײַגטער אינ דעם, האָט א נעמ געטאָנ שטײַפ און פרײַנט־שאפטלעכ יודקעס הענט, זיי אוועקגעריסנ פונ זײַנ קאָלטענעוואטנ קאָפּ האָר, אים צוגע־צויגנ נאָענט צו זיכ און מיט פרייד פונ רויִקער קלוגשאפט אים אָנגעקוקט, האָט יודקע מיט אופריכטיקנ אָפּשײַ א זאָג געטאָנ:

— ייִצכאָק... און שטומ געבליבנ אינ דעם ווילטאָג, ווי פונ נאָכגעלאָזנ צאָנ־ווייטעק אינ זיכ.

ייִצכאָק לייגט פאָר:

— כאווײרים, כ׳וועל ענטפערנ אפ אלע אײַערע טײַנעס, אויסהארגענענ די פערד, דעם באלעבאָס מיט זײַנ געזינדל. דאָס הייסט טאָנ בלויז צוליב אונדז, צו שטילנ אונדזער פאר־לאנג נאָכ נעקאָמע פאר באליידיקונג, פאר פײַניקנ אונדז. מיר וועלנ פאר דעם באצאָלנ מיטנ לעבנ.

— די פּוילישע פּריצישע אָפּיצערנ וועלנ זיכ גוט איבער אונדז איזדעקעווענ. מיר און די פערד וועלנ דאנ אָנ שומ נוצנ פאר אונדזערע כאווײרים אומקומענ ווי נארישע הינט. מיר טאָרנ עס ניט טאָנ. איכ לייג פאָר זאָגנ ברייטמאנענ, אז מיר שפּאנענ קלוימערשט באלד אײַנ די פערד, בעטנ, אז זײַנ זינדל זאָל מיט אונדז מיטפאָרנ. מירנ אימ דאנ פאר־שלעפּנ צו אונדז אינ קעלער, אונדזערע רויטע כאווײרים וועלנ שוינ אוואדע מאָרגנ זײַנ אינ ווילנע.

און דאנ—פאָרנ.

יודקע רוקט זיכ צו נאָענט, גאָר נאָענט צו ייִצכאָקנ. און מיט שעמעוודיקײַט, וואָס קומט פונ כאראָטע, טוט ער צו אימ אפ גיכ א זאָג:

— ייִצכאָק. מיטנ אוועקפאטערנ זיי בינ איכ גרייט ווי דו זאָגסט: ווארטנ ביז מאָרגנ נאָר פאטערנ וועל איכ זיי...

# אינ טעג אמאָליקע...

.. אונ געווענ איז דאנ א מעשוגענער בוראנ, —
איז געפאלנ דאנ א יונגער, רויטער פארטיזאנ.
איז געפאלנ דאָ א יונגער פארטיזאנ.

געפאלנ איז אינ שלאכט פאר אייגנ בלוט,
פאר אייגנ ברויט אונ ערד —
שטייט טרויעריק באמ זײַט זײַנ גראָער פערד.
שטייט טרויעריק זײַנ פערד.

וויינ ניט, מיידל, וואָס א באָכער אזוי בלוטיק אזוי יונג
ליגט מיט לעצטנ אָטעמ אינעמ קאלטנ שלונג,
ליגט מיט לעצטנ אָטעמ אינעמ שלונג.

וויינ ניט, מיידל, וואָס א באָכער אזא יונגער—איז שוינ טויט.
געפאלנ איז דײַנ באָכער פאר פרייד, פאר זעט אונ ברויט
אינ שלאכט פאר אייגנ ברויט.

— נײנ, ניט וויינענ וועט די מיידל שוינ, ניט וויינענ וועט זי
מער —
אפ ברעמענ—אימ הענגט פארגליווערט נאָכ א לעצטע
טרער,
הענגט א לעצטע טרער...

נײנ, זי וועט ניט וויינענ מער—זי וויס שוינ וואָס זי טוט —
אלצ שטארקער האָט אינ שלייפנ שוינ געקלאפט דאָס הייסע בלוט.
האָט אינ שלייפנ זיכ צעקלאפט דאָס הייסע בלוט.

האָט א מיידל זיכ א הייב געטאָנ—געזעצט אפ באָכערס פערד —
היי! זי וועט זיכ נויקעמ זײַנ פאר בלוט, פאר ברויט אונ ערד.
זי וועט זיכ נויקעמ זײַנ פאר בלוט אונ ערד.

ניט געוויינט האָט מיידל—ניט געוויינט שוין מער —
מיט ארבל האָט זי אויסגעווישט די לעצטע טרער.
אויסגעווישט די לעצטע טרער.

— — — — — — — — — — —

און געווען איז דאן א מעשוגענער בוראן —
האָט אפ שטורעמ זיך געלאָזט א מיידל־פארטיזאן.
אפ נייַעם שטורעמ זיך געלאָזט א פארטיזאן.

# דעמ זשורנאַל „שטערנ"—
## אונדזער הייסנ באָלשעוויסטישנ גרוס

דער זשורנאַל „שטערנ" איז אַנטשטאַנענ, ווענ די ייִדישע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור פונ ווססר האָט נאָכ געמאַכט אירע ערשטע טריט, ווענ עס זײַנענ נאָכ שטאַרק געווענ די נאַציאָנאַליסטישע טענדענצנ אינ דער ניט פּראָלעטאַרישער ייִדישער ליטעראַטור.

10 יאָר פונ זשורנאַל „שטערנ"—דאָס זײַנענ 10 יאָר פונ קאַמפּ פאַר דערציִענ די יונגע, פאַר איבערדערציִענ די אַלטע קאַדרענ פונ דער ייִדישער ליטעראַטור.

דער זשורנאַל „שטערנ" איז געוואָרנ פאַר די דאָזיקע יאָרנ אַ באַדײַטנדיקער פאַקטער פונ אַרײַנדרינגענ די אידייענ פונ אינטערנאַציאָנאַלער צוזאַמענאַרבעט און קאַמפּ פאַרנ סאָציאַליזמ צווישנ די ייִדישע מאַסנ פונ ווססר.

דער זשורנאַל „שטערנ" האָט אינ ענגער צוזאַמענאַרבעט מיט דער גאַנצער סאָוועטישער ליטעראַטור פונ ווססר דערפאָלגרײַכ אויסגעפילט זײַנע אויפגאַבנ אינ קאַמפּ קעגנ דעמ ייִדישנ און ווײַסרוסישנ נאַציאָנאַליזמ און מיט דעמ איז ער געוואָרנ פאַרהאַסט בײַ די אויסלענדישע סאָציאַל-פאַשיסטנ.

מיר זײַנענ טיפ איבערצײַגט, אַז דער זשורנאַל „שטערנ" וועט אויכ אָפּ ווײַטער אַזוי פּרוכטבאַר דורכפירנ זײַנ קאַמפּ פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קולטור, פאַרנ סאָציאַליזמ, פאַרנ טריִומפ פונ דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פונ לענינענ און סטאַלינענ.

**פּרעזידיומ פונ פאַרבאַנד סאָוועטישע שרײַבער פונ בססר.**

---

דער פאַרבאַנד סאָוועטישע שרײַבער פונ ווססר באַגריסט הייס דעמ זשורנאַל „שטערנ" מיטנ 10-יאָריקנ יוביליי. אַלס איינער פונ די פילצאָליקע שטערנדלעכ פונ דער נאַציאָנאַלער קולטור, וועלכע זײַנענ אָנגעצונדנ געוואָרנ דורכ דער גרויסער פּאַרטיי פונ לענינ-סטאַלינ, קעדיי פאַרייניקנ די אַרבעטנדיקע מאַסנ דורכ די אידייענ פונ פּראָלעטאַרישער אייניקײַט, אָרגאַניזירנ און פירנ אינ קאַמפּ פאַרנ קאָמוניזמ — האָט דער זשורנאַל „שטערנ" געשפּילט אַ גרויסע ראָליע אינ העלפנ דער פּאַרטיי אַפנ פראָנט פונ דער קולטורעלער בויונג. דער „שטערנ" האָט פאַרייניקט, האָט אַנטוויקלט און געכאָוועט די קאַדרענ פונ די ייִדישע פּראָלעטאַרישע סאָוועטישע שרײַבער. דער „שטערנ" האָט געקעמפט

קעגנ אלע שאטירונגענ פונ נאציאָנאליזמ און אנדערע מינימ פונ בורזשואזער ווירקונג אפנ פראָלעטאריאט. דער „שטערנ“ האָט דורכגעפירט די ליניע פונ אונדזער סטאלינישער פארטיי, איינצײַטיק באָלשעוויסטיש אויסגעגלײַכט זײַנע בלויזנ און פעלערנ. און אינ דעמ, וואָס די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור פונ ווססר איז געוואָרנ אונטער דער אָנפירונג פונ דער פארטיי, אלס איינער פונ די שטארקע אָטריאדנ פונ דער פארבאנדישער ליטעראטור, איז דאָס אינ א באדײַטנדיקער מאָס דער פארדינסט פונ „שטערנ“.

דאָכ, אָבער אנטקעגנ דעמ, וואָס עס שטייט פאָר, איז דאָס אָפּגעטאָנענע שטענדיק ניט גענוגנדיק. „די קאדרענ לייזנ אלצ“ (סטאלינ)—און אינ דער ערשטער ריי דארפ דער זשורנאל דערציִענ די יונגע קאדרענ פונ אונדזער ליטעראטור, קעמפנ פאר א הויכער אידייִש־קינסט־לערישער קוואליטעט פונ די שאפונגענ, אומדערמידלעכ רופנ פאָרויס דאָס שאפנ ווערק, וואָס זײַנענ ווערט אונדזער עפּאָכע. דער „שטערנ“ דארפ פירנ אנ אומאָפּגויגלעכנ קאמפ פארנ קריגערישנ פראָלעטארישנ אינטערנאציאָנאליזמ, קעגנ די קלענסטע רעצידיוונ פונ בונדיזמ און ציאָניזמ, קעגנ נאציאָנאליזמ פונ אלע קאָלירנ. דער „שטערנ“ דארפ פאנאנ־דערוויקלענ אפ זײַנע זײַטנ א ווירקלעכ־באָלשעוויסטישע שעפערישע קריטיק און זעלבסט־קריטיק.

באגריסנדיק דעמ „שטערנ“—איז דער פארבאנד פונ די סאָוועטישע שרײַבער זיכער, אז דער זשורנאל וועט מיט ערע אויספילנ די דאָזיקע אופגאבנ און מיט דעמ נאָכ מער פאר־שטארקנ די דערפאָלגנ פונ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור.

זאָל לעבנ און צעבליִענ זיכ די לעניניש־סטאלינישע נאציאָנאלע פּאָליטיק!

זאָל לעבנ דער גרויסער סטאלינ!

זאָלנ העל לײַכטנ איבער אונדזער לאנד די וווּנדערלעכע שטערנ־דלעכ פונ אונדזערע דערפאָלגנ!

פארוואלטונג פונ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער פונ ווססר.

---

10 יאָר „שטערנ“ זײַנענ 10 יאָר קאמפ פאר א סאָציאליסטישער ליטעראטור, פאר דערציִענ יונגע קאדרענ פראָלעטארישע שרײַבער, פאר איבערדערציִענ די עלטערע שרײַבער־קאדרענ.

מיר גלויבנ, אז דער „שטערנ“ וועט ווײַטער דערפאָלגרײַכ פירנ דעמ קאמפ פאר א סאָציאליסטישער ליטעראטור פונ הויכער קוואליטעט, וועט אפנ קונסט־פראָנט פארווירק־לעכנ דעמ כ׳ סטאלינס לאָזונג וועגנ אויסבילדנ שרײַבער אינזשעניערנ פונ דער מענטש־לעכער נעשאָמע, דעמ כ׳ סטאלינס לאָזונג וועגנ זאָרגנ און דערציִענ סאָציאליסטישע קאדרענ.

ביוראָ פונ דער מאָסקווער גרופּע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער.
רעדקאָלעגיע „סאָוועטיש“.

די רעדאקציע פון זשורנאל „פּאָלימיא רעוואָליוציע" באגריסט הייס, אין נאָמען פון זײַנע מיטארבעטער און לייענער, זײַן כאווער אין קאמפ פאר דער סאָציאַליסטישער קולטור—דעם—זשורנאל" „שטערן" מיט די 10 יאָר פון זײַן עקזיסטענץ.

10 יאָר פון זשורנאל „שטערן"—דאָס זײַנען 10 יאָר פון קאמפ, אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פארטיי, קעגן יידישן נאציאָנאליזם, קעגן קאָנטר־רעוואָליוציאָנערן טראָצקיזם, בונדיזם און גרויסהערשערישן שאָוויניזם, פאר שאפן די יידישע סאָוועטישע ליטעראטור. דאָס זײַנען צען יאָר פון קאמפ פאר רעאליזירן די פרינציפּן פון דער לעניניש־סטאלינישער נאציאָנאלער פּאָליטיק פון אונדזער פארטיי.

די טויזנטער לייענער פון דעם זשורנאל, די צענדליקער יוגנט אויטערן פון זשורנאל, אנטפלעקטע פון די רייען פון פראָלעטאריאט—דאָס איז א רעזולטאט פון דער ארבעט פון זשורנאל, א רעזולטאט פון קאמפ פאר א הויכער קוואליטעט, פאר קאדרען פון דער סאָוועטישער יידישער ליטעראטור.

באגריסנדיק מיט די 10 יאָר, ווינטשן מיר נאָך מער אײַנגעשפּארט און אקשאָנעסדיק קעמפן אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פארטיי אפ שאפן די סאָוועטישע יידישע ליטעראטור.

רעדאקציע פון זשורנאל „פּאָלימיא רעוואָליוציע".

ט ע ל ע ג ר א פ י ש.

א הייסן גרוס און בעסטע ווונטשן דעם 10-יאָריקן יובילייאר. גייט ווייטער אין די פּאָרויסיקע רייען אין קאמפ פאר א פעסטער, בליענדיקער, יידישער סאָוועטישער ליטעראטור. פאר העכערן דעם אידייִשן ניוואָ און די קינסטלערישע קוואליטעט. פאר שאפן גרויסע ווערק און געשטאלטן פון דער סאָציאַליסטישערווירקלעכקייט.

כארקאָוו—רעדאקציע „דער שטערן"—גאָלדענבערג.

דער אינסטיטוט פאר ייִדישער פראָלעטארישער קולטור אונ זײַנ סעקציע פאר ליטעראטור אונ קריטיק באגריסנ הייס דעם זשורנאל „שטערנ“ צום יובילײ פונ זײַנ 10־יאָריקער עקזיסטענצ.

באזונדערס גרויסע דערגרייכונגענ האָט דער „שטערנ“ זיכ דערשלאָגנ זינט אפרעל 1932 יאָר, אדאנק דער באשטימונג פונ צק אלקפ(ב) וועגנ איבערבויענ די ליטעראריש־קינסטלערישע אָרגאניזאציעס. די דאָזיקע באשטימונג האָט אופגעהויבנ דעם זשורנאל אפ א העכערנ אידײיִש־קינסטלערישנ ניוואָ. דעם „שטערנ“ איז געלונגענ פאריײניקנ ארום זיכ די בעסטע סאָוועטישע אונ אויסלענדישע רעוואָלוציאָנערע ייִדישע שרײַבער, שאפנ א ברייטע טריבונע פאר דער טאלאנטפולער שרײַבערישער יוגנט, באקאָנענ דעם ייִדישנ ארבעטער־לייענער מיט מוסטערנ פונ אונדזערע ברידערלעכע סאָוועטישע ליטעראטורנ.

מיר ווינטשנ דעם „שטערנ“ אפ ווײַטער נאָכ העכער אופהייבנ די פאָנ פונ אונדזער סאָציאַליסטישער ליטעראטור אונ קולטור, דערהייבנ זי אפ א העכערער שטופע פונ באָלשעוויסטישער פרינציפּיִעלקײַט, פעסטקײַט אונ אידײיִשקײַט, פארשטארקנ די קלאסנ־וואכזאמקײַט אינ קאמפ קעגנ יעטווידער פײַנטלעכער קאָנטראבאנדע אינ דער ליטעראטור, מיט נאָכ גרעסערער אײַנגעשפארטקײַט שלייפנ דאָס געווער פונ סאָוועטישנ קינסטלערישנ וואָרט, וואָס איז א וויכטיקער געווער פונ פראָלעטארישנ קלאסנ־קאמפ.

מיר ווינטשנ דעם „שטערנ“ זיכ דערשלאָגנ א ברייטערנ וועג צו דעם מאסנ-לייענער, פארברייטערנ זײַנ טיראזש, פארטאָפּלענ זײַנע בויגנס, פארשטארקנ דעם ליטעראריש־וויסנשאפטלעכנ אונ ליט. קריטישנ אָפּטייל, אונ ווערנ שלאָגלערישער, אָפּעראטיווער, וואָגיקער, שענער אינערלעכ אונ אויסערלעכ.

דער יובילײ פונ „שטערנ“ איז א יאָנטעוו פונ דער סאָציאַליסטישער ייִדישער קולטור אונ ליטעראטור, א דערגרייכונג פונ דער גאנצער אינטערנאציאָנאלער קולטור פונ די פעלקער פונ פססר, איינער פונ די אויסדרוקנ פונ דעם טריוּמפ פונ דער לענינ־סטאלינישער נאצ. פאָליטיק.

דירעקטער פונ אינסטיטוט—ג. גאָראָכאָוו.
סעקציע פאר ליטעראטור אונ קריטיק—מ. עריק.

אקאדעמיקער ס. יא. וואָלפסאָנ



# דער סאָציאַליזמ אונ דער מענטש

די רעדע פונ כ׳ סטאלינ אפנ ארויסלאָז פונ די אקאדעמיקער פונ דער רויטער ארמיי איז איינע פונ יענע ארויסטרעטונגענ פונ אונדזער פירער, וואָס מאכנ בעטעמס אנ עפאָכע. ערשטנס, פארסאכאקלט דידאָזיקע רעדע אינ אויסשליסלעכ לאקאָנישע, בוילעטע אונ צוגענגלעכע פאָרמולירונגענ יענע זיגנ, וועלכע ס׳האָט אָפגעהאלטנ די גענעראלע פארטיי־ליניע אפ אלע פראָנטנ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג. צווייטנס, האָט דידאָזיקע רעדע געגעבנ דעמ לאנד א נייַעמ לאָזונג פונ קאמפ פאר ווייַטערדיקע זיגנ, א לאָזונג, וואָס הייבט אָנ א נייַעמ עטאפ אינ דער אנטוויקלונג פונ סאָוועטנפארבאנד, א לאָזונג וועגנ קאדרענ, וואָס לייזנ אלצ. אונ דריטנס, האָט דידאָזיקע רעדע, וואָס איז דורכגעדרונגענ מיטנ ראפינירסטנ ליריזמ אונ מענטשלעכקייַט, מיט אנ אויסשליסלעכער סטאלינישער מעכטיקייַט אוועקגעשטעלט פאר דער פארטיי אונ פארנ לאנד די פראגע וועגנ א פילבארער באציונג צומ מענטשנ—דעמ בויער פונ סאָציאַליזמ,—אוועקגעשטעלט די פראגע וועגנ סאָוועטישנ סאָציאַליסטישנ הומאניזמ.

אָט דאָס לעצטע איז די טעמע פונעמ דאָזיקנ ארטיקל.

קעדיי צו ריידנ וועגנ דעמ לאָזונג פונ סאָוועטישנ הומאניזמ, וועלכנ ס׳האָט געגעבנ דער כ׳ סטאלינ, דארפ מענ אָנהייבנ פונ א קליינער היסטאָרישער עקסקורסיע.

די בורזשואזיע איז ארויס אפ דער אוואנסצענע פונ דער געשיכטע איינגעהילט אינ דער אויסגעפוצטער מאנטיע פונ געהויבענער אָנגעבלאָזענער פראזעאָלאָגיע, מיט קאָלירפולע פעדימ זייַנענ אפ דערדאָזיקער מאנטיע געווענ אויסגענייט די ווערטער וועגנ ברידערלעכקייַט, וועגנ גלייַכהייַט, וועגנ פרייַהייַט,—אינ דערדאָזיקער פארפוצטער מאנטיע האָט די בורזשואזיע דעקלארירט וועגנ די הייליקע רעכט פונעמ מענטשנ, וועגנ היימלאנד, וועגנ דעמאָקראטיע. דידאָזיקע אלע דעקלאמאציעס זייַנענ שוינ פונ אָנהייב אָנ געווענ פאלשע, ווייַל אפילע זייַענדיק יונג אונ פראָגרעסיוו, איז די בורזשואזיע געווענ אנ עקספלואטאטערישער קלאס אונ אירע רעוואָליוציאָנערע לאָזונגענ זייַנענ געווענ קלאסנ־באגרענעצט פונ סאמע אָנהייב אָנ. אונ דעריבער האָבנ זיי פונ אָנהייב אָנ געקלונגענ פאלש. ווענ די אידעאָלאָגנ פונ דער בורזשואזיע האָבנ גערעדט וועגנ

גלײַכהײַט האָבן זיי געהאט אין זינען די גלײַכהײַט פון רײַכע און באַזיצנדיקע, איבערלאָזנדיק אויסער דער גרענעצ־ליניע דעם „האמוינ", דעם „פּלעבס", ד. ה., די פּאָלק־מאסן. ווען זיי האָבן גערעדט וועגן פרײַהײַט, האָבן זיי געהאט אין זינען פרײַהײַט פון געשעפט, פון האנדל און פון רײַך ווערן. אָבער אין איר צײַט, בא דער אזויגערופענער פרימאָרגן-שײַן, האָט די בורזשואזיע נאָך פארמאָגט א באשטימטן טייל ראָמאנטיזם. אפ וויפל די בורזשואזיע איז דורכגעגאנגען איר היסטאָרישן וועג, האָט זי דערטרונקען דידאָזיקע גאנצע ראָמאנטיק אין קאלטע וואסער פון עגאָיִסטישן כעזשבן. פון איר לעקסיקאָן זײַנען שוין לאנג פארשוווּנדן די ווערטער וועגן גלײַכהײַט און ברידערלעכקײַט. דאָס וואָרט „היימלאנד" האָט זיך פארוואנדלט אין א מיטל פון דעמאגאָגישן פארטומלען די מאסן, אָפּנארן זיי, פארוואנדלען זיי אין הארמאטן־פלייש פאר די קעניגן פון שטאָל און נאפט, וואָס דערווארעמען די „קאָניונקטור מיט הארעם בלוט". מיט דער פראזע וועגן דעמאָקראטיע האָט די בורזשואזיע געשטרעבט פארדעקן די מאכט פון די קאפיטאל־מאגנאטן, וואָס האָבן הינטער די פארלאמענט-שירמעס זיך געשאפן ווי מיט מאריִאָנעטקעס מיט דידאָזיקע אלע „פאָלק-פאָרשטייער" און „הויכע רעגירונגען". אָבער איצט, ווען דער קריזיס און די אלץ וואקסנדיקע אופגעבראכטקײַט פון די מאסן האָט געצוווּנגען דער בורזשואזיע אריבערצוגיין צו אָפענע און טעראָריסטישע מעטאָדן פון פארווירקלעכן איר דיקטאטור, ווערט ארויסגעוואָרפן הינטערן באָרט דידאָזיקע גאנצע „געהויבענע פראזעאָלאָגיע", ווערן אויסגעוואָרצלט די לעצטע רעשטלעך פון דעם אלעמען, וואָס דער ארבעטער־קלאס קען אויסנוצן אין זײַן קאמפ קעגן די עקספּלואטאטערס.

די ווערטער, וואָס פארשווינדן פון לעקסיקאָן פון דער בורזשואזיע, בא וועמען דער באָדן ברענט אונטער די פיס, שלימט אײַן אין זײַן לעקסיקאָן דער ארבעטער־קלאס פון סאָוועטנפארבאנד. מיר נעמען דידאָזיקע ווערטער, וואָס זײַנען באדעקט מיט בלוט און שמוץ, באדעקט מיטן קרעץ פון דער בורזשואזער צווייפּנעמדיקײַט און רויבערײַ, און מיר גיבן זיי צו א נײַעם, אין דער געשיכטע נאָך ניט געזעענעם זין. און אָט, צווישן דידאָזיקע באגריפן, מיט וועלכע די בורזשואזיע האָט זיך באנוצט פאר אירע קלאסן־צילן, פארנעמט א באזונדער אָרט דאָס וואָרט מענטש.

ניט צופעליק האָט די בורזשואזיע באצייכנט איר קומען צו דער מאכט מיט דער באַרימטער דעקלאראציע וועגן די רעכט פונעם מענטשן און בירגער, וואָס האָט דערקלערט, אז „דאָס ניט וויסן, דאָס פארגעסן אָדער פאראכטן די רעכט פונעם מענטשן, זײַנען די איינציקע סיבעס פון די געזעלשאפטלעכע אומגליקן און פון דעם, וואָס די רעגירונגען ווערן שלעכט". די דעקלאראציע האָט גערעדט וועגן „די נאטירלעכע, נישט אָפּנעמבארע און הייליקע רעכט פונעם מענטשן".

די בורזשואזיע האָט אָנגעשריבן אפ דער פאָן, מיט וועלכער זי איז ארײַנגעטראָטן אין שלאכט קעגן דעם פעאָדאלן רעזשים, די ווערטער וועגן די הייליקע רעכט פון מענטשן. זי האָט דעקלארירט דעם לאָזונג פון הומאניזם, זי האָט שטאָלץ געמאָלדן, אז נאָר זי, די בורזשואזיע, טרעט ארויס צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע אין דער ראָליע פון א קעמפער און פארטיידיקער פונעם מענטשן.

מיטן מויל פון איר טריבון מיראבאָ האָט זי דעקלארירט: „די געשיכטע האָט צו אָפט דערציילט בלויז וועגן מעַסים פון רויב־כײַעס... מיר... קענען האָפן, אז מיר הייבן אָן די געשיכטע פון מענטשן".

אזוי האָט די בורזשואזיע געזאָגט מיט מיראבאָס מויל. אָבער מיר וויסן, אז די שיינ־

ריידנדיקע דעקלאַראַציע פונעמ אידעאָלאָג פונ דער בורזשואזיע וועגנ מענטשנ איז קיינמאָל ניט געוואָרנ עפעס מער פונ א דעקלאַראַציע, פונ א מאַניפעסט.

פאַרכאַפנדיק די מאַכט, האָט די בורזשואזיע אַסאַכ גערעדט וועגנ דעמ מענטשנ אונ וועגנ זײַנע הייליקע רעכט, אָבער דידאָזיקע ווערטער זײַנענ ניט געווענ קיינ אַנדער זאַכ, ווי א קלאַסנ־מאַנעוור, וואָס איז פאַר איר געווענ נייטיק, קעדיי צו פאַרנעמענ הויכע פּאָזיציעס אינ דעמ זיכ פאַנאַנדערהויקלענדיקנ אַנטשיידנעמ קאַמפּ.

זשאַנ זשאָרעס האָט ריכטיק געזאָגט וועגנ דעמ, אז „ווענ די רעוואָליוציאָנערע בורזשואזיע וואָלט ניט באַשליסנ אַפּעלירנ צו די רעכט פונ דעמ מענטשנ, וואָלט ניט מאַכנ אירע רעכט אַדעקוואַט צו די רעכט פונ די מענטשנ, וואָלט זי פאַרלאָרנ די קראַפט, וואָס איז פאַר איר געווענ נייטיק אפ אָנצוהייבנ א קאַמפ קעגנ דער אַלטער אָרדענונג, קעגנ דעמ פעאָדאַליזמ אונ דער טיראַניע“.

גייענדיק צו דער מאַכט האָט די בורזשואזיע הויכ אונ פײַערלעכ גערעדט וועגנ דעמ מענטשנ, וועגנ דעמ, אז ער האָט אומאָפּנעמבאַרע רעכט פרײַ צו באַוועגנ זיכ, פרײַ צו אַרבעטנ, פרײַ צו דענקענ, פרײַ צו גלויבנ, פרײַ צו ריידנ, פרײַ צו לעבנ א. א. וו. אונ הינטער די דעקלאַראַציעס וועגנ דידאָזיקע אַלע פּילצאָליקע רעכט האָט זי רעאַל אײַנגעשטעלט בלויז דאָס איינציקע „נאַטירלעכע, נישט אָפּנעמבאַרע אונ הייליקע“ רעכט, דאָס איז געווענ דאָס רעכט פונ פּריוואַט־אייגנטומ אונ דעריבער האָט די בורזשואזיע ניט אָנגעהויבנ די געשיכטע פונ מענטשנ אָנשטאָט דער געשיכטע פונ כײַעס, ווי ס'האָט וועגנ דעמ געמאָלדנ מיראַבאָ. זי האָט בלויז אָנגעהויבנ א נײַעמ קאַפּיטל אינ דער געשיכטע פונ די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסנ, אינ דער געשיכטע פונ דער געזעלשאַפט פונ וועלפישנ עגאָיזמ, רויבערישער עקספּלואַטאַציע אונ אַלגעמיינער קאָנקורענצ; אונ אינ דער קאָנקורענצ, ווי עס דריקנ זיכ אויס מאַרקס אונ ענגעלס אינ דער „דײַטשישער אידעאָלאָגיע“, איז די פּערזאָנ אַליינ א צופעליקײַט, אונ די צופעליקײַט איז א פּערזאָנ.

אינ די באַדינגונגענ פונ קאַפּיטאַליזמ מיט זײַנ עקספּלואַטאַציע, מיט זײַנע קריזיסנ, אַרבעטלאָזיקײַט, פּאַופּעריזמ, מיטנ הונגערנ פונ די מאַסנ איז די פרײַהײַט פונ דער פּערזאָנ, די ווערדע פונ מענטשנ—א נישטיקע פיקציע, ווײַל אינ דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט איז, אויב נאָכאַמאָל ציטירנ די „דײַטשישע אידעאָלאָגיע“, „זעלבשטענדיק אונ פּערזאָניק בלויז דער קאַפּיטאַל, אָבער דער אַרבעטנדיקער אינדיווידו איז ניט זעלבשטענדיק אונ אומפּערזענלעכ“.

די געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג פונ קאַפּיטאַליזמ,—דאָס איז אַנ אָרדענונג פונ פיזישנ אונ אינטעלעקטועלנ קאַליעטשענ אונ אונטערדריקנ דעמ מענטשנ, אַנ אָרדענונג פונ אָרעמקײַט אונ הונגער פאַר מיליאָנענ, פונ אײַנרײַס צווישנ פיזישער אונ אינטעלעקטועלער אַרבעט, פונ איזאָלירנ די מאַסנ פונ קולטור אונ וויסנשאַפט, פונ אונטערדריקנ די פרוי, פונ נאַציאָנאַלנ יאָכ—אַנ אָרדענונג פונ סיסטעמאַטישנ אונ אָרגאַניזירטנ פאַרוואַנדלענ דעמ מענטשנ אינ פאַבריק־אונ האַרמאַטנ־פלייש. אונ דאָס אַלצ שטערט ניט די אידעאָלאָגנ פונ דער בורזשואזיע צו לייגנ זיכ אײַנדערלענג אונ אינ דער ברייט אינ מעשעכ פונ אָנדערהאַלבנ הונדערט יאָר פאַר דער פרײַהײַט פונ מענטשנ, פאַר דער פרײַהײַט פונ דער מענטשלעכער פּערזענלעכקײַט.

מיר זײַנענ פאַרפליכטעט אויפצודעקנ יענע פרומאַקישקײַט, יענע געמיינע צוויאַקישקײַט, וועלכע עס אַנטפּלעקט די בורזשואזיע אינ דידאָזיקע הומאַניסטישע זיסע רייד. מיר זײַנענ מעכיועו אונ ניט נאָר מעכויעו, מיר קענענ באַווײַזנ דעמווירקלעכנ קלאַסנ־זינ פונ

יענעם בוימל־טריפנדיקן, פרומאַקישן בורזשואזן הומאַניזם, וואָס זײַן קולט צעבלאָזט קינסטלעך די בורזשואזיע שוין העכער 100 יאָר.

מע דאַרף נעמען די פּאַטעטיק פון די בורזשואזע פרומאַקעס, פון דידאָזיקע אַלע סימבאָליסטן, דעקאַדענטן, מיסטיקער א. אנד. אינטעליגענטישע צעקראָכנקײַטן, ווי ס'האָט ליב געהאַט צו זאָגן וולאַדימיר איליטש, דידאָזיקע אַלע פּשיבישעוסקעס, דאַנונציאָס און אַנדערע סנאָבן פון בורזשואזן אינדיווידואַליזם, דידאָזיקע אַלע דעגענעראַטיווע עסטעטן, וואָס האָבן געשריבן דאָס וואָרט „מענטש" מיטן גרויסהאַנטיקן אַס, וואָס האָבן פאַרגעטערט די „פּאַטענצ פונעם מענטשן"—און באַווײַזן דעם קלאַסן־טאָך פון זייער „מענטשן־ליבע" פון זייער „הומאַניזם"...

זיי זײַנען געפאַלן קוירים פאַרן אָרעאָל פון „מענטשן", האָבן פאַר אים געצונדן מעֵ־נוירעס און דאָס וואָרט גופע, וואָס האָט געדאַרפט קלינגען אַזוי שטאָלץ און אַזוי באַ־גײַסטערנדיק, האָבן זיי פאַרוואַנדלט אין א צונעמעניש, וואָס זייערע קלאַסן־ברידער, פּלעגן שיקערנדיק אין די שענקען, אויסגרעבצן, פאָדערנדיק: „מענטש! נאָך א פּאָרציע שאַמ־פּאַניער". אין דער הינזיכט איז אַזאַ ווערק, ווי שמעליאָווס „דער מענטש פון רעסטאָראַן" א קינסטלערישער דענקמאָל פון דעם ציוויליזירטן באַרבאַריזם פון דער בורזשואזיע, א באַווײַז פון דעם, אין וואָס דער קאַפּיטאַליזם האָט פאַרוואָנדלט דאָס וואָרט „מענטש".

מיר דאַרפן און קענען באַווײַזן די באַדײַטונג און דעם זין פון זייער גאַנצער בוימל־טריפנדיקער דעקלאַמאַציע וועגן מענטשן, אינדערצײַט, ווען דעם לעבעדיקן און ווירקלעכן מענטשן—פון בלוט און פלייש—האָבן זיי געדריקט, געשטיקט, פאַרוואַנדלט אין א „טייל־ווײַזן אינדיווידי", ווי ס'האָט געזאָגט ענגעלס, אין א מעכאַנישן צוגאָב צו דער מאַשין, האָבן אים געלאָזט אין זייערע קאַזעמאַטן, געלאָזט פוילן, פּײַניקן אין זייערע טורמעס און קאָנצ־לאַגערן, זיי האָבן אים פאַרשיקערט אין זייערע שענקען, פאַרהאַנדלט אַף די טראָטואַרן פון זייערע גאַסן. מיר דאַרפן באַווײַזן וויאַזוי זיי האַנדלען מיט לעבעדיקן מענטשן־פלייש אין זייערע שאַנד־הײַזער, צווינגען פאַרציִען דעם שלייף די זעלבסט־מערדער, צווינגען מיליאָנען מענטשן צעפרעסן ווערן פון לײַז אין די טראַנשייען...

אָט איז ער—זייער „הומאַניזם"—דער צווייפּנעמדיקער יאַנוס, וואָס איין פּאָנעם איז פון א מאַלעך, דאָס איז דאָס פּעניִמל פון הומאַניסטישער מענטשן־ליבע, און דאָס צווייטע פּאָנעם איז פאַרשמירט מיט בלוט און שמוץ, א פּאַרצעף פון אַן עקספּלואַטאַטער, אַן אונטער־דריקער, און דערשטיקער פון די מענטשן־מאַסן.

און אין דידאָזיקע באַדינגונגען, אין דער געזעלשאַפט, וואָס איז אויסגעבויט אַפן אומענטשלעכן אונטערדריקן און עקספּלואַטירן דעם מענטשן, האָבן גופע די ווערטער „מענטשלעכקײַט", „הומאַניזם" אָנגעהויבן קלינגען ווי א באַליידיקונג און כויזעק...

איך וואָלט דאָ, אין פאַרבינדונג מיט דעם, דערמאָנט די אויסגעצייכנטע ווערטער פון איבסענס העלד בראַנד:

— הומאַנישקײַט—אָט איז א וואָרט אָן מאַכט,
וואָס איז געוואָרן איצט א לאָזונג פאַר דער גאַנצער וועלט.
מיט אים, א יעדע נישטיקײַט ווי מיט א מאַנטל וויל
פאַרדעקן זײַן אומפעייִקײַט און זײַן ניט קענען
קיין—שום העלדנטאַט באַגיין;
און יעדער פּאַכדן גאָר מיט דעם דערקלערט
זײַן פּאָרכט מיט אַלץ צו ריזיקירן צוליב זיך.

פארדעקנדיק זיך מיט אָט דעם אָ וואָרט—
מיט גרינג געמיט זײַנ צוזאָג ברעכט א יעדערער,
וואָס האָט באוויזנ שוינ פאכדאָנעסדיק כאראָטע האָבנ...

אינ אזעלכע באדינגונגענ ברענגט בלויז די דערמאָנונג וועגנ מענטשנ צו פארסנ. אזא פארס איז צ.ב. דער באוווּסטער צופאל מיט לעוו ניקאָלײַעוויטש טאָלסטויענ. ווענ טאָלסטוי איז דורכגעגאנגענ איבער דער גאס קוזנעצקי מאָסט אונ האָט דערזענ, ווי א גאָראָדאָוווי שלאָגט א פרוי, איז ער צוגעגאנגענ צו אימ אונ געזאָגט: „ברודערל וואָס טוסטו, זי איז דאָכ א מענטש?" אונ דער גאָראָדאָוווי האָט געענטפערט—„נו איז וואָס, דערפאר טאקע וויל א מענטש שלאָג איכ". אונ ווענ טאָלסטוי האָט אימ דאנ געזאָגט: „ברודערל, אָבער צי דענ האָסטו ניט געלייענט, וואָס עס איז אָנגעשריבנ געוואָרנ וועגנ דעמ מענטשנ אינ יעוואנגעליע?", האָט דער גאָראָדאָוווי אימ אָפגעמאָסטנ מיט א קוק אונ איבערגעריסנ—„צי דענ האָסטו ברודערל ניט געלייענט, וואָס איז אָנגעשריבנ געוואָרנ וועגנ מענטשנ אינ דער אינסטרוקציע פאר די מאָסקווער גאָראָדאָוויענ?"

אינעמ דאָזיקנ קליינינקנ פאקט איז פאראנ, אויב איר ווילט, אינ אנ עטוואָס קאריקאטורישנ אויסזען אנ אָפשפיגלונג פונ דעמ, וויאַזוי עס האָט געקלונגענ יעטווידער דערמאָנונג וועגנ מענטשנ, וועגנ מענטשלעכקײַט, וועגנ הומאנישקײַט אינ די באדינגונגענ פונ דערדאָזיקער פארשאָלטענער אָרדענונג.

די בורזשואזיע האָט ליב צו באשולדיקנ דעמ פראָלעטאריאט אינ ניט אכטנ די פערזאָנ, אינ פארמעסטנ זיכ אפ איר הייליקער פרײַהײַט. אירע אידעאָלאָגנ האָבנ ליב צו אופוארפנ, אז דער מארקסיזמ פריידיקט צו פארניכטנ דעמ מענטשלעכנ „איכ", אז דער קאָמוניזמ באטײַט—סטאדע־לעבנ, קאזארמע, אויסגלײַכעניש. אונ ביז דעמ לעצטנ מאָמענט ווארפנ זיכ די בורזשואזע פארטיידיקער פונ דער פרײַהײַט פאר דער פערזאָנ מיט ווערטלעכ וועגנ אונטערדריקונג פונ דער פערזאָנ, וועגנ פארשקלאפונג פונ אינדיוויד, ווי מיטנ שרעקלעכסטנ פאָרוואורפ אפנ אדרעס פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור...

כאראקטעריסטיש איז אינ דער הינזיכט די ארויסטרעטונג פונ דער פוילישער שרייבערנ זאָפיע נאלקאָווסקא. גאלקאָווסקא האָט דערקלערט, אז, מאכנדיק א פרווו צו אָנווענדנ די מאטעריאַליסטישע דיאַלעקטיק אונ אָרגאניזירנ דעמ מענטשלעכנ לעבנ, קערט אומ דער סאָוועטנפארבאנד דעמ מענטשנ די פארלאָרענע עמפפינדונג פונ דערווירקלעכקײַט. קעגנ דער וועלט פונ שעפערישער אקטיווקײַט, ווי עס איז דער פסטר, שטעלט אנטקעגנ די פוילישע שרײַבערנ די מיסטישקײַט פונ די פעלקער אונ מאסנ, וואָס הערשט אינ די לענדער פונ מײַרעוו, ווו דאָס קאָלעקטיווע לעבנ אנטשפרעכט נאָכ אומעטומ יענע פילאָסאָפישע פרינציפנ, וואָס דרינגענ ארויס פונ בערקליס סאָליפסיזמ אונ קאנטס קריטיציזמ.

פונ דערדאָזיקער בוילעטער אנטקעגנשטעלונג מאכט אָבער ניט די קליינבירגערלעכע שרײַבערנ יענעמ אויספיר, וואָס בעט זיכ מאכנ, נאָר זי הויבט אָנ צעשמירנ די שוידערלעכקײַטנ פונ דעמ, וואָס אינ סאָוועטנלאנד איז די פערזאָנ אונטערגעוואָרפנ דעמ קאָלעקטיוו. זי רעדט וועגנ דעמ, אז אינ פסטר זײַנענ דער סוביעקטיווער געדאנק אונ די סוביעקטיווע איבערלעבונגענ א לוקסוס־זאכ, מיט וועלכע מע דארפ זיכ שעמענ אונ דאָס גליק פונעמ מענטשנ איז ניט אינ דער מאָדע אונ ס'איז ניט אָנשטענדיק...

עס כאזערנ זיכ איבער די געוויינלעכע רעכילעס, וואָס עס ווארפנ אפ דער פראָלעטארישער דיקטאטור די קליינבירגערלעכע אדוואָקאטנ פונ דער פרײַער פערזאָנ, וואָס ווילנ

ניט פארשטיין, אז בא אונדז, אויב מע זאָלֿ ריידן מיט נאלֿקאָווסקעס שפראַך, איז ניט אין דער מאָדע און ניט אָנשטענדיק דאָס גליק, וואָס בויט זיך אפ אונטעדריקן אנדערע, אָבער אז דער ארבעטער־קלאַס שאפט אין הארבן קלאַסן־קאמפ ניט קיין לאַקרעצדיקן, ניט קיין באלֿעבעסלֿדיקן, ניט קיין עקספלואטאטעריש־עגאָיִסטישן, נאָר א ווירקלֿעך פריידיקן און באגייַסטערנדיקן גליק פאר די פרייַע מיליאָנען, וואָס זייַנען אויסגעלֿייזט געוואָרן פון אונטערדריקונג און וואָס בויען סאָציאַליזם.

די גרונט־לֿייגער פון וויסנשאפטלֿעכן קאָמוניזם האָבן שוין לאנג געגעבן אן אויס־שעפנדיקן ענטפער דידאָזיקע אלֿע דאָן־קיכאָטן און סאנטשאָ־פאנסאָס פון קליינבירגערלֿעכן אינדיווידואליזם.

דערדאָזיקער ענטפער איז נאָך געגעבן געוואָרן אין די באוווסטע ווערטער פון קאָמור־ניסטישן מאניפעסט: „פון יענער מינוט אָן, זינט די ארבעט וועט מער ניט פארוואנדלֿט ווערן אין קאפיטאל, אין געלט, אין ערד־רענטע, קורץ גערעדט, אין א געזעלֿשאפטלֿע־כער קראפט, וואָס קען מאָנאָפאָליזירט ווערן, ד. ה. פון יענער מינוט, ווען דאָס פריוואט־אייגנטום וועט ניט פארוואנדלֿט ווערן אין א בורזשואזן אייגנטום,—פון יענער מינוט אָן, דערקלֿערט איר, וועט די מענטשלֿעכע פערזענלֿעכקייַט פארניכטעט ווערן. איר אלֿיין זייַט זיך מודע אפ אזא אויפן, אז מיטן וואָרט מענטשלֿעכע פערזאָן פארשטייט איר בלֿויז א בורזשוא, א באזיצער פון בורזשואזן אייגנטום. אזא פערזאָן דארף טאקע בעעמעס פארניכטעט ווערן...“

הינטער דער שירמע פון הומאניסטישער פראזעאָלאָגיע האָט די בורזשואזיע שטענדיק אויסבאהאלטן דעם באשליסנדיקן פאקט, אז פאר איר עקזיסטירן צוויי סאָרטן מענטשן—א מענטש אן אריסטאָקראט, אן עקספלואטאטער, א רויבער, ווייַסער ביין און בלוי בלוט—פון איין זייַט, און דער מענטש—דאָס ארבעט־פי, דער בוי־מאטעריאל, די ליים, פון וואָס מע קען קנעטן אלֿץ, וואָס איז נייטיק, ארבעט־הענט און הארמאטן־פלייש...

און אָט אלֿע אירע—דער בורזשואזיעס—געהויבענע דעקלֿאראציעס וועגן די הייליקע רעכט פון דעם מענטשן, אלֿע אירע הימנען דער פרייַער מענטשלֿעכער פערזאָן האָבן א שייַכעס בלֿויז צום מענטשן פון ערשטן סאָרט. דער מענטש פון צווייטן סאָרט—דאָס איז ניט קיין פולווערטיקער מענטש, דאָס איז, ריידנדיק אפן פאשיסטישן זשארגאָן—אן אונ־טערמענטש...

דאָס פאָלק שטעלט מיט זיך פאָר, לויט ניטשעס כאראקטעריסטישן אויסדרוק, א מין אָנלייגן וועג, ווערלֿכן די נאטור מאכט דורך, קעדיי צו שאפן 7—6 גרויסע פערזענלֿעכקייַטן. פון דאנען דריגנען ארויס אויך די אומענדלֿעכע און אומבאגרענעצטע רעכט פון דידאָ־זיקע 7—6 „גרויסע“ און דאָס טרעטירן אלֿע איבעריקע. פון דאנען דרינגט ארויס די ניטשעאנישע פאָדערונג צו ברענגען פאר א קאָרבן די מענטשהייַט אלס מאסע צוליב דעם אויפבלי פון דער אויסדערווײלטער ראסע—פון די אריסטאָקראטן...

דער ענד־ציל פון דער מענטשהייַט—דעקלֿארירט ניטשע—איז דער בעסטער אויסדער־וויילטער עקזעמפליאר. דאָס איבעריקע איז האמוין, פלעבס, א מאכנע ווערטלאָזע. אפ אזא אויפן ווערן די רעכט פון מענטשן פארביטן אפ די רעכט פונעם „אויבערמענטשן“...

דעם מענטשן לאָזט איבער די בורזשואזיע בלֿויז פליכטן. פאר די אידעאָלאָגן פון דער בורזשואזיע איז דער מענטש—בלֿויז אן איבערגאנג-שטופע פון א כייַע צום אויי־בערמענטש, אָדער ווי עס פאָרמולירט ניטשע—דער מענטש—דאָס איז א שטריק איבער א טהאָם, וואָס איז אָנגעצויגן צווישן דער כייַע און דעם אויבערמענטשן. זיי זינגען לויב־

געזאנגענ דעמ אויבערמענטשנ, אינ וואָס זײַנ אויבערמענטשלעכקײַט עס זאָל זיכ נאָר ניט אויסדריקנ, ער זאָל נאָר זײַנ א רויבער, ער זאָל נאָר זײַנ אנ אריסטאָקראט, א בלאָנדע בעסטיע... דידאָזיקע ניטשעאנישע אויבערמענטשלעכקײַט קענ זיכ אויסדריקנ אינ דאָריאנ גרייס „ניט־ערדישער שײנקײַט”, וועלכע ס'באזינגט דער ראפינירטער עסטעט ווײַלד. זי קענ זיכ אויסדריקנ אינ דעמ העלדישנ רויבער־ווילנ פונ א מינ סאשקע זשיגוליאָוו, וועמענ ס'האָט געזונגענ לויבגעזאנגענ דער קינסטלער פונ די באלעבעסלדיקע קאָשמארנ אינ די יאָרנ פונ צאריזמ לעאָניד אנדרייעוו. וועגנ דערדאָזיקער אויבערמענטשלעכקײַט קענ איידעס זאָגנ די ווילינגערישע צעגארטלטקייט פונעמ „ער”, וואָס א מוסטער פונ דעמ איז ארציבאשעווס „סאנינ”. דאָס אלצ זײַנענ „אויבערמענטשנ”. שײנקײַט, רויבערײַ, געשלעכטלעכע אָרגיעס, רײַכקײַט—אָט דאָס אלצ זאָגט איידעס וועגנ דעמ, אז די „כײַע” איז אריבער די הענגענדיקע „מענטשלעכע” שטריק איבערנ טהאָמ אונ איז געוואָרנ אנ „אויבערמענטש”.

דאָס אלצ איז פול מיט ניטשעאנישער פאראכטונג צו די מאסנ. דעריבער איז פאר סאנינס ראפינירטנ כוש האָרייעכ „אומדערטרעגלעכ געווענ דער רייעכ פונ די פויערשע פעלצנ”. סערגייעוו צענסקעס העלדנ האָט געעקלט פונ די „שמאטעס, וואָס שמעקנ מיט שווייס”. אונ די מאסנ האָבנ זיי אנדערש ניט פאָרגעשטעלט זיכ, ווי נאָר אינ פעלצנ אונ אינ שמאטעס.

פארנ אויבערמענטשנ שאפנ די בורשואזע אידעאָלאָגנ אנ אייגנטימלעכע פאר זיי אולטרא־אריסטאָקראטישע מאָראל, די הארנ־מאָראל. צוגלײַכ מיט דער לעצטער עקזיסטירט די מאָראל פונ קנעכט, וועלכער עס דארפנ זיכ אונטערוואַרפנ מיליאָנענ. די דאָזיקע מאָראל איז אויסגעדריקט אינ דער פערזאָנ פונ פלאטאָנ קאראטאיעוו, וואָס ווייס, אז „אינ דער וועלט טוט זיכ אלצ ניט מיט אונדזער סייכל, נאָר דורכ גאָטס מישפעט”. דידאָזיקע מאָראל איז פארקערפערט אינ דער פערזאָנ פונ לאקיי טערענטי בא גאבריעל ד' אנונציאָ, וועלכער קענ בוקנ זיכ פאר זײַנ פאָרעצ ווי פאר א גאָט.

גאבריעל ד' אנונציאָ—דערדאָזיקער באזינגער פונ אריסטאָקראטישנ אינדיווידואליזמ אונ הויפ־פּאָעט פונ די איטאליענישע פאשיסטנ—טײלט, אָנ איבעריקע רייד, די מענטשהײַט אפ פריצימ אונ אריסטאָקראטנ—פונ איינ זײַט, אפ קײַלעכדיקע אידיאָטנ, פערדיונגענ „עקלהאפטע כײַעס—פלעבייס”, ווי ער זאָגט—פונ דער צווייטער זײַט.

די צעווילדעוועטע דיקטאטור פונ פינאנצ־קאפיטאל, וואָס ווערט פארקערפערט, ערעוו דעמ צווייטנ טור פונ מילכאָמעס אונ רעוואָליוציעס, אינ פאשיזמ, קענ ניט דערלויבנ זיכ דעמ לוקסוס צו דעקלארירנ, כאָטש אפנ וואָרט דעמ הומאניזמ. פארקערט, דעמ הומאניזמ רופנ אָנ די פאשיסטנ „א ליבעראל־מארקסיסטישע ייִדישע אויסטראכטעניש”. זיי דערקלערנ—ווי עס טוט צ. ב. קארל פאָרשטער—אז זייער אופגאבע איז צו קעמפנ קעגנ די הומאניסטיש־ליבעראלע איליוזיעס. זיי דערקלערנ, אז די סיבע פונ דעמ איצטיקנ קריזיס ליגט אינ די הומאניסטישע איליוזיעס, מיט וועלכע עס האלט זיכ שוינ 2000 יאָר די מענטשהײַט אונ, וואָס זייער קאָנסעקווענטער אויספיר איז דער מארקסיזמ. די הומאניסטישע איליוזיע באשטייט אינ דעמ, וואָס דער מענטש הויבט אָנ צו האלטנ זיכ פארנ באלעבאָס פונ דער וועלט אונ שאפט זיכ אנ איליוזיע וועגנ דער אומבאגרענעצטער מעגלעכקײַט צו דערקענענ די וועלט, וואָס דער מענטש האָט צעלאָזנ זײַנ פארשטאנד, וואָס דעמ מענטשנ האָט ארומגעכאפּט דער „שטאָלצ פונ פילאָסאָפישנ אונ וויסנשאפטלעכנ אָפּטימיזמ” אונ דעריבער דארפ מענ דערקלערנ א קאמפ קעגנ הומאניזמ, וואָס פירט די מענטשהײַט צומ אומקומ, וואָס

שטרעבט פארוואנדלענ די וועלט אינ א שפּיטאָל, ווו איינער דעמ אנדערנ איז א בארעמ־הארציקער ברודער.

די פאשיסטנ פארניכטנ דעמ טעזיס וועגנ די רעכט פונ דעמ מענטשנ און שטעלנ אימ קעגנ אנ אייגענעמ טעזיס וועגנ „דער פארשיידנווערטיקײַט פונ די מענטשנ“. פאר־וואָס? דערפאר, ווײַל, ווי עס פאָרמולירט אלפרעד ראָזנבערג, „איינ נעשאָמע איז ניט גלײַכ צו דער צווייטער און איינ מינ איז ניט גלײַכ צומ צווייטנ, און איינ מענטש איז ניט גלײַכ צומ צווייטנ“. די וועלט איז באזעצט מיט צעזארס און מענטשנ־ווערימ, ווי עס דערקלערט אווטאָריטעט אָסוואלד שפּענגלער. דער זעלבער שפּענגלער איז מאסקימ צו רעכענענ פאר א מענטשנ בלויז יענעמ, בא וועמענ ס׳איז א ווילגעבאָרנ אינטעליגענטיש פּאָנעמ, א שמאָלע פּוס, א שיינע פיגור. פארשטייט זיכ, אז דער ארבעטער איז בא אימ אַ אזא אויפנ א מענטש פונ אנ אנדער מינ. וועגנ דעמדאָזיקנ צווייטראנגיקנ מענטשנ זאָגט שפּענגלער:

„אינ דער אָדער יענער מאָס זײַנענ דאָס אַלצ דעגענעראטנ, מענטשנ, בא וועמענ איר קענט קאָנסטאטירנ אָנשטאָט זייערווירקלעכער ראסע בלויז רישעס און נעקאָמע. בא זיי אינ קאָפּ בלאָנדזשענ בלויז בייזע געדאנקענ וועגנ ניט אײַנגעגעבענעמ לעבנ. פאר זייער וויכטיקסטנ אייוועך האלטנ זיי די צונג. דאָס איז די עמעסע אונ־טערוועלט פונ דער געזעלשאפט, וואָס פילט א שטענדיקע סינע צו אלצ, וואָס איז גרויס און איידל אפּ דער וועלט“.

פאר דעמדאָזיקנ בוכ האָבנ די פאשיסטנ געמאכט שפּענגלערנ א סקאנדאל, אָבער ניט דערפאר, ווײַל זיי זײַנענ ניט מאסקימ מיט דעמ, וואָס איז דאָרט געזאָגט געוואָרנ, נאָר דע־פאר, ווײַל שפּענגלער האָט אויסגעפּלוידערט דאָס, וועגנ וואָס זיי טראכטנ און וואָס זיי באהאלטנ...

פארשטייט זיכ, אז די פאשיסטישע טרובאדורנ קענענ ניט דערלאָזנ די „הומאניסטישע אילוזיע“, וואָס האלט דעמ פּראָלעטארישנ פּלעבס פאר מענטשנ. און די צעווילדעוועטע דינער פונ פינאנצ־קאפּיטאל, וואָס זײַנענ דערגאנגענ ביז די לעצטע שטאפּלענ פונ קלאסנ־ציניזמ, רופנ אויס: „אראָפּ דעמ הומאניזמ! זאָל לעבנ דער בלאָנדער העל־קעפּיקער איבער־מענטש, דער געבוירענער אריסטאָקראט און הערשער!...

אינ אזוינע צווישנפעלקערלעכע באדינגונגענ באקומט אנ אויסשליסלעכע באדײַטונג דאָס געבורט פונעמ נײַעמ טיפּ הומאניזמ אינ דעמ לאנד פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור, די אנטשטייונג פונ אונדזער נײַעמ סאָוועטישנ סאָציאַליסטישנ הומאניזמ. מיטנ פארניכטנ די עקספּלואטאטערישע קלאסנ, וועמעס לעצטע רעשטלעכ ווערנ אויסגעוואָרצלט בא אונדז אינ פּסער, מיטנ ענדגילטיקנ זיג פונ דער סאָוועטישער אָרדענונג, ווערנ בא אונדז פונסנײַ געבאָרנ די באגריפנ וועגנ מענטשנ, וועגנ זײַנע רעכט, וועגנ זײַנ פּערזאָנ. דידאָזיקע אופלעבונג פונעמ באגריפ וועגנ מענטשנ, דערדאָזיקער סאָציאַליסטישער הומאניזמ איז א רעזולטאט פונ דעמ אופבלי, וועלכנ ס׳האָט דערגרייכט בא אונדז די קולטור און איז איינ־צײַטיק דער פּאָרבאדינג פארנ ווײַטערדיקנ אופבלי פונ אונדזער סאָציאַליסטישער קולטור.

דער סאָציאַליסטישער הומאניזמ אינ די הײַנטצײַטיק־סאָוועטישע באדינגונגענ געפינט אנ אויסשליסלעכ גינסטיקע אטמאָספער פאר זײַנ אנטוויקלונג. אונדזער סאָציאַליסטיש היימלאנד איז ריזיק אויסגעוואקסנ. די מעכטיקע סאָוועטישע אינדוסטריע פארפעסטיקט זיכ

מיטנ יעדנ טאָג. די קאָלווירטישע סיסטעמ אקטיוויזירט די ענערגיע פונ די מיליאָנענ ארבעטנדיקע פויערימ. דער פראָצעס פונ ליקווידירנ דעמ אײַנרײַס צווישנ שטאָט אונ דאָרפ וויקלט זיכ פאנאנדער מיט דערפאָלג. דאָס אלצ מאכט אונדזער לעבנ פולבלוטיק, פארכאפנדיק, פריידיק אונ באגײַסטערנדיק.

דער מארקסיזמ־לעניניזמ אנערקענט די פרײַהײַט פונ דער פערזענלעכקײַט, אָבער ער אנערקענט זי ניט אינ בורזשואזנ זינ פונ וואָרט. מיר אנערקענענ ניט די פרײַהײַט, וואָס באשטייט, ווי ס'האָט אמאָל שארפזיניק א זאָג געטאָנ מאקסימ גאָרקי, אינ דער הערשאפט פונעמ „איכ“ איבער אלע איבעריקע נאָמענ־ווערטער, וואָס גייט אריבער, קורצ גערעדט, אינ דעספאָטיזמ. דעריבער קעמפנ מיר קעגנ בורזשואזנ עגאָצענטריזמ, וואָס באטראכט זײַנ מענטשלעכנ „איכ“, ווי דעמ „פופיק פונ דער וועלט“. די וועלט־אָנשויונג פונעמ פראָלעטאריאט איז א פארביסענער סוינע דעמ בורזשואזנ אונ קלייןבירגערלעכנ אינדיווידואליזמ, דעמ באלעבעסלדיקנ אינזיכיזמ, דער אינטעליגענטישער זעלבסטפארליבטקײַט אונ זעלבסט־מיינונג, אלערליי קרימענישנ פונ די קלייןבירגערלעכע נארציסנ, וואָס פארכלינענ זיכ צו גלײַכ מיטנ דיכטער פונ סטאָליפינס צײַטנ:

„Я—гений Игорь Северянин,
Своей победой упоен.
Я повсеградно оэкранен,
Я повсесердно утвержден,
От Баязета к Порт-Артуру
Черту упорную провел,
Я покорил литературу
Взорлил гремяший на престол.“

א פערזאָנ איז אינ דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט בלויז דער עקספלואטאטער, דער רויבער, דער ריטער פונ רײַכקײַט, דער באנק־מאגנאט, דער פאבריק־מאגנאט, דער ערד־מאגנאט. דער קאפיטאליזמ שטעלט אוועק די מאסנ אינ אומענטשלעכע באדינגונגענ. דאָס זײַנענ באדינגונגענ פונ אונטערדריקנ אונ זדעקעוועַנ זיכ איבער דער פערזענלעכקײַט, פונ מאכנ זי אינגאנצנ אָנפערזאָניק. אונ דער קאפיטאליזמ דערלויבט ליבהארציק א הײַפל זעלבסטפארליבטע אינטעליגענטנ צו טרייסטנ זיכ מיט דעמ, וואָס „Я повсеградно оэкранен, я повсесердно утвержден“. זאָלנ זיי זיכ טרייסטנ...

אינ דער קאפיטאליסטשער געזעלשאפט, ווו עס הערשט דער וועלפישער אינדיווידואַליזמ איז ניטאָ אונ עס קענ ניט זײַנ קיינ עמעסע קאָלעקטיווקײַט. די קאָלעקטיווקײַט, וואָס עס פירט אײַנ די בורזשואזיע, שטעלט מיט זיכ פאַר בלויז נײַע קייטנ פאר די ארבעטנדיקע מאסנ. דיזאַיקע קאָלעקטיווקײַט איז א פאלשע, א סוראָגאט פונ וויִרקלעכנ קאָלעקטיוויזמ.
דער ווירקלעכער קאָלעקטיוויזמ ווערט געשאפנ דורכ יענעמ קלאס, פאר וועלכנ די כאוועַרישקײַט אונ סאָלידאריטעט איז דער ערשטער אונ גרונטלעכער באדינג פאר זײַנ באַפרײַונג. אינ כאווערישער סאָלידאריטעט, אינ ארבעט אונ קאמפ שמידט אויס דער ארבעטער־קלאַס זײַנ פראָלעטארישנ סאָציאַליסטישנ קאָלעקטיוויזמ.

דער כאראקטעריסטישער שטריכ פונעמ דאָזיקנ סאָציאַליסטישנ קאָלעקטיוויזמ איז די אופמערקזאמקײַט צומ מענטשנ, די זאָרג וועגנ מענטשנ, די שטרעבונג צו שאפנ באדינגונגענ פארנ אופבלי פונ דער פערזאָנ. אנדערש גערעדט, דער פראָלעטארישער קאָלעקטיוויזמ

איז א הויכ־הומאניסטישער און ניט אומזיסט האָט געשריבן דער צענטראל־אָרגאן פון דער פּארטיי — די „פּראווּדא“ אין א לייט־ארטיקל, וואָס איז געווען געווידמעט דער רעדע פון כ׳ סטאלין:

„די אנטוויקלונג פון קאפּיטאליזם איז געגאנגען קעגן די מענטשן, די אנטוויקלונג פון סאָציַאליזם גייט צוליב די מענטשן. דער קאפּיטאליזם איז אכזאָריש, דער סאָציַאליזם איז הומאניטאר אין עמעסן זין פונעם דאָזיקן וואָרט. דער „הומאניזם“ פון קאפּיטאליזם דאָס איז א קאלטער געטראנק פון בורזשוא נאָכן ברענענדיקן הייסן טאָג פון ווילדער עקספּלואטאציע און פון צעטרעטן די מענטשלעכע ווערדע. דער הומאניזם פון סאָציַאליזם — דאָס איז די זון, וואָס דערוואַרעמט דאָס לעבן. ערשט איצט, ווען עס איז דורכ אומגעהייערע אָגשטרענגונגען, אין הארבן קאמפּ קעגן די רעכטע אָפּאָרטוניסטן און קעגן אלע סאָנים פון דער פּארטיי, געשאפן געוואָרן א ריזיקע און פעסטע מאטעריעלע באזע פון סאָציַאליזם, — הויבט אָן דער סאָוועטישער הומאניזם צו לײַכטן מיט אלע קאָלירן פון רעגנבויגן“.

מיט וואָס זשע כאראקטעריזירט זיכ אונדזער סאָוועטישער מארקסיסטישער הומאניזם, דער סאָציַאליסטישער הומאניזם פון לענינען — סטאלינען?

אין דער „דײַטשישער אידעאָלאָגיע“ האָבן מארקס — ענגעלס אָנגעוויזן: „בלויז אין קאָלעקטיוו באקומט דער אינדיוויד מיטלען, וואָס גיבן אים א מעגלעכקײַט אלזײַטיק צו אנטוויקלען זײַנע פּאָטענצן און, דאָס הייסט, בלויז אין קאָלעקטיוו איז מעגלעכ די פּערזענלעכע פרײַהײַט. אין די סוראָגאטן פון קאָלעקטיווקײַט, וואָס האָבן ביז איצט עקזיסטירט אין דער מעלוכע... האָט די פּערזענלעכע פרײַהײַט עקזיסטירט בלויז פאר די אינדיווידן, וואָס האָבן געהערט צום הערשנדיקן קלאס, און בלויז אפ אזויפיל, אפ וויפל זיי זײַנען געווען אינדיווידן פונעם דאָזיקן קלאס“.

דער בורזשואזער פּילאָסאָף רעדט אומגעפער אזוי: „דאָס הייליקע אומבאגרענעצטע רעכט פון מײַן מענטשלעכער פּערזאָן — איז טאָן דאָס, וואָס עס וויל מײַן לינקע פוס. דער מארקסיסטישער קאָלעקטיוויזם טראָגט די הערשאפט פון האמוין איבער מײַן „איכ“, ער דערשטיקט דעמדאָזיקן „איכ“, ער מאכט אים צעגיין אין דער סטאדע, ער פארשפּארט אים אין א קאזארמע“. אָט אין וואָס עס באשטייט אומגעפער דער טאָכ פון אלע אטאקעס מיצאד די בורזשואזע פּילאָסאָפן אפן מארקסיסטישן קאָלעקטיוויזם. צוליב אירע קלאסן־אינטערעסן שטעלט די בורזשואזיע אנטקעגן די פּערזאָן דעם קאָלעקטיוו. דער מארקסיזם־לענינחם אנטפּלעקט די ווירקלעכע סיבעס פונעם דאָזיקן אנטקעגנשטעלן און נעמט די פּערזאָן און דעם קאָלעקטיוו אין זייער אומצערײַסבארער דיַאלעקטישער איינהײַט.

פארכאָפּנדיק די מאכט, האָט די פראנצויזישע בורזשואזיע ארויסגעגעבן איר דעקלאַראציע פון די רעכט פונעם *מענטשן און בירגער*, אָבער אונטער די רעכט פון דעם מענטשן האָט זי פארשטאנען די רעכט פונעם אייגנטימער, פון הייליקן פּריוואט־אייגנטום. דער ארבעטער־קלאס, וואָס האָט אין אָקטיאבער אויסגעקעמפט די מאכט, האָט ארויסגעלאָזן א דעקלאראציע פון די רעכט פון *ארבעטנדיקן און עקספלואטירטן פאָלק*, די דאָזיקע ערשטע אין דער געשיכטע פון דער מענטשהײַט קאָנסטיטוציע פון די ארבעטנדיקע מאסן, וועלכע ס׳האָט אָנגעשריבן לענין, דאָס איז געווען א ווירקלעכע דעקלאראציע פון די רעכט פונעם מענטשן — דערפאר, ווײַל זי האָט גאראנטירט די מעגלעכקײַט אזוי צו אָרגאניזירן דעם קאָלעקטיוו, אז די מענטשלעכע פּערזענלעכקײַט

זאָל באקומענ, נאָכ אינ דער געשיכטע ניט געוועזענע, מעגלעכקײַטנ פונ אלזײַטיקער אנטוויקלונג. אינ דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט געפינט זיכ די פערזענלעכקײַט אונטערנ דרוק פונ די אלמעכטיקע „עקאָנאָמישע“ באדינגונגענ, וואָס האָבנ א סטיכיײַשע קראפט. „די דאָזיקע קראפט,—האָבנ געשריבנ מארקס—ענגעלס אינ דער „דײַטשישער אידעאָלאָגיע“,— וועט פארניכטעט ווערנ אדאנק דעמ, וואָס עס וועט אראָפגעוואָרפנ ווערנ די עקזיסטירנדיקע געזעלשאפטלעכע אָרדענונג, אדאנק דער קאָמוניסטישער רעוואָליוציע אונ אדאנק דעמ פארניכטנ דאָס פריוואט-אײגנטומ“. דידאָזיקע ווערטער זײַנענ געווענ א נעוויִישע פאָרויסזאָגונג וועגנ דער באפרײַונג פונ דער פערזענלעכקײַט, וואָס ס'האָט געבראכט דער ארבעטער־קלאס אויסקעמפנדיק די מאכט אינ אונדזער לאנד. דער סאָציִאליזמ פארניכטעט ניט די אינדיווידואליטעט, ווי עס זאָגנ אונדזערע סאָנימ, נאָר דעמ באלעבעסלדיקנ אינזיכיזמ אונ קעמפט קעגנ דעמ קלײנבירגערלעכנ אינדיווידואליזמ. דער ארבעטער־קלאס פארניכטעט אדאנק דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט יענע געזעלשאפטלעכע אָרדענונג, בא וועלכער אײנ מענטש איז דעמ צווייטנ א וואָלף, אונ שאפט באדינגונגענ, בא וועלכע די מענטשהײַט ווערט אנ אײנהײַטלעכער קאָלעקטיוו.

די סאָציִאליסטישע קולטור שאפט מעגלעכקײַטנ פאר אלזײַטיקער אנטוויקלונג פונ דער פערזענלעכקײַט, פאר מאקסימאל אנטפלעקנ די שעפערישע קראפט פונ מענטשנ, פארנ מעכטיקנ ארויסברענגענ אלע פאָטענצנ, וואָס ליגנ פארבאָרגנ אינעמ מענטשנ.

ס'איז אינטערעסאנט א הער צו טאָנ, ווי עס יאָמערנ די בורזשואזע פארטיידיקער פונ דער פערזענלעכקײַט, וואָס טרעטנ ארויס אלס טרובאדורנ פונ אײנער פונ די כאראקטעריסטישע דערשײַנונגענ פונ דער הײַנטצײַטיקער בורזשואזער אידעאָלאָגיע—דעמ אנטיטעכניציזמ. דידאָזיקע אלע שפענגלערס, קאיאָס, טשײַזס, דיואמעלס, וואָס פאָדערנ פארניכטנ די מאשינ, אומקערנ זיכ צו דער פרימיטיווער טעכניק, ווי א מיטל צו ראטעווענ דעמ מענטשנ. וואָס פאר א נישטיקע פלאפלערײַ זײַנענ דידאָזיקע אלע ארויסטרעטונגענ פונ די טעאָרעטישע אדוואָקאטנ פונ דער בורזשואזיע אפ „באשיצנ“ דעמ מענטשנ אינ פארגלײַכ מיט יענע קלאסישע כאראקטעריסטיקעס, וועלכע עס האָבנ געגעבנ מארקס—ענגעלס דער אונטערדריקונג פונעמ מענטשנ באמ קאפיטאליזמ דורכ דער מאשינ. עס האָט דאָכ קײנער נישט אזוי ווי זײ—באוויזנ, אז די מאשינ ווערט אויסגענוצט קעגנ דעמ מענטשנ, אז זי דינט אינ די הענט פונ די עקספלואטאטערס פאר א מעכטיק געווער צו אונטערדריקנ די ארבעטער, וואָס שטײענ אופ קעגנ דעמ ווילקיר פונ קאפיטאל. אָבער זײ האָבנ ניט פארשאָלטנ די מאשינ, ווי עס טוענ די אדוואָקאטנ פונ פוילנדיקנ קאפיטאליזמ, נאָר פארקערט, זײ האָבנ באוויזנ די גרויסע רעוואָליוציִאָנערע ראָליע פונ דער מאשינ. ניט די מאשינ, נאָר איר קאפיטאליסטישע אָנווענדונג קאליעטשעט אונ צעברעקלט די מענטשלעכע פערזענלעכקײַט. דאָס האָט באשטעטיקט אויכ די גאנצע סאָציִאליסטישע בויונג פונ סאָוועטנפארבאנד. בא אונדז דריקט ניט די טעכניק, די מאשינ, די פערזענלעכקײַט, נאָר פארקערט, די מאשינ איז אונטערטעניק אפ פארײנפאכנ אונ פארלײַכטערנ די פראָדוציר־פראָצעסנ, זײ פארקירצנ דעמ ארבעטס־טאָג אונ גיבנ אלע מעגלעכקײַטנ אפ ארויסווײַזנ די מענטשלעכע פאָטענצנ. בלויז דער סאָציִאליזמ „קערט אומ דעמ מענטשנ צו זיכ אלײנ“, מאכט די פערזענלעכקײַט אלזײַטיק אנטוויקלט אונ פרײַ.

די ארבעט־צעטײלונג, וואָס עקזיסטירט באמ קאפיטאליזמ, פירט אומפארמײַדלעכ צו דעמ, וואָס ענגעלס האָט אָנגערופנ די פארקלײנלעכונג פונעמ מענטשנ. דידאָזיקע פארקלײנלעכונג שאפט זיכ אדאנק דער פארטעמפנדיקער ווירקונג פונ דאָרפ אפ זײַנע אײַנוווי-

נער, צוליב דער גײַסטיקער אויסגעלײדיקטקײַט, אינטעלעקטועלער באגרענעצטקײַט אונ פאראזיטיזמ פונ די הערשנדיקע קלאסנ. דער סאָציִאַליזמ פארבײַט דעמ צעקאַליעטשעטנ, טײלווײַזנ אינדיווידומ אפנ טולקומ אנטוויקלטנ אינדיוויד, פאר וועלכנ די פארשײדענע געזעלשאפטלעכע פונקציעס זײַנענ בלויז זיכ ענדערנדיקע טעטיקײַט־פאָרמעס. דער קאָמוניזמ צעקלאפט יענעמ אײַזערנעמ אינטערעסנ־קרײַז פונ פראָפעסיִאָנעלער טעטיקײַט, אינ וועלכנ דער קאפיטאליזמ פארשליסט די מענטשלעכע פערזענלעכקײט. דער סאָציִאַליזמ שאפט מעגלעכקײַטנ פאר אזא אופבלי פונ דער מענטשלעכער פערזענלעכקײַט, וואָס איז נאָכ ניט געזענ געוואָרנ אינ דער געשיכטע. אונ דעריבער ווערט באמ סאָציִאַליזמ אופגעלעבט אפ א נײַעמ אומגעהײער הויכנ פונדאמענט דער הומאניזמ—דאָס געפיל פונ אכטונג צו מענטשנ, די זאָרג וועגנ מענטשנ, וועגנ זײַנ וווּקס, וועגנ זײַנע פאָדערונגענ, וועגנ זײַנע מעגלעכקײַטנ. אונ דאָס אלצ פארבינדנ מיר מיטנ באגריפ—סאָציִאַליסטישער הומאניזמ.

אלעקסײ מאקסימאָוויטש גאָרקי איז דער קינסטלער, וואָס פארשטײט מיט א באזונדער קראפט, וואָס עס איז אזוינס סאָציִאַליסטישער הומאניזמ, וואָס פאר א אומויסשעפלעכער טיפער קוואל, א קוואל פונ בארײַכערנ די מענטשהײַט דאָס איז, אָט פארוואָס גאָרקי האָט, ווי קײנער פונ די שרײַבער, שטענדיק געקעמפט פאר דעמ דאָזיקנ סאָציִאַליסטישנ הומאניזמ. שוינ אינ דער רעוואָלוציע פונ 1905 י. האָט ער פארשטאנענ, אז דער ארבעטער־קלאס, דער אוואנגארד פונ דער מענטשהײַט, איז א קאָלעקטיוו, וואָס איז פארײניקט דורכ אנ אײנהײַטלעכנ קלאסנ־ווילנ אונ אז נאָר דער דאָזיקער קאָלעקטיוו קענ שאפנ די ווירקלעכקײַט, וואָס איז נײטיק פארנ אופבלי פונעמ מענטשנ. מיטנ מויל פונ זײַנ פאוועל וולאסאָוו ווארפט ער אינ פאָנעמ די עקספּלואטאטערס די ווערטער:

„איר האָט אָפּגעריסנ דעמ מענטשנ פונ לעבנ אונ האָט אימ פארניכטעט. דער סאָציִאַליזמ וועט פארײניקנ די וועלט, וואָס איר האָט צערויִנירט, אינ אײנ אײנהײַטלעכעס גרויסעס גאנצעס". דער סאָציִאַליזמ וועט אופלעבנ דעמ מענטשנ. גאָרקי האָט עס פארשטאנענ. „איכ וויל, אז יעדערער פונ די מענטשנ זאָל זײַנ א מענטש". „אלצ איז אינעמ מענטשנ־אלצ איז פארנ מענטשנ",—רופט ער אויס.

ער האָט פארשטאנענ, אז נאָר באמ סאָציִאַליזמ קענ יעדערער פונ די מענטשנ זײַנ א מענטש, גאָרקי האָט געוואָרפנ זײַנע אומפארגעסלעכע ווערטער: „אנ אויסגעצײכנטער פאָסטנ איז צו זײַנ אפ דער ערד א מענטש".

גאָרקי איז שטאָלצ איבערצײַגט אינ דעמ, אז בלויז אינ דער סאָציִאַליסטישער געזעלשאפט שטארבנ אָפּ אינגאנצנ די מיִעסע, קלײנבירגערלעכע, אומפארמײַדלעכע באדינגונגענ פונ דער עקספּלואטאציע פונ אײנ מענטשנ דורכ א צווײטנ צוליב פערזענלעכער רײַכקײַט.

אָבער, ווענ מיר רײדנ וועגנ אונדזער הומאניזמ, וועגנ אונדזער ליבע צו מענטשנ, איז נײטיק, באזונדערס 2 מאָל אונ 3 מאָל אונטערשטרײַכנ, אז אונדזער ליבע צו מענטשנ איז קאָנקרעט, אז זי איז ניט אָנ בלוט אונ אָנ פלײש, אז זי איז פארבונדנ בא אונדז מיט דער סינע צו די אונטערדריקער, צו די פאראזיטנ. אונדזער הומאניזמ, אונדזער ליבע צומ מענטשנ—דאָס איז ניט די טאָלסטויִשע מעטאפיזישע ליבע צומ נאָענטנ, אונדזער ליבע צומ מענטשנ דאָס איז ניט די טרערנ פונ זשאנ וואלזשאנ פונ וויקטאָר הוגאָס ראָמאנ, אונדזער ליבע צו מענטשנ איז אונטערגעאָרדנט די אינטערעסנ פונ דעמ קלאס, וואָס באפרײַט די מענטשהײַט. אונדזער סאָציִאַליסטישער הומאניזמ האָט ניט קײנ שומ אלגעמײנס מיט דער מאנילאָווישער ווילהארציקײַט. מיר זײַנענ הומאניסטנ, אָבער הומאניסטנ פונעמ ארבעטער־קלאס, וואָס דורכ זײַנ דיק־

טאַבור, דורכנ הארבנ קלאסנ-קאמפ באפרײַט ער זיכ אליינ, באפרײַט ער די מענטשהײַט אונ דורכ דעמ באפרײַט ער יעדנ מענטשנ. דאָס דארפ מענ באזונדערס אונטערשטרײַכנ, קעדיי צו געדענקענ, אז אונדזער סאָציאַליסטישער הומאניזמ שליסט ניט אויס די קלאסנ-וואכזאמקײַט, נאָר פארקערט, די קלאסנ-וואכזאמקײַט איז איינער פונ די עלעמענטנ פונ אונדזער הומאניזמ, זי איז ענג פארבונדנ מיט אימ.

ווענ מע זאָל אונדז פרעגנ, וואָס איז אזוינס סאָציאַליסטישער הומאניזמ אונ מיר זאָלנ וועלנ ענטפערנ מיט א קורצער אונ אויסשעפנדיקער פאָרמול, וועלנ מיר ענטפערנ: „איר ווילט וויסנ,—דאָס קענ מענ זאָגנ מיט איינ וואָרט—„לענינ".

בא לענינענ איז ווי באוווסט געווענ זייער א לעבעדיקע פילבארקײַט צו מענטשנ, אנ אָנראכמאָנעסדיקע פײַנטשאפט צו אלע מענטשלעכע אומגליקנ, מיטגעפיל צו די ליידנ, צו די ווייטעקנ, צו די צאָרעס פונ מענטשנ. לענינ האָט שטענדיק געגלויבט, אז אומגליקנ זײַנענ „אנטי-אָרגאניש" דעמ מענטשנ, אז מע דארפ קעמפנ קעגנ דעמ מענטשנס לײַדנ אונ בײַקומענ זיי.

פונ דאנענ איז ארויסגעדרונגענ די אויסשליסלעכע לענינישע ליבע צומ מענטשנ, צומ מענטשנס לעבנ, כ'וואָלט געזאָגט די רירנדיקע אופמערקזאמע באציִונג צומ מענטשנ, צומ כאווער, צו מענטשנ פונ דער וויסנשאפט, דאָס איז פארקערפערט אינ טויזנטער דאָקרמענטנ (גיט א קוק די צעטעלעכ אינ די „לענינישע זאמלביכער", ווו וולאדימיר איליטש שרײַבט וועגנ דעמ, אז דעמ קלעקט ניט דער פאיאָק, אז יענעמ דארפ מענ שיקנ אינ סאנאטאָריע א. א. וו.—אונ דאָס אלצ—אינעמ מאָמענט פונ אָנגעשטרענגסטנ קאמפ אפנ פראָנט).

אונ דער כ' לענינ האָט פאריייניקט די ליבע צו מענטשנ מיטנ פארשטיינ, אז דידאָזיקע ליבע שליסט ניט אויס, נאָר איז דער פאָרבאדינג פונ דער אָנראכמאָנעסדיקײַט אינעמ קאמפ קעגנ די קלאסנ-סאָנימ, אז זי בארעכטיקט אונ מאכט נויטווענדיק דאָס, וואָס מע רופט אָנ אָפטמאָל רעוואָליוציאָנערע הארטקײַט.

וואָס ווילט איר,—האָט געפרעגט לענינ,—צי איז מעגלעכ צו זײַנ הומאניש אינ אזא אומגעהייער פארביסענעמ קאמפ, ווי קענ מענ דאָ זײַנ ווייכהארציק אונ גרויסמוטיק?

מאקסימ גאָרקי ברענגט אינ איינ אָרט זייער א כאראקטעריסטישנ עפיזאָד—זײַנ שמועס מיט אנ אלטנ אָרבעטער סקאָראָכאָדאָוו, א טוער פונ טשעקא, א מענטש מיט א ווייכ הארצ, וואָס האָט אמאָל זיכ געקלאָגט פאר גאָרקענ, אז אימ איז שווער צו טאָנ אזא ארבעט, אז ער קענ זיכ מיט איר ניט ספראווענ. דערנאָכ האָט ער א טראכט געטאָנ אונ צוגעגעבנ: „אָבער, ווענ דו דערמאָנסט זיכ, אז אויכ איליטשנ איז גאנצ אָפט אויסגעקומענ צו האלטנ די נעשאָמע בא די פליגלענ, שעמסטו זיכ פאר דײַנ שוואכקײַט"... אונ לענינ האָט ווירקלעכ געקענט,—אויב מע זאָלריידנ אפ דער שפראכ, פונ דעמ ארבעטער, דעמ טשעקיסט—האלטנ די נעשאָמע בא די פליגלענ".

ס'איז באוווסט דער עפיזאָד, ווענ לענינ האָט אמאָל אינ די ערשטע יאָרנ פונ דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע, הערנדיק בעטהאָווענס סאָנאטע געזאָגט: „איכ ווייס ניט קיינ בעסערע זאכ פונ דער Apassionata, איכ בינ גרייט צו הערנ זי א גאנצנ טאָג. א וונדערלעכע אומענטשלעכע מוזיק אונ איכ טראכט שטענדיק מיט שטאָלצ, קענ זײַנ נאיִוו: „אָט וואָס פאר א וונדער עס קענענ אופטאָנ, מענטשנ". פארזשמורנדיק אנ אויג האָט ער שמייכלענדיק, ניט פריילעכ צוגעגעבנ: „אָבער אָפט הערנ מוזיק קענ איכ ניט, ס'ווירקט אפ די נערוונ, עס ווילט זיכ ריידנ מילדע נארישקײַטנ אונ גלעטנ איבערנ קעפל די מענטשנ,

וואָס קענענ לעבנדיק אינ שמוציקנ גענעמ, שאפנ אזא שיינקייט. אָבער הײַנט טאָר מענ קיינעמ ניט גלעטנ איבערנ קעפל—מ׳עט אָפּבײַסנ די האנט, נאָר שלאָגנ דארפ מענ איבערנ קעפל, שלאָגנ אָנ ראכמאָנעס, כאָטש אינ אידעאל זײַנענ מיר קעגנ יעטווידער גוואלדטאט איבער מענטשנ. יע—א שטעלע—א טײַוואָליש־שווערע!...״

לענינ האָט אמבוילעטסטנ פארקערפערט אינ זיכ דאָס, מיט וואָס עס כאראקטעריזירט זיכ דער סאָציִאַליסטישער הומאניזמ. אָט פארוואָס איכ זאָג, אז ווענ מע פרעגט, וואָס איז אזוינס סאָציִאַליסטישער הומאניזמ, ענטפערנ מיר מיט א קורצער פאָרמול—דאָס איז לענינ.

מע וואָלט געקענט אָנרופנ צוגלײַכ מיט לענינענ, צוגלײַכ מיט סטאלינענ א ריי אנ־דערע נעמענ צווישנ די פירער פונ אונדזער פארטיי. שוינ אזא נאָמענ, ווי דער נאָמענ פונ ניט געוואקלטנ קעמפער־טשעקיסט, בא וועמענ עס האָט געשלאָגנ א פלאמיק מענטשלעכ הארצ,—פעליקס דזערזשינסקי.

אינ סאָוועטנפארבאנד זײַנענ אדאַנק דיווירטשאפטלעכע אונ קולטורעלע דעראָבערונגענ, אינעמ רעזולטאט פונעמ טריִומפ פונ דער גענעראלער פארטיי־ליניע אונ פונ דער דער־פאָלגרײַכער סאָציִאַליסטישער בויונג, שוינ אנטשטאנענ אלע באדינגונגענ פארנ אופבלי פונ סאָוועטישנ סאָציִאַליסטישנ הומאניזמ. בא אונדז וואקסט שוינ א פילזײַטיקער אידעאָ־לאָגיש־בארײַכערטער טיפ פונעמ נײַעמ סאָציִאַליסטישנ מענטשנ. דאָס איז ניט דער זיכ אליינ ליבנדיקער באגרענעצטער עגאָיִסט, וועלכנ ס׳האָט אויסגעהאָדעוועט דער קאפיטאליזמ. די אידעאָלאָגיע ·פונ פראָלעטאריאט—דאָס איז די אידעאָלאָגיע פונ קלאסנ־סאָלידאריטעט, פונ כאווערישקייט אינ דער ארבעט אונ קאמפ. אינ די שלאָגלער־בריגאדעס, אינ די באַ־טאליִאָנענ פונ דער רויטער ארמיי, אינ די זעלבסטאָפּפערדיקע וויסנשאפטלעכע עקספע־דיציעס, אינ דער קאָלווירטישער מיטארבעט, בא די געלערנטע אונ קינסטלער, ווערט אויס־געהאָדעוועט דערדאָזיקער סאָציִאַליסטישער הומאניזמ. ער דערשטיקט ניט די פערזענלעכ־קײַט, דערדריקט זי ניט, ניוועלירט זי ניט, נאָר צומ ערשטנ מאָל אינ דער געשיכטע שטעלט ער אוועק דעמ מענטשנ אינ אזוינע באדינגונגענ, וואָס פארזיכערנ פאר אימ די מעגלעכקײַט מאקסימאל צו אנטפלעקנ די פארבאָרגענע אינ אימ פאָטענצנ.

די פערזענלעכקײַט אינ סאָוועטנפארבאנד גלײַכט זיכ אויס, הויבט זיכ אופ אונ וואקסט.

אלס איליוסטראציע ווילט זיכ מיר ברענגענ בלויז א פאָר בײַשפּילנ, וויִאזוי עס באפרײַט זיכ בא אונדז די פערזענלעכקײַט, וואָס איז געווענ געשמידט דורכ דעמ קאפיטאליסטישנ עקספלואטאטערישנ בארבאריזמ, וויִאזוי זי גלײַכט זיכ בא אונדז אויס אינ איר גאנצער מענטשלעכער גרויס.

שוינ לאנג איז אָנגעשריבנ געוואָרנ א דערציילונג וועגנ דעמ, וויִאזוי:

„איבער א דאָרפישער גאס צווישנ ווײַסע הײַזלעכ באוועגט זיכ מיט א ווילדנ געבריל א מאָדנע פראָצעסיע.

... פונפאָרנט איז צו א וואָגנ צוגעבונדנ מיט א שטריק א קליינע, אינגאנצנ א נאקעטע פרוי, קימאט א מיידעלע. זי גייט עפּעס מאָדנע—מיט א זײַט, אירע פיס ציטערנ, ברעכנ זיכ אונטער...

... אונ אפנ וואָגנ שטייט א הויכער פויער אינ א ווײַס העמד, אינ א שווארצנ שמויסנ-היטל, וואָס פונ אונטער איר איז אימ צעוואָרפנ אפנ שטערנ א פאסמע געלע האָר, אינ איינ האנט האלט ער די לייצעס, אינ דער צווייטער—א בײַטש אונ שמײַסט מעטאָדיש, נאָכאנאנד—איינמאָל איבערנ פערד אונ דערנאָכ איבערנ קערפער פונ דער קליינער פרוי, וואָס איז שוינ אזוי אויכ דערשלאָגנ אזוי שטארק, אז זי

האָט פאַרלאָרן דעם אויסזען פון א מענטשן, די אויגן באַם געלן פויער זײַנען אָנגעגאָסן מיט בלוט און גלאַנץ מיט בייזן טריומף...

... פון צײַט צו צײַט שרײַט ער אויס מיט א כריפּ:

— נ־נו. מאַכאַשייפע. היי. נו—נו. אהא. איינס...

הינטערן וואָגן און דער פרוי, וואָס איז צו אים צוגעבונדן, שפּאַרט א האַמוין און שרײַט אויך, גרילצט, פּײַפט, לאַכט, רייצט אָן. עס לויפן ייִנגלעך... פון צײַט צו צײַט לויפט איינער פון זיי אַרויס אַפריער און שרײַט אַרויס ציניש ווערטער דער פרוי אין פּאָנעם אַרײַן...

... א שמיץ מיטן בײַטש איבערן קערפּער פון דער פרוי. די בײַטש—א דינע און לאַנגע שלענגלט זיך אַרום דעם אַקסל און אָט האָט זי זיך פאַרטשעפּעט אונטער דער פּאַכווע. דאַן גיט דער פויער שטאַרק א ריס די בײַטש צו זיך: די פרוי שרײַט אויס מיט א קוויטש און איבערקערנדיק זיך אַהינטער, פאַלט זי אום מיט דער פּלייצע אין דעם זאַמד. א סאַך פון האַמוין שפּרינגען אונטער צו איר און פאַרדעקן זי מיט זיך, אָנבויגנדיק זיך איבער איר..."

דאָס איז געווען ניט נאָר א דערציילונג, פון א קינסטלער, דאָס איז געווען א פאַקט, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 15־טן יול 1891 י. אין דאָרף קאַנדיביאַ, ווו עס האָט זיך אַזוי אָפּגערעכנט מיט זײַן פרוי סילוועסטער הײַטשענקאָ. אין דעם טאָג האָט זיך צום ערשטן מאָל אָנגענומען פאַר דער צעמיימעסטער פרוי א דורכגייער. דערדאָזיקער דורכגייער, האָט דערנאָך אָנגעשריבן א דערציילונג און זיך אונטערגעשריבן מיטן נאָמען—מאַקסים גאָרקי. דאָס איז געווען אין 1891 י.

און אָט אין 44 יאָר אַרום—דעם 8־טן מאַרט 1935 י. איז אין „פּראַוודאַ" אָפּגעדרוקט געוואָרן א בריוו פון די קאַנדיבינער קאָלווירטניצעס לושע מיראָשענקאָ, קאַטיע דאָריטש א. אַנד. וועלכע האָבן געשריבן צו גאָרקין:

„... מיט 44 יאָר צוריק האָסטו געזען, ווי הײַטשענקאָ סילוועסטער האָט זיך אַכזאָריעסדיק זדעקעוועט איבער זײַן פרוי האַרפּינאַ און צום ערשטן מאָל האָט דאַן אין דאָרף קאַנדיבינאַ אָפּגעקלונגען א דרייסט וואָרט, וואָס האָט פאַרטיידיקט די פרוי—די שקלאַפן. דאָס איז געווען דײַן וואָרט, אונדזער לײַבלעכער נאָענטער אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש.

סילוועסטער הײַטשענקאָ איז געווען ניט איינער. דאָס זדעקעווען זיך איבער די פרויען איז געווען א געוויינלעכע דערשײַנונג. מע האָט געשלאָגן, צוגעבונדן צו א פערדישן עק, אָפּגעשניטן די צעפּ... בלויז דער גרויסער אָקטיאַבער די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און די סאָוועטנמאַכט האָבן געמאַכט א סאָף צו אונדזער שאַנדע און ליידן, געבנדיק אונדז פולשטענדיקע גלײַכבאַרעכטיקונג...

... וואָלסט זען, וואָסערע מיר זײַנען געוואָרן.

א סאַך שלאָגלערנס זײַנען בא אונדז—סײַ פרויען, סײַ מיידלעך. אין עם זעלבן הויף, ווו ס'איז געפּייגערט דער געמיינער הײַטשענקאָ, לעבט איצט אין דער אַפּדאָסנײַ אָפּגערעמאָנטירטער שטוב די שלאָגלערן די קאָלווירטניצע מאַקסימאָוואַ דוניע. זי אַרבעט מוסטערהאַפט אין סטעפּ און אויסער דעם איז זי א קאָמיוגישער אָרגאַניזאַטער. הײַנט איז זי גראָד אוועקגעפאָרן אין ראַיאָן אַפּ קורסן.

... אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש. אַמאָל איז די קאַנדיבינער פרוי געווען די פאַרפּײַניקטע, נעבעכדיקע, אומגליקלעכע האַרפּינאַ הײַטשענקאָ. און איצט די קאַנדיבי־

נער, נאָוואָפּעטראָווער, גוריעווער, מאַלינאָווער, יעלאַניעצער פרוי, דאָס איז אזא פרוי, ווי די קאָלווירטניצע סאַשע מילענקאָ פונ „יאסנאיא זאריא“. זי האָט אָפּגעגעבנ אַלע נאָרמעס אפנ צייכנ „גרייט צו ארבעט אונ שוצ“. זי האָט אפ דער געגנטלעכער ספּאַרטאַקיִאַדע אריבערגעיאָגט אַלעמענ אינ לויפנ. אָט וואָס פאַרא פרויענ עס זײַנענ בא אונדז איצט, אַלעקסיי מאקסימאָוויטש...“

נאָכ איינ בײַשפּיל: איר געדענקט, וויִאזוי עס איז אינ אָנהייב 1935 י. ארויס אפ דער טריבונע פונ אַלפארבאנדישנ סאָוועטנ-צוזאמענפאָר איינער פונ די דעלעגאטנ אונ האָט אָנגעהויבנ דערציילנ וועגנ דעם, וויִאזוי ער, אָט דער זעלבער דעלעגאט, איז געזעסנ אינ איינ טורמע, אינ א צווייטער, אינ א דריטער, וויִאזוי ער האָט גערויבט, אָפּגענארט, געהארגעט.

אָט דער דעלעגאט האָט געזאָגט:

... „איכ האָב גְעגאנוועט, גערויבט, ארײַנגעזעצט א מעסער אינ הארצנ אָנ קיינ שום געוויסנביסנ אונ כאראָטע. פאר מיר איז יעדער מענטש געווענ א סוינע. אפ די דאָנבאסער מערק האָב איכ געשלעפּט בא די אָנגעפּאָרענע פויערים פונ די וועגענער פעלצנ, שטיקער כאזער, שיסלענ פוטער. אינ באקו האָב איכ פארפירט אינ פינצטערע ווינקלענ שיקורים אונ אָפּגעריינִיקט זייערע קעשענעס. אינ טאגאנראָג, אינ שטאָטגאָרטנ, אינ די סאמע ווײַטע פינצטערע ווינקלענ האָב איכ, דראָענדיק מיטנ מעסער, אויסגעטאָנ ביז נאקעט פארליבטע פאָרלעכ. אינ באטײַסק האָב איכ מיט אנ אײַזערנעמ האָק ארויפגעשלעפּט פונ די טאָרמאָזנ פונ די פראכט־וואגאָנעס „מעשאָטשניקעס“.

איכ האָב זיכ געיאָגט נאָכ א גוטנ לעבנ אונ די מענטשנ האָבנ זיכ געיאָגט נאָכ מיר: כאפנדיק בא דער האנט פלעגט מענ מיכ מײמעסנ. נאָכנ באפרײַענ זיכ פלעג איכ זיכ אָפּרעכענענ מיט די מענטשנ אינ דרײַ מאָל מער.

ביסלעכווײַז בינ איכ געוואָרנ א מענטש—א כײַע. דאָס איז די סאמע שרעקלעכע צווייפיסיקע באשעפעניש פונ דעמ מינ בלוטדורשטיקע. אינ מיר איז ניט איבערגעבליבנ ניט קיינ ליבע, ניט קיינ הארציקײַט, ניט קיינ פילבארקײַט, ניט קיינ ראכמאָנעס, ניט קיינ מיטלײַד.

אונ הײַנט, אינ דעמדאָזיקנ היסטאָרישנ זאַל שטיי איכ—אנ איינִיקל פונ די אייביק־אומגליקלעכע, אנ איינִיקל פונ אנ אייביק־טרויעריקנ שפּאס, א געוועזענעמ רויבער—איכ שטיי הײַנט אפ דער דאָזיקער טריבונע, ווו ס'איז מיט 2 טעג צוריק געשטאנענ דער אָנפירער פונ דער רעגירונג מאָלאָטאָוו“...

דידאָזיקע אינטערעסאנטע ווערטער וועגנ דעם, וויִאזוי די סאָוועטישע מעלוכע פארוואנדלט דעמ צווייפיסיקנ רויבער אינ א מענטשנ, האָט פונ דער טריבונע פונ אַלפארבאנדישנ סאָוועטנ־צוזאמענפאָר דערציילט דער שרײַבער אוודייענקאָ, וואָס האָט אָנגעשריבנ זײַנ מערקווירדיק בוכ „איכ האָב ליב“, א בוכ וואָס מע לייענט איצט סײַ אינ דײַטשלאנד, סײַ אינ פראנקרײַכ, סײַ אינ ענגלאנד.

אָט וואָס עס באטײַט „סאָציִאַליזם אונ דער מענטש“.

איכ מיינ, אז מע וואָלט געקענט ברענגענ אָנ א שיר פאקטנ, וואָס זאָלנ זאָגנ וועגנ דעם, וויִאזוי עס וואקסט אונ גלײַכט אויס זײַנע פליגלענ אינ סאָוועטנפארבאנד די מענטש־

לעכע פערזענלעכקײַט. מע וואָלט געקענט דערציילן וועגן צענדליקער טויזנטער מענטשן, וואָס זײַנען געקומען אין דער הויך־שול־אודיטאָריע אָן א צוגרייטונג, אָן קיין שום קולטור, א מין קולטור־רוישטאָפּ, און זײַנען אין פארלויף פון 7־5 יאָר, בוכשטעבלעך פאר די אויגן פארוואנדלט געוואָרן אין טאלאנטפולע געלערנטע, וואָס באהערשן די אוצרעס פון דער מענטשלעכער קולטור, ווערן מענטשן פון דער סאָוועטישער וויסנשאפט און פון הויכער קולטור.

צוהערן זיך צו דעם אלעמען—הייסט פארשטיין די גאנצע ריכטיקײַט פון יענע ווערטער, וועלכע ס'האָט געזאָגט דער כ' קאהאנאָוויטש אף דער פײַערונג, געווידמעט דעם לאָזונג אין גאנג דעם מעטראָ, די ווערטער וועגן דעם, אז מיר קעמפן פאר א נײַער מענטשלעכער געזעלשאפט, מיר קעמפן פאר די רעכט פון מענטשן, מיר קעמפן קעגן עקספּלואטאציע, קעגן שקלאפערײַ, פאר פרײַוויליקער באוווסטזיניקער ארבעט לעטוווּעס דעם גאנצן קאָלעקטיוו, פאר ארבעט, וואָס באגײַסטערט די מענטשן, פאר ארבעט, וואָס שאפט ניט נאָר נײַע אויסגעצייכנטע זאכן, נאָר שאפט אויך דעם נײַעם מענטשן. דער סאָוועטנפארבאנד קעמפט פאר שאפן א נײַעם מענטשן.

כ' סטאלין האָט אין צענטער פון דער אופמערקזאמקײַט פון לאנד אוועקגעשטעלט די פילבארע ליבנדיקע באציִונג צום מענטשן.

דער לאָזונג וועגן סאָוועטישן סאָציִאליסטישן הומאניזם פארפליכטעט צו באנעמען דאָס, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר דער נײַער מענטש, וועלכער וואקסט, גלײַכט אויס זײַנע פליגלען אין ערשטן סאָציִאליסטישן לאנד אף דער וועלט.

וואָס זשע שטעלט מיט זיך פאָר דערדאָזיקער מענטש פון דער סאָציִאליסטישער קולטור? דאָס איז קוידעמקאָל א מענטש, וועמעס אקטיווע שעפערישע ענערגיע עס איז געווענדעט אף לייזן די וועלט־היסטאָרישע אופגאבע—אויסבויען דעם סאָציִאליזם. און דעריבער זײַנען בא אים די אינטערעסן פון דער פּראָלעטארישער מעלוכע, די אינטערעסן פון דער סאָציִאליסטישער געזעלשאפט פריִער פון אלץ און העכער פון אלץ. מיט די דאָזיקע אינטערעסן פארייניקט ער הארמאָניש זײַן אינדיווידועלן וווּקס, זײַן פערזענלעכע אנטוויקלונג, די רעאליזירונג פון אלע זײַנע מעגלעכקײַטן.

דער מענטש פון דער סאָציִאליסטישער קולטור—דאָס איז א קעמפער, וואָס שרעקט זיך ניט פאר שוועריקײַטן, נאָר באזיגט זיי. איינציַיטיק איז עס א מענטש פון הויכער אידייִשקײַט, וועלכער איז גרייט צו זעלבסטאָפּפערונג צוליב די אינטערעסן פון זײַן סאָציִאליסטישן היימלאנד. דאָס איז א מענטש פון א הויך־באוווסטזיניקער דיסציפּלין, דאָס איז א מענטש, וועלכער קען, פאקנדיק זיך אף אן אײַזפעלד, שרײַבן דאָרט א וואנטצײַטונג און אָנטיילנעמען אין א פארזאמלונג פון פארטיי־קעמערל.

דער מענטש פון דער סאָציִאליסטישער קולטור—דאָס איז אן אינערלעך פולווערטיקער מענטש, וואָס האָט באהערשט די קולטור־ירושע פון דורעס, דער מענטש, וואָס האָט אין זיך ארײַנגענומען די דאָזיקע קולטור־ירושע, האָט זי קריטיש אָנגעזאפט אין זיך, א מענטש, וואָס שטייט אפן ניוואָ פון די קולטורעלע און טעאָרעטישע דעראָבערונגען פון דער מענטשהײַט און פונעם ארבעטער־קלאס, אין די דעראָבערונגען, וואָס האָבן געקראָגן זייער אויסדרוק אין מארקסיזם־לעניניזם.

„א קאָמוניסט,—האָט געזאָגט לענין,—קען מען ווערן בלויז דעמלט, ווען מע בארײַכערט דעם זיקאָרן מיט די אלע רײַכטימער, וועלכע ס'האָט אויסגעארבעט די

מענטשהײַט. דער קאָמוניזמ פארוואנדלט זיכ אינ א פוסט שילדל, דער קאָמוניסט ווערט א פוסטער בארימער, ווענ ער ארבעט ניט איבער אינ זײַנ באוווסטזײַנ אלע באקומענע ידיעות".

אונ דעריבער איז דער מענטש פונ דער סאָציאַליסטישער קולטור—א טרעגער פונ הויכער אידײיִשקײַט פונ פולווערטיקער אינטעלעקטועלקײַט, אונ אידײיִשער אָנגעזועטיקטקײַט. דערדאָזיקער מענטש איז א מענטש—דאָס קלינגט טאוואָלאָגיש—פונ טיפער מענטשלעכקײַט. מיר דארפנ אָנ ראכמאָנעס אופדעקנ אלע פרווונ צו פארבײַטנ די אידײיִשע אָנגעזועטיקטקײַט אונ סאָציאַליסטישע מענטשלעכקײַט מיטנ אזויגערופענעמ אויסערלעכנ גלאנצ. די לינקיסטישע ביטל־באציִונג צו קולטורעלער אויסערלעכקײַט צומ ציכטיקנ עסטעטישנ אויסזענ פונ רײנעמ קאָסטיומ, ווײַסנ קאָלנער א. א. וו. איז א באשטימטער קלײנבירגערלעכער אָפּגרעבצ. בלויז א קלײנבירגער קענ מײנענ, אז פארשמירטע קלײדער, א צעריסנ העמד, אנ אומרײנער קאָלנער איז א „קאָמוניסטישע גוטע מידה". אָבער עס זײַנענ אויכ, אויב ניט נאָכ מערער—שעדלעכ די פרווונ צו פארבײַטנ די אינערלעכע אידײיִשקײַט, די אינערלעכע מענטשלעכקײַט מיט עפּעס אנ אויסערלעכנ „מונדיר".

שײנ אופגענײטע קלײדער, קענענ טאנצנ אונ אפילע גוטע שמעקעדיקע פארפומענ, וואָס וועגנ דעמ האָט מענ שטענדיק געשטעלט פראגעס אפ קאָמיוגישע דיספוטנ—דאָס אלצ איז, פארשטײט זיכ, ניט קײנ פּראָדוקט פונ דער פוילנדיקער בורזשואזער קולטור. אײנצײַטיק דארפ מענ זײער שטארק אונטערשטרײַכנ, אז ווענ עס באווײַזנ זיכ פרווונ צו באהערשנ די קולטור בלויז אויסערלעכ, צו פארבײַטנ דעמ טיפנ אונ קאָמפּליצירטנ פּראָצעס פונ איבערשאפנ די קולטור, דעמ פּראָצעס פונ דער קולטורעלער אינערלעכער איבערבויִונג פונ מענטשנ, צו פארבײַטנ דאָס אלצ מיטנ ארופציִענ אפ זיכ א קולטורעלע מאסקע, דארפ מענ אזעלכע פרווונ אויסלאכנ אונ דעמאסקירנ. מע דארפ אנטשײדנ אָפּשלײַדערנ אָנ א זײַט דעמ באלעבעסלדיקנ שומ פונ אלע מינימ „פּאָקסטראָט־טענצער", „רומבא־טענצער אונ פּאטעפאָנשטשיקעס", די צו גרויסע אָנהענגער פונ אידיאָטישער לעביונגערישקײַט אונ די פארגעטערער פונ די בלאטע באנאלקײַטנ „פונ אָדעסער קיטשמאנ".

קענג זיי דארפנ שארפנ די פענעס אונדזערע פעליעטאָניסטנ, אונדזערע שרײַבער. זײ דארפנ באווײַזנ, אז א ווײכע הוט אונ אנ עלעגאנטנער שוכ, א האָרעלע וויסנ, פלעכטנ פערזנ—דאָס אלצ איז ניט דאָס, וואָס מיר רופנ אָנ סאָציאַליסטישער מענטש. עס פאָדערט זיכ א טיפע אינטעלעקטועלע קולטור. צוליב דעמ איז נײטיק אנ אינערלעכע איבערארבעטונג, אנ אינערלעכע מענטשלעכקײַט, וואָס איז אײגנטימלעכ דעמ ארבעטער־קלאס, ווײַל ער, ווי א קלאס, איז אָרגאניש מענטשלעכ. אונ אזא דיכטער ווי פּאוועל וואסיליעוו, וואָס שיקערט זיכ אָנ, אָרדנט אײַנ סקאנדאליעזע אָרגיעס אונ דאָכ שרײַבט ער ניט קײנ שלעכטע לידער—א מענטש, וואָס צעלײגט זיכ אינ דער באָהעמע, אינ שיקרעס א. א. וו.—דאָס איז ניט אונדזער מענטש. ניט קײנ סאָציאַליסטישע מענטשנ זײַנענ די סווערדלאָווסקער דיכטער, וואָס לאָזנ ארויס „א דעקלאראציע פונ די רעכט פונ דיכטער אונ כוליגאנ"...

אונ ווענ מיר פרעגנ, צי איז בא אונדז אלצ גוט אינ דער הינזיכט, דארפנ מיר זאָגנ אנטשײדנ, אז נײנ. מיר זײַנענ א גרויס לאנד פונ סאָציאַליסטישנ הומאניזמ, מיר זײַנענ א גרויס לאנד פונ פּראָלעטארישער מענטשלעכקײַט. עס זײַנענ בא אונדז געשאפנ געוואָרנ נײַע לעבנ־באדינגונגענ, דאָכ זײַנענ נאָכ בא אונדז פארבליבנ „געבורטס־פלעקנ" פונ דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט. ניט צופעליק האָט לענינ אינ א רײ יאָרנ ארומ נאָכ דער אָק־

טיאבער־רעוואָליוציע דערמאָנט וועגן דער אזיִאטישער אומקולטורעלקײַט, פון וועלכער דאָס לאנד איז ניט געהאט ארויסגעקראָכן ביז יענער צײַט. אלע „געבורט־פלעקן" און איבערבלײַבענישן זיינען נאָך בא אונדז ניט ליקווידירט געוואָרן. דעם קאמף פאר ליקווידירן זיי, פירט די פארטיי אָנגעשטרענגט; אדאנק איר אָנגעשטרענגטן זיגרײַכן קאמף זײַנען שוין דערגרייכט געוואָרן ריזיקע רעזולטאטן, אָבער נאָך אסאך דארף מען דאָ אויפטאָן.

די ראָליע פון כ׳ סטאלין אין קאמף פארן סאָציִאַליסטישן הומאניזם איז אויסשליסלעך גרויס. דעם געניִאַלן פירער פון סאָוועטישן און אלוועלטלעכן פראָלעטאריאט, דעם פירער פון די פעלקער פון פסטר און פון די ארבעטנדיקע פון דער גאנצער וועלט, האָבן מיר צו פארדאנקען די הייכ, אפ וועלכער עס הויבט זיך אופ אין אונדזער סאָציִאַליסטיש היימלאנד די זאָרג וועגן מענטשן. נאָך אין 27 י. אין שמועס מיט דער אמעריקאנער ארבעטער־דעלעגאציע האָט כ׳ סטאלין געזאָגט, אז בא אונדז וועט זײַן אזא געזעלשאפט, ווו די פערזענלעכקײַט, זײַענדיק פרײַ פון זאָרג וועגן שטיקל ברויט און פון דער נויטווענדיקײַט אונטערצולעקן זיך צו די שטארקע פון דער וועלט,—וועט ווערןווירקלעך פרײַ. דער ציל פון סאָציִאַליזם איז מאכן די פערזענלעכקײַט אלזײַטיק פרײַ. כ׳ סטאלין איז קיינמאָל ניט מיד געוואָרן צו דערמאָנען דער פארטיי און דעם לאנד וועגן דעם. אינעם שמועס מיט עמיל לידוויגן האָט ער זיך ארויסגעזאָגט קעגן די פרימיטיווע אויסגלײַכערישע טענדענצן, קעגן שערן אלעמען אונטער איין קאם, קעגן דעם פרימיטיוון „אויסגלײַכערישן" קאָמוניזם. אין שמועס מיט אועלסן האָט כ׳ סטאלין באוויזן, אז דער געדאנק וועגן דעם אומקאָמפּראָמיסלעכן קאָנטראסט צווישן די אינטערעסן פון דער פערזאָן און דעם קאָלעקטיוו איז א קליינבירגערלעכע באָבע־מײַסע, דער סאָציִאַליזם באגרענעצט לאכלוטן ניט די אינטערעסן פון דער פערזאָן, נאָר פארקערט, ער פארייניקט זיי הארמאָניש מיט די אינטערעסן פון קאָלעקטיוו. נאָר די סאָציִאַליסטישע געזעלשאפט קען געבן א פולשטענדיקע באפרידיקונג די אינטערעסן פון דער פערזאָן, קען זיי פעסט גאראנטירן.

לעסאָף, דער לעצטער לאָזונג אין די סטאלינישע ארויסטרעטונגען—דער שמועס מיט די מעטאלורגן, די רעדע פאר די אָנטיילנעמער פון די ערשטמײַיִקע פײַערונגען, די רעדע אפן ארויסלאָז פון די אקאדעמיקער פון דער רויטער ארמײ—וואָס פארא טיטאנישע מעכטיקײַט פון סאָציִאַליסטישער מענטשלעכקײַט עס איז אויסגעדריקט אין די דאָזיקע ארויסטרעטונגען! מיט א העלער פינקלדיקער פרייד האָבן זיי אָנגעפילט מיליִאָנען הערצער, האָבן זיי געצווונגען עס זאָל שטארקער קלאפן דאָס שטאָלצע באוווסטזײַן, אז פאר דער סאָציִאַליסטישער געזעלשאפט זײַנען די מענטשן דער סאמע ווערטפולסטער קאפיטאל פון אלץ וואָס איז פאראן אפ דער וועלט.

ווי א דירעקטיוו האָט אָפגעקלונגען איבערן גאנצן לאנד דער סטאלינישער אָנזאָג וועגן אויסכאָווען דעם מענטשן און וועגן ליבע צו אים. די סטאלינישע ארויסטרעטונג האָט אָנשוילעך באוויזן, אז אין דער געזעלשאפט, וואָס ליקווידירט די קלאסן און בויט דעם סאָציִאַליזם, ווערט דער מענטש דער יעסאָד פון גאנצן געזעלשאפטלעכן לעבן, אז די זאָרג וועגן מענטשן דארף זײַן דער טאָכ פון דער גאנצער פאָליטיק פון דער סאָוועטישער מעלוכע, אז די פאָרמעלע, טרוקן־ביוראָקראטישע, קאזיאָנע אמטלעך־פריצישע, פון אויבן־אראָפיקע ביטל־באציִונג צום לעבעדיקן מענטשן איז ניט עפעס אנדערש, ווי אן אקט פון פארמעסטן זיך אפ דער סאָציִאַליסטישער אָרדענונג, אפ אונדזער קולטור, אפ אונדזער מאָראל, ד. ה., אז עס איז א שווערער אנטיסאָוועטישער פארברעכן. דערדאָזיקער סטאלינישער אָנזאָג, דערדאָזיקער לאָזונג איז געגעבן געוואָרן דורך דער פארטיי, דאָס

איז ניט קיין „קאמפאנייִשער“ לאָזונג, דאָס איז ניט קיין פראגע, וועלכע מע קען „דורכ־ארבעטן“ און אָפּלייגן אָן א זײַט. דאָס איז א שלאכט־אָנזאָג פון דער פארטיי, מיט וועלכן עס דארף דורכגעדרונגען און אָנגעזאפט ווערן די גאנצע ארבעט פון אונדזער סאָוועטישן, פון אונדזער פראָפּאריינישן אפאראט, פון אונדזערע לערן־אנשטאלטן, וויסנשאפטלעכע אנשטאלטן, פון די פאבריקן, קאָלווירטן א. א. וו.

דער סאָציאַליסטישער הומאניזם דארף ווערן א מעכטיקער הייבער אפ אויסכאָוועו און דערציִען מיליאָנען אקטיווע זעלבסטאָפּפערדיקע ענטוזיִאסטן פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, העלדישע קעמפער פאר דער גרויסער זאך פון ארבעטער־קלאס.

די פאנאנדערוויקלונג פון דער סאָציאַליסטישער דעמאָקראטיע הויבט אופ מיליאָניקע שיכטן צו א באוווּסטזיניקן געזעלשאפטלעכן לעבן, און אין דער זעלבער צײַט, העלפט זי מיט זייער פערזענלעכן קולטורעלן וווּקס. דאָס שליסט צוזאמען די מיליאָניקע ארבעטנדיקע מאסן מיט דער פארטיי פון ארבעטער־קלאס, דאָס רופט ארויס ליבע צו לענין־סטאלינס פארטיי מיצאד אלע פעלקער פון גרויסן סאָוועטנפארבאנד, דאָס שמידט אויס קאדרען ניט־פארטייִשע באָלשעוויקעס, וואָס זײַנען נאָענט און געטרײַ דער זאך פון דער פארטיי. אין די דאָזיקע באדינגונגען זײַנען אלע אנטפלעקונגען פון אויבן־אראָפּיקער באציונג צום מענטשן, אלע אנטפלעקונגען פון קאָמגײַוועו—א פארברעכן קעגן דער פארטיי, ווײַל עס שוואכט אָפּ דעם צוטרוי פון די מאסן צו איר.

די „פראוודא“ פון 12־טן מײַ האָט אין איר לייטארטיקל געשריבן: „א פארברעכער קעגן דער פארטיי איז יעדערער, וואָס צעטרענצלט, צוליב זײַן אמעראצעס אָדער זעלבסט־מיינונג, צוליב גײַווע אָדער איבערנעמען זיך, כאָטש איין ברעקעלע פון דעמדאָזיקן גאָלדענעם פאָנד פון דער פארטיי“.

איך האָב שוין געזאָגט, אז די בורזשואזיע פארקריפלט שטענדיק דעם קוק פון מארקסיזם אפן מענטשן, אפן פארניכטן יענע באדינגונגען, אין וועלכע די פערזענלעכקײַט איז אוועקגעשטעלט געוואָרן באם קאפיטאליזם. דעריבער האָט דידאָזיקע לעגענדע געלאָזן באשטימטע וואָרצלען אויך צווישן דעם שיכט, וואָס איז באזונדערס נאָענט צום פראָלעטאריאט, אפילע צווישן די קליינבירגערלעכע מיטלויפער פון ארבעטער־קלאס. דאָ קען מען ניט ניט דערמאָנען דעם באוווּסטן פאקט, ווען דער שטארבנדיקער היינע, ליגנדיק אפ זײַן מאטראצ־קייווער, האָט מיט עטלעכע כאדאָשים פארן טויט אָנגעשריבן א מערקווירדיקן פאָרוואָרט צו זײַן „ליוטעציא“. פיזיש איז ער געווען א האלבער מעס, קימאט בלינד, אָבער גענוג זעענדיק אפ דערזען יענע קראפט, וואָס טראָגט צערויִנירונג דער געזעלשאפט, וואָס אפן קאמפ קעגן איר האָט ער אָפּגעגעבן זײַנע קרעפטן, דעם גאנצן געני פון זײַן סאטירישן טאלאנט. היינע האָט געזאָגט: „די צוקונפט געהערט די קאָמוניסטן“.

אָבער וויִאזוי האָט היינע אופגענומען די דאָזיקע „צוקונפט“, וואָס „געהערט צו די קאָמוניסטן“? ער האָט געשריבן:

„... נאָר מיט שרעק און מיט ציטער טראכט איך וועגן דער צײַט, ווען דידאָזיקע פינצטערע געצנברעכער וועלן באקומען די מאכט! מיט זייערע פארגראבטע הענט וועלן זיי אָן ראכמאָנעס צעקלאפן אלע מירמלנע שיינהײַט־סטאטועס, וואָס זײַנען אזוי טײַער מײַן הארצן; זיי וועלן צעשטערן די אלע פאנטאסטישע קונסט־שפּילעכלעך, וועלכע ס׳האָט אזוי געליבט דער דיכטער; זיי וועלן אויסהאקן מײַנע אַליעאנדער־וועלדלעך און וועלן דאָרט זייען קאַרטאָפל!

... די ראָזעס, די דאָזיקע יאָנטעוו־קאָלעס פונ די נאכטיגאלנ וועט טרעפנ דער זעלבער גורל; די נאכטיגאלנ דידאָזיקע אומנוצלעכע זינגער, וועלנ פארטריבנ ווערנ אונ, ווײ־געשריִען, פונ מײַנ „בוכ דער לידער" וועט א באקאליי־הענדלער מאכנ זעקעלעכ אונ ארײַנשיטנ אינ זיי קאווע אָדער שמעק־טאבאק פאר די אלטע ווײַבער פונ דער צוקונפט. אָ, איכ זע דאָס אלצ פאָרויס אונ אנ אומגעהייערער טרויער כאפּט מיכ ארומ, ווענ איכ טראכט וועגנ דעמ אומקומ, מיט וועלכנ דער זיגרײַכער פּראָלעטאריאט דראָט מײַנע לידער, וואָס וועלנ אוועקגיינ אינ קייווער צוזאמענ מיט דער גאנצער אלטער ראָמאנטישער וועלט".

אונ צומ סאָפ זאָגט ער: „זאָל אָפּגעטאָנ ווערנ דאָס גערעכטע. זאָל צעקלאַפּט ווערנ דידאָזיקע אלטע וועלט, ווו די אומשולדיקײַט איז אומגעקומענ, דער עגאָיִזמ האָט טריִומפירט, ווו א מענטש א מענטשנ האָט עקספּלואטירט. זאָלנ צעשטערט ווערנ ביזנ גרונט דידאָזיקע מאווזאָלייענ, ווו עס הערשט ליגנ אונ פאלשקײַט אונ געלויבט זאָל זײַנ דער הענדלער, וואָס וועט אמאָל מאכנ פונ מײַנע לידער זעקעלעכ אונ וועט אהינ ארײַנשיטנ קאווע אונ טאבעק פאר די אָרעמע ערלעכע אלטיטשקע, וואָס אינ אונדזער איצטיקער אומגערעכטיקער וועלט מוזנ זיי, קענ זײַנ, אָפּזאָגנ זיכ פונ אזוינע פארגעניגנס..."

אונ וועגנ דער צוקונפט האָט היינע, וואָס האָט דערזענ, אז דער קאפּיטאליזמ גייט אינטער, געזאָגט: „אונ איצט, ווענ דער שווערד פאלט ארויס פונ די הענט פונעמ שטארבנדיקנ, טרייסט איכ זיכ מיט דער איבערצײַגונג, אז דער קאָמוניזמ, וואָס אימ אינ וועג וועלנ זיי זיכ טרעפנ צוערשט, וועט זיי דערלאנגענ דעמ לעצטנ קלאַפּ; אונ געוויס וועט ניט מיט קיינ פּאָליציי זיי שלאָגנ דער גיגאנט, נאָר וועט זיי צקוועטשנ מיטנ פוס, ווי מע צעקוועטשט א שלאנג".

איכ מיינ, אז מיר קענענ בארויִקנ היינענ: ניט נאָר די צוקונפט נאָר אויכ די קעגנווארט געהער דעמ קאָמוניזמ אפ איינ זעקסטכיילעק פונ דער וועלט. אונ אָט דאָרט, ווו עס הערשט דער קאָמוניזמ דאָרט וואקסט לאכלוטנ ניט יענער טרוקענער באגרענעצטער מענטש, וועלכנ ס'האָט זיכ פאָרגעשטעלט היינע. מיר צעברעכנ ניט קיינ מירמלנע סטאטועס, נאָר מיר שאפנ זיי. קיינמאָל האָבנ נאָכ פונ וולאדיוואָסטאָק ביז מינסק ניט געבליט אזויפיל פּרעכטיקע ראָזעס אונ ליליעס, ווי עס בליט איצט. וואָס איז שײַעכ די נאכטיגאלנ, זײַנענ זיי אויכ ניט קיינ וואלרעכטלאָזע בא אונדז, נאָר האָבנ א בעקאָוועדיקנ סאָוועטישנ פּאספּאָרט.

אונדזערווירקלעכקײַט באווײַזט מיט יעדנ ווינקעלע אירנ, דעמ אונטערשייד צווישנ דעמ, וואָס עס איז אזוינס „דער קאפּיטאליזמ אונ דער מענטש" אונ וואָס איז אזוינס „דער סאָציִאליזמ אונ דער מענטש", אינ וואָס עס פארוואנדלט דעמ מענטשנ דער קאפּיטאליזמ אונ וואָס עס מאכט פונעמ מענטשנ דער סאָציִאליזמ.

וואָס איז אזוינס דער מענטש באמ קאפּיטאליזמ? דאָס איז אנ ארבעטלאָזער, וואָס עפנט אָפּ דעמ גאז־קראנ אינ צימער, ווו עס וווינט זײַנ פאמיליע אפּ מאכנ א סאָפ צו זײַנעליידנ; דאָס איז א נעגער, וועמענ עס לינטשנ די פּערמערס; דאָס איז א קינסטלער, וואָס קומט אָנ פאר א קעלנער; דאָס איז א ייִנגל, וואָס פירט „א גאסט" צו זײַנ מוטער; דאָס איז די כינעזישע שרײַבערנ פינ־קען, וועלכע מע פארגראָבט א לעבעדיקע אינ דער ערד; דאָס איז א גאלעריי שוידערלעכע אויסוווּרפנ, וואָס האָבנ פארלאָרנ דעמ אויסזענ פונ מענטשנ פונ לויִ סעלינס בוכ „א רײַזע אפנ ראנד פונ דער נאכט". דאָס איז דער דיכטער

און הומאניסס עריק מיזאם, אפ וועמענ די שטורמאָוויקעס האָבנ אָנגעטאָנ א בערנ־פעל, געפירט אפ א שטריק איבער די שענקען, ווו מע האָט אים געפליוכעט ביר אינ פּאָנעם אריינ און דערנאָכ אופגעהאנגענ אינ קלאָזעט...

אָט דאָס איז אלצ—„דער קאפיטאליזם און דער מענטש".

דער סאָציאַליזם און דער מענטש—דאָס איז די מעלקערקע, וועמעס רעדע אונדזער ראדיאָ צעטראָגט איבערנ גאנצנ לאנד פונ דער טריבונע פונ סאָוועטנ־צוזאמענפאָר; דאָס איז דער נעכטיקער רויבער, וועמעס ברוסט עס באפוצט אנ אָרדענ פונ דער רויטער אר־בעט־פאָנ, נאָכ דעם, ווי עס האָט אים איבערגעשמידט די ארבעט אפנ ווייסיאמישנ קאנאל.

דער סאָציאַליזם און דער מענטש—דאָס איז אגריפינא קארוואנאָווא, א 70־יאָריקע אלטיטשקע פונ סווערדלאָווסק, מיט א 40־יאָריקנ פראָדוציר־סטאזש באם ווארשטאט, וואָס איז געוואָרנ א קעמפערנ פונ דער רויטער גווארדיע,—א פארטיזאנ און איצט מיט א צענ־דליק יאָר שפּעטער—א שרייבערנ, וואָס האָט אָנגעשריבנ א בוכ „מיינ לעבנ". דער סאָציאַ־ליזם און דער מענטש—דאָס איז די דאנעסטאנער קאָלווירטניצע פונ אאול קום־טאָר־קאלע, וואָס שרייבט לידער. דער סאָציאַליזם און דער מענטש—דאָס איז דער אלטער פויער, וואָס רוט אינ ליוואדיער פאלעצ פונ לעצטנ רוסישנ זעלבסטהערשער. דער סאָציאַליזם און דער מענטש—דאָס איז דער נעכטיקער מאסע־טרעגער, וואָס פארנעמט זיכ היינט מיטנ פאנאנדערלייגנ דעם אטאָם אינ דער לאבאָראטאָריע פונ אקאדעמיקער יאָפע, דאָס איז א ליטערארישער קריייז אפנ זאוואָד „סערפּ אי מאָלאָט", ווו די שלאָסערס דיסקוטירנ וועגנ דער מעטריק פונ אלעקסאנדער בלאָקס לידער. דער סאָציאַליזם אינ דער מענטש—דאָס איז דער בלינדער פאראליזירטער פארטיזאנ אָסטראָווסקי, וועלכער שרייבט אנ אויסגעצייכנט בוכ „ווי אזוי עס פארהארטעוועט זיכ שטאָל". דער סאָציאַליזם און דער מענטש—דאָס זיינענ אונדזערע קאָמיוגיסטנ, וועלכע קענענ שפּרינגענ מיט א פאראשוט, בויענ א מעטראָ, באגייסטערנ זיכ מיט פושקינס לידער, און... האָבנ ליב צו טאנצנ פאָקסטראָט.

אָט דאָס אלצ איז דער סאָציאַליזם און דער מענטש!—

דער סאָציאַליזם און דער מענטש—דאָס זיינענ דריטאלבנ מיליאָנ מיטגלידער פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי, מענטשנ פונ א באזונדערנ שניט, קעמפער פונ סטאלינישער פאר־הארטעוועטקייט, דאָס זיינענ צענדליקער מיליאָנענ ניט פארטייישע באָלשעוויקעס, וואָס זיינענ אומענדלעכ געטריי דער זאכ פונ דער פארטיי, דאָס איז די פרייד פונ שאפנ, פונ ארבעט און קאמפ אונטער לענינס און סטאלינס פאָנ.

אונדזערע סאָנים קעמפנ פאר טויטנ דעם מענטשנ, זיי פירנ א שלאכט, דעם לעצטנ אנט־שיידענעם שלאכט אונטער דער פאָנ, אפ וועלכער עס זיינענ אָנגעשריבנ געוואָרנ ווערטער וועגנ מענטשנ־פארניכטונג און מענטשנ־פרעסעריי.

אונדז שטייענ נאָכ פאָר אסאכ שלאכטנ פארנ קאָמוניזם. דידאָזיקע שלאכטנ וועלנ מיר פירנ ניט געוואקלט, זיכער אינ אונדזער זיג. מיר וועלנ זיי פירנ באגייסטערטע מיטנ עפּאָכע־מאכנדיקנ לאָזונג, וועלכנ ס'האָט אונדז נעגעבנ דער גרויסער פירער פונ די פעל־קער פונ פארבאנד און פונ די ארבעטנדיקע פונ דער גאנצער וועלט, מיטנ לאָזונג פונ סאָ־ציאַליסטישנ הומאניזם, פונ פילבארער און ליבנדיקער ברידערלעכער באציִונג צום לעבע־דיקנ מענטשנ.

י. בראָנשטיין



# שעפערישע פּראָבלעמעס פון דער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע.

(ס אָ ף)

## VI. וועגן יערושע.

ווען לייוויק האָט געוואָלט, בעשאס זייַן רייַזע איבערן סאָוועטנפארבאנד, פון הינט־ ארום א קאָפּע טאָן די ייִדישע סאָוועטישע דיכטונג, האָט ער איראָניזירט איבער איזי כאריקן, אז בעכייג, כאריק שטייט, נעבעך, א פאריאָסעמטער אונטערן סאָוועטישן ווינטער־ דיקן קאלטן הימל און „האָט מוירע אומצוקוקן זיך אפ הינטער“...

אזוי איז געלאָזן געוואָרן אין גאנג דאָס פארזויערטע אנטיסאָוועטישע רעכילעס, אז אין סאָוועטנפארבאנד זאָגט מען זיך בארבאריש אָפּ פון דער קולטור־יערושע, אז די ייִדישע דיכטונג פון סאָוועטנפארבאנד פילט ניט הינטער זיך קיין שום טראדיציע, קיין שום געשיכטלעכן ייִכעס־בריוו, אז זי האָט מוירע אומצוקוקן זיך אפ הינטער.

מיר האָבן דאָ ניט בעדייע קומען פארגלייַכן זיך מיט די לייוויקס און זייַנע רעאקציִאָנערע „מיטקעמפער“, ווער ס'באגייט זיך „דעליקאטער“ מיט קולטור־יערושע — מיר אָדער זיי.

פאר די לייוויקס איז, ווי באקאנט, די קולטור-יערושע יענער זיסער קעז, וועגן וועלכן מוישע לייב האלפערן דערציילט, אז „מע האלט אים אונטערן געזעס“, קעדיי קיינער זאָל אים ניט צוכאפּן. און אויב „אונטערן געזעס“ איז גאנץ פארשטענדלעך דער „פילאָזאָפישער“ און קינסטלערישער פארנעם פון יענע, מישטיינס געזאָגט, „היסטאָריש־ייִדישיסטישע ווערק, אין וועלכע די ייִדישע נאציִאָנאליסטישע ליטעראטור פון אויסלאנד ציט די „גאָלדענע קייט“ פון איר יערושע.

אָט די אלע שרייַבעכצן זייערע וועגן טילים־ייִדן, וועגן צאדיקים און גוילעמס, וועגן מאָשיִעכן און זייַנע פארשיידענע דיבוקים — וואָס איז עס, אויב ניט געזעס־ליטעראטור פון א קלאס, וואָס איז פארורטיילט אפ צו פארגעטערן דעם הינטער־כיילעק פון דער געשיכטע?

יאָ, געזעס־ליטעראטור, וואָס פילט אויס די געהעריקע פונקציעס אינעם פאַ־ שיסטישן נאציִאָנאליסטישן אידעאָלאָגישן מארש!

פאר דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור איז די פראָבלעם פון קולטור־ירושע א פראָבלעם פון טאָג־טעגלעכן קאמף פאר סאָציִאליזם, פאר יענער אלמענטשלעכער קולטור, וואָס די בעסטע זין פון דער מענטשהײַט האָט וועגן איר געטרוימט, געאָפּפערט פאר איר זייער לעבן.

אין יעדער נאציִאָנאלער קולטור זײַנען פאראן צוויי נאציִאָנאלע קולטורן—האָט אונדז געלערנט לענין—עס זײַנען פאראן דעמאָקראטישע און סאָציִאליסטישע עלעמענטן, וואָס זיי יארשנט דער רעוואָליוציִאָנערער פּראָלעטאריאט, אײַנשליסנדיק זיי אין זײַן אידעאָלאָגישן קאמפ־ארסענאל.

אָט דערדאָזיקער פרינציפ פון קולטור־ירושע גייט ארײַן אלס באשטאנד־טייל אין לענינס־סטאלינס לערע וועגן סאָציִאליסטישער קולטור.

נאָך אין די יאָרן פון פאר דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט לענין באקעמפט אלע פארשיידענע פסעוודאָ־פּראָלעטארישע טעאָריעס וועגן קולטור (לעמאָשל, באָגדאנאָוס), וואָס זויגן אויס פון פינגער זייער „פּראָלעטארישע קולטור", וואָס שטעלן די פראָבלעם פון סאָציִאליסטישער קולטור אויסער־היסטאָריש, מענשעוויסטיש־צעכיש און דערמיט ליקווידירן זיי אין טאָך דעם קאמף פאר סאָציִאליסטישער, פּראָלעטארישער קולטור.

אין אונדזערע פּראָלעטארישע דיסקוסיעס מיטן „לעפ", מיטן „פּראָלעטקולט", וואָס האָבן ניהיליסטיש געלייקנט אין דער ירושע, האָבן מיר דערוויזן, אז אָן לעניניש־סטאלינישער קאָנצעפציע פון קולטור־ירושע קען ניט גיין מיט דערפאָלג דער וווּקס פון דער סאָוועטישער פּראָלעטארישער ליטעראטור.

לענינס רעדע אפן דריטן אלרוסלענדישן צוזאמענפאָר פון קאָמסאָמאָל, לענינס ארטיקלען וועגן טאָלסטויען—דאָס איז א פארגאנצטע געוויסע סיסטעם פון געדאנקען וועגן דעם, אז, „די פּראָלעטארישע קולטור שפרינגט ניט ארויס פון דער העלער הויט, ס'איז ניט קיין אויסטראכטעניש פון מענטשן, וואָס רופן זיך אָן ספּעציִאליסטן פון פּראָלעטארישער קולטור" (לענין). פּראָלעטארישע קולטור קומט ווי א „געזעצמעסיקע אנטוויקלונג פון יענע זאפאסן וויסן, וואָס די מענטשהײַט האָט אויסגעארבעט אונטערן דרוק פון דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט, פריצישער געזעלשאפט, טשינאָווניקעס־געזעלשאפט" (לענין).

מארקס, זאָגט ווײַטער לענין, האָט „קריטיש איבערגעארבעט אלץ, וואָס איז געשאפן געוואָרן דורך דער מענטשלעכער געזעלשאפט, קיין איין פונקט ניט איבערגעלאָזן אָן אופמערקזאמקײַט".

ניין, קיינער פון אונדז האָט ניט מוירע אומצוקוקן זיך אפ הינטער. ס'איז ניטאָ אזא לאנד אין דער וועלט, ווו די הערוִישע, דעמאָקראטישע און סאָציִאליסטישע טראדיציעס פון דער מענטשלעכער קולטור זאָלן אזוי געשעצט זײַן, אזוי אײַנגעגלידערט ווערן אין לעבעדיקן שטייגער פון די מאסן ווי אין סאָוועטנפארבאנד.

די בעסטע שעקספּיר־ספּעקטאקלען, די אינהאלטסרײַכע אויסגאבעס פון קלאסיקער, די גרעסטע ליבע צו דער קלאסישער ירושע פון דער מענטשהײַט—דאָס קען איר געפינען נאָר אין אונדזער סאָציִאליסטישן פאָטערלאנד.

אין די פארוואָרפענע ווינקלען פון טונדרע, אפ די העכסטע פעלזן פון קאווקאז, אין די זומפּן פון פאָלעסיע, אפ די סטעפּעס פון אוקראַינע לייענט מען, דערלערנט מען שעקספּירן, באלזאקן, הײַנען, סערוואנטעסן, שילערן, געטען, טאָלסטויען א. אנד. אין די זא

הייעס פון ארקטיק, פארוואָרפענע אפ א שטיק אײַז, האָבן די טשעליוסקינצעס דורשטיק געלייענט פושקינען—דעם איינציקן עקזעמפליאר, וואָס איז צופעליק פארבליבן אין רוקנזאק בא איינעם פון די טשעליוסקינצעס.

בלויז פארטעמפטע און פארווילדעוועטע סאָנים קענען אויסטראכטן אפ אונדז, אז „מיר האָבן מוירע אומצוקוקן זיך אפ הינטער". די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור פאָלגט נאָך די אלגעמיינע לעניניש־סטאלינישע פרינציפן.

אוואדע האָבן מיר נאָך זייער ווייניק געטאָן, קעדיי קאָנקרעט שטעלן די פראָבלעמעס פון ירושע אין אונדזער ליטעראטור און באזונדערס אין דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג.

איך וויל אָבער דערמאָנען אָן דער דיסקוסיע ארום דער אמעריקאניש־ייִדישער ארבעטער־פּאָעזיע.

וואָס איז געווען דער טאָך פון דער דאָזיקער דיסקוסיע?

דער טאָך איז באשטאנען אין דעם, וואָס מיר האָבן פארענדיקט מיט נאציאָנאליסטישבורזשואזע פארורטיילן אין דער פראגע וועגן דעם ייִכעס-בריוו פון אונדזער דיכטונג.

מיר האָבן מיט שטאָלץ זיך אומגעקוקט אפ הינטער און דערזען א הערויִשע פּלעיאדע דיכטער, וואָס דאָס בעסטע פון זייער ירושע געהערט אונדז.

אונדזערע דיכטער, סײַ די עלטערע, סײַ די ייִנגערע, האָבן אין די בעסטע פּאָעטישע און לירישע שורעס בא באָושאָווערן, ווינטשעווסקען און אנדערע דערזען זיך, זייער אייגענעם דראנג צו אזא וואָרט, וואָס זאָל דערגיין „צו די מאסן אפ די גאסן".

אין ברען פון דיסקוסיעס האָבן אייניקע געפּרווּוט אגעוו אינגאנצן מאכן א סאָפ צו דער בורזשואזער און קליינבירגערלעכער קלאסיק אין דער ייִדישער ליטעראטור. באזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט אין דער דאָזיקער ריכטונג כ' א. ווערוויאָרקע. דאָס איז אָבער ניט כאראקטעריסטיש פאר אונדזער גאנצער ליטעראטור. אונדזער דיכטונג האָט די פּראָבלעם פון קולטור־ירושע אויסגעוויטיקט אין לאנגע יאָרן קאמף פאר סאָוועטישער סאָציאַליסטישער דיכטונג. ניט גרינג גייט צו דאָס לערנען זיך בא קלאסיקער. עס האנדלט זיך דאָך אין א קריטישער באַציִונג צום מוסטער. אין זײַן פּאָעמע „גרוזיע" ווידמעט פעפער א ספּעציִעלן קאפיטל אָט דער ירושע־פּראָבלעם.

ווי זאָל געבויט ווערן די רעגינע־געשטאלט—שטעלט זיך פעפער א פראגע,—און ער ענטפערט:

ניט מיט ריטם
פון דער בילינע,
ווערט א ליד
וועגן רעגינען...

ניט מיט קלאנג
פון שטרוי אפ כאטעס,
ניט מיט גאנג
פון הייאוואטע...

ניט פון בײַראָנישער
ראָמאנטיק...
קאלטער פײַער...
דמאנטן־דראנטי...

זי... פּאָעט...
די צעפּ... די אויגן...
פושקין וועט
אהער ניט טויגן...

פאר רעגינענ
ווערטער פאסיקע
ניט געפונענ
בא די קלאסיקער...

אוואדע איז פעפער פולשטענדיק גערעכט, ווען ער דערקלערט, אז מעכאניש איבערטראָגן פושקינען, לעמאָשל, אָדער דעם גאנג פון „הײַאוואטע" אין אונדזער סאָוועטישער דיכטונג טאָר מען ניט. אָבער צי איז ניט צו קאטעגאָריש די באהויפּטונג, אז מע קען ניט געפינען „ווערטער פאסיקע בא די קלאסיקער" אפ צו שילדערן א סאָוועטישע געשטאלט? און ביכלאל איז ניט אפן אָרט דער גאנצער ביטל פון „שמאנטי-דראנטי", וואָס פעפער באנוצט דאָ.

גרוזיע איז א ראָמאנטישע פּאָעמע און פושקין אין זײַן ראָמאנטישן גלאנץ וואָלט אָן שום סאָפעק אין א גאנצער ריי זײַנע עלעמענטן גראָד יאָ טויגן פאר אזא פּאָעמע.

און צי דען גייט ניט פון פושקינס און בײַראָנס ראָמאנטישער טראדיציע דער דראנג צו אָפּטע לירישע אָפּווענדונגען, וואָס איז אזוי בולעט אין פעפערס „גרוזיע"?

דאָס ווארפט זיך יע אין די אויגן, ניט געקוקט אפ דעם, וואָס פעפער פּאָלעמיזירט אין גרוזיע מיט דער ראָמאנטישער, פושקינישער גרוזיע-געשטאלט, מיט אירע „כאָלעם-קיפּאַריסן און קאזבעקן".

נו, און בײַראָן?

קולבאקס פּאָעמע „דיסנער טשײַלד-הארָלד" באווײַזט אן איבעריקן מאָל, אז עפּאָכע-געשטאלטן זײַנען גאנץ דויערנדיק, אז זיי ווערן דיאלעקטיש טראנספאָרמירט און דיאַלעקטיש איבערגעכאזערט (אָפּטמאָל—פריִער ווי א טראגעדיע און דערנאָך ווי א פארס—זאָגט מארקס).

אוואדע רײַסט אוף קולבאק אין א גרויסער מאָס די „בײַראָנישע ראָמאנטיק", אָבער ער אָפּערירט אין א ריי ערטער מיט די מיטלען טאקע פון דער בײַראָנישער ראָמאנטישער פּאָעמע און בײַראָנישער סטראָפיק. דאָס קען קיינער ניט אָפּלייקענען.

וואָס איז שײַעך דעם „גאנג פון הײַאוואטע" און דעם „ריטם פון דער בילינע"—דאָס הייסט—דער ראָל פון פאָלקלאָר אין אונדזער דיכטונג, איז דאָ פעפער באזונדערס ניט גערעכט.

ווער נאָך ווי ער—פעפער—גופא איז אריַין אין דער דיכטונג מיט אזא אָנלאָד „ריטם פון בילינע" און „גאנג פון הײַאוואטע"? דער דיכטערישער צויבער פון פעפערס „יאטן", פון זײַנע לידער „וועגן זיך און אזוינע ווי איך", פון זײַנע ערשטע ראָמאנטישע באלאדעס שטעקט דאָך אין א גרויסער מאָס אין אָט דער פאָלקלאָר-אָנלאָדונג.

אין דער גאנצער סאָוועטישער דיכטונג שטארקט זיך פון יאָר צו יאָר אָט אָ דער „ריטם פון בילינע" און „גאנג פון הײַאוואטע". דער פאָלקלאָר-נוסעך כאראקטעריזירט דאָס ראָוו טאלאנטפולע יונגע רוסישע פּאָעטן: פּראָקאָפיעוו, קאָרנילאָוו, גוסיעוו, דעמענטיעוו.

איכ רייד שוינ ניט וועגנ באגריצקעס אומפארגעסלעכער דיכטערישער ארבעט אינ פאָלקלאָר־נוסעכ.

די זעלבע דערשײַנונג באמערקט זיכ אינ דער ווײַסרוסישער דיכטונג, ווו אזעלכע פאָעטנ ווי אלעקסאנדראָוויטש, קולישאָוו בויענ זייערע בעסטע פאָעטישע ווערק אפ פאָלקלאָר אונ לויטנ פאָלקלאָר־נוסעכ.

באזונדערס דארפ דאָ אָפּגעמערקט ווערנ דער מאמעש־ווונדערבארער פאָלקלאָר־נוסעכ אינ אייניקע לעצטע ווערק פונעמ ווײַסרוסישנ פאָלקס־דיכטער יאנקאָ קופאלא (די פאָעמע „אפנ טײַכ ארעסע" אונ א ריי זײַנע לירישע לידער).

אפנ ערשטנ אלפארבאנדישנ צוזאמענפאָר פונ סאָוועטישע שרײַבער איז דעריבער ניט צופעליק אזוי פיל פלאצ געווענ געווידמעט דער פראָבלעמ פונ פאָלקלאָר אונ פאָלקלאָר־ירושע אינ אונדזער ליטעראטור.

גאָרקי האָט סײַ אינ זײַנ דערעפענונג־רעדע, סײַ איז זײַנ שלוס־וואָרט ספּעציעל זיכ אָפּגעשטעלט אפ דעמ; „כ'כאזער איבער—האָט געזאָגט גאָרקי—: דער אָנהויב פונ וואָרט־קונסט—איז אינ פאָלקלאָר. זאמלט אײַער פאָלקלאָר לערנט זיכ אפ אימ, באארבעט אימ. ער גיט זייער אסאכ מאטעריאל אי אײַכ, אי אונדז—די פּאָעטנ אונ פראָזאיקער פונ פארבאנד".

צומ ערשטנ מאָל אינ דער געשיכטע פונ דער מענטשהײַט איז בלויז בא אונדז—אינ ראטנפארבאנד, אינ לאנד פונ פולשטענדיק באפרײַטנ האָרעפאשנעס פאָלק—געשאפנ געוואָרנ די פולסטע מעגלעכקײַט פאר זאמלענ, באארבעטנ אונ באנײַענ די קאָלאָסאלע אוצרעס פונ פאָלקשאפנ.

דאָס וועט זײַנ ניט קיינ נאציאָנאליסטיש־ראָמאנטישע סטיליזאציע פונ פאָלקלאָר, אינ נוסעכ פונ די פארשיידענע באלעגופיש־פאָלקיסטישע ליבהאָבער פונ „פאָלקסטימלעכקײַט"; ניט קיינ לאקריצ־זיסע היספּײַלעס פארנ „פאָלקס־גײַסט", וואָס איז באמ בורזשואזנ נאציאָנאליסט דער פסעוודאָנימ פונ שאָוויניזמ אונ פאשיזמ.

אינ קאמפ קעגנ באלעגופיש־נאציאָנאליסטישער סטיליזאציע פונ פאָלקלאָר גייט אָנ־אָ דער פראָצעס פונ אָנזעטיקנ אונדזער דיכטונג מיט די בעסטע דערגרייכונגענ אונ אויס־דרוק־מיטלענ פונעמ דעמאָקראטישנ פאָלקלאָר.

זייער באלערנדיק אינ דער הינזיכט איז דער קאטאסטראָפישער בארג־אראָפּ, וואָס עס האָט דורכגעמאכט פאר אונדזערע אויגנ דער רוסישער דיכטער פאוועל וואסיליעוו.

זײַנ „עכט־רוסישער אינגעווייט" אונ דער אויסערלעכער פאָלקלאָר־אָרנאמענט פונ זײַנ דיכטונג האָט גאנצ גיכ אנטבלויזט דעמ באלעגופיש־כוליגאנישנ טאָכ זײַנעמ.

ארומ פאָלקלאָר גייט אויכ אינ דער ייִדישער ליטעראטור א פארשארפטער קלאסנ־קאמפ.

די בעסטע שעפער פונ דער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע האָבנ מיט א ריי זייערע דיכטערישע מוסטערנ פונ דער לעצטער צײַט דערוויזנ, אז דער סאָוועטישער דיכטער האָט ניט מוירע „זיכ אומצוקוקנ אפ הינטער".

דער סאָוועטישער דיכטער האָט כוש פאר פאָלקלאָר, פאר פאָלק־עפּאָס אָנ אנ ערעכ מער איידער די ייִדישיסטישע פאָלקלאָר־גאבאָימ, ווײַל נאָר אינ זײַנ סאָציאליסטישער דיכטער־נאטור אנטפלעקט זיכ אינ דער פולסטער מאָס דער מעכטיקער קוואל פונ אָפּטימיסטישנ רעאליזמ, אָרגאנישנ בונד פונ אינדיוויד אונ קאָלעקטיוו אונ העראָישקײַט, וואָס איז כאראקטעריסטיש פארנ עכטנ דעמאָקראטישנ פאָלקלאָר אונ גראָד דורכ דעמדאָזיקנ קער

„אפ הינטער" צו פאָלקלאָר איז ביז גאָר לײַכט צו באשטעטיקנ די אינטערנאציאָנאליס־טישע טראדיציעס פונ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור.

קיינמאָל איז אינ דער ייִדישער דיכטונג ניט געווענ אזוי שטארק דער ניט־ייִדישער (אוקראיִנישער, ווײַסרוסישער, רוסישער) פאָלקלאָר ווי אינ דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג.

קוויטקאָ, מארקיש, פעפער האָבנ אינ אונדזער דיכטונג פארפלאנצט דעמ אוקראיִנישנ, רוסישנ פאָלק־געזאנג. קולבאק, כאריק, טייף—דעמ ווײַסרוסישנ פאָלקלאָר־נוסעכ. פינ־טשעווסקי, יאנקעלעוויטש—באארבעטנ בעסאראבישנ פאָלקלאָר. מיר האָבנ שוינ די מעג־לעכקײַט אָפּצייכענענ גאנצ פיל באגאבטע מוסטערנ פינ אזעלכע פאָלקסטימלעכע, אינ בעסטנ זינ פונ וואָרט, מאָטיוונ.

קוויטקעס קינדער־פאָלקלאָר איז נאָכ, צומ באדויערנ, אדהאיעמ ניט אנאליזירט געוואָרנ אינ אונדזער קריטיק. מיר קומענ אָפּ דערמיט, וואָס מיר „טיילנ אויס די פּראָבלעמ פונ קינדער־ליטעראטור". אונ בא דעמ בלײַבט עס. דער אויפבנ וויאזוי קוויטקע לאָזט זיכ דרייסט אינ די געדיכטענישנ פונ טראדיציאָנעלנ ייִדישנ קינדערשנ פאָלקלאָר אונ וויאזוי ער פילט זיכ דאָרטנ מײַסע הערשער אונ וויאזוי ער ארבעט איבער אויסערגעוויינלעכע ראפינירט טראדיציאָנעלע קאנאָנענ פונ ייִדישנ קינדער־פאָלקלאָר אינ סאָוועטישנ, סאָציאַ־ליסטישנ קינדער־פאָלקלאָר—דאָס איז א ספּעציִעלע טעמע אונ צומ באדויערנ, קענ איכ אויכ ניט נעמענ זיכ צו איר.

מע פרווט אמאָל פארגלײַכנ אינ דער הינזיכט קוויטקענ מיט מאני לייבס, קינדער־לידער,—מע פארגעסט דערבײַ אינעמ איקער: מאני לייב, אינ העסקעמ מיט זײַנ קלאסנ־נאטור, סטיליזירט, קײַעט איבער פאָלקלאָר אונ גראָד אינ זײַנ קליינבירגערלעכ־באגרע־נעצטנ אונ רעאקציאָנערנ נוסעכ—קוויטקע אָבער שאפט נײַעמ פאָלקלאָר, אויסנוצנדיק די אורקוואלנ פונ אינטערנאציאָנאלנ אונ ניט בלויז ייִדישנ קינדערשנ פאָלקלאָר.

א נײַעמ כוש פאר פאָלקלאָר האָט מיטגעבראכט מיט זיכ אינ דער ייִדישער ליטעראַ־כור, באלד פונ זײַנע ערשטע דיכטערישע טריט, מ. קולבאק.

ווי פיל אנדערע שרײַבער פונ יענער צײַט (אָנהויב אָקטיאבער־רעוואָליוציע) האָט אויכ קולבאק געזינדיקט די ערשטע צײַט מיט פאָלקיסטישער סטיליזאטערישקײַט (איינִיקע קאפּיט־לענ פונ זײַנ פּאָעמע „רײַסנ"), אָבער ס'איז אומעגלעכ פארבײַגיינ יענעמ קרעפטיקנ רייעכ פונ ייִדישנ אונ ווײַסרוסישנ פאָלקלאָר, וואָס זעצט פונ אסאכ זײַנע לידער פונ דעמ מינ. ס'איז גענוג צו דערמאָנענ קולבאקס „אנטאָשע שפּילט אפ דער באנדורע".

„כאפּט דער דוקעס זיכ צומ שווערד,
הייסט דער דוקעס שפּאנענ פערד
אונ פונ קרעווע ביז מאזשיר
אונ פונ זשעטל ביז דאמיר
יאָגג רײַטער אינ קארעטנ

ליפנ לאפער אונ שטאפּעטנ
ס'איז אינ ערגעצ ניט געווענ,
ניט צו זענ
דעמ רויצייעכ שאלאפּיי".

דער טראַדיציאָנעלער ייִדישלעכער דוקס־פֿאָלקלאָר (א מײַסע־נוירע וועגן א דוקעס און א צאדיק...) איז דאָ „פֿארשוועכט“ געוואָרן „פֿארגוישט“ געוואָרן.

וועגן דעם וויאזוי פעפער אָפּערירט מיט פֿאָלקלאָר־נוסעך אין זײַנע הערא̇יש־ראָמאנ־טישע לידער וועגן בירגער־קריג איז שוין פֿיל געשריבן געוואָרן אין דער קריטיק.

פעפער נוצט אויס זייער פֿײַן דעם אוקראַיִנישן פֿאָלקלאָר־גאנג אין די בעסטע לידער זײַנע פֿונעם בוך „וועגן זיך און אזוינע ווי איך“, ער באהיינט מיט פֿאָלקלאָר די בא־ליבסטע געשטאלטן זײַנע.

אין דער פּאָעמע „פּלאסטן“ איז אָט דידאָזיקע פֿאָלקלאָר־אָנלאָדונג זייער בולעט (ער־טערווײַז אפילע איבערגעלאָדן).

און איינער פון די שענסטע קאפּיטלען פון „פלאסטן“ איז יענער, ווו פעפער נוצט אויס דעם פֿאָלקלאָר־נוסעך באם באווײַזן פאנאסיקס אָפּפאָרן אף די שאכטעס:

„זי האָט ניט געוויינט מיט קיין ביטערע טרערן, ווי אנדערע מיידלעך,
זי האָט אים באגלייט זיבן ווערסט צום וואָקזאל מיט דער סטעזשקע,
עס איז איר אפילע געפעלן, וואָס איר אַלטער באקאנטער פאנאסיק
וועט גראָבן די קוילן פאר גרויסע זאוואָדן, פאר צוגן און אויך פאר דער לעקטרע.
זי האָט אים באלייט זיבן ווערסט צום וואָקזאל מיט דער סטעזשקע...
אליין איז נאסטאסיע געגאנגען פון וואָקזאל מיט א טרער אף די וויִעס,
און ס'האָט אין פּאטשיילקע געשוויגן ס'קאָמיוגישע ביכל...“

זעט, ווי דער אוקראַיִנישער פֿאָלקלאָר־קאנאָן ווערט אָנגעפילט מיט נײַעם שטייגער, מיט נײַע קלאסן־אסאָציאַציעס. זאוואָדן, קאָמיוגיש ביכל, עלעקטרע—דאָס זײַנען גאָר נײַע געגנ־שטאנדן, וואָס ווערן אָבער באהיינט מיט אָפּגלאנץ פון דווירעסדיקער פֿאָלק-ראָמאנטיק, וואָס עס טראָגט מיט זיך נאסטאסיע דאָס מיידל „מיט ווניקע לאָקן און מיט מאלינע ליפּן“.

און דאָ איז דאָס אינטערעסאנסטע, וואָס דארף פארצייכנט ווערן:

עס ווערט פאר אונדזערע אויגן געשאפן א סאָוועטישער סאָציאַליסטישער פֿאָלקלאָר און די דיכטונג שליסט עס דרייסט ארײַן אין איר פארמעג.

צווישן די יוגנט־פּרווון פֿונעם דיכטער מ. טייף איז פאראן אזא ליד:

„ווי דער ערשטער ראזוועדטשיק האָט זיך באוויזן אפן טראקט,
איז געוואָרן פריילעך אפן גאס;
ווי דער ערשטער ראזוועדטשיק איז אין שטאָט ארײַנגעקומען,
איז געוואָרן א טומל אף גאס.

... איך האָב געזאָגט צו דער מאמען:
— איך וויל נעמען א ביקס
און גיין מיט די רויטע פּאָנעס,
האָט די מאמע מיר געזאָגט:
— ביסט א קליינער,—
גיי בעסער קלײַבן פאטראָנעס“.

צי איז עס ניט גלענצנדיקער סאָוועטישער פֿאָלקלאָר? און צי האָט אמאָל די ייִדישע ליטעראטור געוווסט פון אזא מין פֿאָלקלאָר.

אָדער נעמט, לעמאָשל, כאַריקס באַרימטע אוּוראַל-ליד, „פּאַלט א ראָסע אפ די מאָכנ"—דעם יאָנטעוו פֿונ בריגאַדעס:

„היי טאַטוליע, היי מאַמוליע
ס'וויל דײַנ זונ אביסל הוליענ,—
ווער עס אַרבעט אינ קאַריערנ
יענער ווישט פֿאַרשוויצט דעם שטערנ,

ווער עס שטייט באַם עלעוואַטער
יענער קומט צוריק א מאַטער" א.א.וו.

כ'וועל ניט ציטירנ פֿיל אַנדערע ענלעכע טעקסטנ בא כאַריקנ, ווײַל זיי זײַנענ גאַנצ גוט באַקאַנט דעם לייענער.

דער פֿאַקט, וואָס אינ דער דיכטונג קומט צום וואָרט א נײַער סאָוועטישער ייִדישער פֿאָלקלאָר, זאָגט אנ איבעריקנ מאָל איידעס וועגנ דעם, אַז סאָוועטישע ווירקלעכקײַט איז שוינ פֿעסט פֿאַרפֿונדעוועט אונ פֿאַרוואָרצלט אינעם ייִדישנ מאַסנ-שטייגער.

דער זיגערישער קלאַס, וואָס יאַרשנט דאָס בעסטע וואָס די מענטשהײַט פֿאַרמאָגט, יאַרשנט אויכ די בעסטע ווערטנ פֿונ וואָרט-קונסט, די בעסטע ווערטנ פֿונ פֿאָלק-שאַפֿנ.

אָבער יאַרשענענ הייסט—קריטיש פֿאַרײגענענ.

די ייִדישע סאָוועטישע דיכטונג פֿאַרשטייט דעם דאָזיקנ לענינ-סטאַלינישנ געבאָט ווי א לאָזונג פֿונ קאַמף קעגנ אַלע נאַציאָנאַליסטישע סטיליזאַטערס פֿונ אַלטנ שימל אונ יערושע-רעאַקציע.

אָט פֿאַרוואָס עס איז אַזוי אַקטועל אינ אונדזער דיכטונג די דיכטערישע פּאַראָדיע, אינ קאַמף קעגנ קאַמאָניזירטע נאַציאָנאַליסטישע געשטאַלטנ אינ דער ליטעראַטור, אינ קאַמף קעגנ שימל-יערושע. דער דאָזיקער פּאַראָדיע-טאָנ ווערט אויסגענוצט בא פֿאַרשיידענע דיכטער אפ א פֿאַרשיידענעם אופֿנ.

פּעפֿער לאָזט אינ גאַנג דאָס געווער פֿונ לײַכטער סאַטירישער קאַוואַלעריע. אַזוי איז געבויט זײַנ כיריק-געשטאַלט—די געשטאַלט פֿונעם ייִדישיסטישנ יערושע-סטיליזאַטער, אַזוי בויט פּעפֿער זײַנע סאַטירישע פּאַראָדיע-טשאַסטושקעס קעגנ די, וואָס פּרוּוונ נאַציאָנאַ-ליסטישע שימל-יערושע אײַנגלידערנ אינ אונדזער סאָציאַליסטישער ווירקלעכקײַט:

„ווענ דער רעבע עליע מיילעכ
איז געוואָרנ זייער פֿריילעכ
האָט ער אויסגעטאָנ די טפֿילנ
אונ האָט אָנגעטאָנ די ברילנ,
אונ געוואָרנ א זאַבע-בורשטשיק אינ דאָנע-באַס!"

מ. טייפֿ ווענדעט אָנ אינ זײַנ טאַלאַנטפֿולער פּאַראָדישער „פּאָעמע וועגנ פּעטנ קאַבאַנ אונ זײַנ כאָלעם" די סאַטירישע אַלעגאָריע. דער כאָלעם פֿונעם באַלעגופֿישנ „פּעטנ קאַ-באַנ" איז געגעבנ געוואָרנ אינ פֿאַרשאַרפֿטנ פּאַראָדירנ דעם באַלעגופֿישנ פֿאָלקלאָר אונ זײַנע באַלעגופֿישע סטיליזאַטערס.

„גרויס אונ ברייט אונ רײַכ איז דעם באַלעבאָס מעדינע—
א הויפֿ א געראַמער, א שטוב מיט א בלעכענעם דאַכ אונ
א שטאַל, באַדעקט מיט דאַכלקעס דינע
ער זיצט אינ א העמדל אינ א ווײַסער אונ זופּט טיי פֿונ
א צעבער

אונ וואשט אינ בראנפנ אינ הייסנ זייַנ שמאלציקנ לונגנ־לעבער.
דער שייַער איז פול. אונ ס׳איז ווארעמ אינ שטוב אונ ס׳שמעקט
מיט האָניק אונ לאדאנ.
פאר די טעכטער איז דאָ גאָלדענע קניפלעכ מיט נאדנ.
טונקט ער אינ זודיקנ שמאלצ די הרעטשקענע בלינעס,
אונ ער ווישט מיטנ האנטעכ די שווייס פונ אונטער טשופרינע.
— — — — — — — — — — — —

אונ ס׳קייַקלענ זיכ רעדער, מיט האָניק באשמירטע. א לעבנ
א זאָטער בעשאָלעמ,
ער כראָפעט באמ טיש אונ ער זעט א גאָלדענעמ כאָלעמ:
זעט ער זייַנ זונ, וועלכער זיצט באמ שרייַבטיש אינ ריק,
זעט ער זייַנ זונ, וועלכער פאָרט אפ סעסיע פונ ציק
קומט ער אינ מאָסקווע גרויסער—א טומל פונ מענטשנ אונ שויבנ
קלינגענ די קלויסטערשע גלעקער אונ שוימענ וויַיספוכיקע
טויבנ.
קומט ער אפ פלאצ אפנ רויטנ—צינדט זיכ אָנעט מיט גאָלד זייַנ
טשופרינע,
אימ גייענ אנטקעגנ פונ דענקמאָל אראָפ פאָזשארסקי אונ מינינ.
קומענ סאָכרימ זאריאדיער מיט ברויט אונ מיט זאלצ אינ
גאָלדענע טאזנ
אונ ס׳גייט אימ אנטקעגנ אינ זייַדענעמ טאלעס דער מאָסקווער
ראבינער מאזע.
אלטינקע באָבעס טאנצנ אינ ראָד מיט פענעמער געל־גיפסענע,
אונ אינמיטנ טאנצנ א פאדעספאנ מערעזשקאָווסקי אונ גיפיוס.
קלינגענ גלעקער, שפילנ אָרקעסטערס: אורא־ראססייא! אורא,
דייַנע זינ!
אונ ס׳פליט אפ א בראָנזענעמ פערד לעאָניד ראמזינ.
פונ לענינגראד ביז באקו שווערדנ פייַפנ אונ פליִענ;
ניט קיינ דאָמנעס וואָלטנ זיכ הייבנ, נאָר טליִעס!

כ׳האָב געבראכט אָט דעמ גרויסנ אויסצוג, קעדיי עס זאָל קלאָר ווערנ ווי אונדזערע דיכטער דעקנ אופ זייער קולטורעל אינ קארגע, קימאט פאָרמולארטיקע געשטאלטנ דעמ קלאסנ־טאָכ פונ קאנאָניזירטע בורזשואזע געשטאלטנ.

ניט בלויז דער פאראָדירטער באלעגופיש־זאטער זשאנר־געמעל, וואָס אפילע ערשט ניט לאנג האָט דער רוסישער דיכטער פאוועל וואסיליעוו אימ באזונגענ אינ זייַנע לידער, נאָר אויכ די טרעפלעכ-קאָנדענסירטע פאָליטישע, היסטאָרישע אסאָציאציעס, אָנהויבנדיק פונ מינינ־פאָזשארסקי אונ ענדיקנדיק מיטנ ראבינער מאזע אונ ראמזינענ,—דאָס אלצ זאָגט איידעס, אז אפילע אונדזער יונגע דיכטונג איז גייוער שטאמפנ פונ שימל־יערושע.

גאָר אפ א ברייטנ היסטאָרישנ פאָנ, מיט גלענצנדיקע קונסט־מיטלענ, מיט פייַנעמ כוש פאר עפּאָכע, האָבנ די זעלבע פונקציע אויסגעפילט די דיכטער מארקיש אונ כאריק.

מארקישעס פאָעמע אנשל זאליאזניק, כאריקס „קייַלעכדיקע וואָכנ“ שטעלנ פאָר מיט זיכ מוסטערנ פונ אָט דעמ מינ סאָוועטישער ליטערארישער פאָלעמיק מיט נאציאָנאליסטישע יערושע־געשטאלטנ.

ביידע דיכטער שטעלנ זיכ אנ אופגאבע „א קוק טאָנ אפ הינטער“, ניט קעדיי נאציאָ־נאליסטיש־סטיליזאטעריש באקוקנ זיכ פארנ „געזעס פונ דער געשיכטע“, נאָר קעדיי אופ־רייַסנ ביזנ גרונט אָט־אָ די שעדלעכע סטיליזאטערייַ אונ אידעאליזאציע.

אין באַדינגונגען פֿון קאַמף קעגן קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער פֿאַשיסטישער סטיליזאַטערײַ פֿון מיטלאַלטער, קעגן באַלעגופֿישער אידעאַליזאַציע, וואָס איז נאָך גאַנץ שטאַרק אין דער גאַנצער אייראָפּייִשער בורזשואַזער ליטעראַטור, ווערט באַזונדערס בולעט די פּאָליטישע און אַלגעמיינע קולטור־פֿונקציע פֿון אָט־אָ דעם מין אַנטקרויִנען רעאַקציאָנערע יערושע־געשטאַלטן. ביידע דיכטער שטעלן זיך אָן אויפֿגאַבע אַראָפּרײַסן די מאַסקע פֿון נאַציאָנאַליסטישער אידעאַליזאַציע, פֿון ייִדישן קלעריקאַליזם און אַלטן שטייגער („זיסער פּרײַטיק", „מאַלקע פֿון שאַבעס") פֿון ייִדישער באַלעגופֿישער—נעגידיש־כסידישער פּאַטריאַרכאַלישקײַט („רעב כעזקל פֿון גאָמבין", „אַנשל זאַליאָניק"); ביידע דיכטער באַנוגענען זיך ניט מיט איינצלנע סאַטיריש־פּאָלעמישע אָנפֿאַלן—זיי קומען אַרונטערײַסן אַ גאַנצע סיסטעם, מיט איר פּאָליטישע עקאָנאָמישע שטייגערדיקע, עסטעטישע, פֿילאָזאָפֿישע אידעאַלן.

אויף וויפֿל די דאָזיקע סיסטעם האָט געהאַט און האָט אויך איצט איר פֿאַשיסטיש־קלעריקאַלע ליטעראַרישע אידעאַליזאַטאָרן אין געשטאַלט פֿון די פֿאַרשיידענע אַשס, לייוויקס, זינגערס, צייטלינס א. אַנד. האָבן אונדזערע דיכטער, נאַטירלעך, אָנגעווענדעט אויך מיטלען פֿון פּאַראָדירן די דאָזיקע שרײַבער.

אַזוי, למשל, איז כאַריקס „כעזקל גאָמבינער" אַ פּאַראָדיע אויף אַש'ס גאָמבינער—די מײַסע מיטן גראַף און זײַן „מירמלנעם שלאָס" איז אַ פּאַראָדיע אויף די פֿאַרשיידענע רעאַקציאָנער־ראָמאַנטישע „פֿאָלקס־מײַסעס" וועגן דוקעס און זײַנע „גוטע ייִדן".

מאַרקישעס „זיסער פּרײַטיק" מיט די „הייליקע פּאַטראַוועס", מאַרקישעס זשאַנער־געמעל פֿון דער טראַדיציאָנעלער ייִדישער באָד (וואָס איז, אַגעוו, אַזוי ראָמאַנטיש־ייִדישלעך סטיליזירט אין מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער)—דאָס איז ווידעראַמאָל אַ פּאַמפֿלעטישע פּאַראָדיע אויפֿן אידעאַליזירטן אַלט־ייִדישלעכן שטייגער.

פֿאַרשטייט זיך, עס וואָלט געווען ניט ריכטיק צו איגנאָרירן דעם אינדיווידועלן דיכטעריִשן אייגנאַרט, וואָס אָט די דאָזיקע צוויי שטאַרקע דיכטער טראָגן אַרײַן אין זייער אַרבעט.

כאַריק אַרבעט מיט אַ מער דינעם פּענזל. זײַן פּאַראָדיע איז עפּעס געבויט אויף פּאַראָדירן און דיסקרעדיטירן די דינסטע סטיליסטישע מיטלען, מיט וועלכע עס איז אויסגעבויט די קאַנאָניזירטע יערושע־געשטאַלט. כאַריק באַהאַלט ביז דער לעצטער שורע זײַן פּאַמפֿלעטיש־פּאַראָדישן מיין, די שורע הויבט זיך אָן בײַ אים גראָד מיט אַ קוים באַמערקטער איראָניע, און ערשט דערנאָך קומט די אַנטבלויזונג.

ס'איז גענוג צו ברענגען בלויז איין בײַשפּיל:

„אַ־וואַ!—פֿון דער ערד ביז די הויכן!
אַר־וואַ!—פֿון די הויכן ביז—דאָ.
עס נידערט די גאָלדענע שאָ.
ווערט אַלץ מיט שאַבעס פֿאַרצייכנט.

דאָרט, הינטער הימלשן פּאַס,
קלײַבן זיך פֿויגעלעך־טפֿילעס.
און ס'גרייט זיך אַ צנוע, אַ שטילע
די מאַלקע פֿון שאַבעס צו גאַסט.

פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, פּאַמעלעך,
אויף טרעפּלעך פֿון פֿאַרמעט זי נידערט.
און סטײַעס מאַלאָכימלעך העלע
זינגען פֿאַרצוקערטע לידער.

ס'טריפֿן די הימלען מיט זיסקייט.
מיט איידלקייט, מיט סיראָדאָי,
און ס'באהאלט זײַנע קרעמערשע שליסלעך
דער ייִדישער גאָט—אדוינוי".

דעם זעלבן מיטל ווענדעט אָן כאריק אין זײַן „גאָלדענער לעוואיע". אין אייניקע ערטער איז די פּאראָדיע אזא דינע, אז זי פֿאָדערט פֿון לייענער באדײַטנדיקע קולטור און כוש פאר עפּאָכע. מארקיש איז האסטיקער, אָנגרײַפעריש-בייזער אין זײַן פּאראָדישן פּאמפלעט. ער זעצט ווי מיט א האק איבער דער מעדוזע-קאָפּ פֿונעם אלט-ייִדישן רעאקציאָנערן שטייגער. די שפּראך איז א פלעבייִשע, א יאָדערדיקע. אָבער אויך מארקיש האָט אין א ריי ערטער אין זינען, אז ער דארף גיליאָטינירן ניט בלויז דעם שטייגער, נאָר אויך די פּאָעטיק פֿון זײַנע ליטעראַרישע קעגנער. דענסטמאָל שרײַבט מארקיש וועגן מענדעלעס „אורא‎לטע סאָראָקעס מיט שווארצע טאלעסלעך איבער די קעפּ". דענסטמאָל פּאראָדירט מארקיש דעם ייִד, וואָס „פֿאָרט קיין ערעציִסראָאֶל מיט פּארוויינטע אויגן":

„אָט איז דער וועג, צום הימל גייט ער אויף
און אפֿן וועג א בוים מיט צווײַגן אײַנגעבויגן
און ס'פֿאָרט א ייִד אף ערד—א ייִד א באלעגופֿ
מיט פערד און פּי און מיט פּארמאכטע אויגן".

אָבער ניט דאָ איז מארקישעס דיכטערישער קויעך.

מארקיש איז איבערהויפּט שטארק—דאָרטן, ווו ער זעצט מיט פּלעבייִשער קראפֿט פֿון גראָטעסק איבער דעם שטייגער פֿון „אשעריאָצער און טשאד" אין ברייטן היסטאָרישן זין פֿון וואָרט.

„און ס'האָט די מאלקע שאבעס זיך אף קוימענעס קאסאָקע
ווי אף פײַערטעפּ געפּרידעט און געדעמפּט
און ס'האָט א שטאָט א גאנצע—מיצוועס איר געטראָגן
אָנגעפּריִעטע אין טשאָלנטיקע טעפּ.
און אומגעפּאדיעט האָבן אורא‎לטע סאָראָקעס
מיט שווארצע טאלעסלעך איבער די קעפּ
מיט בײַכער מיסטיקע און גראָבע
אָנגעשטאָפּט ביז דר'ערד
און עפּעס האָט געסמאליעט פֿון די הייליקע פּאָטראווועס
מיט אשעריאָצער און מיט טשאד
און ס'האָט א שטאָט א גאנצע זיך פּארהערט,
אז ווער ס'וועט מער לעקאָווער שאבעס
ארײַנפּרעסן געקוועטשטן באָב,
געהאקטן לעבער און פּעטשא
און ווער ס'וועט מער זיך אָנטרעלבן מיט טשאָלנט שאבעסקאָוועו,
און ווער ס'וועט שטארקער זיך די נאָז מיט כריין פּארקאָוונען,
און וועמעס גרעפּץ ס'וועט דערלאנגען ביז צו סאמע קיסאקאָוועד".

אָט אזוי קוקן מיר זיך אום אף הינטער.

אינעם קאמף פאר אלמענטשלעכער סאָציאַליסטישער קולטור, פּארבײַגייענדיק, רייניקן מיר די שטאלן פֿון ייִדישן מיטלאלטער און נאציאָנאליסטישער טעמפּקייט.

מיר קניִען ניט פאר דער יערושע, אונ טאקע דעריבער זייַנען מיר די איינציקע, וואָס זעצנ פאָר די בעסטע דעמאָקראטישע אונ סאָציַאליסטישע טראדיציעס פונ דער ייִדישער פאָלקס־קולטור. די ייִדישע סאָוועטישע דיכטונג האָט דאָס פולע רעכט איבערכאזערנ דאָס, וואָס לעניִנ האָט געשריבנ אינ זייַנ ארבעט „פונ וועלכער יערושע זאָגנ מיר זיכ אָפּ": „מיר היטנ די יערושע ניט אזוי ווי ארכיוואריוסנ היטנ אלטע פאפירלעכ. היטנ יערושע הייסט נאָכ בעשומויפנ ניט באגרענעצנ זיכ מיט דער יערושע".

## VII וועגנ וואָרט.

כ'וואָלט געזאָגט:—עס איז קימאט ווי א קאָמפּראָמעטירטע טעמע.

אינ דער בורזשואזער ליטעראטור־קריטיק אונ ליטעראטור־קענטעניש האָט מענ א היפּש ביסל פאָרמאליסטישע וואָרט־פּאָמאָיעס אויסגעגאָסנ ארומ דערדאָזיקער טעמע. אונדזער "היימישע", ייִדישלעכ־בורזשואזע קריטיק, האָט ווי באקאָנט, אויכ ניט ווייניק ארומגעהאוועט ארומ דער וואָרט־פּראָבלעמ. ס'איז גענוג צו דערמאָנענ דאָברושינס אונ אויסלענדערס מעליצעס וועגנ „וואָרט־ווערטנ" אינ די ערשטע יאָרנ פונ אונדזער סאָוועטישער ליטעראטור.

דער סאָציַאלער, פּאָליטישער עקוויוואלענט פונ אָט די אלטע בורזשואזע „טיפזיניקע" כקירעס „וועגנ וואָרט" איז שטענדיק געווענ: בורזשואזער פאָרמאליזמ אונ נאציאָנאליזמ. די נאציאָנאליסטיש־פאָרמאליסטישע קריטיק האָט געפּרווט דורכשלעפנ קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע קאָנטראבאנדע אונטערנ שלייער פונ קלוימערשטנ קאמפ פאר „ריינקייַט" פונ שפּראכ, פאר „קוואליטעט" פונ וואָרט א.א.וו.

עס איז דעריבער געווענ אזוי געזעצמעסיק יענער פארשארפטער ווידערשטאנד, וואָס די מארקסיסטיש־לעניניסטישע קריטיק האָט, אונטער דער אָנפירונג פונ אונדזער פארטיי, געשטעלט אָט די אלע „וואָרט־אנאליזנ", אָט די אלע מעליצעס וועגנ „וואָרט־ווייענ".

דאָס האָט אָבער קיינמאָל ניט באטייַט, אז פּראָבלעמעס פונ קינסטלערישנ וואָרט, פּראָבלעמעס פונ שפּראכ שטייענ ניט פאר אונדזער ליטעראטור.

טאקע אינ לאנגיאָריקנ קאמפ קעגנ בורזשואז־נאציאָנאליסטישנ פאָרמאליזמ, איז פארהארטעוועט אונ פארשטייַפט געוואָרנ אונדזער וואָרט—דאָס וואָרט פונ דער פּראָלעטארישער, סאָציַאליסטישער קונסט. טאקע אינ פארשארפטנ קלאסנ־קאמפ אפנ ליטעראטור־פראָנט האָבנ מיר אופגעהויבנ די אכראיעס פארנ קינסטלערישנ וואָרט אפ אזא הויכ, אפ וועלכער זי איז קיינמאָל ניט געשטאנענ בא דער בורזשואז־נאציאָנאליסטישער, פאָרמאליסטישער ליטעראטור־קריטיק.

די וואָרט־ווייענ, וואָס באגלייטנ דעמ קאָלאָסאלנ וווקס פונ אונדזער סאָוועטישער דיכטונג—דאָס זייַנענ ניט קיינ פאָרמאליסטישע גרימאסנ פונ איבערגעזעטיקטע עסטעטנ. דאָס זייַנענ געבורט־ווייענ פונ א נייַער מעכטיקער דיכטערישער שפּראכ, א שפּראכ, וואָס איז צוגענגלעכ פאר מיליאָנענ באוווסטזיניקע סאָציַאליסטישע בויער; א שפּראכ, וואָס איז אָפּגעשליפנ שטרענג, ריינ, א שפּראכ, וואָס איז באפרייַט פונ קאָנסערוואטיוונ צומישעכצ; א שפּראכ, אינ וועלכער עס שלאָגט דער פּולס פונ אונדזער מעכטיקער סאָציַאליסטישער עפּאָכע.

פּערעצ האָט אמאָל געשריבנ וועגנ „זשארגאָנ":

„הארצ אונ הערצל, שאצ אונ שעצל
ס'האָט א טאמ ווי לאקרעצ־פּלעצל"

צי דענ הערשט ניט ביז הײַנטיקנ טאָג דידאָזיקע שפּראַכ פונ נאציִאָנאליסטישנ „לאקרעצ־פלעצל“ אינ דער יִדישער פאשיסטישער און סאָציִאל־פאשיסטישער ליטעראטור פונ אויסלאנד? און צי דענ האָבנ ניט אויכ אונדזערע „היימישע“ נאציִאָנאליסטנ געפּרוּווט פארקאָנסערווירנ אונדזער שפּראַכ אינ אָט דידאָזיקע לאקרעצ־פלעצלדיקע ראמענ, אפילע דאנווענ זיי האָבנ קאָקעטירט מיט זייער „אלמענטשלעכנ אוניווערסאליזמ“?

קאמפ פארנ קינסטלערישנ וואָרט אינ אונדזער ליטעראטור—דאָס באטײַט פריִער פונ אלצ קאמפ קעגנ נאציִאָנאליסטיש־בורזשואזער שפּראַכ־קאָנטראבאנדע.

דאָס באטײַט אכוצ דעמ—קאמפ קעגנ וואלגאריזאטאָרנ, וואָס מיינענ, אז צוגענגלעכקײַט פונ שפּראַכ דערלויבט העפקיירעס פונ שפּראַכ, געשמאַקלאָזיקײַט, אמעראצעס.

די פּראָבלעמ פונ שפּראַכ איז איינע פונ די וויכטיקסטע פּאָליטיש־קינסטלערישע פּראָבלעמענ פונ אונדזער ליטעראטור, און ניט אומזיסט האָט שוינ מיט יאָרנ צוריק וולאדימיר איליטש לענינ אופגעהויבנ א קאמפ פאר דער ריינקײַט פונ אונדזער ליטעראטור־שפּראַכ. ניט אומזיסט האָט לעצטנס אזוי שארפ אוועקגעשטעלט די זעלבע פראגע ניט קיינ אנדערער ווי אלעקסיי מאקסימאָוויטש גאָרקי, אינ וועמענ ס'איז פארקערפּערט דער קינסטלערישער קלאסנ־געוויסנ פונ אונדזער גאנצער קינסטלערישער סאָציִאליסטישער קולטור. אלעקסיי מאקסימאָוויטש, וועלכער שפּירט נאָכ מיט דער זאָרגזאמקײַט פונ אנ עכטנ לערער און דערציִער נאָכ אלצ, וואָס קומט פאָר אינ אונדזער סאָוועטישער ליטעראטור, האָט געפונענ פאר נויטיק אינ צ ע נ ט ע ר פונ זײַנע לעצטע ליטערארישע ארויסטרעטונגענ אוועקשטעלנ די פּראָבלעמ פונ קאמפ פאר דער קולטור פונ שפּראַכ אינ אונדזערע קונסט־ווערק. וואלגאריזאטערנ און אויבנאויפיקע פארשוינענ האָבנ שוינ געפּרוּווט מאכנ צו נישט אָט די גאנצע פּראָבלעמ און צעטרענצלענ עס אפ קליינגעלט פונ „גראמאטיקע“. אוודע איז גראמאטיקע אנ איניקע, אָנ וועלכנ מע קענ קײַנ שרײַבער ניט זײַנ (ווי מע קענ ביכלאל קיינ קולטורעלער מענטש ניט זײַנ). דאָס איז באזונדערס שײַעכ צו אונדזער יִדישער ליטעראטור, ווו די גראמאטיק־דיסציפּלינ איז ניט נאָר קיינ געהויבענע, אפילע צומאָל בא דער־וואָקסענע שרײַבער. אָבער ניט בלויז אינ גראמאטיק האנדלט זיכ עס, ווענ גאָרקי רעדט ווענג שפּראַכ, ווענג איר ריינקײַט, ווענג איר גענויקײַט.

**ו ע ג נ ק ל א ס נ ק א מ פ ה א נ ד ל ט ז י כ ד אָ!**

שפּראַכ איז ניט קיינ נייטראלער עלעמענט אינ דער ליטעראטור, אינ דער דיכטערישער סטראָפע. דאָס וואָרט קומט פונ דער ק ל א ס נ־פּ ר א ק ט י ק, מיט ק ל א ס איז עס אָנגעזעטיקט, אינ קלאסנ־סוויווע פונקציִאָנירט עס. דאָס קינסטלערישע וואָרט איז ארומגעוואָקסנ מיט באשטימטע אידייענ־אסאָציִאציעס—קלאסנ־אסאָציִאציעס. דידאָזיקע קלאסנ־אסאָציִאציעס ווערנ פארקערפּערט אינ א באשטימטער נאציִאָנאלער פאָרמ.

דאָס אלצ דארפ קענענ א ו י ס ל ע י נ ע נ דער קריטיקער, אויב ער וויל זיכ ניט גליטשנ אפ דער אויבערפלאַכ פונ וואלגאר־סאָציִאלאָגישנ אנאליז.

דער גרונט־פּרינציפּ באמ דאָזיקנ שפּראַכ־אנאליז מוז זײַנ דער פּרינציפּ פונ דיִאלעקטיש־קאָנקרעטנ אנאליז.

עס זײַנענ ניטאָ, א ב ס ט ר א ק ט ג ע נ ו מ ע נ, קיינ „קאָשערע“ און קיינ „טרייפע“ ווערטער.

דאָס האָט א שײַכעס פריִער פונ אלצ צו דער פראגע ווענג העברעיִזמענ אינ אונדזער דיכטונג, ארומ וואָס איניקע אונדזערע שרײַבער און קריטיקער פלאָנטערנ לעצטנס גאָר שטארק.

די בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישע ליטעראַטור פּירט פון לאַנג שוין באַוווסטזיניק אַ ליניע אַפּ אָנצושפּיקעווען אונדזער ליטעראַטור־שפּראַך מיט ביבליש־רעליגיעזע, פּאַטריאַרכאַל־באַלעגופישע, קרעמעריש־בעסמעדרעשדיקע „וואָרט־ווערטן". אין די ערשטע נאָכאָקטיאַבערדיקע יאָרן איז דידאָזיקע ליניע געווען אַ גאַנץ בולטע. דערמאָנט זיך האָפּשטיינס „וואָרט־ווערטן" גענומענע פון ביבל. דערמאָנט זיך רעזניקס „טויהאַנים און דאָס פאָלק שטייען אין דער אַזאָרע" (גענומענע פון ייִדישן רעליגיעזן ריטואַל). דערמאָנט זיך פיינבערגס „מעהומעס" און ראָד פון נעזירעס".

האָט דען דאָס העברעיִשע וואָרט „מעהומע" ניט געטראָגן קיין אָפּן־אַנטיסאָוועטישע פונקציע, ווען עס האָט פאַרביטן דאָס וואָרט רעוואָליוציע?

האָט דען רעזניק ניט פאַרבעסמעדרעשעוועט אונדזער רויטע אַרמיי, ווען ער האָט געשריבן:

„איז דער שאָליעך דער יונגסטער געקומען
דערציילן כידושים פון טאָג און פון טײַך און פון רויטער
אַרמיי".

ווי אָפּט פלעגן אַפילע רעוואָליוציאָנערע סטראָפעס צעפּאַטערט ווערן פון ניט קריטישער באַציִונג צום אַלט־ייִדישלעכן וואָרט.

קושניראָוו האָט געשריבן:

„איבער שלונגען פון שלענגישע גאַסן
שטעלט אויף מײַן בעלעמער".

ווי קומט דער *בעלעמער*—דער טראַדיציאָנעלער בעסמעדרעשדיקער בעלעמער—צו אָקטיאַבערדיקע „שלונגען פון שלענגישע גאַסן"?

ביז דער לעצטער צײַט דראָט דידאָזיקע געפאַר אַ ריי אונדזערע דיכטער,—באַזונדערס פיינבערגן, טײַלווײַז האַלקינען.

צי באַטײַט עס, אַז מיר „פּאַסלענען", אַבסטראַקט גענומען, העברעיִזמען און ביבל־ווערטער?

בעשומוישן ניט. דעריבער טאַקע פאָדערן מיר אַ קאָנקרעטן אַנאַליז פונעם דיכטערישן טעקסט.

איך וועל ברענגען עטלעכע בײַשפּילן.

אין איינעם פון זײַנע לידער שרײַבט פיינבערג:

„געווען דאָן אַ ליכטיקער האַרבסט
אין טעג אין זויבערע קלאָרע
געהאַנגען מוידאָעס אין שטאָט
אַפּ פאַרקאַנס און ווענט אַ האַסראָע".

דאָס איז דער האַרבסט 1919!

יענער העראָישער יאָר, וואָס איז געבליבן אומפאַרגעסלעך אין אונדזער זיקאָרן. „געהאַנגען מוידאָעס אין שטאָט"—דאָס מיינט פיינבערג יענע אומפאַרגעסלעכע „אַפּישן, פּלאַ־

קאַטנ אונ בלעטער", וועגנ וועלכע קושניראָוו האָט נאָכ אינ זײַנ דיכטערישער יוגנט אַזוי פּאַטעטיש געשריבנ אינ „וועגנט":

„גיט אונדז א מויל!
באַקלעפּט אונ באַהענגט אונדז
מיט מענגעס אַפּישנ, פּלאַקאַטנ אונ בלעטער...
מיט זײ,
ווי מיט ריזיקע גאָרגלענ
וועלנ מיר שרײַענ:
מיר הערנ—
פעסטע שווערע זיגערישע טריט".

איז ווי קומענ אַהער די שטעטלדיק-בעסמעדרעשדיקע „מוידאָעס"?
מוידאָעס קלעפּט מענ ווענ, לעמאָשל, דער ראָוו קלײַבט צונויפ אַנ אַסיפע וועגנ טאַקסע...
צי איז אָבער ב י ק ל א ל פאַרווערט דאָס וואָרט „מוידאָע"? נײנ.
כאַריק שרײַבט אינ „מיט לײַב אונ לעבנ":

„האָט זי אַרויסגעקלעפּט א ייִדישע מ ו י ד אָ ע
האָט זיכ געשמאַק דאָס שטעטעלע צעלאַכט,
איר זעט?
אָט די שוואַרצכײנעוודיקע גאָיע
וויל אויסלערנענ די קינדערלעכ טאַנאַכ".

דאָ איז די „ייִדישע מוידאָע" פעסט אונ געזעצמעסיק אײַנגעמאָנטירט אינ טעקסט. די אָפּגעשטאַנענע, קלײנשטעטלדיקע ייִדנ, וואָס איראָניזירנ איבער דער „שוואַרצכײנעוודיקער גאָיע" נעמענ טאַקע אופ די אָנגעקלעפּטע מעלדונג אַפ ייִדיש, ווי א „ייִדישע מוידאָע". דער העברעיִזמ פונקציִאָנירט דאָ ווי א טרעפלעכער לעקסישער מיטל, מיט אַנ א י ר אָ נ י ש נ אַ ק צ ע נ ט.

אונ אָט איז נאָכ אַנ ענלעכער בײַשפּיל:
אינ א ליד וועגנ טראַגישנ אומקומ פונ פּאָליוס-פאָרשער—ראָאַלד אַמונדסענ שרײַבט פינינגבערג:

„אונ סע ווײסט ניט קײנער
ווו רוענ זײַנע בײנער"

דידאָזיקע סטראָפע איז גענומענ פונ דעמ ביבלישנ מאָטיוו-אַרסענאַל (אַזוי בוכשטעבלעכ שרײַבט די ביבל וועגנ „מוישע ראַבײנוס" טויט). אַוואַדע שטעקט אינ אָט די שורעס א געוויסע טראַגישע פּאַטעטיק. אָבער גלײַכצײַטיק דראָט זי מיט קלעריקאַלע אַסאָציִאַציעס. אינ דער קאָנקרעטער ייִדישער סוויווע, ווו דידאָזיקע ביבל-אַסאָציִאַציעס זײַנענ אינ געוויסע אָפּגעשטאַנענע שיכטנ, נאָכ גאַנצ שטאַרק (שטאַרקער אײדער אינ דער ניט ייִדישער סוויווע!) איז די געפאַר פונ דידאָזיקע אַסאָציאַציעס גאַנצ אַקטועל.
ביפּראַט נאָכ, אַז בא פינינגבערגנ איז עס אָנ שומ סאָפעק א ד ר אָ ע נ ד י ק ע ס י ס ט ע מ, וואָס ציט זיכ פונ זײַנ אַמאָליקער נאַציִאָנאַליסטישער קולטור.
צי איז ביקלאַל פאַרווערט אויסנוצנ ענלעכע מאָטיוונ? נײנ.

ראָסין, לעמאָשל, שרײַבט אין זײַן פּאָעמע „שיין" (1921 יאָר):

„און עס ווייסט נישט קיין מענטש
פון זײַן קייווער
און עס ווייסט נישט—ניט מאמע
ניט איך...
זײַן קייווער איז דאָרטן,
זײַן קייווער איז דאָ,
אין יעטווידער שטאָט
אזא קייווער פאראן—
א בערגל א הויכס
באצירט מיט קרענצ
באוואָקסן מיט גראָז"...

דער אויבנדערמאָנטער ביבלישער מאָטיוו, ווי איר זעט, ווערט אויסגענוצט אויך בא ראָסינען, אין א פּאָעמע וועגן בירגער־קריג.

אָבער דערדאָזיקער מאָטיוו איז געוואָרן טראנספאָרמירט, קוואליטאטיוו איבערגעאנ־דערשט!

ס'איז אראָפּגעריסן געוואָרן דער מיסטיש־נאציאָנאליסטישער שלייער. קיינער ווייסט ניט דעם קייווער פון געפאלענעם ברודער, ווײַל „זײַן קייווער איז דאָרטן, זײַן קייווער איז דאָ, אין יעטווידער שטאָט אזא קייווער פאראן".

דער טראדיציאָנעלער מאָטיוו קלינגט דאָ גאָר אנדערש—סאָוועטיש. די העראָיק פון א קלאס, וואָס קומט צו באהערשן די וועלט זעטיקט אָן דידאָזיקע סטראָפע.

איך וועל זיך באגרענעצן בלויז מיט דידאָזיקע צוויי בײַשפּילן, האגאם, כ'וואָלט גע־קאָנט ברענגען נאָך פיל ענלעכע בײַשפּילן, וואָס דערגייען אפילע צומאָל ביז קוריאָזן.

כ' גילדין, לעמאָשל, וויל שילדערן דעם נײַעם אינדוסטריע־פייזאזש פון סאָוועטישן סטעפּ. דאָס איז ניט דער פארכאָלעמטער „ברייטער סטעפּ" פון פארצײַטנס. דער קאָמבײַן, דער טראקטער, דער אווטאָמאָביל פארהילכט מיט מאשינען־גערויש דעם סאָוועטישן סטעפּ.

גילדין שילדערט דאָס אזוי:

„סטעפּ רופט זיך איבער מיט הילכיקן שלוקערצ,
כאזערט דעם ניגן, וואָס רײַפט זיך און רײַפט
און דאכט זיך, אז דניעפּ
און סטעפּ
ווי פארשיקערט,
פיכקעט
און האמערט
און גראגערט
און פײַפט".

וואָס קען מען צוגעבן צו אזא טעקסט?

גילדינס סטעפּ שלוקערצט, און כאזערט א ניגן, און פיכקעט, און גראגערט, ווי א יוסטער קאסרילעווקער באלעבאָס (דעם „האמערט" און דעם „פארשיקערט"—מעגט איר, כ'לעבן, ניט גלויבן: א ייִד איז קיינמאָל ניט שיקער, ווי שאָלעם־אליינעמס רעב אלטער זאָגט).

אָט אָ דער סטיכיי פונ בעסמעדרעשדיק־פּיכקענדיקער לעקסיק מוז געגעבנ ווערנ אנ אנטשיידענער ווידערשטאנד.

דאָס באַטייט אָבער אויכ, אז גלייכצייטיק דארפנ מיר אכטונג געבנ אפ די פארשיידענע „נאָוואטערנ“ אינ געביט פונ שפּראכ. דאָס זיינענ אינ דער ערשטער ריי יענע, וואָס פּרוּוונ „באַרייכערנ“ זייער שפּראכ דורכ דעמ, וואָס זיי זעצנ איבער („פירנ איבער“) מעכאניש פונ אנדערע שפּראכנ אָנ דעמ מינדסטנ כוש פאר שפּראכ־ספּעציפיק.

די קריטיק האָט שוינ אָנגעוויזנ ניט איינמאָל אפ אזעלכע פאלנ. אייניקע שרייבער האָבנ אָנגעהויבנ אינ זייערע ווערק גאָר האָפּערדיק „שפּארנ אפנ ראָזשאָנ“ (ריידנדיק אפ זייער לאָשנ „כאָצי דייטש—פּאָלאָווינע רייסיש).

אינ דער דיכטונג, צומ באַדויערנ, פעלנ אויכ ניט אויס אזעלכע „ליבהאָבער“.

כאנע לעווינ, לעמאָשל, שרייבט: „ווי ס'הייסט דער כויוו צו די ברידער די קליינע“ (מעכאניש איבערגעזעצט פונ רוסיש).

בלאָשטיינ שרייבט: „א לויבגעזאנג צו די, וואָס פּאטערנ די נעכט אפ זיצונגענ אינ אונדזערע אנשטאלטנ“.

ס'איז אומפארשטענדלעכ, פארוואָס מענ דארפ לויבנ מענטשנ, וואָס פּאטערנ די נעכט אפ זיצונגענ. אפ זיצונגענ (אויב דאָס זיינענ אונדזערע זיצונגענ) פּאטערט מענ ניט קיינ צייט.

דאָס זיינענ עפּשער אלצ טאקע „קלייניקייטנ“, אָבער די קריטיק טאָר ניט פארבייגיינ אָט דידאָזיקע „קלייניקייטנ“.

גענויער וויל איכ זיכ אָפּשטעלנ אפ דער פראגע וועגנ אָנווענדנ אלס קונסט־מיטל פרעמדלעקסישנ שטאָפ (רוסיזמענ, אוקראיִניזמענ א. א. וו. דאָס, וואָס די טעאָריע פונ פּאָעטיק רופט אָנ „מאקאראָניק“) אונ צוזאמענ דערמיט—אויכ אפ דער פראגע וועגנ איינמאָנטירנ אזויגערופענעמ „אויסער ליטעראַרישנ מאטעריִאל“ אינ דיכטערישנ טעקסט (דאָקומענטנ, ארטיקלענ, סטאטיסטיק א. א. וו.).

דאָס זיינענ ניט קיינ פראגעס, וואָס ווערנ אויסגעזויגנ פונ פאָרמאליסטיש־עסטעטישנ פינגער!

פאר דער יידישער דיכטונג, וועלכע רייסט זיכ פונ די ענגע ראמענ פונ נאציִאָנאלער באגרענעצטקייט, איז עס ביז גאָר אנ אקטועלע פּאָליטיש־קינסטלערישע פּראָבלעמ.

אלצ אָפטער אונ אָפטער קומט אריינ אונ פארפעסטיקט זיכ אינ דער יידישער ליטעראטור די ניט יידישע סוויווע, דער ניט־יידישער פערסאָנאזש. דער אינטערנאציִאָנאליסטישער גייסט פונ אונדזער סאָוועטישער קונסט, מוז, נאטירלעכ, מאכנ א סאָפ צו דער נאציִאָנאל־שטייגערישער באגרענעצטקייט פונ אונדזער ליטעראטור. אוקראַיִנישע אונ רוסישע ארבעטער אינ פעפערס „פלאסטנ“, ווייסרוסישער טיפּאזש אינ כאריקס „קיילעכדיקע וואָכנ“, רוסישע מאטראָסנ אונ רויטגווארדייער—אינ מארקישעס „ברידער“, א דייטשישע פרייליכ אינ קולבאקס „דיסנער טשיילד האראָלד“, אינטערנאציִאָנאלער טיפּאזש אינ אנדערע ווערק בא אונדזערע דיכטער (ראָסינ, כאשטשעוואצקי, אָלעווסקי) דאָס איז א פאקט, וואָס פאָדערט מאכנ געוויסע אויספירנ אויכ אינ דער פראגע וועגנ לעקסיק.

ווי ווערט לעקסיש אונטערגעשטראָכנ אָט אָ דער ניט־יידישער טיפּאזש אינ זיינ אָרטיקנ נאציִאָנאלנ קאָלאָריט?

אינ א ריי ערטער ווערט עס געמאכט זייער האמעטנע, געשמאקלאָז.

דער אווטער בראַקט פּאָשעט אַרײַן רוסיזמען, אוקראַיִניזמען, ווײַסרוסיזמען, ניט אַרויס-ווײַזנדיק קיין שום כוש פאַר דער ספּעציפיק פון שפּראַך.

ב. אָלעווסקי שרײַבט:

„פּאַרשווונדן ווײַט—אַ ליכטיקער אַ שטאָלענער
און לאָזן רויכיקײַט און עלנדקײַט און שאַ־אַ
אַ ווײַסע סטאַנציע און דרײַ־פּיר באַלעגאָלעס...
אין שטעטל אַנושקא Когда нибудь была?"

פאַרוואָס מיינט דער אווטער, אַז די דאָזיקע דרײַ צופעליקע רוסישע ווערטער דריקן אויס ספּעציפיש די רוסישע שאַכטיאָרקע. צי וואָלט געשאַדט דער געשטאַלט ווען אָנשטאָט די דאָזיקע דרײַ צופעליקע רוסישע ווערטער וואָלטן געשטאַנען ייִדישע?

פאַרשטייט זיך, ניט.

אויפדעקן די ספּעציפיק פון שפּראַך איז ניט אַזוי לײַכט. יונגע דיכטער גיט עס זיך גאָר זעלטן אײַן, אויב ניט רעכענען די ביליקע „שפּראַך־ספּעציפיק", וואָס אייניקע אונ־דזערע דיכטער דערלאָזן אין זייערע לידער. כ'האָב דאָ אין זינען די רוסישע „מאַמעס", וואָס אָלעווסקי, לעמאַשל, „באַפוצט" דערמיט אַסאַך זײַנע זײַטלעך פון „שאַכטעס".

אָלעווסקי שרײַבט:

ס'האָט קיינער ניט געזען אַזאַ אַניען.
זי האָט גענומען אַפן לאָשן אַפן פּראָסטן
אים אָפּשיקן צו דער מאַמעס מאַמען .
און צו אַלע צוועלף אַפּאָסטאָלן.
אירע אויערן האָבן ניט געהערט קיין פּידלען,
אונטערן שווערן געפאַל פון די שטיינער
האָט זי זיך אויסגעלערנט זידלען
אַזוי ווי קיינער".

ס'איז ניט בלויז אַ וווּלגאַרע „שפּראַך־ספּעציפיק", נאָר אויך אַ פּאָליטיש־שעדלעכע. די יונגע אַניע האָט יאָ „געהערט פּידלען", זי איז קיינמאָל ניט געווען פּאַרווּרטיילט אַזוי פאַר־גראָבט צו ווערן אַפּ אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג ווי דאָס שילדערט „אַלפּי סייכל" אָלעווסקי.

איך ציטיר אָלעווסקען דערפאַר, ווײַל מיר האָבן דאָ צו טאָן גראָד מיט אַן ערנסטן פעיִקן יונגן דיכטער. בײַ ווייניקער פעיִקע יונגע דיכטער טרעפט זיך אָפּ נאָך ערגערע זאַכן.

ס'איז אויך צו באַוווּנדערן וויאַזוי אַזאַ קולטורעלע דיכטערן ווי כאַנע לעווין האָט זיך דערלויבט אַפן זעלבן אויפן זוכן „רוסישע ספּעציפיק" אין שפּראַך פון אירן אַ העלד — אַ באָלשעוויק.

כאַנע לעווין שרײַבט:

„העכער, העכער קעפּ און שטיקעס
זאָלן פינקלען אַפּ דער זון,
אין אַטאַקע—באָלשעוויקעס!
אין גאָטס מאַמען און איר זון
ווער עס האָט פאַר פײַלן מוירע
צו דער מאַמען הינטער קלייד,
יענער איז קיין באָלשעוויק ניט
ווער ס'וועט שטאַרבן מיט זײַן טויט!"

אז מע זוכט „שפּראַכ־ספּעציפיק" דערעדט מענ זיכ אוש צו דעמ, אז „יענער איז קיינ באָלשעוויק ניט ווער ס'וועט שטארבנ מיט זײַנ טויט".

פארוואָס אזא „הארבער גזאר" אפ באָלשעוויקעס?

אונ וואָס פאר א שײַכעס האָבנ אָט די דאָזיקע גראָבע רייד מיט דער שפּראַכ־ספּעציפיק פונ אונדזער בירגער־קריג? אונ פונ וואנענ האָבנ זיכ פלוצלינג אהער גענומענ „פײַלנ" (מיט פײַלנ באשיסנ, לעמאָשל, א טאנק וואָלט איכ קיינעמ ניט געראטנ!)?

קאמפ פאר קולטור פונ וואָרט פאָדערט אויכ באזונדערנ געשמאק אונ געפיל פונ מאָס באמ אײַנמאָנטירנ פרעמדשפּראַכיקנ „אויסער ליטעראַרישנ" דאָקומענטאלנ שטאָפ אינ דיכ־טערישנ טעקסט.

טיילווײַז אונטער דער ווירקונג פונ דער רוסישער דיכטונג (באזונדערס—פונ די קאָנס־טרוקטיוויסטנ) האָט מענ אינ אונדזער יידישער דיכטונג אָנגעהויבנ לעצטנס גאנצ אָפט זיכ באשעפטיקנ מיט ענלעכע מאָנטאזשנ. דאָס געפינט איר בא פעפערנ, מארקישנ, כאשטשעוואצקענ, קוויטקענ אונ בא פיל אנדערע דיכטער.

איכ וועל ברענגענ איינ בוילעטנ בײַשפּיל, ווי פאָרזיכטיק דער דיכטער דארפ זײַנ, ווענ ער ווענדט אָנ אזא מאָנטאזש אונ וועלכע שעדלעכע רעזולטאטנ עס באקומענ זיכ, ווענ ער איז ניט גענוג פאָרזיכטיק.

כאשטשעוואצקי מאָנטירט אײַנ אינ זײַנ פּאָעמע „לענינ" אנ אויסצוג פונ לענינס בוכ „Что делагь".

כאשטשעוואצקי האָט ארויסגעוויזנ גענוג פּאָליטישנ אונ דיכטערישנ כוש באמ אָפּקלײַבנ אָט דעמ דאָזיקנ טעקסט. עס איז גענומענ געוואָרנ איינע פונ די גלענצנדיקסטע פּאטעטישע זײַטלעכ פונ לענינס „Что делать".

„Мы идем тесной кучкой по обрывыстому и трудному пути, Крепко взявшись за руки

— — — — — — — — — — — — — — — —

О, да, господа, вы свободны не только звать, но и идти куда вам угодно, хотя бы в болото!"...

כאשטשעוואצקי, זעצט איבער דעמ דאָזיקנ טעקסט אזוי:

„אינ אנ ענג פארפרעסטנ הויפנ
אפ א שווערנ וועג געשרויפטנ
האנט אינ האנט ארײַנ געשטרעקט
גייענ מיר מיט אונדזער וועג...
— — — — — — — —
שרײַענ צו אונדז גוטע פרײַנט:
קומט מיט אונדז אינ זומפּ ארײַנ
— — — — — — — —
ענטפערנ מיר, גייט אײַכ גייט,
גייט אינ זומפּ געזונטערהייט.

פארגלײַכט לענינס שטרענגע פּאטעטישע שפּראַכ אינ כאשטשעוואצקעס קליינ־שטעטלדיקנ „גייט אײַכ גייט, גייט אינ זומפּ געזונטערהייט"—ס'א קאָלאָסאלע דיסטאנצ עס

אַיז צווישנ זיי! כאשטשעוואצקי פ א ר ב א ל ע ב א ט ע ו ו ע ט לענינס אומפּארגעסלעכ-צאָרנדיקנ קאמפ קעגנ די אָפּאָרטוניסטישע בלאָטע־פּארשוינעו. ער זעצט דאָ איבער לענינעס אפ דער שפּראכ פונ שאָלעמ־אליי כעמס „טעפּל״־יידענע...

אונ כאשטשעוואצקי איז דאָכ איינער פונ די קולטורעלסטע דיכטער! ער האָט דאָכ אינ א ריי זײַנע לידער גראָד באוויזנ קינסטלערישנ געשמאק באמ „שטעלנ די שטימ״, ווי דער רוסישער שרײַבער לעסקאָוו פלעגט זיכ אויסדריקנ.

פאראנ בא כאשטשעוואצקענ זייער פײַנע סטראָפעס, אינגאנצנ געבויטע אפ אנטבלויזנ געשטאלטנ דורכ לעקסיק, אפ מאקאראָניק.

אינ דער פּאָעמע „לעצטער שלאכט״ זײַנענ פאראנ אזעלכע שורעס:

„א געלער אָפּיצער מיט א דינעמ סטאָנ
האָט פאריכט זיכ די האָר, די פארקלעפּטע מיט פאסטע,
אויסגעשטרעקט די האנט, דערלאנגט דעמ טעלעפאָנ,
ארויסגעלאָזט אינ טרײַבל דעמ רויכ:—פּאָזשאַסטא.

— אלאָ, מסיע לאמאָרט, אלאָ-כמ... באָנזשור.
סע מוא... דא־דא... טש... פאָבעדי, ווי פאָנימע?
קאק וואמ סקאזאט... אומ זעקס אור...
פינפ באָלשעוויקעס... איינ פרוי. אָ דעסענ.

אלאָ, מיסטער דעמ... גוט איווגינג, סער...
מאָרגנ אינדערפרי די צעשיסונג. קומט.
יו אנדערסטענד? כאראשאָ. וואָט טאק פונט.

דאָ ווערט לעקסיש באטאָנט די אינטערנאציאָנאלע אינטערווענצ-באנדע, וואָס האָט זיכ גרופּירט ארומ ווראנגעלס לעצטער אוואנטיורע. דער רוסישער „וואָט טאק פונט״ אינ שכיינעס מיטנ פראנצויזישנ איידעלנ „באָנזשור״, מיטנ דײַטשישנ פינקטלעכנ „אומ זעקס אור״, מיט ענגלישנ קאָרעקטנ „גוט איווינינג, סער״—דאָס אלצ שאפט לעקסיש די אטמאָ־ספער פונ אימפּעריאַליסטישער אינטערווענצ אינ ווראנגעלס שטאב.

די בעסטע אונדזערע דיכטער קאָנענ דעמאָנסטרירנ א ריי גלענצנדיקע מוסטערנ פונ קינסטלערישנ אָפּערירנ מיט לעקסישנ שטאָפ.

כ׳וועל דערמאָנענ א ריי אזעלכע מוסטערנ בא קולבאקנ, כאריקנ, מארקישנ, פעפערנ אונ בא פיל אנדערע.

קולבאקט „בלאָנדע פייגעלע פונ טאנציענ־שטראסע״ פירט אזא שמועס מיטנ „דיסנער טשײַלד האראָלד״:

„— זאָג ליבער בוב איכ מעכטע ס׳וויסנ
ביסט ניכט קאָזאקע, הער קרוטשקאָוו״,
— „איכ בינ ניט ליבכענ, הער קרוטשקאָוו,
שלאָפ רויִק איַנ, מײַנ קינד, ניט ציטער...
כ׳בינ בלויז קאָזאקע אויס שקלאָוו, אויס שקלאָוו
מײַנ פאפא וואר איינ אלטער ריטער
פאָנ אײַזנשער..., ער האָט געשלונגענ
הייסע בולבע פונעמ סאמע פלאמ״...

דאָ האָבנ מיר א מוסטער פונ זײער דינער שפּיל מיט מאקאראָניק. דער „קאָזאקע אויס שקלאָוו", וואָס זײַנ „פּאפּא וואר אנ אלטער ריטער פּאָנ אײַזנשער"—דאָס איז ביז גאָר א פײַנער, דינער שארזש אפ די דיסנער לױלקעמאנס אונ אפ זײערע „בלאָנדע פײגעלעכ".

דער מאקאראָנישער איבערפלעכט פונ דײַטש מיט קאָזמא קרוטשקאָוו אונ מיט „הײסער בולבע" ווירקט מיט דער קראפט פונ סאטירישנ קעגנשטעלנ פאָרמ אונ אינהאלט.

כאריק האָט נאָכ אינ די ערשטע יאָרנ פונ זײַנ שאפנ ארויסבאוויזנ געשמאק פאר שפּראכ, פאר קלאסנ־דיפערענצירטער לעקסיק. אינ פּאָעמע „קאטערינקע" גיט איבער כאריק די בורזשואזע קאמער־קולטור פונ זײַנ העלדינ, מיט 2 רוסישע שורעס:

„אכמאטאָוועס טרויער געפעלט דיר,
טאָ טרויער מיט סאמעט אונ בליק
Я на правую руку надела
Перчатку с левой руки".

דער רוסישער טעקסט איז דאָ אײַנגעמאָנטירט מיט קינסטלערישנ געשמאק. דידאָזיקע צוויי עכט־אכמאטאָווישע שורעס אינ זײער דירעקטנ, אָריגינעלנ טעקסט ווירקנ מיט א באַ־דײַטנדיקער קראפט. דאָס זעלבע דארפ מענ זאָגנ וועגנ פיל ענלעכע גלענצנדיקע ערטער אינ „קײַלעכדיקע וואָכנ". דער דראנג פונ דאָס ראָוו אונדזערע פּאָעטנ אופצורײַסנ די שטאמפּאָווע זינגעוודיקע סטראָפיק אונ אריבערגײנ צו דערצײלעריש־געשפּרעכלעכנ פּערז, מיט אָרטיקנ לעקסישנ קאָלאָריט, מיט פאָלקלאָריזמענ, מיט פּובליציסטישע אָפּווענדונגענ אונ פּראָזאיזמענ האָט אינ דאָס ראָוו פאלנ אויכ באפרוכפערט אונדזער דיכטערישע שפּראכ. עס פאלנ די ביכלדיקע שטאמפּנ. די גאס, דער זאוואָד, דער קאָלווירט רײַסט זיכ ארײַנ אינ דער סטראָפע אונ מאכט א סאָפ צו דער אָפּגעגרענעצטער „פּאָעטישער שפּראכ".

אינ מארקישעס „ברידער", אינ „ניט געדײַגעט", אנשל זאליאזניק" ווערט איר מאמעש בארוישט פונ שלאל פאָלקס־שפּראכ, אידיאמענ, דיאלעקטיזמענ, גלײַכווערטלעכ א. א. וו.

דער מאסנ־לײענער געדענקט שוינ אפ אויסווײניק קימאט מארקישעס שורעס פונ „ברידער".

— „באָלשעוויקעס ראבעווענ ביז דער לעצטער האָר,
יאכל מיר ארויפלאָזנ אפ שוי־פענצטער דעמ שטאָר".
— „נעמענ זײ מיט שטאָרנ, נעמענ זײ מיט פרענט!" —
— „ס'הײסט עפּעס זײ נעמענ? יאכ האָדאָכ א פּאטענט!"

אָדער:

„זע נאָר, זע מענאכעמ! וואָס איז פונ דײַנ האנט?
וואָס פארא באנדאזשע? צאָרעס מײַנע פרעג איכ.
שמײכלט ער: ס'איז גאָר ניט. צעשניטנ. ס'איז א באנד.
וואָס דענ זאָל מענ דאָרט שנײַדנ, עסטער־סערצע־לעקעכ?"

אינ בײדע געציטירטע אויסצוגנ האָט איר פאר זיכ מוסטערנ פונ גלענצנדיקנ כוש פאר שפּראכ, פאר דיאלעקט, פאר נאיוו־קלוגנ פאָלקס־וואָרט.

אינ כאריקס „קײַלעכדיקע וואָכנ", אינ „מיט לײַב אונ לעבנ", געפינט איר פיל מוסטערנ פונ „ארומשפּילנ", ווי די טעאטער־טוער זאָגנ, שפּראכ, פאָלקלאָר, דיאלעקט.

אנ אינטערעסאנטנ בײַשפּיל פונ לעקסישנ באארבעטנ די געשטאלט פונ אנ „אָרנט־לעכנ פלאפלער" (וועגנ וואָס ס'האָט אזוי טרעפלעכ אונ בילדעריש גערעדט כ' סטאלינ אפנ

17־טנ פארטיי־צוזאמענפאָר) שטעלט פאָר מיט זיכ פאָלגנדיקער אָרט אינ „קיילעכדיקע וואָכנ".

„ער קומט אונ דערציילט דאָרט פונ טעמפּנ גענוי
אז טאָרפ איז, פארשטייט איר, אזוי אונ אזוי
אז עלעקטרע איז, דייקע א נייטיקע זאכ,
דארפנ מיר טאָרפנ איצט האָבנ אסאכ,
אונ וויל אונדזער בוויונג איז מוירעדיק ניי
דארפנ מיר איינפירנ דאָ שלאָגלעריי,
דארפ מענ ווי איינער, אריינ אינ געוועט,
אונ קאָרמענענ בעסער מיט טאָרפנ די שטעט,
אונ ווילע מיר דארפנ איצט טאָרפנ אסאכ,
אונ עלעקטרע איז, דייקע, א נייטיקע זאכ
אונ מיר דארפנ העלפנ מיט טאָרפנ די שטעט"...

דער אומגעלומפערטער רונג־זאצ מיטנ אומענדלעכנ „אונ ווילע מיר דארפנ איצט טאָרפנ אסאכ" שאפט דעם געהעריקנ „פלאפל־סינטאקסיס", וואָלט איכ עס אָנגערופנ, פאר דער געשטאלט פונ „פלאפלער".

פעפערס בעסטע פאמפלעטנ אונ סאטירעס גיבנ אויכ מוסטערנ פונ אזא מינ „ארומשפילנ" לעקסיק.

„ארומשפילנ"—ס'איז אייגנטלעכ ניט גאָר קיינ געלונגענער טערמינ. דער קאמפ פאר וואָרט, פאר טרעפלעכנ וואָרט איז פאר דער סאָוועטישער דיכטונג ניט קיינ שפּיל. די סאָוועטישע דיכטונג קעמפט פאר דער קוואליטעט פונ שפראכ, קעדיי שאפנ א קונסט, וואָס איז צוגענגלעכ פאר מיליאָנענ, מיליאָנענ בויער פונ סאָציאליזם.

אינ דער הינזיכט זיינענ די אופגאבעס, וואָס שטייענ פאר דער יידישער סאָוועטישער דיכטונג די זעלבע, וואָס פאר דער גאנצער סאָוועטישער ליטעראטור.

פעפער איז פולשטענדיק גערעכט ווענ ער שרייבט:

„פארשיידענע שפּראכנ —
איינ שפּראכ מיר פארמאָגנ —
די שפּראכ קעגנ סאָנים,
די שפּראכ קעגנ הענקער.
אונ פאר אָט דער שפּראכ
ביז בלוט וועט זיכ שלאָגנ
פעפער,
פאדייעוו—
איוואנ מיקיטענקאָ!"

די יידישע דיכטונג וועט זיגנ בלויז ווי אנ אינטערנאציאָנאלע דיכטונג פונעם קאָמוניזם.

מאקס עריק



# מענאכעמ־מענדל

## געשטאלט אונ מעטאָד

### ערשטער קאפיטל: געשטאלט

1

די בריוו פונ מענאכעמ־מענדל פונ יעהופעצ אונ פונ זײַנ ווײַב שיינע־שיינדל זײַנענ אָנ סאָפעק שאָלעמ־אלײַכעמס באדײַטנדיקסטע שאפונג, דאָס גרעסטע ווערק פונ שאָלעמ־אלייכעמס רײַכער ליטעראַרישער יערושע. די גרונט־אידיי פונעמ ווערק—דער אומגלויבנ אינ דער מעגלעכקײַט פונעמ קליינבירגערטומ אופגעריכט צו ווערנ באמ קאפיטאליזמ, די סאטירע אפּ די בורזשואזע איליוזיעס באמ קליינבירגערטומ, די ביטערע פארניכטנדיקע קריטיק פונעמ לופט־מענטש אונ פונ די לופט־פארנאָסעס—באשטימט די הויכע פראָגרעסיווקײַט פונ אָט דעמ ווערק. איינע פונ די גרונט־פאָדערונגענ פונעמ רעאליזמ, דאָס טיפּיזירנ, דאָס פאראלגעמיינערנ וויכטיקע געזעלשאפטלעכע דערשײַנונגענ אינ קינסטלערישע געשטאלטנ—ווערט דאָ פארווירקלעכט מיט אנ אומגעהייערער קראפט, וואָס האָט ניט איר גלײַכנ אינ דער גאנצער יידישער ליטעראטור. קינסטלעריש איז דער מענאכעמ־מענדל־בוכ איינער פונ די פולקאָמענסטע בא שאָלעמ־אלייכעמענ לויט דער אויסשעפנדיקער פאָרטרעטירונג פונ די גרונט־געשטאלטנ, ווונדערלעכער קאָמפּאָזיציע, אונ זאָרגפולער פאנאנדערארבעטונג אונ שלייפונג פונ יעדער דעטאל,—א מײַסטער־ווערק פונ אומדערשראָקענעמ אופרײַסנ, דעמאס־קירנ, אנטפלעקנ דעמ טיפ אָנ וואקלענישנ ביזנ סאָפ—א מײַסטער־ווערק פונעמ קריטישנ רעאליזמ.

די צענטראלע געשטאלט פונעמ ווערק איז מענאכעמ־מענדל, אונ קיינ שומ טיפּ, קיינ שומ פאראלגעמיינערטע געשטאלט, וואָס שאָלעמ־אלייכעמ האָט געשאפנ, האָט ניט דער־גרייכט צו אזא מינ מאדרייגע פונ העלקײַט, פּלאסטישקייט, אָנגעזעטיקטקײַט מיט באדײַ־טונגפולנ סאָציאל־פּסיכאָלאָגישנ אינהאלט, ווי די פיגור פונ דעמ שלימאזלדיקנ יעהופעצער סויכער. די סינטעטישקײַט פונ שאָלעמ־אלייכעמס קינסטלערישסטער געשטאלט איז אזוי גרויס,

אז ס׳איז גענוג אָנצורופנ „מענאכעם מענדל", אונ מיר פארבינדנ גלייַכ מיט אָט דעם באגריפ א ריזיקע סומע פונ סאָציִאל־עקאָנאָמישע אונ סאָציִאל־פסיכאָלאָגישע דערשייַנונגענ אונ שטריכנ. די קינסטלערישע גוורע פונ דער מענאכעם־מענדל־טיפיזאציע איז אזוי גרויס, אז א ריי קרויווישע טיפנ אונ געשטאלטנ, וואָס זייַנענ שפעטער געשאפנ געוואָרנ סייַ דורכ שאָלעם־אלייכעמענ גופע, סייַ דורכ אנדערע שרייַבער, דערשייַנענ פאר אונדזערע אויגנ די וואריאציעס פונ דער מענאכעם־מענדל־געשטאלט, כאָטש פאר זיכ גענומענ, קאָנענ עס זייַנ דורכויס זעלבשטענדיקע פיגורנ מיט א ריי נייַע אָריגינעלע שטריכנ, מיט היפש אנדערע סאָציִאלע סימאָנים. מיר קאָנענ ריידנ וועגנ בערגעלסאָנס רובינשטיינ פונ „ארום וואָקזאל" ווי וועגנ א פארומערטנ, מאָרעשכוירעדיקנ מענאכעם־מענדל; מיר געפינענ וואריאציעס פונ דער מענאכעם־מענדל־געשטאלט בא באבעלס העלדנ פונ די אָדעסער דערציילונגענ אונ באמ אמעריקאנער רעוואָליוציאָנערנ שרייַבער מייַקל גאָלד; מיר זעענ אינ פיניענ, פונ „מאָטל פייסי דעם כאזנס", א פיגור, ווו דער מענאכעם־מענדעליזם איז אריבערגעוואָרפנ פונ דער מאטעריעלער אינ דער אינטעלעקטועלער ספערע; מיר באטראכטנ לייווי מאָזגאָוואָיער פונ שאָלעם־אלייכעמס „גאָלדגרעבער" ווי א וואריאציע פונ דער מענאכעם־מענדל־געשטאלט, כאָטש ס׳איז א פיגור פונ א שטעטלדיקנ טאָקער. דערבייַ זייַנענ רובינשטיינ, פיניע, מאָזגאָוואָיער געזעלשאפטלעכ אונ קינסטלעריש דורכויס בארעכטיקט ווי זעלבשטענדיקע פיגורנ. דאָ קומט צום אויסדרוק ניט אָרעמקייַט אָדער דעפעקטנ פונ די אויסגערעכנטע פיגורנ אָדער שרייַבער, נאָר די רייַכקייַט אונ די מייַלעס פונ דער מענאכעם־מענדל־טיפיזאציע. ענלעכ שייַנט אונדז שטשעדרינס גרוסטילאָוו (פונ „געשיכטע פונ איינ שטאָט") ווי א וואריאציע פונ גאָגאָלס מאנילאָוו־פיגור, כאָטש ס׳איז לייַכט צו זענ אפילע אָנ דער הילפ פונ וויסנשאפטלעכע קאָמענטאריעס, אז ס׳איז אנ עזאָפיש געשליפערטע קאריקאטור אפ אלעקסאנדער דעם ערשטנ.

אונ גראָד איז שאָלעם־אלייכעם פונ די דרייַ קלאסיקער פונ דער בורזשואזער יִידישער ליטעראטור געווענ דער יעניקער, וואָס האָט איבערגעלאָזט די גרעסטע צאָל טיפיזירטע געשטאלטנ. אָבער ניט מאָטל דעם כאזנס, ניט שימעלע סאָראָקער, ניט לייווי מאָזגאָוואָיער, ניט טעוויע, אפילע, האָבנ ניט דערגרייכט יענעם גראד פונ ווירקעוודיקייַט, קלאָרקייַט, אויסשעפנדיקייַט, קאָנצענטרירטקייַט, וואָס צייכנט אויס די מענאכעם־מענדל־פיגור. אונ דאָס דערקלערט זיכ ניט דערמיט, וואָס מענאכעם־מענדל פארכאפט א גרעסערנ אָדער מער וויכטיקנ סכום סאָציִאלע דערשייַנונגענ, ווי לאָמיר זאָגנ טעוויע. גראָד פארקערט: אויב מענאכעם־מענדל פארקערפערט דאָס אקשאָנעסדיקע רייַסנ זיכ פונ קליינבירגערלעכע שיכטנ צו דער בורזשואזיע, צו זייערע ניט אויסגעלעבטע איליוזיעס בענעגייע דעם קאפיטאליזם, קומט אינ טעוויענ מער צום אויסדרוק די ס ט י ר ע ד י ק ייַ ט פונ דער קליינבירגערלעכער עקזיסטענצ, דעם קליינבירגערס צונויפגעשטעלטקייַט „פונ א פונ איינ זייַט אונ פונ א פונ דער אנדערער זייַט" (מארקס), זייַנ צווייענדיקייַט, וואָס באשטייט אינ דעם, וואָס דער קליינבירגער „איז גלייַכצייַטיק סייַ בורזשוא, סייַ האמוינ" (מארקס). אויכ טעוויע איז גלייַכצייַטיק סיי בורזשוא, סייַ האָרעפאשניק, אונ מעמיילע שטעקט אינ טעוויענ א שטיק מענאכעם־מענדל, אונ שאָלעם־אלייכעם ווינקט קלוג דערופ, פארוואנדלענדיק טעוויענ אינ מענאכעמענדלס א קאָרעוו. מענאכעם־מענדל פארמאָגט אָבער ביז גאָר ווייניק טעוויעשע שטריכנ, כאָטש אינגאנצנ פרייַ איז ער ניט פונ זיי, אונ זייַנ לעצט וואָרט איז ווי בא טעוויענ „מיר האָבנ א שטארקנ גאָט". טעוויע כאפט אלזאָ ארום ברייטער דעם סאָציִאלנ וועזנ פונעם קליינבירגערטום, אונ אויב ער איז פאָרט ניט אויסגעוואקסנ אינ א פיגור פונ אָנסאָפעקדיקער

איבערצייַגונג־קראפט, אינ א געשטאלט, וואָס קאָנ אָנ רעשט אונ אָנ קיינ שומ צווייַדייַטיקנ מיינ געלאָזט ווערנ אינ אונדזער טאָג־טעגלעכנ געזעלשאפטלעכנ פארקער, אינעמ טאָג־טעגלעכנ געברויכ פונ אונדזער פרעסע, ליטעראטור, פובליציסטיק אונ וויסנשאפט, ווי דאָס איז געשענ מיט מענאכעמ־מענדלענ,—איז די סיבע דערפונ יענע אפאָלאָגיע, יענער אידעאליזאציע־שלייער, וועלכנ שאָלעמ־אליינכעמ האָט ארופגעוואָרפנ אפ אָט דער באליבטעסטער געשטאלט זייַנער. מיט א נאטירלעכ שטיל־שווייַגענדיקער צושטימונג שרייַבט שאָלעמ־אלייכעמ אינ א בריוו פונעמ יאָר 1914: „מייַנע פרייַנט, פארערער אונ קריטיקער, וואָס האלטנ זיכ פאר מעווינימ, האָבנ אויסגעפונענ, אז די קרוינ פונ מייַנ שאפנ איז „טעוויע דער מילכיקער" מיט זייַנע זיבנ מייַסעלעכ וועגנ זייַנע טעכטער מיט זייערע גליקנ. זיי זאָגנ זאָגאר אז „טעוויע" איז א באזונדערע וועלט אָנשויונג"... (ש׳א—בוכ, 250).

ניט מענאכעמ־מענדלענ, נאָר ט ע וו י ע נ האָט ש׳א געהאלטנ פאר דער קרוינ פונ זייַנ שאפנ, אונ ניט געקוקט אפ טעוויעס צעצווייטקייַט, איז ער פאר שאָלעמ־אלייכעמענ „א פראָסטער, נאָר ג א נ צ ע ר... ייִד" (דאָרט). אונ עס איז גאנצ נאטירלעכ: „דער קליינבירגער—זאָגט מארקס—פארגעטערט דעמ ווידערשפרוכ, וואָרעמ דער ווידערשפרוכ איז דער יעסאָד פונ זייַנ וועזנ. ער אליינ איז ניט עפעס אנדערש, ווי דער געזעלשאפטלעכער ווידערשפרוכ, פארקערפערט אינ טאט. ער דארפ אינ דער טעאָריע בארעכטיקנ דאָס, וואָס ער איז אינ דער פראקטיק" (24, בריוו, אדאָראטסקיס אויסגאבע), אונ שאָלעמ-אלייכעמס גאנצער צוגאנג צו טעוויענ איז די קינסטלערישע בארעכטיקונג פונ דער סטירעסדיקער פראקטיק פונעמ קליינבירגער. פונ זייַנע וואקלענישנ צווישנ דער בורזשואזיע אונ דעמ האַמוינ, צווישנ דעמ באלעגופישנ קאצעוו אונ דעמ אָרעמענ שנייַדערל מאָטל קאמזויל, צווישנ דעמ רעוואָליוציאָנער פעפערל אונ דעמ גוויר פעדאָצור, צווישנ „ערעצ יִסראָעל" אונ דעמ „גאָלעס", צווישנ רעליגיע אונ דער אײגענער טרויעריקער לעבנפראקטיק, וואָס פירט ארופ אפ היפש אפיקאָרסישע געדאנקענ. אונ אזויארומ שאפט שאָלעמ־אלייכעמ אינ „טעוויענ" א מינ קינסטלערישע „פילאָסאָפיע פונ עלנט", וואָס בארעכטיקט דעמ עלנט פונ דער קליינבירגערלעכער צעשפאָלטנקייַט, שטאָלצירט מיט איר אונ פארוואנדלט זי אינ א גאנצער וועלטאָנשויונג. אזא מינ אפאָלאָגיע האָט אָבער געמוזט מינערנ די קראפט פונעמ רעאליסטישנ געמעל אינ דעמ טעוויע־ווערק, האָט געשטערט געבנ די ריכטיקע פערספעקטיוו אונ אָריענטירונג בענעגייע אָט דער פיגור, האָט ארייַנגעבראכט א שטארקנ סענטימענטאלנ שטראָמ אינעמ ווערק, וואָס פארמאטערט אונ שוואכט אָפ זייַנ רעאליזמ.

ניט קיינ וואונדער אלזאָ, אז גראָד די קליינבירגערלעכע ייִדישע קריטיק מיט ניגערנ אינ דער שפיצ, האָט טעוויענ א הויב געטאָנ איבער שאָלעמ־אלייכעמס אלע געשטאלטנ אונ ווערק, דערקלערנדיק, אז „טעוויע איז שאָלעמ־אלייכעמס שאבעס, בייס מענאכעמ־מענדל איז בלויז דאָס שפיל פונ אינדערוואָכנ", אז דאָס טעוויע־בוכ „איז דאָס אינטימסטע בוכ שאָלעמ-אלייכעמס", אז „טעוויע איז „ש׳א אינ זייַנ העכסטער אונ איידלסטער מאדרייגע", אז ער איז „די עצעמ אידייע פונ איידלסטער מענטשלעכקייַט", אז „אינ טעוויע דעמ מילכיקער האָט ש׳א דערגרייכט זייַנ העכסטע מאדרייגע" (ניגער, געקליבענע שריפטנ, III, 118־119), אינדערצייַט ווענ דער בורזשואזער קריטיקער באלמאכשאָוועס איז קיל אונ קאלט געבליבנ צוביידע געשטאלטנ. פארנ ציִעניסט באלמאכשאָוועס זייַנענ סיי מענאכעמ מענדל, סיי טעוויע ביידע גאָלעס־פראָדוקטנ, די צוויי זייַטנ פונ דער גאָלעס־געשטאלט, איר פארגאנגענהייַט (טעוויע) אונ איר געגנווארט (מענאכעמ־מענדל). „די טעוויעס לעבנ מיט א טויטער פארגאנגענהייַט, די מענאכעמ־מענדלס—ווי די ווערימ, וואָס לעבנ מיט דער

רעגע״, און דער אויספיר איז מעמיילע א נעגאטיווער: „אויב די ייִדישע מאסע באשטייט פון מענאכעם־מענדלען און טעוויען דעם מילכיקער—טאָ אפ וואָס קאָנען מיר שוין האָפן?״ (באַלמאכשאָוועס, שריפטן, I 103—104)..

באַלמאכשאָוועס און ניגער גייען זיך אזויארום פאנאנדער אין דער אָפשאצונג פון טעוויען. פאר באַלמאכשאָוועסן איז טעוויע בלויז א שטיק פארגאנגענהײַט, אן אויסנאם, א טשיקאווע שטיק עטנאָגראפיע, בעשאס ניגער וויל טעוויען דערהויבן אין א מעטאפיזישע, אוניווערסאַלע, איבערקלאסעווע, אַלמענטשלעכע און שיר ניט איבער־מענטשלעכע גרויס. אין דער אָפשאצונג פון מענאכעם־מענדלען זײַנען אָבער ביידע קריטיקער אין גרונט אײַנשטימיק, און ניגער האָט ווינציק וואָס צוצוגעבן צו באַלמאכשאָוועסעס אנאַליז פון מענאכעם־מענדלען. וועגן באַלמאכשאָוועסעס אָפשאצונג פון מענאכעם־מענדלען שרײַבט ניגער, אז „ס'איז א קוואַל, פון וועלכן עס מוז שעפן ווילנדיק ניט ווילנדיק יעדערער, וואָס פרוּווט געבן א פולשטענדיק בילד פון שאָלעם־אַלייכעמס שאפן (ז. 90), און אז „באַלמאכשאָוועס האָט זייער גוט פארשטאנען מענאכעם־מענדלען, אָבער פאר טעוויעס אינעווייניקסטן לעבן איז ער געבליבן שטיין אזויווי אומבאהאָלפן״ (ז. 119). ביידע קריטיקער האָבן ארײַנגעקוקט אין מענאכעם־מענדלס פּאָנעם און זיך אָפגעשאָקלט מיט שוידער. ווי קאַליבאן, ווען ער דערזעט אין וואסער זײַן צורע, ווערט דער קלײַנבירגער אופגעציטערט, ווען ער דערזעט אין מענאכעם־מענדלען זיך אַליין. דער בורזשואַ קוקט אפ מענאכעם־מענדלען פון אויבן אראָפ, מיט פאראכטונג און ווידערווילן, און טיף אין הארצן איז ער כוישעד, אז ס'איז א סאטירע ניט נאָר אפן קלײַנבירגער, וואָס רײַסט זיך צו דער בורזשואַזיע, נאָר אויך א סאטירע אפן בורזשואַזן עלעמענט אינעם קלײַנבירגער, און מעמיילע אפ דער גאנצער בורזשואַזער אָרדענונג.

אין טעוויען האָט שאָלעם־אַלייכעם דעם קלײַנבירגער גלאָריפיצירט, געזונגען די גלאָריע דער קלײַנבירגערלעכער באגרענעצטקײַט און זי פאַרגעשטעלט ווי אן אידעאַל. אין מענאכעם־מענדלען האָט שאָלעם־אַלייכעם דעם קלײַנבירגער דעמאסקירט. דער דאָזיקער ווידערשפרוך—גלאָריפיצירן און גלײַכצײַטיק דעמאסקירן דעם אייגענעם שיכט—גייט אדורך דורך שאָלעם־אַלייכעמס גאנצן שאפן און פליסט ארויס פון דעם עצעם וועזן פונעם קלײַנבירגערטום. אָבער אין קיין שום ווערק שאָלעם־אַלייכעמס איז די דאָזיקע דעמאסקירונג ניט געגאנגען אזוי קאָנסעקווענט ביזן סאָף, געבנדיק מעמיילע דעם סאמע מעגלעכן בא שאָלעם־אַלייכעמען גראד פון אָביעקטיווער דערקענטעניש, פון אידייִיש־קינסטלערישע וואָרהאפטיקײַט. אָט פארוואָס מענאכעם־מענדל איז שאָלעם־אַלייכעמס גרעסטע מײַסטער־ווערק, איינס פון די גרעסטע ווערק אין דער וועלט־ליטעראטור פון בורזשואַזן קריטישן רעאַליזם, אָט פארוואָס מענאכעם־מענדל, און ניט טעוויע, איז די קרוין פון שאָלעם־אַלייכעמס שאפן.

2

פאר שאָלעם־אַלייכעמס שרײַב־מאניר איז כאראקטעריסטיש א באשטימטער עמפיריזם. דאָס מענאכעם־מענדל־ווערק איז ניט געקומען ווי א רעאַליזאציע פון א פעסטן, פאָרויס פארפאסטן פּלאן—עס איז אופגעקומען סטיכייִש, און שרײַבנדיק די ערשטע סעריע „לאָנדאָן״ אין יאָר 1892, האָט נאָך שאָלעם־אַלייכעם ניט כוישעד געווען, אז ס'וועלן קומען

נאָכ ווײַטערדיקע סעריעס, אז נאָכ גאנצע 21 יאָר ביז 1913, וועט ער נאָכפאָלגנ זײַנ העלד. אונ אויכ די געשטאַלט פונ מענאכעם־מענדלענ האָט זיכ ניט מיטאמאָל אנטפלעקט פאר שאָלעם־אלייכעמענ אינ איר גאנצער גרויס. אינ „לאָנדאָנ“, אונ ביפראט אינ דער קאָמעדיע „יאקנעהאָז“, געשריבנ צווײ יאָר שפעטער (1894), ווו מענאכעם־מענדל דערשײַנט ווי אנ עפיזאָדישע פיגור, איז דער טראָפ נאָכ געשטעלט ניט אפ דאָס טיפישע אינ מענאכעם־מענדלענ, נאָר אפנ אויסערלעכ־לעכערלעכנ, אפ מענאכעם-מענדלענ דעם פראָווינציאל, אונ אינ „יאקנעהאָז“ איז ער סטאם א טיפעש, א לעקישעוואטע פיגור. שאָלעם-אלייכעם אונטערשטרײַכט נאָכ זײַנ טיפשעס מיט א „דאָסיקײַט“—אויסדרוק, וואָס שלעפט זיכ נאָכ קימאט אינ יעדנ זאצ: „מע קאָנ מיכ, כאסוועשאָלעם, דערקענענ, אז כ'בינ א דאָס, א ייִד מײנ איכ...“ „איכ האָב א שטיקל דאָס... א שעמ אפ דער וועלט האָב איכ...“ „הײַנט האנדל איכ מיט דאָס... וויִאזוי הייסט עס... מיט יאקנעהאָז“

סאָפ 1909 האָט שאָלעם־אלייכעם אָפגעקליבנ אונ איבערגעארבעט די וויכטיקסטע סעריעס פונ מענאכעם־מענדלענ, אונ אזוי ארומ איז אנטשטאנענ דער קאנאָנישער נומער פונ ווערק (דערשינענ 1910). דאנ אויכ האָט שאָלעם־אלייכעם פארפאסט די בארימטע האלב־הומאָריסטישע, האלב־טרויעריקע האקדאָמע צומ בוכ, אונ מענאכעם־מענדל באקומט שוינ דאָ אסאכ א ברייטערע אויסטײַטשונג. ער איז לויט שאָלעם־אלייכעמענ דער סימבאָל פונ „ייִדישע געשעפטנ“. „ייִדישע גליקנ“—אנ אויסטײַטשונג, ווו ס'פילט זיכ, אגעוו, די נאצדעמאָקראטישע טעאָריע פונ דער אָנבורזשואזקײַט פונ דער ייִדישער נאציע, פונ „קאָל־ייִסראָל איינ קאבצנ“. „ייִדישע געשעפטנ—שרײַבט שאָלעם־אלייכעם—זײַנענ, באָרעכ־האשעם, אומעטום אלציינס, ד. ה. הויבנ זיי זיכ אָנ, דאכט זיכ גאנצ נישקאָשעדיק, מיט אזויפיל ביטאָכנ אונ גלענצנדיקע האָפענונגענ, אונ אויסלאָזנ לאָזנ זיי זיכ אויס צומיינסטנ מיט שלימ־שלימאזל, ווי בא מײַנ מענאכעם־מענדלענ... אונ טאָמער וועט זיכ געפינענ איינער פונ טויזנט, וואָס די געשעפטנ זײַנע גייענ אימ דערווײַל גוט, קאָנ ער זיכער זײַנ, אז ס'איז ניט אפ לאנג. אלצ וואָס איז געבויט אפ לופט אונ אפ ווינט, מוז סאָפקאָלסאָפ פאלנ. שטארק אָנגעלייגט איז דאָס ניט, דערפאר איז דאָס אָבער עמעס, אונ דעם עמעס האָבנ דאָכ אלע מענטשנ ליב...“ מענאכעם־מענדלענ אונ מענאכעם־מענדעליזם באטראכט אלזאָ שאָלעם־אלייכעם בלויז ווי א נאציִאָנאלע אייגנשאפט, בלויז ווי א ייִדישע דערשײַנונג. וויכטיקער איז אָבער שאָלעם־אלייכעמס קלאָרע פארשטענדעניש פונ דער פארמישפעטקײַט פונ די מענאכעם־מענדלס, פונ זייער אומפארמײַדלעכער יערידע אינעם קעסל פונעם קאפיטאליזם.

דערדאָזיקער ברייטערער קוק אפ מענאכעם-מענדלענ, ווו שאָלעם-אלייכעמס הויפטהעלד דערשײַנט שוינ ניט בלויז ווי א קאָמישע, נאָר אויכ טראגישע פיגור, ברענגט אָבער א באשטימטנ מיטגעפיל צו אים, אונ אפילע א געוויסע אידענטיפיצירונג מיט אים: „מענאכעם־מענדל איז ניט קיינ העלד פונ א ראָמאנ, אונ איבערהויפט ניט קיינ אויסגעקלערטע פיגור. דאָס איז געבעכ א ייִד פונ א גאנצ יאָר, מיט וועלכנ דער פארפאסער איז פערזענלעכ אונ נאָענט באקאנט. ער איז דורכגעגאנגענ מיט אים א שטיק לעבנ פונ קימאט צוואנציק יאָר, באגעגנט זיכ אינעם יאָר 1892 אפ דער אָדעסער קליינער בערזע, האָבנ מיר נאָכדעם דורכגעמאכט האנט בא האנט אלע שיווע מעדורע גענעם אינ יעהופעצ אפ דער בערזע, „געגאנגענ“ מיט אים קיינ פעטערבורג אונ קיינ ווארשע, אויסגעשטאנענ אסאכ קריזיסנ, זיכ געוואָרפנ מיט אים פונ איינ פארנאָסע אפ דער אנדערער אונ—אויוויי,—נישט געפונענ קיינ גליק אינערגעצ...“ פאראנ בריוו פונ שאָלעם־אלייכעמענ, ווו ער שרײַבט זיכ אונטער

„מענאכעם־מענדל פונ יעהופעצ" (אשטייגער אינעם שאָלעם־אלייכעם־בוכ, ז. 294). אינ א בריוו פונ יאָר 1909 שרײַבט שאָלעם־אלייכעם: „זאָגט אײַכ וואָס איר ווילט; קיינ סאָנים האָב איכ ניט, ווײַל איכ בינ קיינעמ קיינ סוינע ניט, ווײַל טעוויע איז א באל־בעטאָכנ אונ ווײַל מענאכעם־מענדל גלויבט דער גאנצער וועלט"... (דאָרט, 227). ווי אינ יעדנ קליינבירגער, האָט אויכ אינ שאָלעם־אלייכעמענ געשטעקט א שטיק מענאכעם־מענדל. מיר האָבנ דאָ אינזינענ ניט נאָר יענע לאנגע יאָרנ—זינט 1885 ביז 1899—ווענ שאָלעם־אלייכעם האָט אליינ געפירט די מאטעריעלע עקזיסטענצ פונ א מענאכעט־מענדל, געשוועבט אינ הור־הא פונ געשעפטנ, געהאנדלט אונ געמעקלט, געווענ א פארזיכערונג־אגענט אונ געדרייט זיכ ארומ די בראָדסקיס, „זיכ געוואָרפנ אפ אלע זײַטנ, אויסגעפּרוווט אלערליי געשעפטנ אונ טועכצנ... גאנצע טעג אינ גייעג נאָכנ קערטל, אונ באנאכט האָבנ כעושבוינעס, וועקסלענ, פּאָוויעסטקעס אונ איספּאָלניטעלנע ליסטנ ניט געלאָזט שלאָפנ"... דער מענאכעמ־מענדל האָט געלעבט אינ שאָלעם־אלייכעמענ אויכ יאָרנ שפּעטער, ווענ ער האָט, אשטייגער, געהאָפט אופגעריכט צו ווערנ דורכנ בורזשואזנ ייִדישנ טעאטער אינ אמעריקע, אָדער ווענ ער האָט מיט ליכט געזוכט א מעצענאט („מעצענאטנ—דאָס איז בא אימ געווענ א מינ פיקס־אידיי"—שרײַבט שאָלעם־אלייכעמס איידעמ בערקאָוויטש, שאָלעם־אלייכעם־בוכ, 286), אויסגעקוקט אפ די בראָדסקעס אָדער אפנ באקוער מיליאָנער שרידראָ. מענאכעמ־מענדל איז אזוי ארומ א פּראָדוקט פונ שאָלעם־אלייכעמס סאָציאלער דערפארונג, פונ זײַנ גאנצער לעבנ־פּראקטיק, א געשטאלט, וועלכע ער האָט געקאָנט אויסגעבונדנ, וועלכער ער האָט ווײַט ניט געדארפט ערשט זוכנ, וואָרעמ ער האָט זי אינ א באשטימטער מאָס געטראָגנ אינ זיכ גופע. אָבער בלויז אינ א באשטימטער מאָס, וואָרעמ די מענאכעמ־מענדל־געשטאלט ווערט מעגלעכ ערשט אינעמ צושטאנד פונ אויסניכטערונג, ערשט דערהויבנדיק זיכ איבער איר, אונ אײַנזעענדיק איר גאנצנ טראגי־קאָמיזמ, איר איינצײַטיקע לעכערלעכקײַט אונ פארמישפעטקײַט. שילדערנדיק טעוויענ, דערהויבט זיכ ניט שאָלעם־אלייכעמ אינ טאָכ, איבער דער דאָזיקער געשטאלט, כאָטש ער לאכט זי אויס דאָ אונ דאָרט, פארקערט, ער ווערט פארוואנדלט אינ דעמ א י ד ע אָ ל אָ ג פונ די טעוויעס, זײַנ געדאנק גייט ניט ארויס איבער די גרענעצנ פונ דער לעבנס־סוויווע פונ די טעוויעס, שלעפט זיכ נאָכ נאָכנ פ א ר ו ר ט י י ל פונעמ קליינבירגער, בעשאס די מענאכעמ־מענדל־סאטירע שפּיגלט אָפּ די ניכטערע מאָמענטנ פונעמ קליינבירגער, זײַנ א ו ר ט י י ל. עס איז עפשער גאָר קיינ צופאל ניט, וואָס מענאכעמ־מענדלענ האָט שאָלעם־אלייכעמ גענומענ שרײַבנ גראָד אינ יענעמ פעריאָד, ווענ ס'איז געקומענ זײַנ מאטעריעלער קראכ, ווענ ער האָט פארלאָרנ זײַנ גרויסנ פארמעגנ, באנקראָטירט אונ רויִנירט געוואָרנ (1892—1890). ער איז דעמלט געווענ אזוי נידערגעשלאָגנ,—אז ער האָט אפילע געטראכט וועגנ זעלבסטמאָרד. אינ א בריוו צו ראווניצקינ (צומ אָנדעק פונ שאָלעם־אלייכעמ, ז. 55) שרײַבט דאנ שאָלעם־אלייכעמ: „דײַנ פרײַנט שאָלעם־אלייכעמ לעבט נאָכ, נאָר זײַנ לעבנ איז ניט קיינ לעבנ; ווענ ניט מײַנ ליבע צו מײַנ פרוי אונ מײַנע קינדער, וואָלט איכ שוינ לאנג געמאכט א סאָפּ צו מײַנ לעבנ..." די דאָזיקע פערזענלעכע דערפארונג פונ שאָלעם־אלייכעמענ האָט אָבער אנטשפּראָכנ דערווירקלעכקײַט פונ א גאנצנ קלאס, פונעמ ייִדישנ קליינבירגערטומ אינ רוסלאנד סאָפּ 19־טנ יאָרהונדערט, אינ קלעמ פונ גרויסע פּעאָדאלע רעשטנ, אונטערנ פּרעס פונ דער צארישער שאָוויניסטישער אונ אכזאָריעסדיק-ביוראָקראטישער מעלוכע־מאשינ אונ אונטער די גרויזאמע קלעפּ פונעמ שטורמיש־אופּבליִענדיקנ רוסלענדישנ קאפּיטאליזמ.

3

„לאָנדאָנ", די ערשטע סעריע פונעמ מענאכעמ־מענדלענ, האָט אויכ באַדײַט א נײַעמ עטאפּ אינ שאָלעמ־אלײכעמס שאפנ. געפינענדיק מענאכעמ־מענדלענ, האָט שאָלעמ־אלײכעמ אויכ געפונענ די אײגנטלעכע סטיכיע פונ זײַנ טאלאנט, ער האָט געפונענ זײַנ טיפּאזש, זײַנ אײגנטלעכנ זשאנר אונ זײַנ אײגנארטיקע פאָרמ פונ קינסטלערישער טראקטירונג. „לאָנדאָנ" האָט דאָקומענטירט, אז ס'האָט זיכ געענדיקט דער יוגנט־פּעריאָד פונ שאָלעמ־אלײכעמס שאפנ, א פּעריאָד, וואָס האָט געדויערט קנאפּע צענ יאָר, זינט שאָלעמ־אלײכעמס ערשטער דערצײלונג „צוויי שטײנער" (1883).

אָטאָ דער ערשטער פּעריאָד פונ שאָלעמ־אלײכעמס שאפנ איז געווענ א פּעריאָד פונ אידעאָלאָגישנ אונ קינסטלערישנ נעפּל, א פּעריאָד פונ אידײיִש־קינסטלערישער אומקלאָרקײַט, זוכענישנ אונ בלאָנדזשענישנ. שאָלעמ־אלײכעמ איז דאנ אפילע נאָכ ניט גאנצ זיכער מיט דער שפּראכ פונ זײַנ שאפנ: ער שרײַבט ייִדיש, העברעיִש אונ רוסיש; ער זוכט נאָכ דעמ זשאנר, אונ שרײַבט לידער, דערצײלונגענ, פעליעטאָנענ, ראָמאנענ, פּיעסעס, אונ אפילע די קעמוי־וויסנשאפטלעכע כקירע „צי דארפ מענ וויקלענ קינדער?" זײַנ אידײיענ־באגאזש אינ אָט דעמ פּעריאָד איז א נאַיִווער אונ אָפּט ניט קלוגער געקעכצ פונ קלײנבירגערלעכער מאסקילישקײַט פונ דעמ שניט פונ מענדעלענ אונ ליגעצקענ,—מיט כיבעס־ציענ. אינ די „וויבאָרעס" (1883), אינ די „איבערגעכאפּטע בריוו" (1883—1884) האָט שאָלעמ־אלײכעמ פאָרגעזעצט די דעמאָקראטיש־מאסקילישע טראדיציעס פונ קאמפּ מיטנ קאָהאָל, טאקסע אונ צאדיק, אונ מער ווי אלצ פילט זיכ דאָ ליגעצקיס ווירקונג. אײנצײַטיק אָבער קומט די „איבערשרײַבונג צווישנ צוויי אלטע כאקראָנימ שאָלעמ־אלײכעמענ אונ שלעז דעמ בריוול־שרײַבער (1884) מיטנ גרונט־געדאנק, אז די אײנציקע רעטונג איז נאָר „אונדזער שטיקל „באטקאָווסטשינע"—דאָס הײליקע לאנד". מענדעלעס האשפּאָע פילט זיכ אינ די נאָכמאכונגענ פונ „מאסאָעס", אינ דער דאָנקיכאָטישער דערצײלונג אינ רוסיש „טרוימער" („Мечтатели" 1884), (אגעוו, נאָכ 11 יאָר שפּעטער פארפאסט שאָלעמ־אלײכעמ א דאָנקיכאָטיאדע אינ העברעיִש, געדרוקט אינ „פּארדעס" 1895—„דאָנ קישאָט מימאזעפּעווקע"). קימאט גלײַכצײַטיק מיט דער ראדיקאל־קלײנבירגערלעכער, גאליקער קריטיק פונ די ייִדישע „קיט-קיטישעס" אינ „סענדער־בלאנק" (1888), וואָס דארפ לויט שאָלעמ־אלײכעמענ זײַנ דער אָנהויב פונ א סעריע ראָמאנענ אינ סטיל פונ זאָליאס „רוגאָנ־מאקאר", פארפאָסט שאָלעמ־אלײכעמ די נאציאָנאליסטישע „ייִדישע ראָמאנענ"—„סטעמפּעניו" אונ „יאָסעלע סאָלאָוויי". די צוויי גרונט־טענדענצנ פונ שאָלעמ־אלײכעמס שאפנ — קריטיק פונ דער בורזשואזיע אונ פונ דער קאפּיטאליסטישער אָרדענונג אונ דער ראָמאנטישער אָפּקער פונ איר—זײַנענ שוינ אָנגעצײכנט אינ אָט דעמ ערשטנ פּעריאָד, אָבער נאָכ ווײניק דורכגעטראכט, שטארק כאאָטיש, ניט דורכגעקאָנטראָלירט דורכ דער לעבנ־דערפארונג אונ מעמײלע שטארק בילדיק, ליטעראריש. זײַנ אײגנטלעכנ בארופ ווי א הומאָריסט אונ ווי א סאטיריקער באנעמט נאָכ ניט שאָלעמ־אלײכעמ, אונ אינ די ערשטע יאָרנ פארזיכערט ער אפילע אינ סטיל פונ די דעמלטיקע רעאקציע־ אונ דערשלאָגנקײַט־יאָרנ, אז ער איז געקומענ קלאָגנ, אז „אפּ לאכנ איז ער קײנמאָל ניט אופגעלײגט, ער דארפ נאָר ווײנענ, אימער קלאָגנ זיכ אונ טאָמער זאָרגנ אונ זאָרגנ" (1884), אונ נאָכ אינ יאָר 1888 דרוקט שאָלעמ־אלײכעמ ווי א פּראָגראמ־דעקלאראציע פונ זײַנ „ייִדישער פאָלקס־ביבליאָטעק" דעמ ארטיקל פונ דר. קאמינער, ווו דערדאָזיקער געוועזענער פאָלקיסט וואָרנט פונ „אײַזיקאל־

טער־קריטיק... פונ לייצאָנעס־מאָראָזשענע איבער א ייִדישער זאכ, פונ זויערער סאטירע־
שאָלעמ־אלייכעמ האלט נאטירלעכ ניט אויס, אונ מיר האָבנ שוינ אינ אָט דעמ יוגנט־פע־
ריאָד די ערשטע מוסטערנ פונ שאָלעמ־אליכעמס סאטירע (אשטייגער, אינ „סענדער בלאנק"),
פונ שאָלעמ־אליכעמס הומאָר. די ערשטע הומאָריסטישע זאכ שאָלעמ־אליכעמס איז, שײַנט
מיר, דאָס „קאנטאָר־געשעפט, א דראמע אינ צוויי מעליצע־בריוו, אכצנ האנדל־בריוולעכ
אונ 20 דעפעשנ", 1885, ווו צומ ערשטנ מאָל טאפט אָנ שאָלעמ־אליכעמ די מענאכעמ־
מענדל־טעמע, געבנדיק א געשיכטע פונ צוויי מאסקילימ שימענ ברענ אונ רוּונ שנעל,
וואָס דרייענ זיכ אָנ א טאָלק אינ פארשיידענע געשעפטנ, ווערנ בארויבט פונ די ספע־
קוליאנטנ שטערנהאָרנ, פעמפיק, פײַפערמאנ, גענדזנשמאלצ, אונ דאָ, אגעוו, באווײַזט זיכ
צומ ערשטנ מאָל שיינע־שיינדל אינ דער געשטאלט פונ עסטער לינשע, די פרוי פונעמ
עקספעדיטאָר לייווי שפיגלמאנ.—דאָס זײַנענ נאָכ אָבער אלצ איינצלנע עפיזאָדנ, אייצלנע
בליצנ־אָנזאָגנ פונ שאָלעמ־אליכעמס שפעטערדיקנ הומאָר, דערווײַל האלט ער נאָכ ניט
דערבײַ, אונ זײַנ סטיל איז נאָכ אלצ שטארק צעקראָכנ, פלאפלענדיק־בארײַדעוודיק אונ אָנ א
מאָס סענטימענטאל. עס זאָגט בלויז איידעס אפ מאָלעקוליארע פראָצעסנ, אפ קריסטאלי־
זאציע־פראָצעסנ, וואָס זײַנענ אָנגעגאנגענ בא שאָלעמ אליכעמענ, ביז ס'איז פאָרגעקומענ
דער קוואליטאטיווער שפרונג—אונ שאָלעמ־אליכעמ איז אינ „לאָנדאָנ" דערשינענ ווי א
רײַפער זעלבסטשטענדיקער מײַסטער, א שרײַבער מיט א אייגענער טעמאטישער אידיי, מיט
אייגענעמ טיפאזש אונ אייגענע סטיל־מיטלענ.

4

טעוויענ האָט שאָלעמ־אליכעמ כאראקטעריזירט ווי א „פראָסטנ, נאָר גאנצנ, ניט בא־
רירטנ ייִדנ" (שאָלעמ־אליכעמ־בוכ, 150). ניט בארירט באדײַט—ניט בארירט פונ די צוג־
ווינטנ פונעמ קאפיטאליזמ. דער קאפיטאליזמ רײַסט פאָרויס, אופרײַסנדיק דעמ אלטנ לעבנ־
שטייגער, כאָרעוו מאכנדיק די קאסרילעווקעס, אונ ארויסטרײַבנדיק פונ זיי די מענאכעמ־
מענדלס. ערגעצ גייענ אָנ גרויסע וועלט־היסטאָרישע שטורעמס, די פעפערלס גייענ אינ
סיביר, עס פינענ אונ ליפנ ארומ פארסארפעט אינ די גרויסע שטעט די מענאכעמ־
מענדלס, עס רײַפט אָנ, ברעכט אויס אונ גייט אָפּ מיט בלוט די ערשטע גרויסע רוסלענדי־
שע רעוואָליוציע, עס צעהוליעט זיכ די רעאקציע—טעוויעס שטיבל שטייט ווי אָנ א זײַט
פונ די אלע פּראָצעסנ. די כוואליעס פונ דער צײַט דערקײַקלענ זיכ דאָ מיט אָפּגעטעמפּטנ
עכאָ, פארכאפנ אויכ טעוויעס טעכטער—טעוויע אליינ בלײַבט שטיינ ווי א פעלז, „ניט בא־
רירט", פארזונקענ אינ זײַנ סטאטישער, פאטריאַרכאלער, מעטאפיזישער עקזיסטענצ. די
מענאכעמ־מענדל־סאטירע וואקסט אויס אפנ באָדנ פונעמ אומגלויבנ אינ די יעשועס אונ
גליקנ פונעמ קאפיטאליזמ; אָבער אויב דער קליינבירגערלעכער אידעאָלאָג דערגייט ניט
אינ זײַנ קריטיק פונעמ קאפיטאליזמ צו דער אָריִענטאציע אפנ פראָלעטאריאט, אפנ סאָ־
ציִאליזמ, נעמט אָנ זײַנ אָפּקער פונ דער קאפיטאליסטישער ווירקלעכקײַט אנ אור־
טאָפּישנ כאראקטער, אונ עפּטער פאר אלצ נעמט ער אידעאליזירנ די פאר־קאפיטאליס־
טישע פאטריאַרכאלישקײַט, אנטלויפט אינ דער אויסטראכטעניש פונ אנ אידעאליזירטער, מע־
טאפיזיש־סטאטישער רויִקער וועלט. אזוי אנטשטייט בא שאָלעמ־אליכעמענ גלײַכצײַטיק
מיט דער קריטיק פונ מענאכעמ־מענדלענ די אידעאליזירטע פאטריאַרכאלישע טעוויע־פיגור.
זייער באלערעוודיק איז אינ אָט דער הינזיכט די עוואָליוציע פונ ראָמענ ראָלאנ: אינ

זײַנ לעצטנ ראָמאנ „די פארקישעפטע נעשאָמע“ פירט ער צו זײַנע העלדנ ביז צו די אידייענ פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע. אינעם פעריאָד פונ „זשאנ־קריסטאָף“, ווענ ראָלאנ האָט נאָכ ניט געגלויבט אינעם סאָציאַליזמ און אינ די פערספעקטיוונ פונ פראָלעטארישנ קלאסנ־קאמפ, איז גלײַכ נאָכ דער שארפער, פארניכטנדיקער קריטיק פונ דער קאפיטאליסטישער קולטור אינעם „יאריד“ (V באנד „זשאנ קריסטאָפ אינ פאריז“) געקומענ „קאָלא־ברעניאָנ“ (געשריבנ 1914). (אָט דאָס, כ׳וואָלט געזאָגט, טעוויע־בוכ פונעמ גרויסנ פראנצויזישנ שרײַבער), א בוכ אויכ וועגנ אנ אָפטימיסטישנ האָרעפאשניק, אויכ א פילאָסאָפ, אפ וועלכנ ס׳שיטנ זיכ איעווס צאָרעס, און וואָס בלײַבט דאָכ ניט גערירט און ניט געוואקלט—אגעוו דאָס איינציקע ווערק, ווו ראָמענ ראָלאנ דערשײַנט ווי א ה ו מ אָ ר י ס ט.

טעוויע איז פאטריאַרכאליש, און ניט ווײַל ס׳איז א מענטש פונ עלטערנ דאָר, פונ א פארגאנגענער פאטריאַרכאלישער עפאָכע,—וואָרעמ אויכ די פארגאנגענע עפאָכע איז ניט געווענ „גאנצ און ניט בארירט“, אויכ אבראמאָוויטשעס מענדעלע איז א פאָרשטייער פונ עלטערנ דאָר, און ער איז פאָרט ניט טעוויע; טעוויע קערט זיכ אָפ פונ דער ווירקלעכקײַט, בײַס אבראמאָוויטשעס מענדעלע איז שוינ געווענדעט מיטנ פאָנעמ צו דער אָנקומענדיקער נײַער צײַט, ווי זײַנ אווטער שטייט ער אפ דער גרענעצ פונ צוויי עפאָכעס, פונ פעאָדאליזמ און קאפיטאליזמ. זײַנ בליק איז אָבער מיט אינטערעס און נײַגער געווענדעט צו דער אָנקומענדיקער נײַער אָרדענונג, און זײַנ אויער כאפט אופ אירע אָנקומענדיקע שריט. דאָס אלטע און דאָס נײַע ראנגלענ זיכ סײַ בא טעוויענ, סײַ בא מענדעלענ, מענדעלע אָבער האָפט אפ דאָס נײַע און שעפט דערפונ קויעכ צו ראנגלענ זיכ מיטנ אלטנ, בעשאס טעוויענ שוידערט אָפ די נײַע קאפיטאליסטישע עפאָכע, און ער קערט זיכ אָפ צומ אלטנ, גליווערט אינ אימ. טעוויע איז פאטריאַרכאליש, ווײַל שאָלעמ־אליייכעמ האָט אימ פאטריאַרכאליזירט, און ווי ס׳ווילט זיכ ניט טעוויענ—דער סאָפ איז, אז „טעוויע פאָרט קײַנ ערעצ יִסראָעל“. דאָס קלוימערשט פאטריאַרכאלישע און קלוימערשט ייִדיש לאנד דארפ זײַנ די רעטונג פונ די קלעפ פונעמ קאפיטאליזמ. טעוויענ פ א ר ש י ק ט שאָלעמ־אלייכעמ אינ פ א ל ע ס ט י נ ע, מענאכעמ־מענדל פאָרט אָבער פרײַוויליק, און דאפקע אינ א מ ע ר י ק ע. אָט איז נאָכ א גרונט־אונטערשייד פונ ביידע פיגורנ: מענאכעמ־מענדל איז א פראָדוקט פונ דער עפאָכע פונ קאפיטאליזמ, ער ווערט מעגלעכ ערשט זינט דעמ ברויזנדיקנ אופשטײַג פונעמ קאפיטאליזמ, ער דריקט אויס „די פארבלענדונג פונעמ קליינבירגער מיטנ גלאנצ פונ דער גרויס־בורזשואזיע“ (מארקס), יענע אלע האָפענונגענ, וואָס דער קליינבירגער פארבינדט מיטנ קאפיטאליזמ, די אילוזיעס פונעמ קליינבירגער, אז ס׳וועט אימ געלינגענ זיכ ארופכאפנ אפנ רײַטנדיקנ וואָגנ פונעמ קאפיטאליזמ, ארופקלעטערנ אפנ סאָציאַלנ לייטער פונ דער בורזשואזער אָרדענונג. מענאכעמ־מענדליזמ איז יענע זעלבסט־אָפנארערײַ פונעמ קליינבירגערטומ, וואָס באדײַט דאָס אָפנארנ פונ די מאסנ דורכ דער בורזשואזיע.[1] אָנ דעמ הר־הא פונעמ קאפיטאליזמ אינ זײַנ בלי־צײַט וואָלט ניט מעגלעכ געווענ דער אימפעט, די ענערגיע, די פארשיקערטקײַט און דער צײַטווײַליקער אָפטימיזמ פונ דער מענאכעמ־מענדל־געשטאלט, וואָלט די גאנצע געשטאלט ניט מעגלעכ געווענ. דער מענאכעמ־מענדליזמ הויבט זיכ אונ פאלט גענוי לויט דער ריטמיק פונ די קאפיטאליסטישע ציקלענ, ער שטײַגט און ווערט באמ קליינבירגערטומ א מאסנ־פסיכאָז אינ יאָרנ פונ קאפיטאליסטישנ אופשטײַג, קא־

---

1) Мелкобуржуазный самообман—или, что то же, обман масс („большинства“) буржуазией“ לענינ, באנד 21, ז. 53

פיטאַליסטישער פּראָספּעריטי, ספּעקולאַציע־קאָניונקטור, ער פאַלט און ווערט געמישט מיט שטימונגען פון געדריקטקייט און אויסניכטערונג אין קריזיס און באַרג־אַראָפּ־צייטן, וואָס דערלאַנגען די ערשטע קלעפּ טאַקע צו די שוואַכסטע רינגען, צו די קליינבירגערלעכע צווישנשיכטן.

דערפון ווערט אָבער קלאָר, אַז די ייִדישע ליטעראַטור ביז די 60־קער יאָרן, אַז די מאַסקילישע ליטעראַטור האָט בעמשומויפן ניט געקאָנט שאַפן די מענאַכעם־מענדל־געשטאַלט, זי האָט געקאָנט פאַרצייכענען און האָט פאַרצייכנט טיפּן פון ייִדישע לופטמענטשן, אַפ וויפל דער לופט־מענטש—דער קליינבירגער אָן אַ באַשטימטער באַשעפטיקונג, דער סויכערל, מעקלערל, פאַקטערל, שאַדכן איז געווען אַ טיפּישע, מאַסנאַרטיקע און ביז גאָר כאַראַקטעריסטישע פיגור אין לעבן פון ייִדן סײַ אין דער עפּאָכע פון צעפאַלנדיקן, אָפּגייענדיקן פעאָדאַליזם, סײַ אין דער שפּעטערדיקער פאַנאַנדערגעוויקלטער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. דער לופט־מענטש ווערט סקיצירט שוין בא די ערשטע מאַסקילישע שרײַבער (אַשטייגער, בא אַקסנפעלדן כאַיִם פלוס, בא עטינגערן רעב זונדל פונעם „פּעטער פון אַמעריקע״). ער פיגורירט בא מענדעלען און בא גאָלדפאַדענען (אַשטייגער האַצמאַכ), ער איז פאַראַנען שוין בא היינען אין דער פּרעכטיקער געשטאַלט פון הירש היאַצינט, דעם „לאָטעריי־קאָלעקטער, אָפּעראַטער און טאַקסאַטער״ (די בעדער פון לוקאַ), אַ געשטאַלט, וואָס פאַרמאָגט עמברי׳אָנעל שטריכן סײַ פון טעוויען, סײַ פון מענאַכעם־מענדלען. דער קריטיק האָט זיך גלײַך געוואָרפן אין די אויגן,* אַז אַ מין פאָרגייער פון מענאַכעם־מענדלען איז אַבראַמאָוויטשעס אַלטער יאַקנעהאָז („פישקע דער קרומער״), און אַז נאָך איידער שאָלעם־אַליכעמס מענאַכעם־מענדל האָט צונויפגעפאָרעט צווײ מיידלעך, האָט עס אַבראַמאָוויטשעס אַלטער געטאָן מיט צווײ באָכערים. און אויב מענדעלע און אַלטער בײַטן זיך אין אַזאַרט מיט פאַרלעגערטע טכינעס און אויך דאָס איז אַ „געשעפט״, געפינען מיר דעם דאָזיקן מאָטיוו אויך בא מענאַכעם־מענדלען: „מיר האָבן געמאַכט אַ געשעפט, הײַנט מיר האָבן געביטן אימעניעס אַפ אימעניעס, דאָס הייסט מיר האָבן זיי געגעבן „אָפּיסן״ פון אונדזערע אימעניעס, און זיי האָבן אונדז געגעבן „אָפּיסן״ פון זייערע אימעניעס״. דאָס אַלץ, די דאָזיקע אַלע ענלעכקייטן און קרויוועשאַפטן זײַנען ריכטיק און וויכטיק, און אָן סאָפעק איז מענאַכעם־מענדל ניט נאָר, ווי שאָלעם־אַליכעם דערציילט אונדז, טעוויעס גליד־שוועסטער־קינד, נאָר אויך אַלטערס אַ זון, אַ פאָרזעצונג פון יענע אַמאָליקע ייִדישע לופט־מענטשן, אַפ וועלכע עס זײַנען אויפמערקזאַם געוואָרן אַפילע באַלזאַק בעשאַס זײַן רײַזע איז אוקראַיִנע דורך בערדיטשעוו צו די גיטער פון מאַדאַם האַנסקאַ, און אויך טאַראַס שעווטשענקאָ (פאַרגלײַך די פיגור פון אַ ייִדישן מעקלער אין זײַן גרויסער דערציילונג „אַ שפּאַציר מיט פאַרגעניגן און ניט אָן מאָראַל״). דאָס אַלץ איז ריכטיק און וויכטיק, אָבער נאָך ריכטיקער און וויכטיקער איז יענער קאַרדינאַלער אונטערשייד, וואָס איז פאַראַן צווישן אַלטער יאַקנעהאָזן און מענאַכעם־מענדלען. אַבראַמאָוויטשעס אַלטער יאַקנעהאָז איז אַ פיגור פון דער אָפּגייענדיקער פעאָדאַלער וועלט, מענאַכעם־מענדל איז מעגלעך און פאַרשטענדלעך בלויז אין קאָנטעקסט פון דער פאַנאַנדערגעוויקלטער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, אַלטער זוכט בלויז פאַרנאָסע, אַ פאַרדינסטל, אַ שטיקל ברויט, און זײַן סאָציִאַלע אופירונג איז גיכער געבויט אַפ דער לעבן־„פילאָסאָפיע״ פון שיינע־שיינדל און איר מאַמען „פאָלג מיך, מענדל, שנײַד אָפּ, פאַרקויף אויס, ווי גאָט איז דיר ליב! האָסט פאַרדינט עטלעכע קערבלעך, גענוג!״ אָדער „כאַפּ אַרײַן די יאַרמילקע מיט ניס און אַנטלויף״, בעשאַס מענאַכעם־מענדלס „פילאָסאָפיע״ איז צום בעסטן אויסגעדריקט אין די פאַרשיקערטע אויס־

געשרייען: זײַ וויסנ, אַז איכ קנאַק אונ פּלי, איכ ברענ, איכ ש פּ ר י נ ג אינ פ ײַ ע ר, איכ וואַקס, איכ וואַקס!״ דער סטימול איז דאָ ניט בלויז פּאַרנאָסע אונ ניט סטאַם דאָס שטיקל ברויט, נאָר די שיקרעס פונ ספּעקולירנ, קאָמבינירנ, דאָס זענ פאַר זיכ „מיליאָנענ מיט מיליאָנענ״, דאָס טראָגנ זיכ מיט אַ פאַרכאַפּטנ אָטעמ אינעמ ווירבל פונ קאַפּיטאַליסטישנ הר־הא. אינ פאַרגלײַכ מיטנ „ש י ק ע ר נ״ פאַנטאַסט מענאַכעמ־מענדל איז אַלטער נ י כ ט ע ר. אַלטער איז פאַרומערט, מאָרעשכוירעדיק פאַרביטערט. בעשאַס מע־נאַכעמ־מענדל איז אָפּטימיסטיש, ענטוזיאַסטיש, אונ אַפילע אינ מאָמענטנ פונ גרעסטער נידערגעשלאָגנקײַט אַרבעט שוינ אָפּסנײַ זײַנ קראַנקער מויעכ אונ עס קומענ אופ אינ קאָפּ נײַע קאָמבינאַציעס אונ נײַע כאַלוימעס.

דער לופט־מענטש, ווי אַ טיפּישע דערשײַנונג פונ ריזיקע יידישע קלײנבירגערלעכע מאַסנ, אַכזאָריעסדיק צונויפגעקוועטש אינעמ „טכום״, איז פאַרמישפּעט אַפּ ניוועדיקער, פּאַראַזיטישער אונ דאָכ האַלב־הונגעריקער עקזיסטענצ, איז אַלזאָ דורכ שאָלעמ־אַלײכעמענ מ אָ ד ע ר נ י ז י ר ט ג ע וו אָ ר נ. אַפּ אַנ אויסשעפּנדיקנ אויפנ דערפירט געוואָרנ ביז צו אונדזער צײַט, ביז דער עפּאָכע פונ אימפּעריאַליזמ אונ פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציעס. די דאָזיקע מאָדערניזירונג, דאָס דורכפירנ דעמ לופט־מענטש דורכנ קעסל־גרוב פונ קאַפּיטאַליזמ, האָט אָבער צוגעגעבנ אָנ אַ שיר כשיוועס אונ סאָציאַלע וואָג דער דאָזיקער געשטאַלט. אַלטער יאַקנעהאָז סומירט סאָפּקאָלסאָפּ אַ ב אַ ־ ג ר ע נ ע צ ט ע סאָציאַלע דערשײַנונג. ער איז ווײניקער אַקטועל פאַר אונדז, ווי מענאַכעמ־מענדל, וואָרעמ ער טראָגט אַפּ זיכ דעמ שטעמפּל פונ דער מער באַגרענעצטער אינ פאַר־גלײַכ מיטנ קאַפּיטאַליזמ פעאָדאַלער פאָרמאַציע. דער קאַפּיטאַליזמ האָט אינ אַ באַדײַטנדי־קער מאָס צעקלאַפּט די ראָגאַטקעס פונ פעאָדאַליזמ. אונ שאָלעמ־אַלײכעמס מאָדערניזאַציע פונעמ לופט־מענטשנ איז ניט עפּעס אַנדערש, ווי אַנ אָפּשפּיגלונג פונ דער מאָדערניזאַציע פונעמ יידישנ קלײנבירגערטומ, פונ זײַנ באַפרײַענ זיכ פונ היפּשע עלעמענטנ פונ נאַציאָ־נאַלער באַגרענעצטקײַט (כאָטש היפּש איז נאָכ פאַרבליבנ), מענאַכעמ־מענדל, אַנדערש געזאָגט, איז מאָדערנער פונ אַלטערנ אויכ אינ דעמ זינענ, וואָס ער איז ווײניקער נאַציאָנאַל־באַ־גרענעצט, ער איז מער אוניווערסאַל, וואָרומ ער איז ניט בלויז אַ טיפּיזירטער פונעמ יידישנ קלײנבירגערטומ, נאָר אויכ אונ פריער פאַר אַלצ די טיפּיזירונג פונ וועזנטלעכע שטריכנ פונ קלײנבירגערטומ ביכלאַל אינ דער קאַפּיטאַליסטישער עפּאָכע. מענאַכעמ־מענדל איז די טיפּיזירונג פונ אַ יידישנ לופט־מענטש, פונ יידישע לופט־פּאַרנאָסעס — דאָס איז די נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע פ אָ ר מ פונ מענאַכעמ־מענדלענ. אָבער ניט בלויז דאָס איז מענאַכעמ־מענדל, אונ ניט דאָס איז אַפילע דעריקער בא מענאַכעמ־מענדלענ. מענאַכעמ־מענדעליזמ איז אַ מער אַלגעמײנע דערשײַנונג, וואָס איז קאָנקרעטיזירט אינ דער געשטאַלט פונעמ קלאָגנ־דיקנ יעהופּעצער סויכערל, מענאַכעמ־מענדל אונ מענאַכעמ־מענדעליזמ איז שײַעכ ניט נאָר צומ יידישנ קלײנבירגערטומ, נאָר אויכ צומ אַמעריקאַנער אונ דײַטשישנ, צומ פראַנצויזישנ אונ כינעזישנ. דאָנ קיכאָט, דער ריטער פונ דער טרויעריקער געשטאַלט, איז אַ פאַראָרעמ־טער שפּאַנישער הידאַלגאָ, וואָס האָט זיכ אָנגעלײענט מיט ריטערישע ראָמאַנענ אונ אַרויס־געפּאָרנ אַפּ דער וועלט באַנײַענ דאָס וואַנדערנדיקע ריטערטומ; דאָס איז די קאָנקרעט־היסטאָרישע נאַציאָנאַלע פאָרמ פונ דאָנ־קיכאָטנ; אונ דאָכ איז סערוואַנטעסעס ווערק אַסאַכ מער ווי אַ פּאַראָדיע אַפּ ריטער־ראָמאַנענ, אונ זײַנ העלד אַסאַכ מער, ווי אַ מעשוגע־גע־וואָרענער אַלטער נאַר. דאָנ־קיכאָט איז די טיפּיזאַציע פונ קלאַסנ אונ אידעאָלאָגנ, וואָס ווילנ דרײענ אַפּ צוריק די ראָד פונ דער געשיכטע, אונ כאַפּנ צוליב דעמ בײַלנ אונ קלע־פונ דער נײַער זיגערישער ווירקלעכקײַט. אַזעלכע קלאַסנ־אידעאָלאָגנ האָבנ עקזיסטירט סײַ

אין סערוואנטעסעס עפּאָכע, סײַ שפּעטער. הונדערט יאָר פאַרן „דאָן־קיכאָט" זײַנען ארויס אין לעצטן פארצווייפלטן קאמף די לעצטע דײַטשישע ריטער אונטער דער אָנפירונג פון פראנץ פאָן־זיקינגען און הוטען. „זיקינגען איז אינדערמעסן אײנפאך א דאָן־קיכאָט, כאָטש היסטאָריש בארעכטיקט" (מארקס). דאָן־קיכאָטיזם האָט באדײַט דער קאמף פון דער פראנצויזישער פראָנדע קעגן דער אבסאָליוטער מאָנארכיע, אָדער די אילוזיעס פון די פראנצויזישע פריצים אינעם רעסטאווראציע־פּעריאָד (1815—1830), אז ס׳וועט זיי געלינגען רעסטאווירן ניט נאָר די מאָנארכיע, נאָר אויך דעם גאנצן אלטן פעאָדאלן רעזשים. דאָן־קיכאָטישע פארמישפּעטקײַט ליגט אפּ אלע פרווון פון דער בורזשואזיע פון אונדזער עפּאָכע ראטעווען דעם קאפּיטאליזם, אָפּהאלטן דעם זיגרײַכן מארש פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע. אין דעם, און נאָר אין דעם באשטייט די לאנגדויערנדיקע היסטאָרישע ווירקונג און לעבעדיקײַט פון אָט דער געשטאלט, און ניט אומזיסט האָבן מארקס און ענגעלס אזוי היך געשאצט סערוואנטעסעס ווערק און גלענצנדיקעס אויסגענוצט אין זייער וויסנשאפטלעכער און פּאָליטישער פּאָלעמיק, אשטייגער, אין זייער קאמף קעגן שטירנערן („דער הייליקער מאקס"). ענלעך האָט אויך מענאכעם־מענדל א באדײַטונג ניט בלויז פאר דער דערקענטעניש פונעם יידישן קליינבערגערטום, נאָר אויך פאר דער דערקענטעניש פון וועזנטלעכע שטריכן אין דער סאָציאלער פּסיכאָלאָגיע און אופירונג פון קליינבירגערטום אין־גאנצן גענומען, און דאָס איז א וויכטיקער און ווירקלעכער פארדינסט פון שאָלעם־אליי־כעמען: וואָרעם פאראפראזירנדיק מארקס אָפּשאצונג פון פרודאָנען (בריוו, אדאָראטסקיס אויסגאבע, 24) קאָנען מיר אויך וועגן שאָלעם־אלייכעמען זאָגן: שאָלעם־אלייכעם פאר דינט צו זײַן דער קינסטלערישע אויסטײַטשער פון דעם יידישן קליינבירגערטום: דאָס איז א ווירקלעכער פארדינסט, וואָרעם דאָס קליינבירגערטום וועט זײַן א באשטאנד־טייל פון אלע קומענדיקע סאָציאלע רעוואָליוציעס.

די בורזשואזע יידישע קריטיק האָט אין מענאכעם־מענדלען נאטירלעך געזען בלויז א נאציאָנאלע יידישע קאטעגאָריע. לויט באלמאכשאָוועסן איז מענאכעם־מענדל „די יידישע פאָלקס־מעשוגאעס אין דער געשטאלט פון א יידישן סויכערל", בעשאס מענאכעם־מענדל איז אין דער ווירקלעכקײַט די מעשוגאעס פונעם קליינבירגערטום ביכלאל אין דער געשטאלט פון א יידישן סויכערל. מיט באלמאכשאָוועסעס כאראקטעריסטיק איז פולקאָם מאסקים אויך ניגער, ער גיט בלויז צו, אז טעוויע איז מער אוניווערסאל פון מענאכעם־מענדלען: „אזוי ווי אין טעוויע דעם מילכיקן האָט דער דיכטער אונדזערער זיך אופגעהויבן פון דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם וואָלינער יישוווניק ביז צו אלגעמיינע מענטשלעכע געפילן, אזוי האָט ער אין די בריוועלעך פון דעם יעהופּעצער שלימעזאלניק זיך דערגרונטעוועט ביז צו אלגעמיין־יידישע כאראקטער־שטריכן" ניגערס קורסיוו. געקליבענע שריפטן. ב. III, 90). מענאכעם־מענדל איז אלזאָ, לויט ניגערן, א פארקערפערונג פון בלויז „אלגעמיין־יידישע שטריכן". די מאָס פון אוניווערסאלקײַט איז בא ניגערן דער צעשוועמענער און קיינעם ניט קלאָרער באגריף פון „אלגעמיין־מענטשלעכע" געפילן, און אונטער דער פאָן פון די דאָזיקע „אלגעמיין־מענטשלעכע געפילן" שמוגלט דורך ניגער אן אפּאָלאָגיע פון אלע אָפּגעשטאנענע שטריכן פון טעוויען, אן אפּאָלאָגיע פונעם גאנצן עלנט פון טעוויעס פילאָסאָפיע. אינדערעמעסן זײַנען סײַ טעוויע, סײַ מענאכעם־מענדל אוניווערסאלע פיגורן, וואָרעם ביידע פארקערפּערן וועזנטלעכע שטריכן פון דער פּסיכאָ־אידעאָלאָגיע פונעם קליינבירגערטום אינגאנצן גענומען; ביידע

פארמאָגן אָבער א באשטימטע קאָנקרעט־היסטאָרישע נאציאָנאלע פאָרם, און די נאציאָנאלע פאָרם איז גראָד בא טעוויען געדיכטער פאָרגעשטעלט, ווי בא מענאכעם־מענדלען, וואָרעם שאָלעם־אליכעם האָט באוווסטזיניקט טעוויען „פארקאָנסערווירט״, פארפאטריארכאלישט.

.5

מענאכעם־מענדל איז ווי באקאנט א בערזע־ספעקוליאנט, א מעקלער, א פארזיכערונג־אגענט, א שרײַבער, א שאדכן. דער גאנצער זין פון דער דאָזיקער געשטאלט, דער גאנצער קונץ באשטייט אָבער אין דעם, וואָס מענאכעם־מענדל איז ניט קיין בירזשעוויק און ניט קיין מעקלער און ניט קיין שרײַבער און ניט קיין שאדכן. מענאכעם־מענדל איז ניט א סויכערל, וואָס האָט ניט קיין מאזל, ער איז ביכלאל קיין סויכער ניט, ער איז א סויכער בלויז אין דער אייגענער פאנטאזיע. ער איז הימל־ווײַט פון דער עמעסער בערזע, און אויב די „קליינע בערזע״ שפיגלט אָפּ פארקריפּלט און פארנעפּלט די פאר זיך היפּש פארשלייערטע קאָנוואולסיעס פון דער „גרויסער״ בערזע, שטייט מענאכעם־מענדל אפן ראנד אפילע פון אָט דער „קליינער״ בערזע, ער איז די נאָכמער נעפּלדיקע און נאָכמער פארקריפּלטע אָפּשפּיגלונג פון דער „בעהאָלע פון די קליינע מענטשעלעך״—ער איז ניט נאָר א שאָטן פון דער בערזע, נאָר א שאָטן פון א שאָטן. טראכט זיך ארײַן אין די סיבעס פון מענאכעם־מענדלס דורכפאל אין „לאָנדאָן״, און איר וועט זען, אז ס׳איז אבסאָליוט ניט דערפאר, ווײַל מענאכעם־מענדל האָט שלעכט קאָמבינירט, ווײַל ער האָט געשפּילט, לאָמיר זאָגן אפן שטײַגן („האָס״), בעשאס ס׳איז געקומען גראָד א מאפּאָלע אפן רובל („בעס״). גראָד פארקערט: מענאכעם־מענדל האָט געשפּילט אפן „בעס״, „און דאָס קערבל איז טאקע געפאלן אין שעויל־טאכטיאָ ארײַן, און ס׳איז אוועק א מוירעדיקער „בעס״! וועסטו דאָך פרעגן: ווו זײַנען מײַנע „בעסן״ און מײַנע „סטאלאושן״? איז דער טערעץ: די בעסן זײַנען ניט קיין בעסן, די סטאלאושן זײַנען ניט קיין סטאלאושן... ווי אפּצעלאָכעס האָב איך געשטעקט מיט מײַן סכוירע אלץ בא אזעלכע מענטשעלעך, וואָס מיט איין קוועטש זײַנען זיי דערשטיקט געוואָרן...״ מענאכעם־מענדל פאלט דורך ניט ווײַל ער האָט שלעכט, שלימאזלדיק געשפּילט, נאָר ווײַל ער האָט ביכלאל ניט געשפּילט, ער האָט אײַנגעקויפט „בעסן״ און „סטאלאושן״, וואָס זײַנען פון אָנהייב אָן קיין „בעסן״ ביכלאל ניט געווען, וואָרעם די, וואָס האָבן עס אים „פארקויפט״, האָבן עס אליין ניט געהאט. פאקטיש האָט ער געשפּילט אין כאָלעם, אין פאנטאזיע, ער האָט נאָכגעמאכט און קאָנוואולסיוו נאָכגעקרימט די גרויסע שפּיל פון די גרויסע קאפּיטאליסטישע רויב־כאיעס, ער האָט געמאכט די גאנצע זשעסטיקוליאציע פון דער שפּיל אָן דער שפּיל גופע, געפיבערט און באגאָסן זיך מיט קאלטן שווייס און בעהיצט זיך אָן קיין שום רעאלן גרונט, ענלעך, ווי דאָס קומט פאָר אין כאָלעם.

און אָט ווערט מענאכעם־מענדל א שוטעף מיט א צווייטן מעקלער: „האקיצער, מיר האָבן מיט גאָטס הילף געמאכט א געשעפט, ד. ה. מיר האָבן געשלאָסן שוטפעס אָפּ אלע געשעפטן: ער לייגט ארײַן אין שוטפעס אלע זײַנע אימעניעס, און איך לייג ארײַן מײַנע קוינעם״,—און דער שפּיץ איז ווידער דער, אז יענער האָט ניט קיין אימעניעס און דער האָט ניט קיין קוינעם, און מעמילע עקזיסטירט דער גאנצער געשלאָסענער „געשעפט״ בלויז אין זייער פאנטאזיע. ענלעך איז מענאכעם־מענדל א שרײַבער, וואָס „זײַן נאָמען איז אפן בלאט אָפּגעדרוקט״, געדרוקט געוואָרן איז ער אָבער בלויז... אין בריוו־קאסטן,

ווו די רעדאקציע האָט אימ איינמאָל געענטפערט ער זאָל שיקנ אנדערע זאכנ. אויב מע־
נאכעמ־מענדל פירט אויס א שידעכ, איז עס ווידער אפ אזא מינ אופנ, אז קיינ שידעכ
קאָנ קיינמאָל דערפונ ניט ווערנ, מעג מענאכעמ־מענדל אפילע זייַנ מיט צענ קעפּ אונ
א שאדכנ פונ שאדכאָנימ־לאנד, וואָרעמ אזא שידעכ עקזיסטירט בִיכלאָל ניט אינ דער
וועלט: ער פּאָרט צונויפ צוויי מיידלעכ. האָט ער „אָנגעהויבנ ווערנ אנ אריַינגייער צו די
בראָדסקיס“, הייסט עס, אז ער שטייט ערגעצ בא בראָדסקינ הינטער דער טיר; האנדלט
ער מיט אימעניעס, זייַנעג עס ניט אימעניעס, נאָר אָפּיסנ פונ אימעניעס, אונ פארסטרא־
כירט ער א פאָרעצ, איז עס ניט קיינ פאָרעצ, נאָר עפּעס א שיקערער „פּיפּערנאָטער“.
אונ שרייַבט ער פארשיקערט, אז ער „טוט שוינ א געב אָדער א נעמ מיטאמאָל צענ
טויזנט פונט, צוואנציק טויזנט פונט“—שרעקט אייַכ ניט: דער „מיליאָנער“—„דארפ קלע־
טערנ אפ איַיזערנע טרעפּ א האלבע שאָ, ביז מע קומט אהיימ, אזש אונטערנ הימל, אונ
א פענצטערל איז א קליינס, ווי אינ א טורמע“... זייַנע אלע געשעפטנ זייַנענ אזוי ארומ
א פּראָדוקט פונ א צעהיצטער פאנטאזיע, די כימערישע כאלוימעס פונ א הונגעריקנ קליינ־
בירגער בא די געדעקטע רייַכע טישנ פונעמ קאפּיטאליזמ. אונ ענדלעכ, ווענ מענאכעמ־
מענדל זעט אינ פענצטער „בראָנזועליעטנ“ אונ א גילדענעמ זייגער, איז עס אינ זייַנ
קראנקער פאנטאזיע שוינ אזוי גוט ווי געקויפט, שוינ אזוי גוט ווי זייַנ אייגנס.

אָטאָ דאָ, קאָנ זיכ אויסדוכטנ, קומענ זיכ צונויפ דער שלימאזלדיקער יעהופּעצער סוי־
כערל אונ דער ניט מער גליקלעכער „ריטער פונ דער טרויעריקער געשטאלט“ דאָנ-קיכאָט
פונ לאמאנטשא. זייַנענ דענ ניט זיי ביידע אזוי פארטאָנ אינ זייער וועלט פונ כאלוימעס,
אז זיי באמערקנ שוינ לְאכלוטנ ניט דיווירקלעכקייט, וואָס ארומ זיי? רייַט דענ ניט
ארויס אויכ מענאכעמ־מענדל אפ דער אבסטראקטער קליאטשע פונ „געשעפטנ“, וואָרעמ
ס׳ווינקט אונ ס׳קישעפט אימ פונדערווייַטנס ד ו ל צ י נ י י ע אינ דער געשטאלט פונ „מיליאָ־
נענ, מיליאָנענ“? אונ זייַנענ דענ ניט מענאכעמ־מענדלס „לאָנדאָנס“ אונ „יאקנעהאָז“ דאָנ־
קיכאָטישע לופט־שלעסער אונ ווינט־מילנ? כאפּט דענ ניט מענאכעמ־מענדל, ווי דאָנ־קיכאָט,
קלעפּ אונ סטוסאקעס אפ שריט אונ טריט, אונ בלייַבט ער דענ ניט קעסיידער ניט גע־
וואקלט אינ זייַנ בלינד־ענטוזיִאסטישנ גלויבנ אינ די גליקנ, וואָס דערווארטנ אימ? יאָ,
מענאכעמ־מענדל אונ דאָנ־קיכאָט זייַנענ ביידע פאנטאסטנ, מאניאקנ, גלויביקער אונ באל־
כאלוימעס,—אונ דאָכ איז מענאכעמ־מענדל ניט קיינ דאָנ־קיכאָט, ווי ניגער וויל האָבנ
(ז. 92). דאָנ־קיכאָט איז אנ עמעסער ריטער, מער עכטער ריטער, ווי אלע ריטער פונ
קעניג ארטורס קייַלעכדיקנ טיש,—בעשאס מענאכעמ־מענדל איז גאָר קיינ סויכער ניט,
גאָר קיינ ספּעקוליאנט ניט. די טראגעדיע אונ דער קאָמיזמ פונ דאָנ־קיכאָט באשטייט אינ
דעמ, וואָס ער איז דער ל ע צ ט ע ר ריטער, דער פ א ר ש פּ ע ט י ק ט ע ר ריטער, וואָס
ער איז ריטער דאנ, ווענ ס׳איז שוינ גאָר קיינ ריטערטומ ניטאָ אפ דער וועלט. די וועלט
פונ ריזנ אונ מעכאשפים, וואָס רינגלט אימ ארומ, עקזיסטירט בלויז אינ זייַנ פאנטאזיע;
אָבער מענאכעמ־מענדלס אויסגעטרוימטע וועלט פונ „מיליאָנענ, מיליאָנענ“ איז פאראנ, זי
איז דאָ, זי פינקלט ארומ אימ אונ גיסט זיכ איבער אינ דאטשעס, קארעטעס מיט פערד
נאשפיצ, הייַזער פאר „א קערבל 20 טויזנט“, צירונג אינ די שוי-פענצטער, „סאָרעזשאנ־
קעס אונ שענשענעטקעס“... זי איז דאָ, די וועלט פונ מיליאָנענ, אָבער אוי־וויי! ניט בא
אימ, נאָר בא די בראָדסקיס. אינ מינוטנ פונ האלבער אויסניכטערונג הויבט עס אָנ פאר־
שטיינ מענאכעמ־מענדל אליינ, אונ ס׳רייַסט זיכ בא אימ ארויס די האלב־ביטערע באמער־
קונג: „צו דער שפּעגעליאציע באדארפ מענ האָבנ נאָר דריַי זאכנ: ס י י כ ל, מ א ז ל אונ

געלט. סײכל איז באָרעכ־האשעמ פאראנ בא מיר אזויפיל, וויפל בא אלע היגע שפּענעליאַנטן. מאזל איז בא גאָט. אונ געלט איז בא די בראָדסקיס...״

די דאָנ־קיכאָטנ שלעפּנ אפ צוריק, ווילנ אריַנבלאָזנ א נײַעמ אָטעמ אינ דער שווינדלאנג טויטער פארגאנגענהײַט — די מענאכעמ־מענדלס ווערנ זיכ אָבער מיט די הענט אונ מיט די פיס קעגנ דעמ געדאנק צוריקצוקומענ צו די טויט־געוואָרענע קאסרילעווקעס, אונ פארבלענדט אונ פארשיקערט שטייענ זיי באמ אָנבליק פונ דער קאפּיטאליסטישער קעגנוואַרט. זיבעציק מאָל רופט שיינע־שיינדל איר מאנ אינ קאסרילעווקע — אונ זיבנאונזיבעציק מאָל דרייט זיכ ארויס מענאכעמ־מענדל מיט קאָלערליי טערוצימ, אונ אפילע זיצנדיק אינ וואגאָנ אפ דער רײַזע אהיימ, פארקערעוועט ער פּלוצימ אָנ א זײַט, ביז ער פאָרט אָפּ ענדלעכ אונ אומדערוואַרטעט אינ אמעריקע. שיינע־שיינדל רעאגירט טייקעפּ אונ גאנצ לעבעדיק אפ מענאכעמ־מענדלס בריוו, ער אָבער רופט זיכ קימאט ניט אָפּ אפ יענע „נײַסנ״, וואָס זי טראָגט אימ אונטער פונ קאסרילעווקע, וואָרעמ ס'אינטערעסירט אימ שוינ מער ניט, קאסרילעווקע איז שוינ לאנג פאר אימ אָפּגעשטאָרבנ אונ רופט ער זיכ שוינ יאָ אמאָל אָפּ, איז עס מיט ביטל, מיט כויזעק, קעדיי טייקעפּ דורכצופירנ א פאראלעל מיט אָדעס אונ יעהופּעצ. דער קאסרילעווקער כאזנ, פונ וועלכנ ער האָט מינאסטאמ נאָכ מיט א יאָר צוריק געלעקט די פינגער, איז שוינ איצט בא אימ „אנ אלטער דראָנג״. וועגנ די קאסרילעווקער פארנאָסעס רעדט ער פונ אויבנ אראָפּ: „בא אײַערע קאסרילעווקער פארנאָסעס קאָנ זיכ קיינ סויכער אנדערש ניט אויסהאנדלענ. זעסט דו, בא אונדז אינ יעהופּעצ קאָנ זיכ שוינ אזא מײַסע ניט טרעפנ...״ קאסרילעווקער באנקראָטנ האָבנ בא אימ גאָר קיינ פּאָנעמ ניט: „וואָס דו שרײַבסט מעקויעכ קאָפּלס אָנזעצ, האָט עס בא מיר א שיינעמ פּאָנעמ קעגנ די היגע אָנזעצנ״, אונ אזוי אויכ קאסרילעווקער ליבע־געשיכטעס: „וואָס דו באשרײַבסט מיר די מײַסע מיט לייווי מוישע־מענדעס זונדל, וואָס ער האָט מעקאדעש געווענ ליבעס טאָכטער, איז דאָס בא מיר פונ די קליינע כידושימ״... זײַנ קינפּטיק לעבנ שטעלט ער זיכ שוינ גאָר ניט פאָר אויסער די ראמענ פונ דער גרויסער שטאָט, אונ זײַנ לעבנ־אידעאל איז דער לעבנ־שטייגער פונ א פארוועניו, דער לעבנ־שטייגער פונ א שימעלע סאָראָקער נאָכנ גרויסנ געווינס...

מענאכעמ־מענדל איז אזוי ארומ א קאָנצענטרירטע, ביז גאָר פארשארפטע אנטפּלעקונג פונ דער איליוזאָרישקײַט פונ דעמ קליינבירגערס עקזיסטענצ אינ דער קאפּיטאליסטישער וועלט, א ביז גאָר ביטער אונ אנטשיידנ אראָפּרײַסנ די מאסקע פונ זײַנ קלויערשטער זעלבשטענדיקײַט, אומאָפּהענגיקײַט, פרײַער אויסוואל, א פארניכטנדיקע קריטיק פונ יענע אלע צענדליקער טויזנטער קליינבירגער, וואָס טראָגנ זייערע בידנע גראָשנס אינ די שפּאָר־קאסעס, ווו באלעבאטעווענ וועלנ איבער זיי די קאפּיטאליסטישע מעלוכע אונ די גרויס־בורזשואזיע; וואָס קויפנ אפ זייערע אָפּשפּאָרונגענ אקציעס מיט אָבליגאציעס אונ ווערנ אינ זייער פאנטאזיע שיר ניט ראנטיעס, קלוימערשטע אייגנטימער פונ קלוימערשטע, אונ אינ טאָכ „פּארוואסערטע״ אונ ווערטלאָזע פּאפּירלעכ, וואָס גיבנ סאכאקל דעמ קליינ־אייגנטימער קיינ שומ דייע ניט אונ קיינ שומ כיילעק אינ קיינ שומ אונטערנעמונג, וואָס געהער דער אקציע־געזעלשאפט; וואָס ווערנ אפּנ ברוטאלסטנ אויפנ, ווי מענאכעמ־מענדל, בארויבט אונ נאקעט געשטעלט בא יעדער געלעגנהײַט אונ ביפראט אינ קריזיס־צײַטנ דורכ די גרויס־קאפּיטאליסטישע וואלפישנ; וואָס גייענ מיט שטאָלצ אונ ענטוזיאזמ צו די וואל־אורנעס פונ דער בורזשואזער „דעמאָקראטיע״, ניט כוישעד־זײַענדיק, אז אינ טאָכ האָבנ זיי בלויז די פרײַע וואל צווישנ איינ גרופּירונג פונ קאפּיטאליסטנ אונ

דער צווייטער; וואָס ווערן געפאנגען אפ דער ווענטקע פון פאשיסטישער דעמאגאָגיע זעען שוין אין זייער פאנטאזיע, ווי ס׳פארשווינדן די גרויסע „אוניווערמאגן״, און ווערן אין טאָג בלויז אויסגענוצט ווי דער רויב־אָביעקט און די שלאכט־פי פון די קרופס און די טיסענס. קורץ, מענאכעם־מענדל איז א סאטירע אפן גאנצן שפיל פונעם קליינבירגערטום פארן קאפיטאליסטישן טײַוול. געוויס קומען אויך שאָען פון אויסניכטערונג, שטימונגען פון געפאלנקײַט, זיי זײַנען טאקע פאראן אויך בא מענאכעם־מענדלען, די דאָזיקע מאָמענטן פון קליינבירגערלעכן אורטייל: „איך פארשעלט מיר דאָס געביין הונדערט מאָל א טאָג, בעסער וואָלט איך זיך אויסגעבראָכן א פוס, איידער איך בין געקומען אהער אין אָדעס, ווו א מענטש האָט קיין שום ווערדע ניט...״ אָדער: „האשעמאיסבאָרעך זאָל עפעס א נעס טאָן מיט מיר: גאזלאָנים זאָלן אפ מיר אָנפאלן און מיך הארגענען, אָדער איך זאָל אזוי שטארבן גייענדיק אין גאס, וואָרעם, זוגאָסי האיעקאָראָ, איך קאָן דאָס שוין מער ניט איבערטראָגן...״ אָדער דער לעצטער, אגעוו, דער שטארקסטער, אקאָרד פון „מיליאָנען״: „אלע טראסקען, נאָר איך איינער שטיי און קוק, ווי די וועלט מאכט געשעפטן און פארדינט געלט, און איך דריי מיך ארום ווי א פרעמדער. איך זע פאר זיך מיליאָנען און מיליאָנען, און קאָן זיי ניט כאפן... איך בין שטענדיק עפעס ווי אין דרויסן...״ אזעלכע אויסניכטערונג־מאָמענטן פארמאָגט ניט דאָן־קיכאָט (אויב לאָזן אָן א זײַט דעם מאָראליזאטאָרישן לעצטן קאפיטל, ווו דאָן־קיכאָט טוט טשוווע). א שטארק אײַנדרוק מאכט אפ דאָן־קיכאָטן דאָס באזיגט ווערן לויט אלע קלאָלים פון ריטערלעכער קונסט אין אָפענעם צווייקאמף, אָבער אויך דאן ווייס ער בלויז, אז „דולציניי פון טאָבאָס איז די שענסטע דאמע אין דער וועלט, און איך—דער אומגליקלעכסטער ריטער אפ דער ערד״...

יאָ, מענאכעם־מענדל איז ניט קיין סויכער, נאָר א קאריקאטור אפן סויכער, ניט קיין ספעקוליאנט, נאָר א קאריקאטור אפן ספעקוליאנט,—מענאכעם־מענדעליזם איז די קאריקאטור אפן קאפיטאליזם. ניטאָ קיין קאריקאטור אָן גוזמע און פארקריפלונג, די געלונגענקײַט און די ווירקעוודיקײַט פון א קאריקאטור הענגט אָבער אָפּ ניט אזויפיל פונעם איבערטרײַבן, וויפל פון דער ענלעכקײַט צום אָריגינאל, וואָס מער די קאריקאטור שארזשירט און דערווײַטערט זיך פון דעם אָריגינאל, אלס ווייניקער איבערצײַגט זי. א בעמעס קינסטלערישע קאריקאטור שפיגלט אָפ, עמעס, ווי אין א פארגרעסער־גלאָז, וועזנטלעכע שטריכן פונעם אָריגינאל גופע, און אויך מענאכעם־מענדל איז ניט בלויז א סאטירע אפן קליינבירגער, וואָס קריכט צו דער בורזשואזיע און איז פארבלענדט פון איר פראכט, נאָר אויך די דעמאסקירונג פון וועזנטלעכע שטריכן אין דער גאנצער קאפיטאליסטישער סיסטעם, פון יענע שטריכן פון איראציאָנעלקײַט, פאראזיטיזם, אָנאייגענונג און רויב, וואָס זײַנען אייגנטימלעך דער בורזשואזיע אפן גאנצן שטעג פון איר געשיכטע.

מענאכעם־מענדלען אינטערעסירט ניט דער פראָדוציר־מאָמענט אין דער ווירטשאפט, די געברויך־באשטימונג פון די האנדל־אָביעקטן—ער זעט אין זיי בלויז זייער אויסטויש־ווערט, בלויז די רעוועך־און ספעקוליאציע־מאָמענטן, וואָס זײַנען מיט זיי פארבונדן, און ניט קיין וווּנדער, אז פון די געשעפטלעך מיט „ווייץ, קלײַען, וואָל, מעל, זאלץ, פעדערן, ראָזינקעס זעק, הערינג״ לויפט ער איבער צו דער אבסטראקטער „איידעלער מאטעריע „לאָנדאָן״, וואָס פארקויפן פארקויפט זיך דאָס אפן וואָרט, און זען זעט מען דאָס ניט״. דאָ קומען אָבער צום אויסדרוק איקערדיקע מאָמענטן פון דער בורזשואזער באציִונג צו ארבעט, צו דער פראָדוקציע, צו דער טעכניק, צו די פארברויך־פאָדערונגען און אינטערעסן פון די מאסן,

ווּ אַלץ איז אונטערגעוואָרפן דעם קאַפּיטאַליסטישן פּראָפיט. דאָ קומט צום אויסדרוק די גרייטקייט פון די קאַפּיטאַליסטן לאָזן פאַראָסטן די קאָמפּליצירטעסטע מאַשינעס, אויב ס'לוינט בעסער נוצן בּיליקע אַרבעט־הענט. דאָס אָפּקויפן דערפינדונגען און באַגראָבן זיי אין אַרכיוו, אויב דאָס קאָן שאָדן די שוין אַרײַנגעלייגטע קאַפּיטאַלן אין די בּיזאַיצטיקע מעכאַניזמען, דאָס אַרײַנלאָזן זיך אין מילכאָמע־אַוואַנטיורעס און לאָזן מיטן רויך פון סנאַריאַדן מיליאַרדן שאָען פון מענטשלעכער מי, אַבי ס'וועלן וואַקסן אַפ די מילכאָמע־הייוון די קאַפּיטאַליסטישע פּראָפיטן. ענלעך דריקט אויס א טיפּ קאַפּיטאַליסטישן שטריך מענאַכעם־מענדלס בענקעניש צו אַן אומגערעטעניש, זײַן לעכצן, אַז „האַלעווײַ זאָל גאָט געבן, אַז קיין רעגן זאָל בעסער ניט גיין, און די זשוקלעך זאָלן עסן די בּוריקעס אַפ וואָס די וועלט שטייט, וואָרעם ווײַבּאַלד אַז עס וועט ניט זײַן קיין בּוריקעס, וועט דאָך ניט זײַן קיין צוקער, און אַז עס וועט ניט זײַן קיין צוקער, וועט צוקער זײַן מיט גאָלד גלײַך, וועלן די שפּעגעליאַנטן מאַכן געשעפטן, די מעקלערס וועלן פאַרדינען געלט, און איך אויך בעסויכאָם".

און וואָס מער ס'פאַרשווינדט יענע „ציוויליזאַטערישע זײַט פונעם קאַפּיטאַליזם, וואָס דריקט זיך אויס אין דעם, וואָס ער צווינגט אַרויס די מער־אַרבעט אַפ אַזאַ אויפן און בּאַ אַזעלכע באַדינגונגען, וואָס זײַנען גינסטיקער פאַר דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוציר־קויכעס, פון די געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן און פאַרן באַשאַפן עלעמענטן פון א העכערער נײַער פאָרם, ווי בּאַ די פריִערדיקע פאָרמעס פון שקלאַפנטום, לײַבּאייגנטום א. אַז. וו." (מאַרקס, קאַפּיטאַל, רוסישע אויסגאַבע, ב. III 290,2); וואָס מער ס'פוילט דער קאַפּיטאַליזם און די מאָדערנע פּראָדוציר־קויכעס קומען אין קאָנפליקט מיט די פּראָדוציר־און אייגנטום־פאַרהעלטענישן, וואָס זײַנען די באַדינגונגען פון דער עקזיסטענץ פון דער בּורזשואַזיע און פון איר הערשאַפט; וואָס ווייניקער ס'קאָן זיך ספּראַווען די בּורזשואַזיע מיט יענע גײַסטער, וואָס זי האָט אַרויסגערופן,—אַלץ מער ווערט ענלעך די קאַריקאַטור אַפן אָריגינאַל. אַלץ מער מענאַכעם־מענדליש ווערט די עקזיסטענץ און די טעטיקײַט פון דער בּורזשואַזיע, און ס'קראַכן דאַן ניט בלויז די מענאַכעם־מענדלס, נאָר אויך די קרײַגערס, די סטאַוויסקי־אַפּערעס, פאַרכאַפּן אַלע שיכטן פון דער בּורזשואַזיע, פונעם קרעמער בּיזן מיניסטאָרן־קאַבּינעט, עס פירן אויך פאַנטאַסטישע שידוכים די זנאַכערס פונעם קאַפּיטאַליזם און פאָרן צונויף אומפּרוכטבּאַר צוויי מיידלעך, פאַרסטראַכירן דעם לעבּן פון „פּריצים", וואָס זײַנען גאָר „פּיפּערנאָטערס".

אָטאָ דאָס איז די דריטע און לעצטע פאַראַלגעמיינערונג, וואָס ס'טראָגט מיט זיך די מענאַכעם־מענדל־געשטאַלט. אין דער ערשטער און סאַמע אויסערלעכער פאַראַלגעמיינערונג איז מענאַכעם־מענדל געווען א סאַטירע אַפן ייִדישן לופט־מענטש, אַפן קליינעם ייִדישן סויכער, מעקלערל, שאַדכן, האַלבּ־אינטעליגענט; פון אונטער דער נאַציִאָנאַלער פאָרם קוקט אָבּער אַרויס א מער אַלגעמיינער סינטעז—די געשטאַלט פונעם קליינבּירגער, וואָס איז א קאָרבּן און דער רויבּ פון קאַפּיטאַליסטישע איליוזיעס, די קליינבּירגערלעכע זעלבּסטאָפּנאַרערײַ; אין הינטער־גרונט הויבּט זיך אָבּער אויף אין דער גאַנצער העסלעכקײַט די פיזיאָנאָמיע פונעם פוילנדיקן, אונטערגייענדיקן קאַפּיטאַליזם, וואָס איז שוין מער ניט קיין הערשער איבּער די געוואַלטיקע מאָדערנע פּראָדוציר־קויכעס און איז פּייִק בלויז אַפ אומפּרוכטבּאַרע אַוואַנטיורעס און ספּעקוליאַציעס. ענלעך איז באַלזאַקס „אַלטער וואָכערער גאָבּסעק שוין אַרײַנגעפאַלן אין קינדהײַט, ווען ער הויבּט אָן זיך שאַפן אַן אויצער פון אָנגעזאַמלטע סכוירעס" (מאַרקס, קאַפּיטאַל, ב. I, 463), און נאָך זײַן טויט געפינט דערוויל אין זײַן צימער הויפנס קאַליע־געוואָרענע פּראָדוקטן, פוילנדיקע קאָלאָ-

ניאלע סכוירעס, כאָרעווע מעבל—די דאָזיקע זעלבסט־פארניכטונג פונעם אלטן פראָצענטניק, וואָס באדײַט מעשוגאעס, „ארײַנפאלן אין קינדהײַט“ אינעם אופשטײַג־פעריאָד פון קאפיטאליזם, ווערט אָבער דער סימבאָל פונעם קאפיטאליזם אין דער סטאדיע פון זײַן פוילן. די גאָבסעקישע קאריקאטור אפן קאפיטאליזם ווערט וואָס ווײַטער אלץ ענלעכער אפן אָריגינאל, און לייענענדיק די דאָזיקע שוידערלעכע באלזאקישע זײַטלעך שווימט ארויף אפן געדאנק דער הײַנטיקער קאפיטאליזם מיט זײַן פארברענען סכוירעס אף מיליאָניקע סומעס, כאָרעוו מאכן הונדערטער־טויזנטער העקטאר בליִענדיקע ערד, אויספארקויפן מאשינעס אף שמעלץ, פארמישפעטן אף אומטעטיקײַט צענדליקער מיליאָנען פלײַסיקע הענט. די זעלבסט־פארניכטונג פונעם מעשוגע־געוואָרענעם אלטן פראָצענטניק ווערט דער סימבאָל פון דער זעלבסטפארניכטונג פון דער גאנצער קאפיטאליסטישער סיסטעם.

6

מענאכעם־מענדל איז א ט ר א ג י ־ ק אָ מ י ש ע פיגור. דער טראגיזם פון מענאכעם־מענדלען וואָרצלט אין דער אָביעקטיווער סיטואציע פון זײַן קלאס, ווי א צווישן־שיכט צווישן די צוויי אנטיפאָדן פון דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, אין זײַן פארמישפעטקײַט, אין דעם, וואָס „דער קליינבירגער געפינט זיך אין אזא עקאָנאָמישער לאגע, זײַנע לעבנ־באדינגונגען זײַנען אזוינע, אז ער קאָן ניט זיך ניט אָפנארן“ (לענין, באנד XX 1 53). זײַן קאָמיזם וואָרצלט אין זײַן סוביעקטיוון זעלבסטגעפיל, אין זײַן ניט פארשטײן די אָביעקטיווע לאגע, אין זײַן גרויסהאלטערײַ און בארימערײַ, אין יענער סטירע, וואָס איז פאראן צווישן דער ווירקלעכקײַט און יענער וועלט פון אילוזיעס, וווּ ס'פארטראָגט אים זײַן היציקע פאנטאזיע. דער קעסיידער אָפגענארטער מענאכעם־מענדל איז א ט ר א ג י ש ע פיגור; ק אָ מ י ש איז מענאכעם־מענדל, ווען ער נארט אָפ זיך אליין. מעמיילע פאלט אָפ יעדער שפור פון קאָמיזם אין יענע געציילטע מינוטן פון אויסניכטערונג, ווען מענאכעם־מענדל באגרײַפט שוין אליין זײַן דאלעס און געפאלנקײַט, ווען ער הויבט אָן צו פארשטײן, אז ער איז „שטענדיק עפעס, ווי אין דרויסן“, אז „ער דרייט זיך ארום ווי א פרעמדער“ העשאס „די וועלט מאכט געשעפטן“. מעמיילע איז מענאכעם־מענדל צומייסטן קאָמיש אין די מינוטן פון העכסטן ענטוזיאזם, ווען ער „ברענט, קנאקט, פליט“, און איז טיף איבערצײַגט, אז „ער וואקסט, ער וואקסט“, ווען ער בלאָזט פון זיך און האלט זיך גרויס („עס האָט אים אָבער געהאָלפן ווי א טויטן באנקעס, איך, אז איך זאָג געלט, איז געלט!“ אָדער: „איך האָב מיך מיט זיי אזוי לאנג געראנגלט, ביז זיי האָבן פאָרט אויסגענארט בא מיר מײַנע פינף „לילעפוטלעך“ מיט די פינף „וועגעלעך“. נאָר וואָס דען? איך האָב זיי אָבער אויך גוט אָפגעטאָן. איך האָב מיך באלד אָפגעדעקט, איך האָב אריבערגעשמיסן“.— דאָס „גוט אָפטאָן“ באשטייט אין דעם, וואָס מענאכעם־מענדל האָט צוריק אָפגעקויפט, אָבער אף א מער טײַערערן פרײַז, זײַנע פריִערדיקע פאפירלעך).

עמעס, שאָלעם־אלייכעם האָט דעם קאָמיזם פון אָט דער פיגור געבויט אף נאָך איין מאָמענט: אפן קאָמיזם, אף דער לעכערלעכקײַט פונעם פראָווינציאל אין דער גרויס־שטאָט, אף דער סטירע, וואָס איז פאראן צווישן זײַן פראָווינציעלער היספײַלעס, דילעטאנטיזם, נאיִווקײַט און לײַכטגלויביקײַט מיט די גרויס־שטאָטישע זיטן און שטייגער. דערפון נעמען זיך יענע שוין בארימטגעוואָרענע קאָמישע עפעקטן, ווי מענאכעם־מענדלס היספײַלעסדיקער שילדערונג פון פאנקאָניען, וווּ „ווי באלד מע זעצט זיך נאָר אנידער, אזוי קומט צו א מענטש

מיט א פראק און הייסט, מע זאָל הייסן געבן מאָראָזשענע, קאָן מען ניט זײַן קיין דאָווראַכער און מע מוז הייסן געבן; און אז מע עסט אוף די פּאָרציע מאָראָזשענע, הייסט ער, מע זאָל הייסן געבן נאָך א פּאָרציע", און הונדערטער ענלעכע שטעלעס (א שטייגער ווען מענאכעם־מענדל סטראשעט זײַן רײַכן פעטער, אז ער וועט אים „קלאַפּן א דעפּעש", אָדער דאָס פּראָווינציעלע איבערדרייען בירזשע־טערמינען, פּאָליטישע געשעענישן, גרויס־שטאָטישע מינהגים א. אז. וו.). פאראן אָן סאָפעק אוא מין קאָמיזם־שטראָם אין דער מענאכעם־מענדל־טיפּיזאציע, עס איז אָבער ניט דאָס איקערדיקע, עס איז א בײַ־שטראָם, ניט דער גרונט־שטראָם פון מענאכעם־מענדלס קאָמיזם, ווארעם אויך דאָס פּראָווינציעלע אין מענאכעם־מענדלען איז א בײַזאַך און ניט דער איקער (אין קעגנזאץ, לאָמיר זאָגן, צו עליען, דעם ברודער פון מאָטל דעם כאזנס). די מענאכעם־מענדל־פיגור האָט פולשטענדיק געקאָנט אויסגעבויט ווערן אפּ מאטעריאל פון א גרויס־שטאָטישן קליינבירגער, און איינער פון די שטריכן פון דער גרויסקײַט פון שאָלעם־אלייכעמס רעאליזם באשטייט טאקע אין דעם, וואָס דער געניאַלער הומאָריסט האָט אויסגעמיטן דעם לײַכטן און אויבערפלעכלעכן וועג פון שפּילן בלויז אפּ מענאכעם־מענדלס פּראָווינציאַליזם, וואָס ער האָט עס געגעבן מיט אסאך טאקט און אסאך פאַרזיכטיקײַט, טאקע ווי א בײַשטריך, ווי א סובאָרדינירטן מאָמענט. ענלעך הייסט דער צווייטער און צענטראלער טייל פון באלזאקס „פארלוירענע איליוזיעס"—„דער גרויסער מענטש פון דער פּראָווינץ אין פּאַריזש", און דאָך האָט באלזאקס קינסטלערישער כוש אים דיקטירט ניט צו שטעלן דעם טראָפּ דאפקע אפּ דעם פּראָווינציאַלישקײַט־מאָמענט אין דער טיפּיזאציע פון ליוסיען דעריבאנפּרע. דער קאָמיזם פון שיינע־שיינדלען איז דאפקע מער געבויט אפּ אָט דער פּראָווינציאַלער באגרענעצטקײַט און הינטערשטעליקײַט, און ער איז טאקע גרעבער, פּראָסטער, וולגערער, מער באנאל—ער ווירקט פון אָנהייב אפילע מער דירעקט און שטארקער, ווי מענאכעם־מענדלס קאָמיזם, ער עסט זיך אָבער גיך צו און הויבט אָן ווערן מאָנאָטאָן, ווארעם ער פארמאָגט ניט קיין פארטיפונג, קיין גרעסערן שווונג. מיר קאָנען אין אים ניט אנטדעקן אלץ נײַע און נײַע שטריכן און מאָמענטן, ווי דאָס איז דער פאל מיט מענאכעם־מענדלען. אוא איז אָבער דער עפעקט פון יעדער ארט קאָמיזם פון נידעריקערן גראד.

7

און אָט זײַנען מיר צוגעקומען צו דער שיינע־שיינדל־געשטאלט. שיינע־שיינדלען האָט שאָלעם־אלייכעם טראקטירט אין א הומאָריסטישן פלאן, מענאכעם־מענדלען אָבער סאטיריש. ניטאָ נאָך א געשטאלט, וואָס שאָלעם־אלייכעם זאָל זי האָבן באהאנדלט אזוי קריטיש, אזוי שארף און פארניכטנדיק דעמאסקירט ביזן סאָף, ווי די מענאכעם־מענדל־געשטאלט. געוויס זײַנען פאראן דאָ און דאָרט איינצלנע מאָמענטן, ווען שאָלעם־אלייכעם דערפילט א שטיקל מיטלייד צו זײַן העלד, און פארענדיקט ווערט דאָס גאנצע ווערק, ווי באקאנט, פלוצים (און ווייניק מאָטיווירט אין מענאכעם־מענדלס מויל) מיט א טעוויע־דער־ליגיעזן ביטאָכן־אויסגעשריי: „מיר האָבן א שטארקן גאָט". עס איז ווייניק מאָטיווירט פאר מענאכעם־מענדלען אפילע אין זײַן לעצטער סטאדיע, ווארעם אפילע דאן קוועלט זײַן ביטאָכן ניט פון דער איבערצײַגונג אין דער אלמעכטיקײַט פונעם פּאטריאַרכאלן גאָט, נאָר פונעם גלויבן אין דער אלמעכטיקײַט פון דער קאפּיטאליסטישער אמעריקע („ווײַל אין אמעריקע, זאָגט מען ווערן ייִדן גליקלעך"). עס איז ווייניק מאָטיווירט פאר מענאכעם־

מענדלענ, וואָרעמ אינ אלגעמײנ בלײַבט מענאכעמ־מענדל זיכ געטרײַ ביזנ סאָפ, ביזנ לעצטנ בריוו, אונ דער פרווו ארײַנצוטראָגנ טעוויע־עלעמענטנ אינ מענאכעמ־מענדלענ האָט געקאָנט בלויז פאטערנ די גאנצע געשטאלט. פאראנ אלזאָ מאָמענטנ, ווענ שאָלעמ־אלײכעמ באקומט מיטלײַד צו זײַנ געשטאלט, אונ דאָס איז שײַעכ ביפראט צו יענע שטעלנ, ווו די קריטיק פונ מענאכעמ־מענדלענ גײט אריבער אינ מענאכעמ־מענדלס זעלבסטקריטיק, צו יענע שטעלנ, וואָס שילדערנ מינוטנ פונ מענאכעמ־מענדלס אויסניכטערונג. עס זײַנענ אָבער ניט מער ווי מינוטנ אונ ניט מער ווי אײנצלנע מאָמענטנ. עס דאָמינירט אינ שאָלעמ־אלײכעמס באציִונג צו מענאכעמ־מענדלענ דער מאָטיוו פונ קריטיק, פונ ארונטערײַסנ אונ דעמאסקירנ.

די וואָרצלענ פונ שאָלעמ־אלײכעמס קריטישער באציִונג צו מענאכעמ מענדלענ דארפ מענ זוכנ אינ דעמ אורטײל פונ דעמ קלײנבירגער, אינ דעמ געפיל פונ פראָטעסט, אנטוישונג אונ פעסימיזמ, וואָס כאפט ארומ דאָס קלײנבירגערטומ אינ רעזולטאט פונ די קלעפ פונעמ קאפיטאליזמ. אָנ סאָפעק האָבנ זיכ דאָ צוגעמישט אויכ ציִעניסטיש־נאציִאָנאליסטישע טענער, אינ דער קריטיק פונ מענאכעמ־מענדלענ לאָזט זיכ פילנ אויכ דער בײַטאמ פונ די ציִעניסטישע „גאָלעס"־טעאָריעס, אונ מענאכעמ־מענדל דערשײַנט ווי א פארקערפערונג פונ די „גאָלעסדיקע" ספעציפיש־ייִדישע פארנאָסעס. אינ גרונט אָבער טראָגט די קריטיק פונ מענאכעמ־מענדלענ אונ פונעמ מענאכעמ־מענדליזמ אָנ סאָפעק א פראָגרעסיוונ כאראקטער, וואָרעמ זי פארקערפערט קינסטלעריש די ספײקעס פונעמ קלײנבירגער בענעגײע דער בורזשואזער אָרדענונג (ענלעכ האָט מארקס פאָרמולירט סיסמאָנדיס באדײַטונג אינ דעמ, וואָס ער פארקערפערט די ספײקעס פונ דער בורזשואזער פאָליטישער עקאָנאָמיע. פארגלײַכ „צו דער קריטיק פונ דער פאָליט־עקאָנאָמיע", רוסישע אויסגאבע 1932, ז. 83). עס איז אָבער פאָרט געווענ א קריטיק פונ קלײנבירגערלעכנ שטאנדפונקט, פונ יענעמ שטאנדפונקט, וואָס „ווארפט ארויס אריבערנ באָרט יעדנ היסטאָרישנ רעאליזמ, קעגנשטעלנדיק אלע מאָל די ווירקלעכקײַט פונעמ קאפיטאליזמ צו דער אויסטראכטעניש פונ די ביז־קאפיטאליסטישע אָרדענונגענ" (לענינ, באנד II, ז. 324 „פונ וואָסער יערושע זאָגנ מיר זיכ אָפ"). אזוי ארומ איז אנטשטאנענ די שײנע־שײנדל־פיגור אינ דעמ ווערק, וואָרעמ שאָלעמ־אלײכעמ קריטיקירט מענאכעמ־מענדלענ פונ די פאָזיציעס פונ שײנע־שײנדלענ, פונ די פאָזיציעס פונ „דער אויסטראכטעניש פונ די ביז־קאפיטאליסטישע אָרדענונגענ".

געוויס איז שאָלעמ־אלײכעמס באציִונג צו שײנע־שײנדלענ א סטירעדיקע, ווי ס'איז סטירעדיק זײַנ באציִונג צו טעוויענ. שײנע־שײנדל איז ביכלאל נענטער צו טעוויענ, ווי צו מענאכעמ־מענדלענ, אונ אינ בײדנ קומט צומ אויסדרוק שאָלעמ־אלײכעמס „פארורטײל" אינ דעמ זינענ, וואָס פארגלײַכנדיק די ווירקלעכקײַט פונעמ קאפיטאליזמ מיט די ביז־קאפיטאליסטישע אָרדענונגענ, הויבט ער אָנ אידעאליזירנ דידאָזיקע אָפגעשטאנענע אלט־פרענקישע צושטאנדנ, שאפט אפ זײער מאטעריאל עפעס אנ אידילישע „אויסטראכטעניש". אָבער אויכ דאָ וואכט שאָלעמ־אלײכעמס „אורטײל", אונ אײנצײַטיק מיט דער גלאָריפיקאציע פונ טעוויעס אונ שײנע־שײנדלס לעבנס־פילאָסאָפיע קומט דאָס אויסלאכנ זײ פונ שטאנדפונקט פונ זײער פארעלטערטקײַט, הינטערשטעליקײַט. געוויס איז טעוויע קאָמפליצירטער, אײדעלער, מער דענקער ווי שײנע־שײנדל, ער ווערט טאקע ווײניקער אויסגעלאכט אונ מער גלאָריפיצירט. בא טעוויענ לאכט אויס שאָלעמ־אלײכעמ סאָפקאָלסאָפ ניטוועזנטלעכע מאָמענטנ, אינ גרונט אָבער סאָלידאריזירט ער זיכ מיט אימ אונ פילט אימ מיט. איבער שײנע־שײנדלענ לאכט ער קעסײדער, ער פארשפיצט אָבער קײנמאָל ניט זײַנ געלעכטער ביז א סאטירע, ער כויזעקט פונ איר קײנמאָל ניט אָפ. ער לאכט אויס איר

פראָווינציִאַליזמ, איר קליינשטעטלדיקע אָפּגעשטאַנענקייט און נאַיִווקייט, אירע ייִדענע-מידעס, אשטייגער, איר אייפערזוכט, די קלאַסישע קינע צו בלומע-וולאַטען, איר באַריידעוודיקייט, וואָס איז פול אַלאָגיזמען—דאָס איז אָבער א גאַנצ אומשולדיקע קריטיק, וואָס איז נעגייע אויבערפלעכלעכע און ניט וועזנטלעכע כעסרוינעס, און וואָס ווערט קאָמפּענסירט דורכנ אונטערוקנ גלייכ און גלייכצייטיק א ריי ריינוואַשנדיקע סימפּאַטישע שטריכנ און מײַלעס: די קלאָלעס, מיט וועלכע זי באַשיט דעמ מאַנ, שטרײַכנ אינ טאָכ בלויז אונטער איר הייסע ליבע צו איר „מענדלען"; איר קעסיירערדיקע גרינגשעצנדיקע באַציִונג צו מענאַכעמ-מענדלס געשעפטנ מינערט ניט און פאַרשטעלט ניט דעמ פּאַטריִאַרכאַלישנ דערעכערעצ, וואָס זי האָט צומ מאַנ, דעמ מאַנצביל; מענאַכעמ-מענדלס דורכפאַלנ ברעכנ ניט איר איבערצײַגונג, אז איר מענדל איז דער קליגסטער און געבילדעסטער מענטש אינ דער וועלט; איר פאַרביטערונג באַקומט אַנ אויסטײַטשונג אינ די שווערע באַדינגונגענ פונ איר עקזיסטענצ; און די פאַרגראָבטע קליינשטעטלדיקע ייִדענע מיט די אייביקע קלאָלעס און זידלערײַענ געפינט גראָד אינ די מינוטנ פונ קראַכ און קאַטאַסטראָפע די פאַשעטסטע, איידלסטע טרייסט-ווערטער. אפילע אינ אָט דעמ באַשרענקטנ געביט פונ קריטיק גייט אַלזאָ שאָלעמ-אַליכעמ אריבער טייקעפ צו אַפּאָלאָגיע, און פונ דעמ מישפּעט גייט ארויס שיינע-שיינדל א זיגערנ, ווי א טרעגערנ פונ אַלע פּאַטריִאַרכאַלע „גוטע מידעס": פאַנאַטישע ליבע צומ מאַנ און צו די קינדער, אומבויגזאַמער לעבנ-ווילנ, ניט געבראָכענער אָפּטימיזמ.

וויכטיקער איז אָבער פעסטצושטעלנ, אז אינ דער גרונט-פראַגע—אינ דער באַציִונג צומ מענאַכעמ-מענדעליזמ—סאָלידאַריזירט זיכ שאָלעמ-אַליכעמ פולשטענדיק מיט שיינע-שיינדלען און מיט איר „אידעאָלאָגיע"—דער אינ פּראָפיל געגעבענער מאַמענ. די פיגור פונ שיינע-שיינדלען ווערט טאַקע בעקיוונ ארײַנגעפירט, קעדיי דורכנ מויל פונ דער קאַסריִלעווקער ייִדענע פאָרמולירנ שאָלעמ-אַליכעמס אייגענע שטעלונג, זײַנ אייגענע קריטיק פרנעמ מענאַכעמ-מענדעליזמ. דאָ טריִומפירט שוינ שיינע-שיינדל ענדגילטיק און אָנ קיינ שומ ווידערשטאַנד: אירע נעוויִעס ווערנ מעקויִעמ א האָר זאָל פעלנ, אירע כאַראַקטעריסטיקעס פונ מענאַכעמ-מענדלס געשעפטנ און פונ די מענטשנ, צווישנ וועלכע ער דרייט זיכ, טרעפנ אינ סאַמע פּינטל, כאָטש זיי ווערנ געגעבנ פונ דער ווײַט, פונ דער טיפער קאַסריִלעווקער העק. זי איז דער אַנטיפּאָד פונ מענאַכעמ-מענדלען: אויב מענאַכעמ-מענדל רײַסט זיכ פאָרויס צו אַלצ נײַע גליקנ—איז זי פאַרשטאַרט—פאַרגליווערט, זיצט ווי א וואָרעמ אינ קאַסריִלעווקער כריינ און מיינט, אז זיסער איז שוינ ניטאָ; אויב מענאַכעמ-מענדל איז פאַרשיקערט פונ דער גרויסשטאָט, איז גראָד יעהופּעצ און אָדעס פאַר שיינע-שיינדלען א קוואַל פונ מוירע און אומצוטרוי; מענאַכעמ-מענדל איז פאַרשיקערט, זי איז ניכטער, ער איז גלויביק—זי איז פול אומצוטרוי צו מענטשנ, ער איז אָפּטימיסטיש—זי איז קריטיש, ער איז א פאַנטאַסט—זי איז פּראַקטיש-אויסגערעכנט. מענאַכעמ-מענדל האָט שוינ פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אינטערעסנ, ער אינטערעסירט זיכ שוינ מיטנ ציִעניזמ, מיטנ דרייפוס-פּראָצעס,—שיינע-שיינדל איז בלויז נײַגעריק, און פרעגט זי ווענג וואָס מענאַכעמ-מענדלענ, אשטייגער, וועגנ דעמ זעלביקנ דרייפוס, פילט איר, אז שוינ מיטנ שטעלנ די פראַגע איז זי באַפרידיקט, אז דער ענטפער איז שוינ ניט אזוי וויכטיק, וואָרעמ איר אינטערעס גייט ניט אינ דער טיפ. מענאַכעמ-מענדל פאַרגעסט שוינ וועגנ ווײַב און קינד, און ס'קומט דאָ צומ אויסדרוק יענע אָפּשוואַכונג פונ די פאַמיליע-בונדנ, וועלכע ס'טראָגט ארײַנ דער קאַפּיטאַליזמ; שיינע-שיינדלס גאַנצע וועלט איז פאַרשלאָסנ אינ די שמאָלע ראַמענ פונעמ מישפּאָכע-לעבנ. און גראָד אָטאָ די פאַר-קאַפּיטאַליסטישע, אַלטפרענקישע קאָנסערוואַטיו-

קייַט האָט שאָלעמ-אַלייכעמעמ גלאָריפיצירט, אויסגעשטעלט זי ווי די שטימ פונ דער פאָלק-כאָכמע, פונ דעמ פאָלקס-סייכל. פאַראַנ ערטער, ווו שיינע-שיינדל דערהויבט זיכ שוינ צו א גאַנצער פילאָסאָפיע, אונ דאַנ איז עס ניט עפּעס אַנדערש, ווי טעוויעס פילאָסאָפיע: „אונ וואָס דו זאָגסט מעקויעכ שטאַרבנ, כאָכעמ איינער, ביזט דו א גרויסער נאַר: א מענטש נעמט זיכ ניט אַליינ דאָס לעבנ, א מענטש נעמט זיכ ניט אַליינ דעמ טויט. אונ אז מע ווערט אָנ דאָס נאַדנ, באַדאַרפ מענ זיכ שוינ טאַקע א מייַסע אָנטאָנ? דו נאַר איינער, ווו שטייט עס דענ אָנגעצייכנט, אז מענאַכעמ-מענדל באַדאַרפ האָבנ געלט? אונ מיט געלט איז מענאַכעמ-מענדל דענ ניט דער אייגענער מענאַכעמ-מענדל, וואָס אָנ געלט? שוטע, דו ווילסט גיינ קעגנ גאָט? זעסט דאָכ, אז ער הייסט ניט, הייַנט וואָס פילדערסטו? א שיינע, ריינע קאַפּאָרע!.. דעריקער זאָלסט ניט זייַנ קיינ יידענע, מענדל!" דער זינ איז ניט עפּעס אַנדערש, ווי טעוויעס געדאַנקענ-גאַנג, אונ עס איז שאָלעמ-אַלייכעמס באַקאַנטע ביטאָכנ-פילאָסאָפיע: דאָס קליינבירגערטומ וועט באַשטיינ אויכ „אָנ געלט", אָנ די קאַפּיטאַליסטישע גליקנ, עס וועלנ אימ ניט איינברעכנ קאָלערליי צאָרעס—אונ אַגעוו איז פאַראַנ „א שטאַרקער גאָט". עס איז נאַטירלעכ ניט מער ווי שטרויס-פּאָליטיק, דידאָזיקע ביטאָכנ-„פילאָסאָפיע", דאָס דאָזיקע פאַרשטעקנ דעמ קאָפּ אינעמ זאַמד פונ „פאַרקאַפּיטאַליסטישע אויסטראַכטענישנ" אַבי ניט צו זענ די צאָרעס, וואָס ס'טראָגט מיט זיכ דער קאַפּיטאַליזמ. מיט יאָרנ פריִער האָט אָט דעמ קלעריקאַל-קאָנסערוואַטיוונ „ביטאָכנ" ביטער אויסגעלאַכט אינ זייַנע „מאַסאָעס" דער ראַדיקאַלער מאַסקיל מענדעלע: „ביטאָכנ, ביטאָכנ, סענדערל! ביטאָכנ איז א יידישע זאַכ, מיט ביטאָכנ זעסטו, עפּענענ דאָ יידישע קינדער אופ גרויסע געוועלבנ"... דאָס איז געווענ באַמ באַגינענ פונעמ קאַפּיטאַליזמ. עס זייַנענ אָבער אַוועק עטלעכע יאָרצענדליקער, אונ וואָס פוסטער ס'זייַנענ געוואָרנ די פּאָליצעס פונ די געוועלבנ, אַלץ שטאַרקער זייַנענ געוואָרנ דאָס ביטאָכנ-זוכעניש, דער „נאַדריוו"-אָפּטימיזמ אינ דער בורזשואַזער יידישער ליטעראַטור.

שיינע-שיינדלס „פילאָסאָפיע" פּראָקלאַמירט, אַלזאָ, שאָלעמ-אַלייכעמ, ווי די שטימ פונ דער פאָלק-כאָכמע, אירע פאָרורטיילנ—ווי דעמ אויסדרוק פונעמ געזונטנ סייכל, דעמ אורטייל פינ די פאָלקס-מאַסנ,—אונ ניט אומזיסט זייַנענ שיינע-שיינדלס בריוו פול מיט פאַרופונגענ אונ ציטאַטעס גענומענ באַ דער מאַמענ, וואָס אָפּערירט ווידער קימאַט אויסשליסלעכ מיט פאָלק-ווערטלעכ אונ פאָלק-שפּרוכנ. גראָד אָבער די דאָזיקע אַפאָריזמענ אַנטפּלעקנ קלאָר אונ בולעט, וואָס פאַר א „פאָלק" קומט דאָ צומ אויסדרוק: „פונ לופט כאַפּט מענ א פאַרקילונג"; „האָב איינזינענ זיכ, וועסטו פאַרגעסנ אינ יענעמ"; „שנייַץ די נאָז—שמיר דעמ פּאָנעמ"; „אז מע האָט ניט קיינ פינגער, קאָנ מענ קיינ פייַג ניט שטעלנ"; „אז מע לייגט אַרייַנ קאַדאָכעס, נעמט מענ אַרויס א קרענק"; „ווער עס פאַרשטייט ניט אַפּנ ווונק, דעמ גיט מענ מיט א שטעקנ"; „כאַפּ אויס די יאַרמלקע מיט ניס אונ אַנטלויפ"; „קאָלזמאַנ דאָס געלט איז אַפּנ פּאַפּיר, איז עס פּאַפּיר"; „זיצ אינ דערהיימ, וועסטו ניט צערייַסנ קיינ שיכ"; „א נעמעראָווער איז ניט קיינ געבעראָווער, אונ א גוטער ברודער איז נאָר ביז צו דער קעשענע"; „ראָשכוידעש עלעל גייט אַוועק, אונ באַלעבאָס בלייַבט באַלעבאָס"; „קוש דעמ קאַנטשיק, וואָס שמייַסט דיכ".[1]) עס איז ניט די שטימ פונעמ פאַרביטערטנ האָרעפּאַשניק, וואָס קומט צומ אויסדרוק אינעמ שלאַל אַנטיקלעריקאַלע אונ אַנטי-קאַפּיטאַליסטישע שפּריכווערטער, אונ ווו מיר געפינענ אַגעוו א גאַנצ בייַסיקע באַציִונג

[1]) לויטנ קאָנטעקסט איז עס א פּאָזיטיווע פאָדערונג פונ האַכנאָע, ניט איראָניע.

צו שײנע־שײנדלס גאָט־ביטאָכנ (אשטײגער: „גאָט װעט העלפנ, נאָר װי העלפט גאָט ביז גאָט װעט העלפנ?״) עס איז ניט יענער קװאל פונ האָרעפאשנעם פראָטעסטאנטישנ פאָלקלאָר, פונ װעלכנ ס׳שעפט אשטײגער בערגעלסאָנס ראכמיִעל דער שוסטער. דער מאמעס װערטלעכ—דאָס איז די קאפצאָנישע, עגאָיִסטישע כיטרע, מעשטשאניש־זאטע, זעלבסטצופרידענע פילאָסאָפיע פונעם באלעגופל, פונעם פעסטנ „כאָזאיטשיק״.

אָטאָ דאָס איז דער לאָגישער סאָפ פונ דער קלײנבירגערלעכער קריטיק פונעם קאפיטאליזם. אנטלױפנדיק צו דער אוטאָפּיע פונ פארקאפיטאליסטישע פאטריִארכאלע פארהעלטענישנ, גלאָריפיצירנדיק זײער אָפגעשטאנענקײט, קײַקלט זיכ אראָפ דער קלײנבירגערלעכער קריטיקער סאָפקאָלסאָפ צו דער ראָלע פונ אנ ארװאָקאט פונעם באלעגופ, פונעם „פעסטנ באלעבעסל״. זײַנ דעמאָקראטיזם װערט צעשװומענ אינ ליבעראלער בורזשואזער רעפאָרמאטערײַ.

א. דאמעסעק



# פראגנ פונ דער ייִדישער סאָוועטישער קריטיק אינ ווײַסרוסלאנד [1])

מיר האָבנ בא אונדז אינ ווײַסרוסלאנד צוויי פארטיי־דאָקומענטנ, וואָסריידנ, עמעס, נאָר וועגנ דעמ איניענ פונ דונעצנ,—כ'האָב דאָ אינ זינענ די באשטימונגענ פונ ביוראָ צק אונ מינסקער שטאָטקאָמ קפ(ב)וו וועגנ דעמדאָזיקנ איניענ, — אָבער זיי באציִענ זיכ צו דער גאנצער ייִדישער ליטעראטור, מיט דער גאנצער שארפקײַט זײַנענ זיי געווענדעט קעגנ די פאקטנ פונ פארלירנ די קלאסנ־וואכזאמקײַט אינ אונדזער ליטערארישער געזעלשאפטלעכקײַט, בא אונדזערע קאָמוניסטנ־קריטיקער — אינ דער ערשטער ריי.

די באשטימונגענ גיבנ א פאנאנדערגעוויקלטע באָלשעוויסטישע אָפשאצונג די דורכרײַסנ אינ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור,—דאָס דורכשלעפנ קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישע קאָנטראבאנדע, אינ דעמ אויכ—אינ ביכער, וואָס זײַנענ דער־שינענ אינ ווײַסרוסלאנד.

דאָס פארפליכטעט אונדז צו דורכקוקנ די ארבעט פונ דער ייִדישער מארקסיסטישער קריטיק, געפינענ די סיבעס וואָס האָבנ מעגלעכ געמאכט, אז אונדזער קריטיק זאָל ניט בלויז האָבנ פארזענ די שעדלעכקײַט אינ די ווערק פונ אבטשוקנ, שאיעוויטשנ, יודעלסאָנענ, גאָר דירעקט אָדער אומדירעקט מיטגעהאָלפנ פאָפוליאריזירנ סײַ דידאָזיקע שרײַבער, סײַ זייערע שעדלעכע ביכער.

אינ די באשטימונגענ ווערנ אָנגעוויזנ דרײַ גרונט מאָמענטנ, וואָס האָבנ געפירט צו די דאָזיקע דורכרײַסנ: דאָס פעלנ פונ פאָליטישער באָלשעוויסטישער וואכזאמקײַט, די אָנ־וועזנהײַט פונ פרינציפּלאָזער גרופּלערײַ אונ מישפּאָכעדיקײַט אונ דאָס ניט גענוגנדיקע ערנסטע דערלערנענ דעמ מארקסיזמ־לעניניזמ. דאָס אלצ האָט זיכ שלעכט אָפּגעשפּיגלט אפ

---

[1]) באארבעטער קאָרעספּעראט, וואָס איז געהאלטנ געוואָרנ אפנ פלענומ פונ שרײַבער־פארבאנד פונ ווײַסרוס־לאנד, געווידמעט די פראגנ פונ קריטיק.

דער קוואַליטעט פון אונדזער ארבעט, האָט מיטגעווירקט דער אָפּשוואַכונג פון קריטיק און זעלבסטקריטיק אין אונדזערע רייען.

אזא איז געווען די קריטיק פון די פעלערן פון כ׳ דונעץ, וואָס ער האָט דערלאָזן אין זיין ערשטן בוך „אין שלאכטן״ און אין זיינע אנדערע ביכער. מיר האָבן אלץ גערעדט ארום און ארום, קעדיי ניט פארטשעפען שטארק, מיר האָבן איבערגעפלאָכטן די עלעמענטן פון קריטיק מיט פיל ליב־געזאנגען, קעדיי אָפּשוואַכן די שארפע מאָמענטן. דאָס איז געווען ניט פארטייאיש, א קריטיק א פארשמירערישע, א גרופּלערישע. אזוי אנעמיש איז אויך געווען אונדזער קריטיק בענעגייע דער ארבעט פון די אנדערע קריטיקער, ווי בראָנשטיין, קורליאנד, צארט, דעם שרייבער פון די דאָזיקע שורעס א. אנד. דעריבער טאקע קומט אונדז אויס איצטער צו ריידן וועגן פארקריפּלונגען, וואָס מיר האָבן געמאכט מיט א יאָר, צוויי און דריי צוריק.

דאָס הייסט בעשומויפן ניט, אז די יידישע מארקסיסטישע קריטיק, אין דעם אויך די קרי־טיק פון ווייסרוסלאנד, איז ניט געוואקסן און האָט ניט קיין קענטיקע דערגרייכונגען. קעגן אזעלכע לינקאטשישע אויספירן שלאָגט די באשטימונג פון צק קפּ(ב)ו, וואָס שטרייכט אונטער, אז די יידישע ליטעראטור איז איינער פון די באדייטנדיקע אָטריאדן פון די נאציאָנאלע ליטעראטורן אין וססר. אָן צווייפל, אז דאָס באציט זיך אויך צו דער יידישער מארקסיסטי־שער קריטיק. אונטער דער אָנפירונג פון דער פארטיי האָט די יידישע מארקסיסטישע קריטיק אין דער גאנצער צייט פון איר עקזיסטענץ געפירט א קאמף קעגן די רעאקציאָנערע נאציאָנא־ליסטישע ריכטונגען, קעגן די אנטימארקסיסטישע טעאָריעס אין דער יידישער ליטעראטור-קריטיק. די יידישע קאָמוניסטן־קריטיקער פון ווייסרוסלאנד האָבן אין דידאָזיקע ליטערא־רישע קאמפן גענומען א גרויסן אָנטייל.

עס דארפן אונטערגעשטראָכן ווערן די דערגרייכונגען, וואָס מיר האָבן אין געביט פון שאפן נייע קאדערן אין דער קריטיק. די פארטיי האָט דער אופגאבע געשענקט פיל אופמערקזאמקייט. די דאָזיקע יונגע קאדערן גייען נאָך דורכ, אזוי צו זאָגן, זייער זאמל־פעריאָד, אָבער אייניקע פון זיי האָבן שוין געגעבן זעלבשטענדיקע ארבעטן, וואָס ווייזן אפ אייגנארטיקייטן פון סטיל, פון צוגעגרייטקייט אין באזונדערע פראגן. עס איז קעדיי צו אָנרופן די נעמען פון די כ״כ: צארט, קורליאנד, רובינא, סערעבריאני, וויטקין.

שטייענדיק אָבער פאר די פאקטן פון די דערמאָנטע דורכרייסן, האָבן מיר אין גרונט פון דעמדאָזיקן ארטיקל געלייגט די קריטיק פון א ריי וויכטיקע פעלערן אין די קאָנקרעטע קריטישע אָפּהאנדלונגען פאר דער לעצטער צייט.

## טראַפארעט און שטאמפּ—א טויט פאר דער קריטיק

איך וויל אָנהויבן די אָפּשאצונג פון אונדזער קאָנקרעטער קריטיק, ארויסגייענדיק פון דער פאָדערונג, אז עס דארף קענטיק זיין די פערזענלעכקייט פון קריטיקער אין יעדן ארטיקל. דאָס איז ווייט ניט קיין צווייטראנגיקע אופגאבע. בעלינסקי האָט געשריבן וועגן דער ראָל פון קריטיק פון זיין צייט, אז „אין באצוג צום דערפאָלג און ווירקונג פון זשורנאל הייבט זי (די קריטיק) אָן צו ווערן שיר ניט וויכטיקער ווי גופע די דערציילונגען״. „די קריטיק,—האָט ער געשריבן,— דריקט אויס ליטערארישע באגריפן, אָנשויונגען און מיינונגען״.

נאָר קעדיי די קריטיק זאָל ווירקלעכ אויסדריקנ „ליטעראַרישע באגריפנ, אָנשויונגענ אונ מיינונגענ“ דארפ זי זײַנ אנ איבערצײַגנדיקע, איכ וואָלט געזאָגט, א פאָליטיש־איבערצײַגנדיקע, אונ דאָס קענ מענ ניט דערגרייכנ דורכ שטאמפנ, דורכ אָפּגעריבענע ווערטער.

ניט לאנג האָט די „פראוודא“ געשריבנ וועגנ דער גרויסער קונסט פונ אגיטאציע, באזונדערס אינ אונדזער צײַט, אונ האָט געגעבנ א שארפנ אורטייל דער ניט־טויגבארער אגיטאציע, דער ניט איבערצײַגנדיקער, באנאלער. „דער טראפארעט אונ שטאמפ איז א טויט פאר דער אגיטאציע“, — האָט געשריבנ די „פראוודא“. דאָס דארפנ אוואדע געדענקענ די קריטיקער, וועלכע דארפנ באהערשנ די סאמע לעבעדיקסטע אגיטאציע, וואָס דארפ געפירט ווערנ מיט דער הילפ פונ דער ליטעראטור־קריטיק.

די קריטיק דארפ זײַנ א פארטייִשע, זי דארפ דורכפירנ אונ פארטיידיקנ אינ דער ליטעראטור אונ מיט דער הילפ פונ דער ליטעראטור די פּאָליטיק פונ דער פּארטיי פונ לענינ־סטאלינ, אויסדריקנ די סאמע פּאָרגעשריטענע אידייענ פונ אונדזער עפּאָכע, פונ די נײַע מענטשנ, וואָס ווערנ אָפּגעשפּיגלט אינ דער ליטעראטור, דיסקוסירנ אונ קעמפנ קעגנ יענע אָנשויונגענ פונ די שרײַבער אונ זייערע העלדנ, וואָס אנטשפּרעכנ ניט אָדער פארקריפּלענ די ווירקלעכקײַט.

אָבער באזונדערע קריטיקער אונדזערע וועט איר דערקענענ גראדע לויטנ „אָריגינעלנ“ שטאמפּ זייערנ. בא אונדז זײַנענ פאראנ אזעלכע, וואָס האָבנ דערוואָרבנ אפילע א באזונדערנ ניט פארשטענדלעכנ שטאמפּ, זיי ריידנ אלץ ארום אונ ארום, אָבער אויכ מיט א ווערטער־בוכ וועסטו ניט דערגיינ וואָס זיי ווילנ זאָגנ. מיט אזא ארט קריטיק האָט זיכ באזונדערס געהאט אויסגעצייכנט דער כ' דאָברושינ אינ די צײַטנ פונ זײַנ „געדאנקענגאנג“. עמעס, אינ זײַנע לעצטע ארבעטנ איז ער געוואָרנ פיל קלאָרער, נאָר אויכ איצט קענ מענ נאָכ בא אימ געפינענ שטעלנ, וועלכע עס איז שווער צו איבערזעצנ אפ דער שפּראַכ פונ געדאנק. מיר וועלנ נעמענ אלס בײַשפּיל איינ זאצ אזא פונ כ' דאָברושינס ארטיקל וועגנ מארקישנ:

„ניט אופּאסנדיק דעמ דיִאלעקטישנ קלאסנ־כאראקטער פונ די דערשײַנונגענ, באגרינדנדיק די רעוואָליוציִאָנערע צערודערונגענ פונ א לעבנ, וואָס איז אימ גופּע געווענ דערווידער, האָט ער דאָכ דאָס דאָזיקע לעבנ אופגעפּאסט אונ אָפּגעלייקנט ווי אנ אבסאָליוטע דערשײַנונג, דערמיט גופּע אײַנגעשטעלט פאר דעמ די קאטעגאָריע פונ איי ביקײַט, קעגנ וועלכער ער האָט געקעמפט אונ גלײַכצײַטיק זי אנערקענט, בלײַבנדיק מיטנ באוווסטזײַנ, מיט דעמ וועלט־באנעמ אינ די רוימענ פונ אָט דער „אייביקײַט“, אויסגעפינענדיק דעריבער דעמ פארקישעפטנ קרײַז פונ ד אינדיווידואליסטישע, מעטאפיזישע אינ טאָכ „איינסאָפנ“, אינ זיי זיכ געפּלאָנטערט מיט זײַנ גאנצנ גרויסדיכטערישנ פּראָבלעמענ־מעהוס...“ („סאָוועטישע דיכטונג“ ז. 48).

אזא „דיִאלעקטיק“ פונ אייביקײַט, אבסאָליוטע דערשײַנונגענ אונ „איינסאָפנ“ איז א ווערטער־באלאסט סײַ פאר דעמ קריטיקער, סײַ פאר דעמ לייענער אונ שרײַבער. אָבער עס זײַנענ פאראנ בא אונדז אזעלכע, וואָס האלטנ דעמדאָזיקנ מינ קריטיק פאר א צייכנ פונ געלערנטקײַט, א מינ אקאדעמיזמ. דאָ, פארשטייט זיכ, מיינענ מיר ניט יענע ליטעראַרישע טערמינענ, אָנ וועלכע עס קענ זיכ ניט באגיינ קיינ שומ ספּעציִעלע דיסציפּלינ. צי קענ מענ אָבער ריידנ צומ לייענער מיט אזא שפּראַכ:

פראָלעטארישנ און ארבעטנדיקנ סאָוועטישנ לעבנ, ווען דאָס זײַנען גאָר רעכילעס אפנ ארבעטער־קלאס, אפ די ארבעטנדיקע, אפנ סאָוועטישנ לעבנ?

וויאזוי האָט די סטיכייִשקײַט פונ די פאקטנ באשטימט די וועלט־אָנשויונג פונ שרײַבער, ניט נעמענדיק אינ אכט דעם אידעאָלאָגישנ אָרגאניזירנדיקנ פאקטער אינ דער שאַפונג?—דונעצ האָט געהאלטנ פאר איבעריק דאָס צו ארגומענטירנ. ער האָט גערעדט וועגנ דעם, ווי וועגנ באוווסטע עמעסנ, וואָס קענענ ניט אָפגעלייקנט ווערנ.

אינ 1932 י., שוינ נאָכ דער באשטימונג פונ צק פונ 23־טנ אפרעל, לאָזט דונעצ ארויס זײַנ בוכ „פאר מאגניטבויענ אינ דער ליטעראטור“. דאָס איז, לויט מײַנ מיינונג, א בוכ, אינ וועלכנ דונעצ פארסאכאקלט א רײ זײַנע בעלאפישע אײַנשטעלונגענ אינ די פראגנ פונ ליטעראטור. צוזאמענ מיט דעם פארטיפט ער דאָ אויכ זײַנ אנטיפארטייִשע שטעלונג וועגנ אבטשוקס ווערק. דונעצ האָט גענומענ אפ זיכ די ניט בעקאָוועדיקע מיסיע צו פארטיידיקנ „הערשל שאמײַ“ פונ דעם נאציאָנאל־פאשיסטישנ קריטיקער ניגער. יענער, זעט איר, פרייט זיכ, וואָס דאָס בוכ גיט אימ שטאָפ פאר זײַנע אָנפאלנ אפנ סאָוועטנפארבאנד, אפ דער פראָלעטארישער מעלוכע. ניגער מאכט דאָ שוינ פאר איינס א רעכילעסדיקנ אויספיר וועגנ דער אָפוועזנהײַט פונ הומאָר אינ דער סאָוועטישער ליטעראטור. ער לייקנט באוווסטזיניק וועגנ דער אומעגלעכקײַט פונ הומאָריסטישנ זשאנר און געלעכטער אינ די סאָוועטישע באדינגונגענ. אָנשטאָט צו כאפנ ניגערנ פארנ האנט, אָנשטאָט צו דעמאסקירנ אימ, נעמט זיכ דונעצ פאָלעמיזירנ מיט ניגערנ און פארטיידיקנ „הערשל שאמײַ“. די פעלערנ פונעם ווערק געפינט דונעצ בלויז אינעמ „אינטימענ הומאָר אינ באצוג צומ נעגאטיוונ טיפאזש“.

לאָמיר דאָ באמערקנ, אז אינ דעם פאל האלט דונעצ שאמײַענ פאר א נ ע ג א ט י ו ו נ טיפ, ער רעדט ניט וועגנ זײַנ אנטיפארטייִשקײַט, ווײַל אינ דעם דאווקע פאָלעמיזירט ער מיט ניגערנ. מיט פיר זײַטנ ווײַטער זאָגט שוינ דונעצ עפעס גאָר אנדערש וועגנ שאמײַענ, דאָס איז,—זאָגט ער,—„א טיפ, וואָס איז אינ גרונט גענומענ נאָכ ניט איבערגעקאָכט אינ פראָלעטארישנ קעסל און האָט נאציאָנאליסטישע און טראָצקיסטישע שטריכנ“ („מאגניטבויענ“ ז. 52).

אינ 1933 י., אָפצייכענענדיק דעם יאָרטאָג פונ דער באשטימונג פונ צק פונ 23־טנ אפרעל וועגנ די שרײַבער־אָרגאניזאציעס, טרעט דונעצ שארפ ארויס קעגנ די ייִדישע סאָוועטישע קריטיקער, וואָס פארשווײַגנ אבטשוקס בוכ, דערבײַ דערגייט ער צו אזא לויב־געזאנג דעם דאָזיקנ ווערק, אז ער האלט אימ אלס „די פירנדיקע פראָבלעמ“ אינ אונדזער ליטעראטור פונ דער איצטיקער צײַט,—„אויב די ליטעראטור וויל ווירקלעכ גיינ אינ פוס מיט דער גאנצער בויונג און דינענ דער גענעראלער ליניע פונ דער פארטיי“.

קיינ זייכער וועגנ די שוינ אנערקענטע אינ 1932 י. „נאציאָנאליסטישע און טראָצקיסטישע שטריכנ“ פונ „הערשל שאמײַ“,—זיי ווערנ דאָ פארביטנ אפנ אלגעמיינעם וואָרט „פעלערנ“,—און שוינ.

אינ 1934 י. אפ דער בעראטונג פונ די ייִדישע שרײַבער אינ מאָסקווע פארענדיקט דונעצ אינ זײַנ פאָרטראג דעם קרײַז פונ דער דאָזיקער שעדלעכער סכעמע וועגנ הערשל שאמײַ אפ אזא אויפנ: ער זאָגט:

„אבטשוק האָט געשאפנ דאָס געשטאלט פונ „הערשל שאמײַ“ און א רײ נעבנ-פיגורנ פונ דער נײַער סאָוועטישער פאבריק, ווײַזנדיק, ווי סאָוועטיש לעבנ וואשט אָפ פליאמעס פונ קוסטארערײַ און טראָצקיסטישנ אנארכיזמ“.

אָבער ווי קומט דאָס צו פלעקן, אז מיר האָבנ דאָ א גאנצע טראָצקיסטיש-זינאָויעווישע בלאָטע. עס זײַנען נייטיק געווענ פיל באָלשעוויסטישע אָנשטרענגונגען אונ אָנווײַזונגען פונ דער פארטיי, קעדיי אראָפּטראָגנ דעמ דאָזיקנ בארג פונ אנטיפארטייִשע אָנשיכטונגען וועגנ שאמײַען אינ אונדזער ייִדישער סאָוועטישער קריטיק.

איכ האָב זיכ אָפּגעשטעלט אזויפיל אפ דער שעדלעכקײַט פונ ניט דורכנעקאָנטראָלירטע סכעמעס, ווײַל דאָס האָט ניט בלויז שווער געמאכט צו אופדעקנ זיי דורכנ ארבעטער-לייענער, נאָר דאָס האָט פארמיסטיקט אונדזער קריטיק, צוגעוווינט צו שטאמפּנ, צו באנאליטעט. זיי האָבנ אָנגעפילט פיל סאָלידע לויטנ פארנעמ ארטיקלענ אונ רעצענזיעס, האָבנ מיטגעווירקט דער אָפּשוואכונג פונ דער וואכזאמקײַט, סטימולירט אמעראצעס אונ אויבערפלעכלעכקײַט.

אָבער לאָמיר זיכ דערמאָנענ ווי אינטערעסאנט, ווי געזעלשאפטלעכ-נוצלעכ עס זײַנען געווענ די יאָריקע ליטערארישע איבערזיכטנ פונ בעלינסקענ. צ. ב. זײַנ איבערזיכט פונ 1841-טנ יאָר איז געשריבנ אינ דער פאָרמ פונ א שמועס צווישנ צוויי פערזאָנענ. אינ אימ ווערט באריִרט א ריי פראָבלעמעס פונ דער ליטעראטור אונ באזונדערע שרײַבער אפנ גרונט פונ איינציקע ווערק, וואָס זײַנען דערשינענ אָדער געדרוקט געוואָרנ אינ דער פעריאָדיק; אינ דעמ איבערזיכט פונ 1842-טנ יאָר הייבט אופ בעלינסקי אפ א ברייטנ היסטאָרישנ מאטעריאל די פראָבלעמ פונ ראָמאנטיזמ אונ אנדערע פראגנ. אזוי אויכ אינ די ליטערארישע איבערזיכטנ פונ די אנד. יאָרנ.

בעלינסקי איראָניזירט אינ איינ אָרט איבער יענע קריטיקער, וועלכע האלטנ, אז ס'איז גענוג צו איבערעכענענ די נעמענ פונ די ביכער אונ אוטאָרנ אונ אזוי ארומ כאראקטעריזירנ די ליטערארישע דערשײַנונגענ. דער אָפּאָנענט זײַנער זאָגט:

„— יע, אויב איר קלערט איבערלייענענ מיר דעמ גאנצנ קאטאלאָג פונ סמירדינענ, וועט איר געוויס בלײַבנ דער זיגער אינ אונדזער דיספּוט".

נאָכ דעמ ווילט זיכ פרעגנ: פארוואָס דארפנ דאָס אונדזערע ליטערארישע איבערזיכטנ זײַנ אזעלכע טרוקענע, שטאמפּירטע, א צוזאמענקלײַב פונ טויטע סכעמעס. אונדזער טעמאטיק איז די סאמע פאָרגעשריטנסטע אינ דער וועלט, זי איז ניט קיינ טויטער רעקוויזיט. אונדזער טעמאטיק אנטהאלט די גרויסע אידייענ פונ אונדזערע ריזיקע פלענער פונ סאָציאַליזמ, זי איז דערוואַרעמט פונ דעמ ענטוזיאַזמ פונ די שלאָגלער פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג. צומ בעסטנ האָט עס אויסגעדריקט כאווער כאריק אינ א ליד וועגנ דער בויונג:

און אפ די פרישע קאָרפּוסנ אונ אפ די הייכע ווענט
אָטעמט נאָכ די ווארעמע באגײַסטערונג פונ הענט...

געוויס וועלנ מיר ניט זאָגנ, אז אויב דער שרײַבער האָט גענומענ די טעמאטיק פונ אונדזער בויונג, האָט ער שוינ גענומענ פארטיקע אידייענ. דאָס וואָלט געהייסנ איבערכאַזערנ די פעלערנ פונ נאַיִוונ רעאליזמ, וואָס לייקנט אָפּ דעמ קלאסנ-קאמפּ אינ דער ליטעראטור. אונדזער טעמאטיק איז א טייל פונ דער ווירקלעכקײַט, וואָס איז אָנגעזעטיקט מיט קלאסנ-קאמפּ, דעריבער רופט זי ארויס ליבשאפט אונ צוגעבונדנקײַט בא די נאָענטע צו אונדז שרײַבער, אונ רופט ארויס פארביסנקײַט אונ האס בא די שרײַבער, וואָס זײַנען פײַנט דעמ פראָלעטאריאט.

אונדזער קריטיק האָט געלאָזנ אינ שאָטנ, האָט ניט געלייזט נאָכ ביז הײַנטיקנ טאָג א ריי פראָבלעמעס, וואָס זײַנענ שוינ דערוועקט אונ קענענ אופגעהויבנ ווערנ אינ צוזאמענהאנג מיט די ווערק פונ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור פאר די לעצטע יאָרנ

פאַרוואָס האָט מען ניט געקאָנט אַפּ דעם שאַפן פון כאַריקן אופהויבן די פּראָבלעם פון קאַמפּ פון צוויי קולטורן, די פּראָבלעם פון דער נאַציאָנאַלער פאָרם (דאָס האָט טיילווײַז געטאָן דער כ׳ בראָנשטיין אין זײַן אַרטיקל וועגן „קײַלעכדיקע וואָכן״, אָבער ער אָפּערירט ניט בא דעם מיט דעם נייטיקן היסטאָרישן מאַטעריאַל)?

פאַרוואָס איז ביז איצט ניט אופגעהויבן געוואָרן אין דער גאַנצער טיפקײַט אַרום קולבאַקס „זעלמעניאַנער״ די פראַגע וועגן דעם, צי קען מען זיי רעכענען אַלס טיפּישע פאַראַלגעמיינערונג און וואָס אַרײַנלייגן אין דער דאָזיקער פאַראַלגעמיינערונג?

אַפּ דער דיכטונג פון אַקסעלראָד, קאַמענעצקי, טייפּ וואָלט מען געקענט אופהויבן אייניקע גרונט־פראַגן פון אונדזער יונגער פּאָעזיע, די וועגן פון לירישן און עפּישן זשאַנר בא די דאָזיקע דיכטער, זייער אייגנאַרטיקע שעפערישע מעטאָדן.

און צי איז ניט נייטיק צו באַאַרבעטן אונדזער קאָלווירטישע ליטעראַטור בא דער יונגער פּלעיאַדע שרײַבער נאָטע לוריע, גאָרדאָן, שעכטמאַן, ווײַזן דעם אויפן פון זייער באַנעמען די קאָלווירטישע טעמאַטיק, פאַרגלײַכן מיט דער רײַכסטער קאָלווירטישער טעמאַטיק אין דער רוסישער ליטעראַטור.

צום סאָף, איז שוין לאַנג צײַט צו פאַנאַנדעראַרבעטן וויסנשאַפטלעך און אַרײַנטראָגן אַ קלאָרקײַט אין דער פראַגע פון פאַרייגענעם שאָלעם־אַלייכעמס הומאָר. מיר האָבן דאָ די ווערק פון כ׳ קולבאַק, פון אַ ריי אונדזערע יונגע הומאָריסטן שרײַבער, ווי סיטאָ, עליע קאַהאַן, קאַצאָוויטש. אַ ריי שרײַבער בלאָנדזשען דאָ אין זייער שאַפן. די קריטיק וואָלט געקאָנט אַסאַך מיטהעלפן צו קלאָר מאַכן פאַר זיי די דאָזיקע פראַגע.

דאָס אַלץ דאַרף געטאָן ווערן מיט מאַרקסיסטיש־וויסנשאַפטלעכער באַגרינדעטקײַט, דרייסט, מיט פײַער און ליידנשאַפט פון אַ קריטיקער, וואָס קעמפט פאַר אַ ריכטיקער, עמעסדיקער געשטאַלט אין ווערק, פאַרן סאָציאַליסטישן רעאַליזם.

## אידיי, געשטאַלט אוןווירקלעכקײַט אין דער באַהאַנדלונג פון קריטיק

אַ ניט איבערגעשטיגענעם מוסטער פון קאָנקרעטער קריטיק האָט אונדז געגעבן דער כ׳ לענין, באַזונדערס אין זײַנע אַרטיקלען וועגן טאָלסטויען.

די לענינשע קריטיק פון טאָלסטויען איז אַן אַלזײַטיקע: זי האָט אופגעדעקט דעם קלאַסנטאָך פון טאָלסטויס געניאַלע ווערק, זי האָט אופגעקלערט מיט דער גאַנצער שאַרפקײַט פון דעם לענינישן סטיל די קינסטלערישע געשטאַלטן פון זײַנע ווערק, די ווידערשפּרעכלעכע אידייען, וואָס זיי אַנטהאַלטן. לענין האָט דאָ געלייזט די פראַגע וואָס קען דער פּראָלעטאַריאַט יאַרשענען בא טאָלסטויען. ער האָט כאַראַקטעריזירט די ווערק פון דעם שטאַנדפּונקט פון די באַוועגנדיקע קויכעס פון דער רוסישער רעוואָליוציע, פאַרגלײַכט מיט די געשיכטלעכע פאַקטן, מיט דער ווירקלעכקײַט פון יענער צײַט און געוויזן ווי אַזוי טאָלסטוי אַלס גרויסער קינסטלער איז געווען פעיִק צו אָפּשפּיגלען די ווירקלעכקײַט. אין דער זעלבער צײַט ווײַזט אויף לענין מיט פּאָליטישער פאַרשאַרפסקײַט די פאַלשקײַט פון דער לעגאַלער רוסישער פּרעסע אין דער באַציִונג צו טאָלסטויען. ער רײַסט אַראָפּ די מאַסקעס פון די פאַרשיידענע זשורנאַליסטישע באַלאַלײַקעס־שפּילער, פען־שמירער, פאַרקויפטע בא זייערע באַלעבאַטים: אָט האָט מען זיי געהייסן אָנפאַלן אַפּ טאָלסטויען און אָט האָט מען זיי באַפוילן האַלטן זיסינקע ביז ניט גוטקײַט רעדעס צו אופהויבן טאָלסטויען ביזן הימל.

די דאָזיקע גרינטלעכקייַט און אלזייַטיקייַט פון לענינס ליטעראַרישע ארבעטן, דאַרף שטענדיק האָבן אין אויג אונדזער קריטיק.

עס איז נייטיק דעריבער צו אָפּשטעלן זיך גענוי אפּ דעם ניוואָ פון אונדזער קריטיק, אפּ אירע מעטאָדן פון באהאנדלען ווערק, איר באקאנטשאפט מיט דער פּאָליטיק פון אונדזער פארטיי, מיט דער געשיכטע, ליטעראטור־ספּעציפיק און דער ווירקלעכקייַט באם קאָנקרעטן אנאליז פון ווערק.

מיר וועלן זיך אָפּשטעלן נאָר אפּ א טייל פון דעם דאָזיקן קאָמפּלעקס פראגן: אפּ דעם צוזאמענהאנג פון דער אידיי, געשטאלט און ווירקלעכקייַט אין דער באארבעטונג פון אונדזער קריטיק.

די כאווערטע רובינע האָט באארבעט אן אינטערעסאנטע טעמע. זי האָט אויסגעפאָרשט א ריי ווערק פון דעם שטאנדפּונקט, וויאזוי זיי האָבן אָפּגעשפּיגלט דעם העלד פון אונדזער צייַט.

וויאזוי פארשטייט די כאווערטע רובינע דידאָזיקע פראגע? זי ווייַזט אָן ריכטיק, אז שוין אין דעם אויסוואל פון דער טעמאטיק זעט זיך אין א פארטושירטער פאָרם די באציונג פון שרייַבער צו זייַן אָביעקט. זי אנאליזירט די העלדן פון באזונדערע ווערק און קומט צום באשלוס, אז עס איז נאָך ניטאָ קיין ריכטיקע אָפּשפּיגלונג פון דעם נייַעם מענטשן פון אונדזער לאנד אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור.

אָבער וואָס איז די סיבע?—כאווערטע רובינע האָט דערצו צוויי דערקלערונגען:

ערשטנס, וואָס אנדערע שרייַבער גיבן א פאָרצוג דער פּראָבלעם פון „ס אָ צ י א ל ן ר י ו ו א ר ג", דאָס הייסט זיי נעמען אָפּגעשטאנענע, ניט באוווסטזיניקע מענטשן, וועלכע דארפן נאָך דורכמאכן א לאנגן איבערדערציִונג־וועג.

צווייטנס, די ל י ט ע ר א ר י ש ע א י נ ע ר צ י ע, וואָס אונדזערע שרייַבער, לויט דער אזוי צו זאָגן, ליטעראַרישער, אינערציע, גיט זיך אייַן ריכטיקער אָפּשפּיגלען דעם אלטן נעאטיון טיפּאזש, איידער באשטעטיקן דעם נייַעם פּאָזיטיוון.

עס וועט ניט שווער זייַן צו זען, וויאזוי די כ־טע רובינע האָט זיך דאָ אין דער קאָנגרעטער פּאנאנדערארבעטונג פון דער פראגע דערקייַקלט צו פאָרמאליסטישע אויספירן און אָביעקטיוויזם.

פאר איר עקזיסטירט אלס אומבאשטרייַטבארער פאקט, וואָס אין די געגעבענע ווערק פון די שרייַבער איז ניטאָ קיין ריכטיקע בילד פון דעם העלד פון אונדזער צייַט, בא אייניקע קליינע אויסנאמען.. צי קען מען אָבער דערקלערן די סיבעס מיט דער טעאָריע פון „סאָציאלן רויווארג" און ליטעראַרישער אינערציע, ווי זי מיינט? רובינע פארגעסט, אז זי נעמט דאָ באזונדערע סאָציאלע קאטעגאָריעס שרייַבער מיט זייערע באזונדערע פאָרשטעלונגען וועגן דעם העלד פון אונדזער צייַט. פאר רובינען עקזיסטירט דאָ אינגאנצן ניט די אידעאָלאָגיע פון די געגעבענע שרייַבער. נאָר דאָ האָט די געשיכטע אונטערגעפירט דער כ־טע רובינע. זי האָט גענומען אלס בייַשפּיל אפּ באשטעטיקן איר שטאנדפּונקט אבטשוקס ווערק „הערשל שאמייַ". רובינע פארעכנט אבטשוקן צו דער זעלבער קאטעגאָריע שרייַבער מיט דער אייגענער וועלט־אָנשויונג, ווי בא די איבעריקע, וואָס גייען אריַין אין איר טעמע: ראבין, כאנע לעווין און אנד.

רובינע האָט ווירקלעך באמערקט, אז שאמייַ בא אבטשוקן „דאָמינירט קינסטלעריש איבערן גאנצן טיפּאזש פונעם ווערק" און אויך איבער די העלדן באָלשעוויקעס, וואָס זייַנען

ארויסגעפירט אין בוך. באשולדיקט עפשער אין דעם די כ־טע רובינע דעם אווטער פון ווערק?—ניין, זי מאכט אים בלויז פאר א קאָרבן פונעם נאטוראליזם, פון דעם „רויען״ העלד זײַנעם און פון שאַלעם־אלייכעמישן סטיל. צוליב דעם אלץ האָט אבטשוק פאַשעט ניט געקאָנט שטעלן שאמײַען העכער פון דער סוויוועו, וואָס רינגלט אים ארום, עס איז אים געווען אומעגלעך צו געבן דעם העלד פון אונדזער צײַט.

כ־טע רובינע שרײַבט: „אדאנק דער לירישער מאָנאָלאָג־פאָרם ווערט די שפראך פון דעם אָפגעשטאנענעם שאמײַ... אָנגעבונדן אויך די פאָרגעשריטענע העלדן פונעם בוך... דער נאטוראליסטישער נאָכגיין נאָכן העלד טראָט בא טראָט, דער פארלאנג ניט צו פארלירן בא אים קיין איין שטריך, קיין איין צופעליקע דעטאל, וואָרפט פאקטיש אום דעם פאר־טראכט פון דעם אווטער, און די אָנגעפירטע פיגור ווערט אין דעם בוך אָן קיין שום בייזוויליקן פארלאנג פון דעם שרײַבער פארוואנדלט אין א פירנ־דיקער״ (אונטערגעשטראָכן פון אונדז א. ד.).

בא דער כ־טע רובינע קומט אויס: אָדער בייזוויליקע שעדיקערײַ, אָדער זי לייקנט אינ־גאנצן אָפּ דעם אידעאָלאָגישן פאקטער אינעם פאָרמירן די געשטאלטן. אָבער ריכטיקער וועט זײַן צו נעמען אלס גרונט ניט די ארגומענטן פון דער כ־טע רובינע, נאָר ווענדן זיך צו דעם אלטן מארקסיסטישן עמעס, וועלכער זאָגט, אז ס׳איז נייטיק צו שטעלן דעם אָביעקט אפ די פיס און ניט אפן קאָפּ. דאן וועט פאר אונדז זײַן קלאָר, וועלכע איז די אָנגע־פירטע פיגור פונעם שרײַבער און וועלכע איז די פירנדיקע. בא אבטשוקן איז גראדע די פירנדיקע פיגור שאמײַ און ניט דער קאָמוניסט בוכארטשיק אָדער טשאנ־זאָלינ. און די סיבע איז ניט קיין פאטאליסטישע, דאָ איז ניטאָ קיין דיקטאטור פון אינערציע. ווײַל די מאָנאָלאָג־פאָרם און דער נאטוראליזם זײַנען ניט געקומען אליין צום שרײַבער. ניט אָנגעבעטן זיך בא אים, נאָר אבטשוק האָט, ארויסגייענדיק פון זײַן וועלט־אָנשויונג, גענומען זיי אינעם ווערק אלס אזעלכע, וואָס אנטשפרעכט דער אידעאָלאָגישער ליניע פון שרײַבער. מיר לייקענען, אלזאָ, ניט אין ליטעראַרישע ווירקונגען אפן שרײַבער. מיר שטעלן אָבער אין דער ערשטער ריי די פראגע, ווי טיף און ערנסט דער שרײַבער באנעמט די ווירקלעכקײַט און וואָס ברענגט אים צו אונטערוואַרפן זיך די ליטעראַרישע מוסטערן.

דאווקע אזוי האָט געלייזט די פראגע וועגן דעם צוזאמענהאנג צווישן דער אידיי פון שרײַבער, פאָרם און ווירקלעכקײַט—מארקס און ענגעלס. אין זײַן בריוו צו לאסאלן וועגן דער טראגעדיע „פראנצ פאָן זיקינגען״ מאכט מארקס, ווי באוווסט, אופמערקזאם לאסאלן וועגן דער נויטיקײַט צו שטעלן אין צענטער ניט די „פּריצישע פאָרשטייער פון דער רעוואָלוציע״. נאָר די פאָרשטייער פון די פּויערים (זיי באזונדערס) און די רע־וואָלוציאָנערע עלעמענטן פון די שטעט״. מארקס ווײַזט אָן, אז אין דעם פאל וואָלט לא־סאלן אויסגעקומען מער צו שעקספּיריזירן דאָס ווערק אָנשטאָט דער שילעראָווטשינע, וואָס פארוואנדלט די אינדיווידן אין פאָשעטע רופאָרן פון דעם צײַט־גײַסט. און פון דעם וואָס לאסאל האָט דאווקע אָפּגעווענדעט דעם שילערישן מעטאָד אין זײַן שאפונג און ארויסגע־שטעלט אין פאָדער־גרונט די פריצישע העלדנריטער, מאכט מארקס פאָלגנדיקן אויספיר:

„צי ביסטו ניט ארײַנגעפאלן אין א באשטימטער מאָס אליין, ווי דײַן פראנצ פאָן זיקינגען, אין יענעם דיפּלאָמאטישן פעלער, וואָס דו האָסט אוועקגעשטעלט די ליר־טערישע אָפּאָזיציע העכער פון דער פּלעבעיִש־מיונצערישער״ („מארקס און ענגעלס וועגן ליטעראטור״ זײַט 13).

אָט וויִאזוי די כ־טע רובינע האָט געדארפט לייזן די פראגע, וואָס איז בא אבטשוקן די פירנדיקע געשטאלט און וואָס איז די אָנגעפּירטע.

ארויסגייענדיק פון דעם פאטאלן, נאַיִוו־רעאליסטישן שטאנדפונקט אין אָט דעם ארטיקל, מאכט שוין די כ־טע רובינע אויך פאָרמאליסטישע פעלערן. בא איר איז אן אקסיִאָמע, אז „צוזאמען מיט דער געשטאלט פונעם שטעטלדיקן קוסטאר, קליינעם הענדלער דרינגען ארײַן אין דער ליטעראטור באשטימטע פרעמדע סאָציִאלע פאָרשטעלונגען, עס דרינגט ארײַן א פראָפעסיִאָנאליזירטע, א פארקוסטארעוועטע שפראך“.

עס באקומט זיך אזוי ארום, אז שוין דאָס שרײַבן וועגן שטעטל, וועגן קוסטאר, וועגן אנדערע אָפּגעשטאנענע עלעמענטן ברענגט ארײַן פרעמדע סאָציִאלע פאָרשטעלונגען אין דער ליטעראטור, פארמיסטיקט די שפראך א. א. וו.

צו אזא אבסורד מוז מען קומען, ווען מע איגנאָרירט די אידעאָלאָגיע פונעם שרײַבער און מע שרײַבט צו דעם מאטעריִאל פון ווערק א דיקטאטאָרישע קראפט. אָבער ס׳וועט גענוג זײַן צו אָנווײַזן, אז ווען גאָרקי האָט געשילדערט דעם געוועזענעם אידיִאָטיזם פון פוילערטום אינעם צארישן רוסלאנד, האָט ער דאָך ניט נאָר ניט ארײַנגעטראָגן קיין פרעמדע סאָציִאלע פאָרשטעלונגען אין דער ליטעראטור, נאָר, פארקערט, באקעמפט אפ א פּראָלעטארישן אויפן די דאָזיקע פרעמדע סאָציִאלע פאָרשטעלונגען.

איך וועל זיך אָפּשטעלן אפ דער באציִונג צו די דאָזיקע פראגן אין דער קריטיק פון כ׳ דונעץ.

אין זײַן ערשטן בוך „אין שלאכטן“ איז כאווער דונעץ אין א ריי ארטיקלען געשטאנען אפן שטאנדפונקט פון פערעווערזעוו, פון די ווולגארע מעכאניסטן און האָט ביכלאל געפּלאָנטערט אינעם דערקלערן דעם צוזאמענהאנג פון אינהאלט און פאָרם, פון דער אידעאָלאָגיע פון שרײַבער און דעם מאטעריִאל, וואָס איז אָפּגעשפּיגלט אינעם ווערק.

ניט געקוקט אפ דעם, וואָס אומעטום האָט דונעץ אונטערגעשטראָכן די סאָציִאלע פּראָדוקציע, זשינעס פונעם ווערק, דעם קלאסן-קאמפּ, די אידעאָלאָגיע פון שרײַבער, איז ער אינעם קאָנקרעטן אנאליז געקומען אָפּט צו קעגנזעצלעכע אויספירן. ער האָט געלייקנט די אָרגאַניזירנדיקע ראָל פון דעם שרײַבערס אידעאָלאָגיע אין זײַן שאפן. די אידעאָלאָגיע פון שרײַבער איז דעטערמינירט געוואָרן בא אים אָט דורך דער טעמאטיק, אָט דורך דעם סטיכיִישן דרוק פון די לעבנס־פאקטן, דורך די עמאָציעס, שטימונגען און אפילע דורך דער פאָרם.

אָט זײַנען אייניקע אמערסטן כאראקטעריסטישע בײַשפּילן:

„עס קאָן קלינגען, ווי א פאראדאָקס,—שרײַבט כ׳ דונעץ,—נאָר דאָך איז עס ריכטיק: אלבערטאָנס פאָרמעלע פעלערן פון בוך „ביראָבידזשאנ“—די טענדענץ צו רײַזע־באשרײַבונג—וועלן אים אָן סאָפעק מיטהעלפן אריבערגיין אפ א העכערן שטאפל פון סטיל, ווײַל דאָס וועט איר צוגעבן רעאליסטישן באָבאכטונג־סטאזש און פעיִקײַטן פאר ראציִאָנאליסטישן סומירן סאָציִאלע פראָצעסן“ („אין שלאכטן“ ז. 124).

איך לאָז איבער אָן א זײַט דעם „פאראדאָקס“ (דעם סאמע ווירקלעכן), ויִאָס די פעלערן אין דער פאָרם ברענגען צו פּאָזיטיווע רעזולטאטן,—אפ אזא אויפן וואָלט מען געדארפט, הייסט עס, רעקאָמענדירן אויך ווײַטער מאכן אזעלכע פעלערן. וויכטיק איז פאר אונדז, וואָס די סומירונג פון די סאָציִאלע פראָצעסן, דאָס הייסט די אידעאָלאָגישע באַזייִקונג און פאראלגעמיינערונג פון די סאָציִאלע פראָצעסן, גיט איבער דונעץ דער מאכט

פון דער פאָרם־טענדענץ צו רײַזע־באַשרײַבונגען, וואָס וועט שוין געבן דעם שרײַבער אַף דער ריכטיקע ליניע.

אין איין אָרט דערעדט זיך אפילע דונעץ צו אזא אבסורד („אין שלאכטן" ז. 76):

„פעפער איז געווען און בלײַבט דערווײַל דעריקער דער אויסדריקער פון פראָלע־טאַרישע עמפפינדונגען, דער אָרגאַניזאַטער, הייסט עס, פון עמאָציעס, אָבער ניט דער, וואָס זאָל אין זײַן דיכטונג האָבן באשאפן א גרונט פון א באַוווסטזיניק־פּאַנאַן־דיערגעאַרבעטער אידעאָלאָגישער סיסטעם. און ווײַל פעפער איז דעריקער דער אַק־טועלער רעוואָנאַטער פאַר פּראָלעטאַרישע סאָציאַלע עמפּפינדונגען, איז אים ניט גע־שטעלט געוואָרן די אופגאַבע פון אָננעשטרענגטער טעכנישער און אידעאָלאָגישער אַרבעט איבער זײַנע קינסטלערישע סכעמעס. זײַנע קינסטלערישע פּלענער ווערן רע־אַליזירט, ווי געוואָגט, דעריקער אין עמאָציאָנעלער פאַרב, אָן קאָנסטרוקטיוון, פּסי־כאָלאָגישן אין אידעאָלאָגישן לעוווּש" (?!).

דער דאָזיקער געפּלאָנטערטער זאַץ האָט דאָך א בוילעטע פאַלשע אײַנשטעלונג, אַז די אידעאָלאָגיע פון שרײַבער שפּילט א צווייטראַנגיקע ראָל. דערבײַ גיט דער קריטיקער אַן אַמניסטיע אַזאַ פּאָעט ווי כ׳ פעפער, אַז ער דאַרף שוין ניט אָנשטרענגען זיך אַף אויסאַרבעטן א קלאָרן פּראָלעטאַרישן באַוווסטזײַן און באַוווּסטזיניק אַרבעטן איבער זײַנע ווערק, אים וועט סטאַיען דער, אַזוי צו זאָגן, רעזערוואַר פון זײַנע „פּראָלעטאַרישע און סאָציאַלע עמאָציעס".

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז בא אַזאַ אײַנרײַס צווישן דער אידעאָלאָגיע און דעם שאַפן פון שרײַבער האָט דונעץ ניט ריכטיק געלייזט די פראַגע וועגן דעם שרײַבערס אָפּשפּיגלען דיווירקלעכקײַט. אַזוי איז בא אים ארויסגעקומען מיטן בונדישן שרײַבער האַראָנטשיק און אַנדערע. אַפן גרונט פון דעם, וואָס די טעמאַטיק בא האַראָנטשיקן איז פון אַרבעטער־לעבן, האָט אים דונעץ פאַרעכנט אַלס א שרײַבער, וואָס איז [נאָענט צום פּראָלעטאַריאַט (זײַן בוך,—האָט דונעץ געשריבן,—„עפנט א פּאָרטעטשקע אין דער אַרבעטער־גאַס"). דאָס איז ניט געקוקט אַף דעם, וואָס דונעץ זאָגט אַליין, אַז האַראָנטשיק האָט געלערנט געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין דעם בונדיש־פּעצעקישן קאָדעקס. דאָך האַלט ער האַראָנטשיקן פאַר אַן אָפּאָזיציאָנעל־געשטימטן שרײַבער. אַזוי איז דער אָביעקטיוויזם פאַרבונדן בא דונעצן מיט דער אידעאַליזאַציע פון „בונד".

דאָ איז נייטיק צו זאָגן אייניקע ווערטער וועגן אָביעקטיוון ווערט פון א קינסטלערישן ווערק. דונעץ האָט אין דער פּאָלעמיק מיט אונדז (מיט מ־ר און כ׳ ציווין) וועגן „אין שלאכטן", דאָסזעלבע אין דער באַמערקונגען פון דער רעדאַקציע פון זשורנאַל „שטערן" צו דעמדאָזיקן אַרטיקל אונדזערן,—אונדז געוואָלט באַשולדיקן אין סוביעקטיוון אידעאַליזם.

געוויס לייקענען מיר ניט, אַז די קינסטלערישע ווערק פון די גרויסע בורזשואַזע שרײַבער האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט א רעאַליסטישן עמעס, כאָטש ניט קיין פולן, אַן איינזײַטיקן פון דעם שטאַנדפּונקט פון פּראָלעטאַריאַט. אַזוי האָבן קלאָר געשטעלט די פראַגע מאַרקס, ענגעלס, לענין וועגן אַזעלכע שרײַבער ווי באַלזאַק, ווי די ענגלישע רע־אַליסטן, וועגן טאָלסטויען און אַנדערע. אָבער עס איז דאָך לעכערלעך צו געפינען אַן אָביעקטיוון עמעס בא א שרײַבער, וועלכער פאַרקריפּלט אָפן די ווירקלעכקײַט און איז בכלל נידעריקער פון מיטלמעסיקײַט.

בא דונעצנ טרעפנ מיר אויכ, ווענ ער נעמט אָנ פאר עסמעסדיק די ווירקלעכקײַט, וואָס איז בוילעט פארקריפלט באם שרײַבער. איכ וועל נעמענ אלס בײַשפיל אזא ארויסזאָגונג אינ דונעצס ארטיקל וועגנ אקסעלראָדנ. דונעצ טראקטירט ריכטיק אינ גרונט די וועלט־אָנשויִונג פונ אקסעלראָדנ אינ זײַנ ערשטנ פעריִאָד, אומגעפער ביזנ 1928־טנ י. איכ זאָג „אינ גרונט״, ווײַל, דונעצ פארשטייט דאָס מיט ראפפישער גראדליניקײַט, ניט באמערקנדיק די וואקלונגענ אונ זיגזאגנ פונ אקסעלראָדנ אינ דעם פעריִאָד. ער זאָגט, אז די סאָציִאלע כאראקטעריסטיק פונ אקסעלראָדס שאפנ ביזנ 1928־טנ יאָר איז „די היפערטראָפיע פונ דער דעקלאסירטער האָפענונגסלאָזיקײַט״. אויב עס רעדט זיכ וועגנ היפערטראָפיע, הייסט עס, אז דער שרײַבער טרײַבט איבער. מיט אנדערע ווערטער: דער פּאָעט טראָגט אריבער זײַנ פעסימיזמ אפ דער גאנצער ווירקלעכקײַט, אָדער נאָכ מערער — ער מאכט געדיכטער די פינצטערע זײַטנ פונ זײַנ לעבנ (דאָס לעבנ פונ זײַנ סאָציִאלנ שיכט) דאָס וואָס עס איז אינדערעמעסנ אינ אזא מאָס ניט געווענ.

אָבער אפ דער זעלבער זײַטל זאָגט דונעצ שוינ גאָר אנ אנדער זאכ: „דעריבער איז אינ זײַנ (אקסעלראָדס) געמיט שטארק אונטערגעשטראָכנ די פײַנלעכע טראגיק פונ דער רעוואָליוציע אונ ניט איר דערמוטיקנדיקע הייסע קראפט״ (קריט. עטיודנ ז. 43).

אָבער פונ וואנענ האָט זיכ פלוצלונג גענומענ בא דער רעוואָליוציע טראגיזמ. בא איר איז דאָכ ניטאָ קיינ אויסזיכטלאָזיקײַט, דאָס איז דאָכ א פראָדוקט פונ דער היפערטראָפיע בא דער דעקלאסירטער סוויווע? — דונעצ טראָגט דאָ אריבער דעמדאָזיקנ טראגיזמ אפ דער גאנצער רעוואָליוציע.

באזונדערס איז דאָס ניט ריכטיק, ווענ דונעצ וויל עס באגרינדנ מיט אקסעלראָדס סטראָפע:

„ס'האָט מײַנ לאנד געלערנט ליבנ
דורכ וויי אונ פײַנ...״

דאָ האָט דער דיכטער גראדע אָנגעוויזנ דעמ וועג צומ דיִאלעקטישנ פארשטיינ די ווידערשפרוכנ, צו פארשטיינ די שוועריקײַטנ, אָבער ניט קיינ טראגיזמ.

איכ וויל זיכ דאָ פארבײַגייענדיק אָפּשטעלנ אפ א ווידערשפרוכ בא צוויי קריטיקער אינעמ אויסטײַטשנ א געשטאלט פונ כ' אקסעלראָדס דיכטונג. מיינונג־פארשיידנהײַטנ בא קריטיקער אינעמ טראקטירנ קינסטלערישע געשטאלטנ קענענ געוויס זײַנ אפילע דאנ, ווענ די קריטיקער האָבנ איינע אונ די זעלבע וועלט־אָנשויִונג. מיר וויסנ, אז צווישנ בעלינסקענ אונ פיסארעוונ זײַנענ געווענ מיינונגס־פארשיידנהײַטנ אינעמ אויסטײַטשנ די געשטאלט פונ טאטיאנענ אינ פושקינס „יעווגעני אָנעגינ״. בעלינסקי האָט זי געהאלטנ פאר א פּאָזיטיוונ טיפ, פיסארעוו — פאר א נעגאטיוונ. לאָמיר זענ וויִאזוי איז אקסעלראָד ארײַנגעפאלנ אינעמ צווישנ־פײַער פונ די כאווײרימ בראָנשטיינ אונ צארט.

כ' בראָנשטיינ דערקלערט ריכטיק דעמ וועג פונ אקסעלראָדנ ווי א זיגזאגנ־טאנצ צווישנ „האָפענונג אונ שרעק״. ער געפינט, אז אינ דער פּאָעמע וועגנ 15־טנ יאָר האָבנ מיר געשטאלטנ, וואָס האלטנ אונטער דעמ דיכטער אינ זײַנע ליכטיקסטע מינוטנ פונ אויפוואכונג, דאָס זײַנענ יענע פעדימ פונ מונטערקײַט, וועלכע האָבנ אימ געפירט צו זײַנע רויט־ארמייִשע לידער אונ אנדערע מונטערע געזאנגענ פונ זײַנ שפּעטערדיקנ פעריִאָד. בראָנשטיינ שטיצט זיכ דאָ באזונדערס אָפּ די שורעס וועגנ די איבערלעבונגענ פונ דיכטער, וואָס זײַנענ פארהיט געוואָרנ בא אימ פונ יענע יאָרנ וואלגערנ זיכ אינ טעפלושקעס צוזאמענ מיט די זעלנער, וועלכע „פארקוקנ זיכ אינ ווײַטע לענדער״ א. אז. וו.

אָבער דער כ׳ צארט זעט גאָר עפּעס אנדערש אינ דער דאָזיקער פאָעמע. ער הויבט אָנ פונ דעמ, וואָס אקסעלראָד איז ארײַנגעטראָטנ אינ לעבנ אינ יענעמ פעריאָד, ווענ די אימפעריאַליסטישע מילכאָמע האָט כאָרעוו געמאכט שטעטלעכ אונ פארורטײלט די מענטשנ צו היימלאָזיקײַט, אומקומ. דעריבער רעכנט ער, אז די טעמע וועגנ היימלאָזע האלט אקסעלראָדנ אינ א מאָדנעמ קאָשמאר. נאָכמער: צארט, ווײַזט אָנ, אז די דאָזיקע אסאָציאַציעס אינעמ זיקאָרנ פונעמ דיכטער זײַנענ „אריבערגעוואקסנ אינ עפּעס א סאָציאַלנ סימוואָל, וועלכער האָט געשריבנ וועגנ אונטערגאנג פונ א גאנצנ סאָציאַלנ שיכט” אונ געשפּײַט דעמ דיכטער מיט יערידע־שטימונגענ (כ׳ צארטס ארטיקל וועגנ אקסעלראָדנ אינ „אָקטיאבער”).

גערעכט איז דאָ אָבער דער כ׳ בראָנשטיינ אונ ניט צארט, וועלכער גייט דאָ ארויס פונ ביאָגראפישנ מעטאָד. ער נעמט די פאבולע פונ דער פאָעמע אונ ניט איר אידעישנ זינ, וועלכער איז ווידערשפרעכלעכ. מיר זעענ אינ דער פאָעמע פעסימיסטישע אונ יערידע־שטימונגענ, אָבער אָנ סאָפעק אויכ מונטערע בילדער, וואָס ווײַזנ ליכטיקע פערספּעקטיוונ.

אונ ביכלאל איז גיט ריכטיק צו אָנעמענ, אז די פינצטערע בילדער פונ היימלאָזיקײַט שאפנ שטענדיק אינ דעמ אויבערגעבוי פונ דיכטער א פעסימיסטישע אידעאָלאָגיע. מיר ווייסנ גראד פארקערטע דערשײַנונגענ, אז אזוינע בילדער, אויב זיי זײַנענ געווענדעט צו זייער סאָציאַלנ טאָכ אונ זײַנענ פארבאוווסטזיניקט דורכנ דיכטער, גיבנ דאווקע א סאָציאַלנ פראָטעסט.

אפ אזא אויפנ איז אקסעלראָד בלויז א „קאָרבנ” פונ צארטס ביאָגראפישנ מעטאָד אינ דער דאָזיקער אָפּהאנדלונג.

אינ אָרדענונג פונ זעלבסט־קריטיק וועל איכ דאָ אָנווײַזנ אפ ענלעכע פעלערנ אויכ אינ מײַנער א קריטישער ארבעט ארומ דער פראגע פונ אָפּשפיגלענ די ווירקלעכקײַט אינ דער קינסטלערישער ליטעראטור.

דאָס איז מײַנ ארבעט וועגנ בערגעלסאָנענ, וואָס איז אָנגעשריבנ אינ 1929 יאָר אונ אָפּגעדרוקט אינ דער „רויטער וועלט”. איכ ווײַז דאָרט דעמ קער פונ כ׳ בערגעלסאָנ אינ זײַנע נײַע ווערק צומ סאָוועטנפארבאנד: א נײַע קלאסנ־דיפערענציאַציע פונ טיפּאזש א נייע אָריִענטירונג אינ באלויכטנ דאָס לעבנ פונ פראָלעטאריאט, פונ די ארבעטנדיקע אונ אָרעמקײַט, איכ ווײַז דאָרטנ, אז אפילע אייניקע העלדנ פונ די „געוועזענע” מאכנ בא בערגעלסאָנענ אנ איבערשאצונג פונ זייער וועלט־אָנשויונג אונ הויבנ זיכ אָנ דערנעענטערנ צומ פראָלעטאריאט. נאָר פעסטשטעלנדיק די דאָזיקע ריכטיקע פאקטנ אינ בערגעלסאָנס שפּעטערישנ ווערק, אינטערעסירט מיר שוינ ניט וויאַזוי האָט דער כ׳ בערגעלסאָנ אָפּגעשפּיגלט די דאָזיקע ווירקלעכקײַט, ווער איז דער דאָזיקער טיפּאזש, צי האָט ריכטיק דער שרײַבער זיי געשילדערט.

מײַנ מעטאָד פונ קריטיק איז דאנ געווענ א סאָציאָלאָגישער, נאַיִוו—רעאליסטישער, דעריבער האָב איכ זיכ באפרידיקט מיט די געוויסע ענדערונגענ אינ כ׳ בערגעלסאָנס שאפנ אינ יענער צײַט אונ ניט אויפגעדעקט זייער סאָציאַלנ עקוויוואלענט.

וויאַזוי האלט עס מיט די דאָזיקע אקטנ פונ דער קריטיק באמ כאווער בראָנשטיינ?—עס איז פאראנ אסאכ צו לערנענ זיכ בא בראָנשטיינענ—דעמ קאָנקרעטנ אנאליז פונ ווערק, קאָמפּאָזיציע פונ זײַנע ארטיקלענ, פונעמ סטיל, פאָלעמישנ לײדנשאפטלעכנ טאָנ, דרייסטקײַט פונ פאראלגעמיינערונגענ. אונ די הויפּט־זאכ, וואָס כ׳ בראָנשטיינ קענ גוט לייענענ א ווערק, געפינענ דעמ קלאסנ־טאָכ פונ געשטאלט אונ בילד באמ שרײַבער, אָפּפירנ מיט

דעם שרײַבערס געשטאַלטן, באַזונדערס געלונגען טוט ער דאָס באַם אַנאַליז פון פּאָעזיע. מיר דאַרפן דערלערנען סײַ די פּאָזיטיווע און סײַ די נעגאַטיווע מאָמענטן אין כאַוווער בראָנשטיינס קריטישן מעטאָד, זײַנע דערגרייכונגען און פעלערן. איך וועל זיך דאָ באַנוגענען בלויז מיט אייניקע באַמערקונגען.

אין זײַן ערשטן בוך „אַטאַקע” זײַנען די פעלערן געווען הויפּטזעכלעך פון פּלעכאַנאָווישער אָרטאָדאָקסיע, פון פּלעכאַנאָווישן אָביעקטיוויזם און פון איבערנעמען טיילווײַז אייניקע ניט ריכטיקע טעאָריעס פון פּריטשען (די טעאָריע וועגן סטיל פון דער עפּאָכע). עס איז געווען אַ פּרווו פון לינקאַטשישן כאַראַקטער (מיצאַד די כאַווײרים כאַשין און פּאַלאַטניק) צו באַשולדיקן בראָנשטיינען אין מענשעוויזירנדיקן אידעאַליזם. בראָנשטיין האָט אָפּ אַ ניט געזונטן אויפן רעאַגירט אָפּ דערדאָזיקער קריטיק. אונטער דעם דרוק פון דער שרײַבער־געזעלשאַפטלעכקײַט האָבןביידע צדדים געמאַכט אייניקע טריט אָפּ צוריק. ווי עס זאָל ניט זײַן, בלײַבט אָבער אַ פאַקט, אַז די „אַטאַקע” איז נאָך ניט גענוגנדיק אַטאַקירט געוואָרן דורך דער קריטיק. דאָס וועט נייטיק זײַן צו טאָן כאָטש אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם צווייטן בוך קריטיק פון כ׳ בראָנשטיין, וואָס איז דערשינען אין 1934 יאָר („פּאַרפּעסטיקטע פּאָזיציעס”).

אַרויסגייענדיק פון די ניט ריכטיקע אָביעקטיוויסטישע פּלעכאַנאָווישע אײַנשטעלונגען, אַז די פּובליציסטישקײַט (דאָס הייסט די פּאַרטייִשקײַט אין דער קריטיק) איז בלויז אַ „נויטווענדיקע בייז”, אַ צינז דער צײַט, האָט בראָנשטיין אויך אין זײַן קאָנקרעטער קריטיק דאַן געמאַכט די זעלבע פעלערן: ער האָט פּאַנאַנדערגעריסן די צוויי אַקטן פון דער קריטיק (צוערשט—אָביעקטיווע דערקענטעניש און דערנאָך—פּאַרטייִשקײַט). אַזעלכע פעלערן האָט בראָנשטיין דערלאָזן אין די אַרטיקלען וועגן בערגעלסאָנען, ניסטערן, באַזונדערס אין דעם אַרטיקל וועגן קושניראָווין.

ווי׳אַזוי זשע האַלט עס מיט די דאָזיקע אַקטן אין זײַן נײַעם בוך „פּאַרפּעסטיקטע פּאָזיציעס”, צי זײַנען די דאָזיקע מעטאָדאָלאָגישע פּאָזיציעס ריכטיק פּאַרפּעסטיקט? — מע דאַרף זאָגן, אַז בראָנשטיין האָט, מיטן אויסנאַם פון אייניקע שפּורן, זיך דאָ באַפרײַט פון דידאָזיקע פעלערן, ווײַל אויך די שפּורן זײַנען ניט אַזעלכע בולטע און אָן אַ פּאַרגרעסער־גלאָז איז זיי שווער צו געפינען.

איז אָט וועגן אייניקע פון אָט די שפּורן. אין דעם אַרטיקל וועגן קולבאַקס „זעלמעניאַנער” מאַכט בראָנשטיין אַ ליטעראַטור־געשיכטלעכע עקסקורסיע אינעם געשטאַלט „שיליועס” (יוגנטלעכע בונטאַרעס), וואָס איז געשילדערט אין דעם בוך. מיר האָבן דאָ באַם כ׳ בראָנשטיין אין איין געמיש אַ ליטעראַטור־געשיכטלעכן וויניגרעט פון די שיליועס־געשטאַלטן באַ אַזוינע ווײַטע אין צײַט און וועלט־אָנשויונג שרײַבער, ווי אַקסנפעלד, שאָלעם אַליכעם, פּערעץ, ווײַסנבערג, שאָלעם אַש, אָפּאַטאָשו, וואַרשאַווסקי, פוקס און... מענאַכעם־באַריישאַ. ווײַטער מיט אַ פּאָר זײַטן פּאַרייניקט דער כ׳ בראָנשטיין צו דעם זעלבן קאָמפּלעקס אויך פּאַנאַיִט איסטראַטין...

כ׳ בראָנשטיין מאַכט צום אָנהייב אַזאַ׳ באַהויפּטונג: „פון לאַנג אָן שוין האָט אונדזער ליטעראַטור אַ באַזונדער מאַזל (!) צו „שיליועס”.—נון וואַנען דער דאָזיקער מאַזל נעמט זיך באַ דער ייִדישער ליטעראַטור האַלט דער כ׳ בראָנשטיין פאַר ניט נויטיק צו דערווײַזן, דערפאַר אָבער ברענגט ער אַ גאַנצע גאַלעריי פון טיפּן, וואָס דאַרפן לויט זײַן מיינונג, באַשטעטיקן דעם „באַזונדערן מאַזל” פון דער ייִדישער ליטעראַטור. ער שרײַבט:

„אַי די „מאַיאַסעניקעס” מיט די „פּעך־שוואַרצע לאָקן און ברענענדיקע אויגן” פון דער פאַרצײַטיקער ייִדישער באָהעמע, וואָס האָט געגעבן שטאָף, לעמאָשל, דעם דיכ־

טערישנ אופברויז פונ שאָלעמ־אלייכעמס פריִענ „דעמאָקראטיזמ"; אי פערעצעס „לאָמעדוואָוניקעס" מיט די קאראָמעסלעס אפ די אקסלענ אונ העק אינ די גארטלענ; אי ווײַסנבערגס „באָנימ" מיטנ טאָפ צימעס צווישנ די פיס; אי אש'ס „דרײַ פייענ" פונעמ קוילער־געסל מיט די דרענגלעכ אינ די הענט; אי אפאטאשוס „אונטער־וועלט־יונגענ" אונ אויזער ווארשאווסקיס „שמוגלארעס" אונ מענאכעמס „זאוול רימערס", אונ פוקס פראָסטע ייִדנ פונעמ „בערגל"—אינ אָט דער גאנצער פילפארביקער גאלעריי שילוועס—סטיכייִש־האמויִנישע געשטאלטנ—איז בא אלע ווארִיאנטנ אונ קלענערע ניואנסנ שטענדיק געווענ פארקערפערט דער דראנג פונעמ קינסטלער צו עפעס „א העלד," צומ סטיכייִש־רויִענ, צומ בִיאָלאָגיש־אנטבלויזטנ, צומ אומיטלבארנ, נאקעטנ נאטור־מענטש".

בראָנשטיינ רעדט אליינ וועגנ די פארשיידענע קלאסנ־אײַנשטעלונגענ פונ דידאָזיקע שרײַבער אונ אויכ וועגנ באזונדערע סאָציִאלע פונקציעס פונ דידאָזיקע טיפנ. ניט געקוקט אפ דעמ, מעסט ער זיי אלע מיט איינ מאָס. ער גיט זיי אלעמענ איינ קלאסנ-שטרעבונג. „דעמ אויסדרוק פונ אָפאזיציִאָנעלנ אײַנרײַס מיט דער הערשנדיקער מאכט" („פארפעסטיקטע פאָזיציעס" ז. 158).

אָבער ווו איז דאָ פאראנ אנ אײַנרײַס מיט דער הערשנדיקער מאכט בא די מיסטישע לאמעדוואָוניקעס טונ פערעצנ (יויכענענ דער וואסערטרעגער, צי בערל באס א. אנד.), וועלכע זײַנענ גראדע א סאָציִאלער פראָדוקט פונ דער רעאקציִאָנערער וועלט־אָנשויונג פונ שרײַבער אינ יענעמ פעריִאָד. בא דידאָזיקע העלדנ איז ניט נאָר ניטאָ קיינ אײַנרײַס מיט דער ייִדישער קעהילע (אויכ א פאָרשטייער פונ דער הערשנדיקער מאכט), מיטנ קלעריקאליזמ—דעמ אָנשפאר פונ דער מאכט,—נאָר, פארקערט, זיי זײַנענ בארופנ צו זײַנ די אגיטאטאָרנ פונ קלאסנ־שאָלעמ אונ צופרידנקײַט מיט דער אונטערדריקטער לאגע פונ די ארבעטנדיקע אונ דער אָרעמקײַט.

וואָס קענ זײַנ פאר א געמיינזאמקײַט צווישנ פערעצעס מיסטיק אינ זײַנע לאמעדוואָוניקעס־געשטאלטנ (לויטנ כאווער בראָנשטיינ—פראָטעסטירנדיקע שילוועס!) אונ דעמ רעאליזמ פונ ווײַסנבערגנ?

אונ, צומ סאָפ, וויִאזוי איז אהער ארײַנגעפאלנ „זאוול רימער" צווישנ די, אזויגערופענע, „אייביקע טיפנ"? דערצו: זאוול רימער, ווי מיר געדענקט זיכ, לײַדט דאָכ גראָדע פונ דעמ, וואָס די בורזשואזע געזעלשאפט נעמט אימ ניט צו, וואָס ניט געקוקט אפ זײַנ ווילנ צו אָפרייניקנ זיכ פונ זײַנ, משטיינס געזאָגט, פראָלעטארישער אָפשטאמונג, קעדיי צוזאמענשליסנ זיכ מיט דער בורזשואזיע (צוליב א ליבע, צוליב „ציוויליזאציע", פארשטייט זיכ), גיט זיכ דאָס אימ ניט אײַנ. איז ווו איז דאָ דער אײַנרײַס מיט דער הערשנדיקער מאכט, אז ס'איז ניטאָ קיינ זיכער פונ א וועלכנ ניט איז סאָציִאלנ פראָטעסט?!

איכ מיינ, אז אויסער דעמ, וואָס דעמ כ' בראָנשטיינ האָט דאָ אָפגענארט דער זיקאָרנ, האָט דאָ אימ פארפירט דער ווילנ אויסבויענ א שלאנקע טעאָריע וועגנ איינ געשטאלט, וואָס מארשירט דורכ בא א ריי שרײַבער אינ זייערע ווערק, פארגעסנדיק דערבײַ דעמ קלאסנ־כאראקטער פונ יעדערנ פונ די שרײַבער, אונ פונ זייערע ארויסגעפירטע געשטאלטנ.

דאָס דערמאָנט פלעכאנאָווס פארכאפנ זיכ מיט דער אינ גרונט ריכטיקער טעאָריע וועגנ דעמ קעסיידערדיקנ טויש פונ די העלדנ אינ דער ליטעראטור בא יעדער נײַער געזעלשאפטלעכער פאָרמאציע. קעדיי באשטעטיקנ דידאָזיקע טעאָריע, מאכט אָבער פלעכאנאָ

אינ א ריי פאלנ זײַנע אויספירנ אפנ גרונט פונ פאָרמעל־לאָגישנ אנאליז פונ די קינסטלערישע ווערק, מעכאניסטיש־צופאסנדיק די שרײַבער צו דער אייגנ־געשאפענער פאָרמולי· אזוי איז אינעמ ארטיקל ווענג נעקראסאָוונ. פלעכאנאָוו ווײַזט אָנ, אז „די פאָעזיע אונ די גאנצע שיינע ליטעראטור פונ דער פריִערדיקער געזעלשאפטלעכער עפּאָכע (פאר נעקראסאָוונ—א. ד.) איז געווענ בא אונדז הויפּטזעכלעכ א פאָעזיע פונעמ העכסטנ דוואָריאנישנ שטאנד". אינ דערדאָזיקער פאראלגעמיינערונג גייענ ארײַנ בא פלעכאנאָוונ די „העלדנ" פונ די ווערק פונ פושקינענ, לערמאָנטאָוונ, טורגענעוונ, טאָלסטויענ, אונ גאָגאָלנ. פלעכאנאָוו שרײַבט:

„וואָס איז אזוינס יעווגעני אנעגינ? א געבילדעטער רוסישער דוואָריאנינ „אינ א גאראָלדישנ פלאשטש". וואָס איז אזוינס פעטשאָרינ? אויכ א געבילדעטער דוואָריאנינ אונ אינ דעמ זעלביקנ פלאשטש, נאָר אפ אנ אנדער אויפנ צוגעשניטנ. אונ וואָס איז אזוינס די העלדנ פונ די פארשיידענע „דוואָריאנישע נעסטנ" פונ טורגענעוונ? וואָס אזוינס זײַנענ די פערזאָנענ פונ „מילכאָמע אונ שאָלעמ" אונ „אנא קארענינא", די דאָזיקע אלע קוראקינס, באָלקאָנסקעס, בעזוכאָווס, ראָסטאָווס, ווראנסקעס, אבלאנסקעס, לעווינס א. א. א. א. וו.? דאָס איז אלצ ביינ פונ ביינ, פלייש פונ פלייש פונ אונדזער דוואָריאנישנ שטאנד" (פלעכאנאָוו 10־טער באנד ז. 379).

דאָס ארײַנעמענ אינ דעמ זעלביקנ קאָמפּלעקס טאָלסטויענ שטימט מיט פלעכאנאָווס פאלשער אָפּשאצונג פונ טאָלסטויענ, אז „טאָלסטוי איז געווענ אונ ביזנ סאָפ פונעמ לעבנ געבליבנ א גרויסער מאגנאט". אונ אויב עס זײַנענ פאראנ קעגנזעצלעכע פאקטנ סײַ אינעמ פערזאָנענ־באשטאנד פונ טאָלסטויס ווערק אונ איבערהויפּט אינ דער אידעאָלאָגיע, וואָס האָט לויט לענינענ אויסגעדריקט ניט די דוואָריאנישע נאָר די ווידערשפּרעכלעכע פויערישע אידעאָלאָגיע אונ דעמ קוק פונ פויערטומ אפ דער בורזשואזער רעוואָליוציע, סטארעט זיכ פלעכאנאָוו צו פארדעקנ די סטירעס, מאכנ זיי פאר „אויסנאמענ" אבי אײַנצוהיטנ די גאנצקײַט פונ דער טעאָריע.

מיר ווילנ ניט צושרײַבנ בראָנשטיינענ, אז ער האלט זיכ נאָכ באמ פלעכאנאָווישנ לאָגיזירנדיקנ אנאליז פונ שרײַבער אונ ווערק, אָבער אינ דעמ פאל מיט דער גרויסער עפּאָכיאלער פאראלגעמיינערונג פונ די שילויעס־געשטאלטנ איז דאָס געוויס א רעשטל פונ פלעכאנאָוונ, כאָטש מיט פארשיידענע באוואָרענישנ.

א צווייטע זאכ, וואָס איכ האָב געוואָלט אָנווײַזנ, איז די ניט קלאָרקײַט אינ כ' בראָנשטיינס ארטיקלענ ווענג אקסעלראָדנ אונ קאמענעצקענ אינ דער אָפּשאצונג פונ זייער סטיל. די דאָזיקע ארטיקלענ זײַנענ לויט זייער אנאליז פונ דער ליטערארישער ספּעציפיק, צוזאמענ מיטנ ארטיקל ווענג כאריקס „קײַלעכדיקע וואָכנ," די בעסטע אינ דעמ בוכ. אָבער עס באקומט זיכ ווילנדיק, צי ניט ווילנדיק, אזא דערשײַנונג: אקסעלראָד פונ זײַנ ערשטנ פעריאָד שליסט זיכ צונויפ, לויטנ כאווער בראָנשטיינ, מיט דער אינדיווידואליסטיש־אינזיכיסטישער ריכטונג, אונ קאמענעצקי שטויסט זיכ אָפּ פונ זײַנ ערשטער ליד אָנ פונ דעמדאָזיקנ קליינבירגערלעכנ סטיל אונ נעמט גלײַכ א ריכטונג „מיטנ גלײַכנ וועג צומ סאָציאליסטישנ רעאליזמ".

ווענג אקסעלראָדנ שרײַבט כ' בראָנשטיינ, אז זײַנע יערידישע אינדיווידואליסטישע וואקלונגענ „קומענ פונ פרעמדע אויסגעשפּראָכנ בורזשואזע קוואלנ, פונ פרעמדער ליטערארישער טראדיציע. זיי קומענ פונ יענע משטיינס געזאָגט ייִדישיסטיש־אייראָפּייִשע לי־

טעראַרישע „סאלאָנענ“, ווו מע האָט מאמעש געכאלעשט זויכע זײַנ צו פארמאָגנ אויב ניט קיינ אייגענעמ באָדלער, איז כאָטש אנ אייגענעמ ווערעטינסקי. דאָרטנ האָט מענ געשאפנ די אידייִשע קאָנצעפציעס פאר אקסעלראָדס יערידע־ליטעראטור“.

ווענ כ׳ בראָנשטיינ רעדט אָבער וועגנ קאמענעצקעס לידער, זאָגט ער, אז קאמענעצקי רופט די דיכטונג אפנ גלײַכנ וועג, ווו עס ווערט „ניט געדולדעט אידעאליסטישע איכגריבלערײַ, וואָס וויל פארבײַטנ די פולבלוטיקע דיכטערישע פערזענלעכקײַט. פונ דאנענ ווערט ארויסגעטריבנ אינטעליגענטישער סקעפטיציזמ אונ פרינציפלאָזיקײַט, וואָס וויל פארבײַטנ אינטעלעקטועלע קראפט אונ פילזײַטיקײַט“.

עס שטעלט זיכ די פראגע: פונוואנענ האָט עס קאמענעצקי געהאט בא זיכ די אימוניטעט צומ אינזיכיזמ אונ אקסעלראָד האָט געמוזט איבערנעמענ בא דעמזעלבנ אינזיכיזמ זײַנע געשטאלטנ אונ אידייענ?—כ׳ בראָנשטיינ ארגומענטירט ניט דידאָזיקע באהויפטונגענ זײַנע. מיר קאָנענ מיינענ, אז דאָ הערשט פאָשעט עפעס א פאטאלער גוזעצ פונ „אָפשטויסנ זיכ“ אָדער דערנעענטערנ זיכ צומ אלטנ סטיל. דאָס ניט דערזאָגנ איז א גרויסע שטערונג.

## דער פאָרצוג פונ היסטאָריקער אונ פובליציסט

אינ צוזאמענהאנג מיט די אופגעדעקטע דורכפאַלנ זײַנענ אינ סיידער פונ דורכקאָנטראָלירנ א ריי ווערק פונ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור אָנגעשריבנ אייניקע קריטישע ארטיקלענ פונ די כאוויירימ ראָזנהויז אונ אגורסקי, ווו זיי קומענ אינ א צוזאמענשטויס מיט די אזויגערופענע קריטיקער פראָפעסיָאנאליסטנ. איכ האָב דאָ אינ זינענ דעמ ארטיקל פונ כ׳ ראָזנהויז וועגנ זיסקינד ליעווס בוכ „פיר מענטשנ זוכנ די רעוואָליוציע“ אונ דעמ ארטיקל פונ כ׳ אגורסקי וועגנ דאָלגאָפאָלסקעס „בא געעפנטע טויערנ“.

דאָס ווערטפולע אינ דידאָזיקע ארטיקלענ פונ די כאוויירימ ראָזנהויז אונ אגורסקי איז פריִער פאר אלצ, וואָס די געשיכטע רעדט פאר זיי, פאר זייער אָפשאצונג פונ די געגעבענע ווערק. לאָמיר זענ ווו איז דאָ די הויפט־שוועריקײַטנ, ווו האָבנ זיכ די קריטיקער אויסגעגליטשט.

וועגנ זיסקינד לעווס בוכ האָט אינ „שטערנ“ געגעבנ א גרויסנ ארטיקל דער כ׳ קורליאנד. אינטערעסאנט איז וואָס דער כ׳ קורליאנד האָט זיכ אויכ אָנגעשטויסנ אינ ליעווס ווערק אפ די גרונט־פעלערנ, אפ וועלכע עס ווײַזט אָנ דער כ׳ ראָזנהויז. אונ נעמלעכ: קורליאנד ווײַזט אָנ, אז אינעמ ווערק איז ניטאָ קיינ ריכטיקער פארטעיִשער צוגאנג צו דער פראגע פונ פראָלעטארישער דיקטאטור, ליעוו באווײַזט ניט די צוגרייטונג פונ די מאסנ צו דער באוואָפנטער רעוואָליוציע; אז אינעמ בוכ פילט זיכ, פארקערט, א הילפלאָזיקײַט פונ די מאסנ, זיי באהערשט אילויזיעס אָנשטאָט דער גײַסט פונ אופשטאנד. אונ צומ סאָפ, אינ בוכ איז ניט געוויזנ די אָרגאניזירנדיקע ראָל פונ דער פארטיי. כאווער קורליאנד מערקט אויכ אָנ טיילווײַז די עלעמענטנ פונ פאָרנאָגראַפיע אינ דעמ בוכ.

אָבער אינ די אויספירנ, וואָס עס מאכנ די כאוויירימ קורליאנד אונ ראָזנהויז, איז א דיִאמעטראלער אונטערשייד. מענ קענ ניט מאסקימ זײַנ מיט אייניקע שארפע אויסדריקנ פונ כ׳ ראָזנהויז אפנ אדרעס פונ ליעוונ, זײַנע אויספירנ וועגנ בוכ זײַנענ אָבער ריכטיקע, אז דאָס בוכ פארקריפלט די באלויכטונג פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע אפנ אוראל, אז מיר האָבנ דאָ צו טאָנ מיט א לומפנ־פראָלעטארישער אידעאָלאָגיע, וואָס ווערט נאָכ

באשטעטיקט דורכ די בוילעטע פאָרנאָגראפישע ערטער אינ בוכ. כ׳ קורליאנד מאכט א קעגנזעצלעכנ אויספיר אפילע פונעמ שטאנדפונקט פונ זײַנ אנאליז פונ װערק. שױנ אינ די ערשטע שורעס פונ זײַנ ארטיקל באהויפטעט ער, אז ליעװס בוכ איז א פראָלעטאריש װערק.

כאװער ליעװ, װײסנ מיר, איז א טאלאנטפולער שרײַבער. א גאנצע ריי דערציילונגענ זײַנע זײַנענ גוט אופגענומענ געװאָרנ פונ פראָלעטארישנ לייענער. צי קענ מענ אָבער אָנרופנ אלס פראָלעטאריש װערק אזא, װאָס מאָלט די אָקטיאבער־רעװאָליוציע אלס סטיכיישע? צי איז פאראנ א פראָלעטארישער צוגאנג אינ דעמ, װאָס איז ניט געװיזנ די אָנפירנדיקע ראָל פונ דער פארטיי אינ אָרגאניזירנ די מאסנ, דערבײַ אזא דאנקבארע מאסע, װי עס איז די קריגס־געפאנגענע, װעלכע ברענענ מיט פראָטעסט קעגנ דעמ צאריזמ אונ דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע?

דער לומפנ־פראָלעטארישער כאראקטער פונ בוכ װערט נאָכ בוילעטער פונעמ אנאליז פונ דער פאָרמ. קורליאנד רײַסט דאָ אָפּ די פאָרמ פונעמ אינהאלט. אָט שטעלט ער פעסט אינעמ בוכ גראָבנ נאטוראליזמ (פאָרנאָגראפישע געשיכטעס אונ אנד.). צי דענ אָבער קענ דער גראָבער נאטוראליזמ, װאָס איז דער מעטאָד פונ דער קליינ־בורזשואזיע, זײַנ די פאָרמ פונ א פראָלעטאריש װערק?—געװיס ניט. כ׳ קורליאנד מאכט דאָ אפילע ניט קיינ קאָנסעקװענטע אויספירנ פונ די פעלערנ, װאָס ער האָט אליינ באמערקט.

איכ װיל צומ סאָפ זיכ אָפּשטעלנ אפּ איינ פאלשער „פאָליטישער אָפּװײכונג״ פונ כ׳ קורליאנד אינ זײַנ ארטיקל װעגנ „פיר מענטשנ זוכנ די רעװאָליוציע״. קורליאנד איז אנטציקט פונ דער פיגור קערשנבוימער—דעמ אָנפירער פונ באראק בא די געפאנגענע—אונ ער מאכט דאָ א דורכויס־פאלשע פאראלגעמיינערונג.

קערשנבוימער איז בא ליעװנ א זיסינקער פעטערל, װאָס איז מיט אלצ צופרידנ. יעדע קלענסטע פארגרינגערונג מיצאד דער צארישער טיראני אונ דער קאפיטאליסטישער פאר־װאלטונג פונ די שאכטעס אינ באצוג צו די קריגס־געפאנגענע ברענגט אימ ארײַנ אינ קעלבערנער צופרידנקײַט. דער אװטאָר אליינ זאָגט װעגנ אימ, אז ער איז ענלעכ אפּ א שטיק צעשמאָלצענעמ האָניק. װעגנ זײַנע פאָליטישע אָנשױנגענ רעדט דער ענטפער זײַ־נער אפּ דער פראגע, װאָס עס הערט זיכ דאָ װעגנ דער רעװאָליוציע. קערשנבוימער ענט־פערט אפּ דעמ:

— אכ, קינדער, קינדער, װער גלויבט אינ אזוינע נארישקײַטנ.

בא קורליאנדנ איז דאָס אָבער גענוג אפּ מאכנ דעמ טיפּ קערשנבוימער ניט נאָר פאר א פאָליטיש נוצלעכנ, נאָר שיר ניט פאר א בײַ־פארטייִשנ אגיטאטער, מיט װעלכנ די קאָמוניסטישע פארטיי דארפ זײַנ צופרידנ. אָט װאָס כ׳ קורליאנד שרײַבט:

„הער קערשנבוימער פילט אויס זײַנע פליכטנ אינ באצוג צו דער אדמיניסטראַציע, אָבער אָנ איבעריקנ איבערגעטריבענעמ פלײַסנ זיכ, מיט קנאפּע ליבע צו דער זאכ. נאָכ דער ארבעט איז ער מיט מענטשנ גלײַכ, העלפט מיט מיט װאָס ער קענ די װאָס זײַנענ אימ אונטערגעװאָרפנ. אינ „נאָרמאלע״ קאפיטאליסטישע באדינגונגענ ברענגט אזא טרייסטער ניט װייניק שאָדנ דער ארבעטער־זאכ: זײַנע פוסטע איליר־זיעס װענדנ אָפּ א טייל װייניק באװוסטזיניקע פונ אקטיװנ קאמפּ. אָבער אינ אויס־נאמ־באדינגונגענ, א״נ באזונדערע פעריאָדנ פונ מאסנ־אפּאטיע, אינ יאָרנ, װענ שװארצע רעאקציע אונ װײַסער טעראָר דערשטיקט צײַטװייליק בא די ברייטע אר־בעטנדיקע מאסנ זייער װידערשטאנד־מעגלעכקײַטנ, קאָנ אָפּטמאָל אזא מינ טרייסטער

ווי קערשנבוימער ברענגען טיילווײַז אויך א נוצ: אפ דעם רעוואָליוציאָנער־באוווסטזיניקן טייל פונ ארבעטער־קלאס האָט ער סײַווי ניט קיינ אײַנפלוס און צווישנ די אמערסטנ אָפּגעשטאנענע פארטייִשע קאָנ ער וועקנ האָפענונגענ: ניט אלצ איז נאָכ פארלאָרנ, עס וועט נאָכ זײַנ בעסער".

דאָס איז די פּאָליטישע מאָראל, וואָס קורליאנד פריידיקט פונ זײַנ אייגענעמ נאָמענ, אָנזעטיקנדיק דעמ ארטיקל מיט, אזוי צו זאָגנ, אקטועלער אגיטאציע.—דאָס איז אפּאָרטוניסטישער פלאָנטער. בא קורליאנדנ פעלט דאָ אינגאנצנ דאָס לענינישע פארשטיינ די אופגאבנ און דעמ כאראקטער פונ דער אגיטאציע פארנ באָלשעוויזמ גראָדע אינ דער צייט פונ רעאקציע.

אינ „טשטאָ דעלאט" גיט לענינ א בוילעטע אײַנשטעלונג, וואָס עס פאָדערט זיכ פונ דער באָלשעוויסטישער אגיטאציע אינ די פינצטערסטע צײַטנ פונ רעאקציע. פּאָלעמעזירנדיק מיט מארטינאָווס מענשעוויסטישע אײַנשטעלונגענ אינ דער פראגע, זאָגט לענינ:

„פארוואָס ווײַזט נאָכ ארויס דער רוסישער ארבעטער ווייניק זײַנ רעוואָליוציאָנערע אקטיווקײַט אינ באצוג צו דעמ כאַישנ באגיינ זיכ פונ דער פּאָליציי מיטנ פאָלק, אינ באצוג צו דער העצע פונ די סעקטאנטנ, צומ שלאָגנ די פויערימ, אינ באצוג צו די ווילדקײַטנ פונ דער צענזור, צו די פּײַניקונגענ פונ די סאָלדאטנ, צו דער העצע ארומ די סאמע אומשולדיקע קולטורעלע אָנהויבנ א. א. וו."

און כ' לענינ ענטפערט.

„מיר דארפנ באשולדיקנ זיכ אליינ, די אייגענע אָפּגעשטאנענקײַט פונ דער באוועגונג פונ די מאסנ, וואָס מיר האָבנ נאָכ ניט געקאָנט אָרגאניזירנ גענוג ברייטע בוילעטע, שנעלע דעמאסקירונגענ פונ די אלע העסלעכקײַטנ" (טשטאָ דעלאט" ז. 82, באזונדערע אויסגאבע).

צי קאָנענ מיר נאָכ דעמ זיכ פארלאָזנ, אז דערדאָזיקער „טרייסטער" קערשנבוימער, ווי עס וויל אונדז פארזיכערנ דער כ' קורליאנד, וועט טאָנ אונדזער זאכ און אונטערהאלטנ דעמ גײַסט פונ אופשטאנד בא די מאסנ?—בעשומפּנ ניט. דער וואָס באנוגנט זיכ מיט קליינע זאכנ, מיט ברעקלעכ פונ בורזשואזע טישנ, וואָס ווערט באגײַסטערט פונ קליינטשינקע, נישטיקע פארלײַכטערונגענ און פארשטייט ניט זייער עמעסנ זינ פונ אָפּנארנ די מאסנ, פונ צוימענ זייער ברויזיקנ פּראָטעסט,—יענער איז ניט פארינטערעסירט אינ דעמאסקירנ דער בורזשואזיע, די הערשנדיקע עקספּלואטאטערישע מאכט. יענער קענ ניט נאָר ניט זײַנ קיינ העלפער דער פארטיי, נאָר, פארקערט, ער שעדיקט די אינטערעסנ פונ די ארבעטנדיקע, ווײַל ער פארשלעפערט זייער באוווסטזײַנ, פריידיקנדיק „פּאָפּאָווטשינע" צו זיצנ מיט פארלייגטע הענט און ווארטנ אפ בעסערע צײַטנ, וואָס וועלנ קלוימערשט קומענ אליינ פונ זיכ.

וועגנ כ' דאָלגאָפּאָלסקעס בוכ „בא געעפנטע טויערנ" האָט א לענגערע צײַט עקזיסטירט „אנ „אָנגענומענע" מיינונג, אז אינעמ בוכ ווערט אופגעריסנ דער נאציאָנאליזמ פונ „בונד", עס ווערט געוויזנ זײַנ קאָנטררעוואָליוציאָנערע ראָל. אפ יעדנפאלס האָט מענ צוגעגעבנ, אז דאָס ווערט געטאָנ ניט אינ א גענוגנדיקער מאָס. דערפאר אָבער,—האָט מענ געזאָגט,—ווערט אינ בוכ געגעבנ א טיפּ פונ א גוטנ באָלשעוויק א. א. וו.

וועגנ דעמ בוכ האָבנ געשריבנ די כאווײרימ אָרשאנסקי, דונעצ, צארט א. אנד. זיי ווארײַרנ אלע דעמ דאָזיקנ שטאנדפונקט וועגנ „בא געעפנטע טויערנ", ווער עס דערהויבט

זיכ צו אפּאָלאָגעטיק אונ ווער עס זעלבסט־סטראכירט זיכ מיט צעשוווּמענער קריטיק „פאר“ אונ „קעגנ“.

דער יונגער קריטיקער כ׳ צארט גיט אינ זײַנ ארטיקל וועגנ דאָלגאָפּאָלסקעס שעפערישנ וועג א ווידערשפּרעכלעכע אָפּשאצונג וועגנ „בא געעפנטע טויערנ“. אָט שרײַבט ער: „דאָלגאָפּאָלסקי האָט אינ אסאכ ערטער אראָפּגעריסנ די מאסקע פונ „בונד“, אונ דאָס מאכט זײַנ בוכ („בא געעפנטע טויערנ“) פאר געזעלשאפטלעכ־פונקציאָנעל אויכ איצט“. אינ א צווייטנ אָרט שרײַבט ער: „דאָס מאכט דעם בוכ פאר היסטאָריש עמעסדיק“ אָבער אינ דעם ווײַטערדיקנ אנאליז, דערגראָבנדיק זיכ צו די פעלערנ פונ בוכ, מאכט שוינ כ׳ צארט דעם אויספיר, אז דאָלגאָפּאָלסקי איז דאָ „בוכשטעבלעכ געבליבנ שטיינ „בא געשלאָסענע טויערנ פונ דער רעוואָליוציע אונ ניט באזיניקט איר וועג“ („שטערנ“ נומער 3 פארנ 1934 י.).

עס שטעלט זיכ דעריבער די פראגע: וויאזוי איז מעגלעכ צו געבנ ריכטיק די געשיכטע פונ דער ארבעטער־באוועגונג, דעם קאמפ פונ דער פארטיי, ווענ דו שטייסט „בוכשטעבלעכ בא געשלאָסענע טויערנ פונ דער רעוואָליוציע“.

כ׳ צארט פארזעט דידאָזיקע אומעגלעכקײַט.

דער פארדינסט פונ כ׳ אגורסקי אינ דעם ארטיקל וועגנ „בא געעפנטע טויערנ“ איז דער, וואָס ער האָט געצווּנגענ מיט פארטייִש־היסטאָרישער אפּאראטור צו איבערקוקנ אונדזער שטעלונג צום בוכ. דאָ גייט ניט וועגנ ארויסשלעפּנ אלטע „זינד“ פאר דער געשיכטע. דאָס וואָס מיר קערנ זיכ אום איצטער צו כאווער דאָלגאָפּאָלסקעס ווערק „בא געעפנטע טויערנ“, וואָס איז אָנגעשריבנ קימאט מיט 10 יאָר צוריק, איז דאָס שוינ מער אונדזער דורכרײַס, דער דורכרײַס פונ דער קריטיק, וואָס האָט ניט אָנגעוויזנ מיט באָלשעוויסטישער וואכזאמקײַט באצײַטנס אפּ די דורכרײַסנ, וואָס זײַנענ פאראנ אינ בוכ. דער כ׳ דאָלגאָפּאָלסקי האָט, ווי באוווּסט, פאר דער צײַט ארויסגעגעבנ א ריי נײַע ביכער, וועלכע גיבנ א מער עמעסדיקנ שפּיגל פונ אונדזער ווירקלעכקײַט. די קריטיק אָבער האָט ניט רעווידירט איר אָנגענומענע שטעלונג צום בוכ. זי האָט געמאכט אירע אויספירנ אפּנ גרונט פונ די פרימיטיווע שטעלנ, וואָס ריידנ קעגנ „בונד“, אונ פארזענ די מאָמענטנ פונ אידעאליזאציע פונ „בונד“, די איבערפלעכלעכע, אָפּט קאריקאטורעלע שילדערונג פונ קאָמוניסטנ אונ פונ די פּאָזיטיווע זײַטנ פונ געזעלשאפטלעכנ אונ פארטייִשנ לעבנ.

דער לאָזונג פונ סאָציאליסטישנ רעאליזם שטעלט ארויס פארנ סאָוועטישנ שרײַבער די אויפגאבע פונ הויכער אידייִשער אונ קינסטלערישער קוואליטעט, צו קאָנענ גוט דאָס לעבנ אונ געבנ א פולווערטיקע אָפּשפּיגלונג פונ דער גרויסער עפּאָכע פונ בויענ דעם סאָציאליזמ. די מארקסיסטישע קריטיק דארפ פירנ א קאמפ פארנ שאפנ די גרויסע באָלשעוויסטישע קונסט אונ טראָגנ אירע אייביקע ווערטנ אינ די ברייטע ארבעטנדיקע מאסנ.

נ. רובינשטיינ

# די ליטעראריש-קינסטלערישע ביכער-פראָדוקציע אפ ייִדיש אינ 1934

(סטאטיסטיש—ביבליאָגראפישער איבערבליק)

די סאָוועטישע ליטעראריש־קינסטלערישע ביכער־פראָדוקציע אפ ייִדיש אינ 1934 י. האָט געגעבנ א גרויסנ קוואנטיטאטיוונ אונ קוואליטאטיוונ וווקס אינ פארגלײַכ מיטנ יאָר 1933.

דידאָזיקע טאבעלע וועט דאָס ווײַזנ קלאָר:

| | 1933 | 1934 |
|---|---|---|
| אָריגינעלע פאָעזיע | 12 ביכער | 30 ביכער |
| אָריגינעלע פראָזע | 29 „ | 33 „ |
| איבערזעצונגענ (פראָזע, פאָעזיע אונ דראמאטישע ליטעראטור) | 17 „ | 26 „ |
| קינדער־ליטעראטור | 36 „ | 40 „ |
| דראמאטישע ליטעראטור | 5 „ | 2 „ |
| זאמלביכער | 1 „ | 5 „ |
| ליטעראטור־קריטיק אונ ליטעראטור־וויסנשאפט | 4 „ | 12 „ |
| סאכאקל | 104 „ | 148 „ |

צו דעמ דארפ מענ נאָכ צורעכענענ סיטאָס ביכל „פאראָדיעס" אונ די מינסקער מוזיק־אויסגאבע „מאסנ־לידער" מיט נאָטנ פונ א. שטיינבאכ, צו טעקסטנ פונ פארשיידענע שרײַבער. מיר האָבנ אזויארומ 150 נעמענ קינסטלערישע ליטעראטור אינ 1934, כוצ 2 ספעציעלע ביבליאָגראפישע ארבעטנ וועגנ קינסטלערישער ליטעראטור.

מיר באַזיצן נאָך דערווײַל ניט קיין גענויע ציפערן וועגן דער צאָל ב ו י ג נ ס אין 1934, וואָס וואָלט געגעבן א פּאָרשטעלונג וועגן דער דורכשניטלעכער גרויס פון יעדן בוך באַזונדער, אָבער שוין פון די פּאָרלויפיקע ידיעות, איז קלאָר, אז דאָס בוך אין 1934 איז אָן א פארגלײַך מער וואָגיק, גרעסער, שענער און מיט מער סיסטעם ארויסגעגעבן ווי אין 1933.

מע דארף דאָ אונטערשטרײַכן, אז די ידיעות וועגן דער ייִדישער ביכער־פּראָדוקציע אין אוקראַיִנע אין 1934, זײַנען ניט קיין פולשטענדיקע, דערפאר, ווײַל אויסגאבעס פון אוקראַיִנע דערגייען אין גרעסטן טייל אינגאנצן ניט קיין ווײַסרוסלאַנד און קײַן רספסר ניט אין פארקויף און ניט אפילע ווי פליכט־עקזעמפּליארן אין מעלוכע־ביבליאָטעקן. עס איז אָבער פונדעסטוועגן שוין קלאָר, אז דעם ערשטן אָרט אין דער ייִדישער ביכער־פּראָדוקציע אין סאָוועטנפארבאנד הויבט אָן פארנעמען רספס״ר—קאָנקרעט: דער פארלאג „עמעס", וואָס גיט א קעסיידערדיקן וווּקס, אין דער צײַט, וואָס סײַ אוקראַיִנע, סײַ ווײַסרוסלאַנד האָבן אין 1933 און 1934 געגעבן א פארקלענערונג אין פארגלײַך מיט 1932. דערווײַל אָבער גיט אין אלגעמיין, פארשטייט זיך—אוקראַיִנע א גרעסערע צאָל ביכער ווי רספס״ר.

עס איז א פאקט, אז די אוקראַיִנישע פארלאגן, וואָס דרוקן ייִדישע ביכער, דרוקן אין דורכשניט אסאך קלענערע טיראַזשן, ווי למשל, דער פארלאג „עמעס", אָדער דער מעלוכע־פארלאג פון ווײַסרוסלאַנד. דאָס איז דערפאר, ווײַל, ערשטנס, אָריִענטירן זיי זיך בלויז אפ די קליינע באשטעלונגען, וואָס זיי באקומען פון די אוקראַיִנישע בוך־האנדל־אָרגאניזאציעס (וואָס ארבעטן, אגעוו, אויסערסט שלעכט. זע, למשל, די מאטעריאלן אין כארקאָווער „שטערן" פון 14-טן אָקטיאבער 1934, אונטערן קעפּל: „שרײַבער שרײַבן, פארלאגן דרוקן און בוכהאנדל־אָרגאניזאציעס באהאלטן די ביכער אין די סקלאַדן"). צווייטנס, דיסקאָנטירן זיי ניט, אז אַ ייִדיש בוך, וואָס דרוקט זיך אין אוקראַיִנע דארף פּאַרשפרייט ווערן אויך אין ווײַסרוסלאַנד און אין רספס״ר (כוץ בא לערנביכער, וועגן וואָס עס איז פאראַן אָן אָפּמאך צווישן די דרײַ רעפּובליקאנישע פארלעגערישע אָרגאניזאציעס, אז יעדע פון זיי דרוקט לערנביכער פארן גאנצן פארבאנד). די אוקראַיִנער פארלאגן נעמען טאקע ניט אָן קיין שום מיטלען, אז זייערע אויסגאבעס זאָלן פארשפרייט ווערן איבערן גאנצן פארבאנד. זיי „צייכענען" זיך אויס מיט איינס: זייערע ביכער קאָסטן טײַערער ווי אויסגאבעס פון וועלכן עס איז אנדערן פארלאג.

אנדערש ארבעט דער פארלאג „עמעס". זײַנע אויסגאבעס קריגט מען גלײַך נאָך זייער דערשײַנען סײַ אין אוקראַיִנע, סײַ אין ווײַסרוסלאַנד. ניט קיין וווּנדער דעריבער, וואָס זײַנע אויסגאבעס צעגייען זיך גיך. אזוי איז, למשל, דער 2000־דיקער טיראַזש פונעם ליטעראַריש־קינסטלערישן אלמאַנאַך „סאָוועטיש" זיך צעגאנגען אין א פּאָר כאָדאָשים, ניט געקוקט אפ זײַן פארהעלטנישמעסיק הויכן פּרײַז. א טייל ביכער פונעם זעלבן פארלאג זײַנען אין מעשעך פון איין יאָר 1934 געדרוקט געוואָרן אין צוויי אופלאַגעס (גאָלדשטיינס „בירעבידזשאנער אפן אמור"; קרזשיזשאנאָווסקיס בוך „זיכרוינעס וועגן לענינען"; ראַדעקס „דער בוימײַסטער פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט"; דאָס ביכל „צום אָנדענק פון ס׳ קיראָוו"). א טייל אויסגאבעס פון 1934 זײַנען איבערגעדרוקט געוואָרן אָנהייב 1935 (ראַדעקס און גאָרקיס פּאָרטראָגן אפן אלפארבאנדישן שרײַבער־צוזאמענפאָר א. אנד.), דאָס איז א דערשײַנונג, וואָס מע באמערקט ניט אין דער ארבעט פון אלע איבעריקע פארלאגן, וואָס דרוקן ייִדישע ביכער. דאָס באווײַזט אויך, אז די סיבעס פון די דורכפֿאַלן אין דער ייִדישער פארלאג־ארבעט אין אוקראַיִנע און אין ווײַסרוסלאַנד ליגן ניט אין דעם, וואָס עס

איז, קלוימערשט, ניטאָ קיין קויפער פונעם ייִדישן בוך, נאָר אין דער שלעכטער, פארברעכערישער ארבעט פון די פארלאגן און בוכהאנדל־אָרגאניזאציעס, דער איקער אוקראַיִנישע.

באטראכטן מיר די ביכער־פּראָדוקציע לויט באזונדערע פארלאגן, באקומען מיר אזא בילד:

דער אוקראַיִנישער מעלוכע־פארלאג פאר די נאציאָנאלע מינדערהייטן (קורץ: אוקרמעלוכענאצמינדפארלאג) האָט געגעבן 54 ביכער קינסטלערישע ליטעראטור, ליטעראטור־קריטיק און ליטעראטור־פאָרשונג. פון דער צאָל זיינען 12 ביכער אָריגינעלע פּאָעזיע, 9 ביכער איבערגעזעצטע פּראָזע, 1 בוך איבערגעזעצטע פּאָעזיע, 2 זאמלביכער, 2 דראמאטישע ליטעראטור, 15 ביכער קינדער־ליטעראטור, 2 ביכער פון אייראָפּייִשע קלאסיקער, 1 בוך קריטיק און 1 בוך ליטעראטור־פאָרשונג.

דער אוקראַיִנישער פארלאג „ליטעראטור און קונסט“ („לים“) האָט געגעבן סאכאקל 11 ביכער: 5 ביכער אָריגינעלע פּראָזע, 3 ביכער אָריגינעלע פּאָעזיע, 2 ביכער איבערגעזעצטע פּאָעזיע און 1 בוך ליטעראטור־פאָרשונג.

דער קינדער־פארלאג פון אוקראַיִנע האָט געגעבן 9 ביכער: 5 איבערזעצונגען און 4 אָריגינעלע.

פון די איבעריקע אוקראַיִנער פארלאגן האָט „ראדיאנסקאיא ליטעראטורא“ געגעבן איין בוך אָריגינעלע פּאָעזיע, „מאָלאָדוי באָלשעוויק“—1 בוך אָריגינעלע פּאָעזיע. דער קיִעווער אינסטיטוט פאר ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור פון דער אלוקראַיִנישער וויסנשאפט־אקאדעמיע—2 ביכער ליטעראטור־פאָרשונג (כוץ דעם איז איין אויסגאבע פון אינסטיטוט געדרוקט געוואָרן דורכן אוקרמעלוכענאצמינפארלאג, 1 דורכן „לים“ און 1 דורכן מאָסקווער מעלוכישן מוזיק־פארלאג) און די כארקאָווער מעלוכע־ביבליאָטעק א. נ. פון ו. ג. קאָראָלענקאָ האָט ארויסגעגעבן 1 אויסגאבע איבער ביבליאָגראפיע פון דער קינסטלערישער ליטעראטור.

דער פארלאג „עמעס“ (מאָסקווע) האָט געגעבן 39 נעמען. פון דער צאָל: אָריגינעלע פּאָעזיע 2 ביכער; אָריגינעלע פּראָזע—14 ביכער (2 אופלאגעס פון איין בוך רעכענען מיר פאר צוויי ביכער); צוויי זאמלביכער; 9 פּראָזע־איבערזעצונגען; 7 ביכער אָריגינעלע קינדער־ליטעראטור און 1 קינדער־בוך אן איבערגעזעצטן, איין איבערגעזעצט דראמאטיש ווערק און 3 ביכער ליטעראטור־קריטיק.

צו די מאָסקווער אויסגאבעס דארף מען נאָך צורעכענען בערעגאָווסקיס „ייִדישער מוזיק־פאָלקלאָר“ (אין לאטייניש טראנסקריפּציע) ארויסגעגעבן אין מעלוכישן מוזיק־פארלאג פון פּסטר דורכן קיִעווער אינסטיטוט פאר ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור.

דער מעלוכע־פארלאג פון ווייסרוסלאנד (מינסק) האָט געגעבן אין 1934 8 אָריגינעלע ביכער פּאָעזיע, 1 ליטעראַרישן זאמלבוך, 1 בוך פון אן אייראָפּייִשן קלאסיקער, 1 פּראָזע־איבערזעצונג, 8 ביכער קינדער־ליטעראטור, פון דער צאָל: 2 איבערזעצונגען און 6 אָריגינעלע ווערק. ווייסרוסלאנד האָט אויך געגעבן 2 ביכער אפן געביט פון ליטעראטור־פאָרשונג: 1 בוך ארויסגעגעבן פון מעלוכע־פארלאג און 1 זאמלבוך ארויסגעגעבן פון מינסקער אינסטיטוט פאר ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור פון דער ווייסרוסישער וויסנשאפט־אקאדעמיע.

דאָס יאָר 1934 האָט געגעבן אין דער קינסטלערישער ליטעראטור א רייַ ערנסטע אידעאָלאָגישע דורכפאלן סיי אין דער פּאָעזיע (יודלסאָן), סיי אין דער פּראָזע (אבטשוק), סיי אין דער קריטיק (דונעץ: „אפ ליטעראַרישע טעמעס“), סיי אין דער ליטעראטור־פאָרשונג (אבטשוקס

„עטיודן און מאטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראטור־באוועגונג אין ססר״), סײַ אין דער איבערזעצונג־ארבעט (עפּיקס „פּעטראַ ראָמען״). אין גרונט איז אָבער אונדזער ליטעראטור א געזונטע, ווי עס האָט באוויזן איר גרויסער וווּקס סײַ אין צאָל און נאָכמער אין קוואַליטעט.

פון די 28 ביכער אָריגינעלע פּאָעזיע, וואָס זײַנען ארויס פון דרוק אין 1934, האָבן מיר 8 ע ר ש ט ע ביכער פון שרײַבער־אָנהייבער (פארשטייט זיך: זיי האָבן אויך פריִער זיך געדרוקט אין פארשיידענע פּעריאָדישע אויסגאבעס, אָבער מיט ג א נ צ ע ב י כ ע ר טרעטן זיי ארויס צום ערשטן מאָל): באַליאסנע, דושאצקי, הובערמאן, העלער, טוטשינסקע, סאָרע קאהאן, רוווע רייזין און שוועדיק—4 אין אוקראַיִנע און 4 אין ווײַסרוסלאנד.

גרעסערע פּאָעמעס האָבן געגעבן כאשטשעוואצקי („לעניני״) און ראָסין („זין און טעכטער״). א טייל שרײַבער האָבן באוויזן ארויסצולאָזן אין 1934 צו 2 און אפילע מערער ביכער—פעפער: „יאטן״, „לידער און פּאָעמעס״, „לעבן זאָל דאָס לעבן״. מיט היינטיקע „אויגן״ (כוץ א שול־אויסגאבע פון „פלאסטן״ און א קינדער־פּאָעמע „צווישן הימל און אײַז״); עס האָבן ארויסגעלאָזן ביכער פּאָעזיע: קולבאק, פינינבערג, קוויטקאָ, אבארבאנעל, דריז, יאנקעלעוויטש, ליפשיץ, כאנע לעווין, פיאטיגאָרסקי, פלאטנער, בלאָשטיין, סאַלאַלאיעווסקי.

פארשטייט זיך, אז דער נאָכוווּקס פון יונגע פּראָזאַיִקער איז, ווי געוויינטלעך, אסאך קלענער, ווי פון פּאָעטן.

פון די פּראָזע-ווערק זײַנען פאראן סאכאקל 4 ע ר ש ט ע ביכער פון שרײַבער־אָנהייבער: פריץ, גאָלדשטיין, גאָרדאָן, באָרזשעס. אינטערעסאנט איז דאָס, וואָס איין בוך פון אן אָנהייבער: גאָלדשטיינס „בירעבידזשאנער אפּן אמור״ האָט אין משך פון דעם איינעם יאָר 1934 אויסגעהאַלטן 2 אופלאגעס (3000 און 2000 עקזעמפּליארן!). 3 ביכער פון די 4 האָט געגעבן דער פארלאג „עמעס״ און איינעם (באָרזשעס) דער אוקרמעלוכענאצמינדפארלאג. ווײַסרוסלאנד האָט ניט געגעבן פארן אנטשפּרעכיקן יאָר קיין איין אָריגינעלן בוך פּראָזע, ניט פון אן אָנהייבער און ניט פון אן עלטערן שרײַבער.

אין 1934 זײַנען אויך ארויס פון דרוק צוויי בענדער פונעם ראָמאן „דוירעס דערוואכטע״ פון ליפמאן לעווין—א שרײַבער פון עלטערן דאָר, וואָס האָט א סאך יאָרן געשוויגן.

גוט האָט געטאָן דער פארלאג „עמעס״, וואָס האָט אין 1934 ענדלעך אָנגעהויבן דרוקן שאָלעם־אליכעמען (ארויס „פונעם יאריד״—נאָר א שאָד, וואָס געקירצט, אומפארשטענדלעך פארוואָס; אָנהייב 1935 י. זײַנען ארויס „אײַזנבאן־געשיכטעס״ און „מאָנאָלאָגן״) ניט רעכענענדיק זיך מיט דעם, וואָס דער אוקרמעלוכענאצמינדפארלאג האָט אין 1932 אָנגעהויבן דרוקן אן אזויגערופענע האלב־אקאדעמישע אויסגאבע פון אלע ווערק שאָלעם־אליכעמס. וויבאלד דער אוקרמעלוכענאצמינדפארלאג איז ניט בעקויעך געווען אין משך פון 2 יאָר 1933 און 1934 ארויסלאָזן אפילע איינ ווײַטערדיקן באנד פון שאָלעם־אליכעמס ווערק (כוץ די דערציילונג „דאָס מעסערל״ אין דער „זײַ־גרייט״־ביבליאָטעק)—שוין ניט ריידנדיק וועגן דעם, אז ער האָט די דערמאָנטע 2 בענדער אין 1932 ארויסגעלאָזן (אויסערלעך) אף א ניט דערלאָזבארן אופן,—האָט מען אף אים מער ניט געטאָרט וואַרטן, ביפראט, אז מע וועט נעמען אין אכט, אז דער נאָכפרעג אף קלאסיקער מיצאד דעם ייִדישן סאָוועטישן לייענער, ווי מיצאד דעם סאָוועטישן לייענער אין אלגעמיין, איז א ריזיקער.

דאָס יאָר 1934 האָט אויך געגעבן אזא וויכטיק ווערק, ווי בערגעלסאָנס „בירע־בידזשאנער“ (געדרוקט אין 10.000 עקזעמפּליארן) און, ווי א נײַס אין דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור, א היסטאָרישע דערציילונג פון מ. ווינער: „קאָלעוו אשקענאזי“. א וויכטיק נײַס אינעם איבערגאנג פון א שרײַבער אפּ א נײַעם וועג, איז ניסטערס בוך פארצייכענונגען „דרײַ הויפּטשטעט“.

צו די ארויסגעגעבענע ביכער פון דער ליטעראַרישער ירושה געהער אויך דאָס בוך „געקליבענע ווערק“ (לידער, דערציילונגען, דראמאטישע פּרוּוון) פונעם פארשטאָרבענעם ארבעטער־שרײַבער בערל שאפּיר, אופגעזאמלט און באגלייט מיט אן ארײַנפיר און באַמערקונגען פון נ. אויסלענדער.

מיט נײַע פּראָזע־ווערק זײַנען אויך ארויס אין 1934 מארקיש, אראָנסקי (2 ביכער: „איבער באריערן“ און „ערשטע“), ברעגמאן, טײַטש, נויעך לוריע, שקאראָווסקי, אווראָם קאהאן, פּאָליאנקער און מילער.

פונעם יונג־פארשטאָרבענעם ערקעס זײַנען ארויס דרײַ ביכער: „קאמף“, „יוגנט אין קאמף“ און „דערציילונגען“.

אין דעם יאָר זײַנען ארויס אויך א ריי ווײַטערדיקע אופלאגעס פון פּאָפּולערע שטארק־געלייענטע ווערק פון די פריִערדיקע יאָרן; ווי למשל: דריטע אופלאגעס פון גאָדינערס ערשטן באנד „דער מענטש מיט דער ביקס“ און אלבערטאָנס „בירעבידזשאן“; צווייטע אופלאגעס פון אלבערטאָנס „שאכטעס“ און סיטאָס „דערציילונגען“.

גאָר שמאָל האלט דאָס מיט דראמאטישע ליטעראטור—סאכאקל צוויי ווערק: וועוויאָר־קעס „א כאָלעם אין א זומער־נאכט“ און אן איינאקטער „א געלונגענע אָפּעראציע“ פון א. קושנעראָוו און י. זעלדין, דאָס באווײַזט אן איבעריקן מאָל, אז די טײַנעס פון אונדזערע טעאטער־טוער און פון דער קריטיק וועגן דעם דורכפאַל אפן דראמאטורגישן געביט זײַנען מער ווי באגרינדעט. עמעס, מע דארף האָבן אין זינען, אז א ריי דראמאטישע ווערק און סצענישע איבערארבעטונגען פון פּראָזע־ווערק, וואָס ווערן געשטעלט אין אונדזערע טעאטערס, געפינען זיך אין קסאוויאד, ניט געדרוקט. (אגעוו: פארוואָס טאקע ווערן זיי ניט געדרוקט?), דאָס פארקלענערט אָבער בעשומויפן ניט דעם דורכפאַל אפן געביט פון דראמאטישן שאפן.

גאָר היפּש איז דאָס גערעטעניש אין 1934 אפּ זאמלביכער (אין 1933 איז געווען סאַ־כאקל איין זאמלבוך „ליטקאָמיוג“). אפן ערשטן אָרט גייען דאָ אָן שום סאָפעק דער גע־ראָטענער מאָסקווער זאמלבוך „סאָוועטיש“ און דער אוקראַיִנער „אלמאנאך פון ייִדישע סאָ־וועטישע שרײַבער“ (דער טעקסט און זאצ איז דערזעלבער, וואָס אין „פארמעסט“ 1934 נום. 5—6)—ביידע ארויסגעגעבן צו די שרײַבער־צוזאמענפאָרן, זומער 1934. אין ווײַס־רוסלאנד איז ארויס דער אלמאנאך פון רויטארמייִשער לאנדשוץ־ליטעראטור „אטאקע“. צו די זאמלביכער רעכענען מיר אויך צו כאשטשעוואצקיס און פעפערס „לענין אין דער קינסט־לערישער ליטעראטור“ און דאָברושינס און ראבינס „דעקלאמאטער פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור“.

אינעם ארויסלאָזן איבערזעצונגען האָט זיך ענדלעך אין 1934 אָנגעהויבן פּלאן סיסטע־מאטישקײַט (דער איקער אין דער פּראָדוקציע פון פארלאג „עמעס“). דאָ האָבן מיר באקו־מען א ריי (מע קען ניט זאָגן, פארשטייט זיך, אז אלע) וויכטיקסטע ווערק פון דער פירנ־דיקער רוסישער סאָוועטישער ליטעראטור, ווי למשל שאָלאָכאָווס בארימטן ראָמאן „אופ־געאקערטע רויערד“, אוודייענקאָס „איך האָב ליב“, איליענקאָווס „די פירנדיקע אקס“,

שוכאָווס ראָמאנ „האס“, וועגנ וועלכנ מאקסים גאָרקי האָט אינ זײַנער א רעדע ספּעציעל גערעדט, א נײַע אויסגאבע פונ גאָרקיס „די מוטער“ (א שאָד נאָר, וואָס עס איז ניט אָנגעוויזנ דער איבערזעצער פונ אזא וויכטיק ווערק), פאדייעווס צווייטער באנד „דער לעצטער פונ אודעהע“, רובינשטיינס „דער שטעג פונ די סאמורײַענ“ אונ ביכער, וואָס זײַנענ אויסגערעכנט דעריקער פאר יוגנט: קאסילס „שוואמבראניע“, „פרײַערמאנס „ניקיטשענ“ אונ אנדערע. פונ דער אוקראַיִנישער ליטעראטור האָבנ מיר באקומענ אזא וויכטיק פראָזע־ווערק ווי קירילענקאָס „וואנפּאָסטנ“. אינ דעמ יאָר האָבנ זיכ אויכ באוויזנ עטלעכע גאנצע פּאָעזיע־ביכער (אזוינס איז ביז איצט קיינמאָל ניט געווענ) איבערגעזעצט פונ רוסיש אונ אוקראַיִניש: מאיאקאָווסקיס „אויסגעוויילטע ווערק“, בעזימענסקיס „די נאכט פונעמ שעפ פונ פּאָליטאָפּטייל“, פערוואָמײַסקיס „מײַנ מונטערע יוגנט“. פונ דער ווײַסרוסישער ליטעראטור איז ארויס אינ מעלוכע־פארלאג פונ ווײַסרוסלאנד איבערגעזעצט סאכאקל איינ קליינע דערציילונג 47 קליינע זײַטלעכ) פונ מ. לינקאָוו: „דער באיאנ“.

פונ דראמאטישער ליטעראטור איז איבערגעזעצט געוואָרנ סאכאקל איינ פּיעסע „אינטערווענצ“ פונ ל. סלאווינ.

פונ דער מאָדערנער אייראָפּייִשער ליטעראטור איז קימאט גאָרנישט איבערגעזעצט געוואָרנ. פונ אייראָפּייִשע קלאסיקער סאכאקל 3 דראמאטישע ווערק: שעקספּירס „האמלעט“ באָמארשעס „דער מעשוגענער טאָג אָדער פיגאראָס כאסענע“ אונ מאָליערס „דער בירגער—דער אדלמאנ“. מע מוז דעריבער קאָנסטאטירנ, אז וואָס שײַעכ דער אייראָפּייִשער ליטעראטור סײַ מאָדערנער, סײַ קלאסישער געפינענ מיר זיכ נאָכ אלצ אפנ טויטנ פונקט. דאָ זײַנענ נייטיק ענערגישע שריט מיצאד אונדזערע פארלאגנ. מע דארפ אויכ ערנסט א טראכט טאָנ וועגנ איבערזעצונגענ פונ דער רײַכער רוסישער קלאסישער ליטעראטור.

אויכ אינ ארויסגעבנ קינדער־ליטעראטור האָט אינ 1934 זיכ געפילט מער סיסטעמאטישקײַט, ווי אינ די פריִערדיקע יאָרנ. עמעס, קוואנטיטאטיוו איז דער וווּקס ניט קיינ גרויסער אנטקעגנ 1933, אָבער קוואליטאטיוו איז די פּראָדוקציע פונ קינדער־ליטעראטור אינ 1934 אסאכ העכער.

מע דארפ דאָ ערשטנס, אָפּמערקנ די סעריע ביכלעכ פונ דער „זײַ־גרייט“—ביבליאָטעק (א שאָד נאָר וואָס די צאָל ביכלעכ אינ דער סעריע איז דערווײַל נאָכ זייער קליינ—זעקס נעמענ). אונ די אויסגאבעס פונ דעמ קינדער־פארלאג פונ אוקראַיִנע (אפ די בעסרוינעס אינ די אויסגאבעס האָבנ מיר זיכ שוינ אָפּגעשטעלט אינ אנ אנדער[*] אָרט. זע אונדזער ארטיקל אינ „עמעס“ פונ 16־טנ מארט 1935). עס טיילט זיכ אויס באזונדער די פּרעכטיק ארויסגעגעבענע (אינ צוויי פארבנ) פּאָעמע כאריקס „פונ פּאָליוס צו פּאָליוס“, וואָס איז פּרעמירט געוואָרנ אפנ אלווײַסרוסלענדישנ קאָנקורס אפנ בעסטנ קינדער־בוכ, די שול־אויסגאבעס פונ פּעפערס „פּלאסטנ“ אונ נאָטע לוריעס „דער סטעפּ רופט“, קוויטקאָס בוכ „א פריילעכ יאָר“ אונ ניסטערס „דרײַ מײַסעלעכ“. אויכ די איבעריקע קינדער־ביכער סײַ אָריגינעלע, סײַ איבערגעזעצטע זײַנענ ניט שלעכט ארויסגעגעבנ. אויכ די שיינע זאמלונג „לענינ אונ די קינדער“ וואָס עס האָט צונויפגעשטעלט כ׳ נאָדעל דארפ מענ באגריסנ. א שאָד נאָר, וואָס עס איז ארויס אינגאנצנ אָנ איליוסטראציעס.

עס איז צו באמערקנ, אז אונדזערע אָנגעזעענסטע שרײַבער „פאר גרויסע“ האָבנ ערנסט זיכ אָנגעהויבנ אָפּגעבנ אויכ מיט שרײַבנ פאר קינדער; עס האָבנ כוצ די נאָר וואָס דערמאָנטע שרײַבער געגעבנ קינדער־ביכער אויכ האָפּשטיינ, דאניִעל, כאשטשעוואצקי א. אנד. די ליטעראטור־קריטיק אונ ליטעראטור־פאָרשונג האָט געגעבנ גאָר א גרויסנ שפּרונג

פאָרויס אינ קאמעס אונ נאָכמער אינ אײכעס אינ פארגלײַכ מיטנ יאָר 1933. דאָ דארפ מענ, ערשטנס אָפּמערקנ אזעלכע וויכטיקע ביכער, ווי עריקס באנד 1 „עטיודנ צו דער געשיכטע פונ דער האסקאָלע“ אונ בראָנשטײנס „פארפעסטיקטע פאָזיציעס“, די אינטענסיווע ארבעט אפנ געביט פונ ליטעראטור־פאָרשונג פונעמ קיִעווער אינסטיטוט פאר ייִדישער פראָלעטארישער קולטור, וואָס האָט ארויסגעגעבנ אזעלכע וויכטיקע ווערק, ווי דעמ פריצײַטיק־פארשטאָרבענעמ ראָזנצווײַגס „דער ראדיקאלער פעריאָד פונ פערעצעס שאפנ“, בילאָווס „ליטעראטור־פראגעס בא מארקסנ אונ ענגעלסנ“, בריאנסקיס „בערגעלסאָנ אינ שפיל פונ דער קריטיק“, דעמ פריִער דערמאָנטנ ראָזנצווײַגס ארבעט „סאָציאַלע דיפערענציאַציע אינעמ ייִדישנ פאָלקלאָר־ליד“ עס דארפנ צוגערעכנט ווערנ צו דעמ די אויסגאבעס פונ גאָרקיס אונ ראדעקס פאָרטראָגנ אפנ ערשטנ אלפארבאנדישנ צוזאמענפאָר פונ די סאָוועטישע שרײַבער. אינ דעמ יאָר איז אויכ ארויס דער וויכטיקסטער טײל פונ דער ליטערארישער ירושע פונ דעמ יונג־פארשטאָרבענעמ טאלאנטפולנ קריטיקער ס. זשוקאָווסקי „פרווון, א זאמלונג קאָנקרעטע קריטיק“. אײנ זאמלבוכ אפנ געביט פונ ליטעראטור־פאָרשונג האָט געגעבנ אויכ דער מינסקער אינסטיטוט פאר ייִדישער פראָלעטארישער קולטור צומ געביט פונ ליטעראטור־פאָרשונג דארפ מענ אויכ צורעכענענ דעמ פריִער דערמאָנטנ בערעגאָווסקיס „ייִדישער מוזיק־פאָלקלאָר“

אפנ געביט פונ ביבליאָגראפיע דארפ מענ אָפּמערקנ פידלמאנס „אָנווײַזער פונ דער קינסטלערישער ליטעראטור אינ ייִדיש פארנ 1931 י. מיט רעצענזיעס אונ קריטישע ארטיקלענ“, ארויסגעגעבנ פונ דער כארקאָווער וויסנשאפטלעכער מעלוכע־ביבליאָטעק א. נ. ו. ג. קאָראָלענקאָ. אפ וויפל עס פעלט ווערכע עס איז ביבליאָגראפיע פונעמ ייִדישנ סאָוועטישנ בוכ אינ 1931—איז דערדאָזיקער אָנווײַזער זײער נוצלעכ אונ וויכטיק.

---

* * *

ט׳וויסט דער שטערן אלע וועגן
דורך די כמארעס, דורכן רעגן
דורכן ווײַסן שניי־געוויטער —
ס׳וועט דער צוויט אים ניט פארשיטן...

אפ דער ערד אזויפיל גענגען
און איינס פון צווייטן ברייטער, לענגער,
נאָר דער שטערן האָט פינף ברעגן
און באלויכט מיר אלע וועגן.

**ש. האלקין.**

א הארציקן גרוס אײַך צו אײַער צענטן יאָרטאָג, פון אונדזער זשורנאל „שטערן“.

פאר אונדז, סאָוועטישע שרײַבער, איז א צענטיאָריקער יובילײ פון א זשורנאל א גרויסער און דערצו א פערזענלעכער, אינטימער יאָנטעוו. ווײַל ווער איז דער זשורנאל, אויב ניט מיר אליין? דאָס זײַנען מיר דורכגעגאנגען די צען יאָר. דער וווקס פונעם זשורנאל — ס׳איז אונדזער וווקס, זײַנע דערפאָלגן זײַנען אונדזערע דערפאָלגן און זײַנע דורכפאלן אונדזערע דורכפאלן. און דאָס אלץ איז געווען, פארשטייט זיך, און דאָס איז דאָ—קיינער קאָן ניט אָפּלייקענען אי דעם וווקס, אי די דערפאָלגן,—נו, און די דורכפאלן גייען מיר ניט דורך אומזיסט.

און דעריקער —
א בארג מיט ביכער אפ דער פאָליצע!
און אפ די טאָוולען—ויפל נעמען!
פאראן מיט וואָס בעעמעס שטאָלץ צו זײַן,
פאראן מיט וואָס זיך איבערנעמען.
שוין לאנג ארויס פון עלטער קינדישן,
נאָר ס׳איז נאָך ווײַט צו גראָווע האָר
פון טיפן הארצן וויל איך ווינטשן אײַך
פיל לאנגע,
גוטע,
פעסטע יאָר

אײַער **מ. כאשטשעוואצקי.**



**מ. קלימקאָוויטש**
פאָרז. פון פארבאנד סאָיו. שרײַבער אין ווססר



**ל. קוויטקאָ**

מיר זײַנען נאָך יונג. און אונדזער ליטעראַטור איז נאָך יונג. און אונזער ווונדערלעך לאַנד איז נאָך יונג. און די גרעסטע שעפערישע פרייד אונדזערע איז אין דעם, וואָס עס פאַסטן זיך אונדז נאָך ניט קיין יובילייען!

אָבער פון יאָנטויוויים האַלטן מיר זייער און זייער! אפילע ווען דער יאָנטעוו איז א יובילײ.

איז—

א האַרציקן גרוס דעם יובילאַר, וואָס געהערט ניט נאָר ווײַסרוסלאַנד, נאָר דער גאַנצער ליטעראַרישער קולטור פון אונדזער גרויסן פאַרבאַנד, און וואָס זײַן שעפערישער וועג איז ניט נאָר אין די צען דורכגעגאַנגענע יאָר, נאָר אין דער גרויסער צוקונפט פון דער וואַקסנדיקער סאָציאַליסטישער קולטור אין דער קאָמוניסטישער אָנקלאַסעוער געזעלשאַפט.

פ. מאַרקיש.



א אַשעראָוויטש—
בילנער פון רעדקאָלעגיע „שטערן“

דעם יובילאַר און זײַנע רעדאַקטערס מײַן הייסטן גרוס און בעסטע ווונטשן.

דער „שטערן“ האָט אויסגעכאָוועט א פאַלאַנגע יונגע באַגאַבטע שרײַבער.

דער „שטערן“ דערשײַנט פּינקטלעך, גיט אָפּ גרויס אויפמערקזאַמקײַט אונדזערע לייענער-שיכטן, מיט וואָס ער האָט געשאַפן אַרום זיך און צו זיך סימפּאַטיע און אינטערעס פון אַלעמען, ווען ס'איז טײַער דאָס סאָוועטישע, קינסטלערישע וואָרט.

די רעדאַקציע פון „שטערן“ באַציט זיך פײַנפילנד און אויפמערקזאַם צום מאַטעריאַל פון די אויטערס.

מײַנע ווונטשן דעם יובילאַר זײַנען: לאַנג לעבן און ווײַטער זאַמלען אַרום זיך די באַגאַבסטע, שטרענגער אָפּקלײַבן דאָס בעסטע און זיך צעבליִען ווי אונדזער ווירקלעכקײַט בליט.

ל. קוויטקאָ.



ד. האָפשטיין

איך ווינטש דעם זשורנאל „שטערן”:
עכטע קונסט, עכטע קריטיק, זײַן א פאקטער פון עמעסער, עכטער סאָציאַליסטישער קולטור.
מיט אכטונג און כ׳ גרוס
**אײַער ניסטער.**



ם. ווינער

פאר די צען יאָר עקזיסטענץ איז דער „שטערן” געוואָרן א מעכטיק געווער פון דערציִונג, איבער־דערציִונג און קאָנסאָלידאציע פון יידישע סאָוועטישע שרײַבער.
איך ווינטש אײַך דערפאָלג אין אײַער ווײַטער־דיקער ארבעט לטעטיוועס אונדזער סאָציאַליסטישן פאָטערלאנד.
**ד. האָפשטיין.**

א הארצלעכער גרוס דעם „שטערן” צום יאָרצענד־ליק פון זײַן דערשײַנען.
דער „שטערן” האָט ערנסטע פארדינסטן פאר דער אנטוויקלונג פון דער סאָוועטישע יידישער ליטעראטור און קריטיק.
דער „שטערן” וועט אָן ספק מיט פארשטארק־טער ענערגיע קעמפן פאר דער הויכער קוואליטעט פון דער סאָוועטישער יידישער ליטעראטור, פאר אזעלכע ווערק פון סאָציאַליסטישן רעאליזם, וואָס וועלן ווירדיק אָפּשפּיגלען אונדזער גרויסע צײַט,
**מ ווינער.**



איך באגריס הייס דעם „שטערן” צו זײַן 10־יאָ־ריקן יובליי. איך ווינטש דעם „שטערן” ווײַטער־דיקע און נאָך גרעסערע דערפאָלגן אינעם קאמף פאר עכטער, טיף־קאָמוניסטישער קינסטלערישער לי־טעראטור.

**עזרא פינינבערג.**

ש. האלקין

מיר ווילט זיך איבערגעבן —

א הייסן מיטארבעטערשן גרוס מײַן שטענדיקן זשורנאַל דעם „שטערן“ צו זײַן צעניאָריקער פרוכטבארער און רומפולער ארבעט;

א הייסן ווּנטש —

נאָכמער פארטיפערן די ארבעט מיט דער פראָלעטארישער און סאָוועטישער שרײַבערישער יוגנט;

נאָך שטארקער מאָנען—און טאקע אופמאָנען — הויכן קוואליטאטיווע ווערק בא אלעמען, ניט שוינענדיק „יונג און אלט“;

נאָך אָפטער און מיט דער גרעסטער מאָס באָלשעוויסטישער לײַדנשאפט—אין דער ליבע צום גוטן און פרעכטיקן און אין דער סינע צום שלעכטן און שעדלעכן, און צו דער צײַט—ווארפן די ליכט פון מארקסיסטיש־לענינישער קריטיק אף אלע דערשײַנונגען אין אונדזער וואָרט און טעאטער־קונסט;

נאָך ברייטער און טיפער באלויכטן די וויכטיקסטע פראָצעסן אין אונדזער בויערישן, שטײַגנדיק סאָציאַליסטישן לעבן;

נאָך ענגער זיך פארבינדן מיטן ארבעטער־לייענער—דעם גרונט־בויער פון אונדזער לעבן און פראָלעטארישער קולטור;

נאָך ברייטער אנטוויקלען דעם פ א ר מ ע ס ט צו ווערן אין אלע געביטן און אין דער נאָענטסטער צײַט דער סאמע בעסטער סאָוועטישער פובליציסטיש-קינסטלערישער אָרגאן אין יידיש.

גרויס איז די אָפגעטאָנענע ארבעט. נאָך גרעסער אָבער זײַנען די פאָרשטייענדיקע אופגאבן.

מיט דאָס סאמע בעסטע, מיט דאָס סאמע שענסטע און נוצלעכסטע, וואָס איך קאָן נאָר געבן, בין איך שטענדיק גרייט צו העלפן דעם „שטערן“ אין אָט דער גרויסער דאנקבארער ארבעט.

זאָל לעבן דער „שטערן“

ש. גאָדינער.



מ. דאניעל



א. גורשטיין

הייסע גרוסן דעם „שטערן“ צו זײַן צעניאָריקן דערשײַנען.

א. גורשטיין.

אלע מאָל ווען איך באקום א נײַעם נומער „שטערן“ ווערט פריילעכער אפן הארצן. ווײַל איך ווייס, אז מיט א טאָג, אָדער מיט צוויי פריִער האָבן דעם זעלבן נומער באקומען די ארבעטער פון באָברויסק, וויטעבסק, אָרשע, אוזדע, מינסק.

איך בין געווען אין אסאך ווײַסרוסישע שטעט און שטעטלעך און אומעטום האָב איך באגעגנט א גרויסע ליבע פון די ארבעטער-לייענער צו זייער זשורנאל.

די פּאָפּולערקײַט פון אסאך סאָוועטישע שרײַבער איז געגאנגען און גייט דורכן „שטערן“. דער „שטערן“ איז שוין לאנג געוואָרן א טריבונע ניט נאָר פאר ווײַסרוסלאנד, ניט נאָר פון א גרופּע שרײַבער, נאָר פון דער גאנצער רעוואָליוציאָנערער סאָוועטישער ליטעראטור,—דערפאר איז דער יאָנטעוו פון זשורנאל אויך דער יאָנטעוו פון יעדן פון אונדז.

אפ די זײַטלעך פון „שטערן“ האָבן זיך באוויזן יונגע קרעפטיקע שרײַבער. דער זשורנאל האָט זיי געכאָוועט, מיט מוטערלעכע ליבע באגלייט זייערע ערשטע טריט.

די כאַווײרים איזי כאריק, זעליק אקסעלראָד און אלע איבעריקע מיטארבעטער פון רעדאקציע האָבן געשאפן א הארציקע ברידערלעכע באציִונג צו יעדן שרײַבער. זיי האָבן ביז בלוט ליב דעם „שטערן“. איך האָב נאָך ניט געזען פון קיין איין רעדאקציע, אזא אקשאָנעס אין ארויסבאקומען מאטעריִאל פארן זשורנאל: בריוו, טעלעגראמעס, דראָונגען, ביטעס.

אזוי דארפן האנדלען באָלשעוויקעס.

דער יובילײ איז א גרויסער יאָנטעוו פאר דער גאנצער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור און מיר אלע אינײנעם מיט אײַך ראפּאָרטירן דער פּארטיי און סאָציִאליסטישן פאָטערלאנד וועגן זיג פון אונדזער „שטערן“.

מ. דאניעל.

אפ די זײַטלעך פון „שטערן“ זײַנען אויסגעוואקסן אונדזערע בעסטע ראָמאנען און אונדזערע זאפטיקסטע דערציילונגען, אונדזערע שענסטע לידער און פּאָעמען. צען יאָר „שטערן“ איז דעריבער צען געראָטענע יאָר פון שרײַבער און פון ווערק.

ש. ברעגמאן.



מ. כאשטשעוואצקי



י. דאָברושין



ל. ראָזנהויז—
מיטגליד פון רעדקאָלעגיע „שטערן“

דעם כאווער און פרײַנט „שטערן“ צו זײַן צען־יאָריקן יובילײ — מײַן הארציקער פּראָלעטארישער גרוס, מײַן הייסער ווונטש: נאָכ כאווערישער, פרײַנט־לעכער באהעפטן ארום זיכ די „אלטע“ און יונגע פּראָלעטארישע און סאָוועטישע־קאדרען, דעם גרונט־קערן פון אונדזער יונגער אופקומענדיקער סאָוועטישער ליטעראטור; נאָכ הארבער, אומבעראכמאָנעסדיקער פירן דעם קאמפּ קעגן אלע סאָנים, צעפלאָסענע באשעפענישן און פרעמדע עלעמענטן, וואָס האָבן צוזאמען מיט אונדז ניט געווייטיקט פון אונדזערע מאפּאָלעס, וואָס קאָנען ניט פילן צוזאמען מיט אונדז די גרויסע פרייד פון אונדזערע ניצכוינעס.

איינע פון אונדזערע גרויסע ניצכוינעס איז צען־יאָר „שטערן“.

זאָל לעבן דער כאווער „שטערן“.

ש. ראָסין.



ע. גאָרדאָן

צוויי פינפיאָרס איז א לאנגע עפּאָכע אין דעם לעבן פון א סאָוועטישן זשורנאל. דאָס באווײַזט, אז ער האָט די גאנצע צען יאָר אויסגעפילט א וויכטיקן אָרט אינעם לעבן פון די יידישע ארבעטנדיקע מאסן. פון צײַט צו צײַט האָט דער „שטערן“ געענדערט זײַן אויסערלעכן אויסזען. אין אלע צײַטן איז ער אָבער געווען ליטעראריש, וויסנשאפטלעכ און פּאָליטיש. אפ זײַנע זײַטן האָט זיכ אנטוויקלט א גאנצע פלעיאדע דיכטער, דערציילער, קריטיקער און וויסנשאפטלער. ער האָט געהאָלפן אויסקלאָרן א גאנצע ריי פּראָבלעמעס פון מארקסיסטישער קריטיק, די פראגע פון ירושע, סאָציאליסטישן רעאליזם א.א.וו.

כ׳באגריס דעם „שטערן“ צו זײַן 10־יאָריקן יובילײ. כ׳ווינטש אים, ער זאָל מיטמארשירן שלאָגלעריש דורכ אלע פינפיאָרן און ארײַנוואקסן אין דער אָנקלאסעווער סאָציאליסטישער געזעלשאפט.

מיט פּראָלעטארישן גרוס

קאלמען מארמאָר.

אין די צען יאָרגאנג פון זשורנאל „שטערן“ שפיגלט זיך אָפּ די געשיכטע פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור, מיר דוכט, אז יעדער ייִדישער סאָוועטישער שרייַבער וואָלט, דורכבלעטערנדיק די זשורנאלן „שטערן“ פאר די צען יאָר, געקאָנט זען זייַן אייגענעם וווּקס, דעם וווּקס פון דער גאנצער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור.

אפ די זייַטן פון זשורנאל „שטערן“ האָט זיך אָפּגעשפיגלט דער קעסיידערדיקער קאמף פאר א הויך־קינסטלערישער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור. די ליניע פאר א געזונטער, פולבלוטיקער הויך־קינסטלערישער סאָוועטישער ליטעראטור איז אלע מאָל בעצויגן געוואָרן.



א. בער —
מיטגליד פון רעדקאָליגע „שטערן“

דער זשורנאל „שטערן“, קאָן מען זאָגן, איז דער טערמאָמעטער, וואָס האָט געוויזן און ווייַזט דעם אופשטייַג פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור. די בעסטע מוסטערן פון ליטעראַרישע ארבעטן פון די ייִדישע סאָוועטישע שרייַבער, סיי פון ווייַסרוסלאנד סיי פון אלע אנדערע סאָוועטישע צענטערן דרוקן זיך אין זשורנאל „שטערן“.

ליטעראַריש פריידיקע דערשייַנונגען זאָגט אָן דער זשורנאל „שטערן“. די נומערן, וואָס דערשייַנען קיימאס רעגולער, זייַנען אלעמאָל יאָנטעוודיקע. צען יאָר „שטערן“ איז א פרייד, א יאָנטעוו פאר דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור.

**אייַזיק פלאטנער.**



א. פלאטנער

* * *

איך באגריס הייס דעם „שטערן“ צו זייַן צעניאָריקן יובליי. ער האָט מיר דערצויגן, און ציילנדיק זיינע יאָרן צו די קומענדיקע יובילייען, וועלן מיר אונדזער פריילעכע, מונטערע ליטעראַרישע יוגנט געפינען אין אים. און הינטשנדיק אים ווייַטערדיקן וווּקס, ווינטש איך דערמיט זיך, און אלע מייַנע כאווערים, יונגע און עלטערע שרייַבער, ווייַטער וואקסן.

מיר מוזן וואקסן, כאווערים, קיין אנדער ברירע איז ניטאָ.

**עליע קאהאן.**



ש. ברעגמאנ



כ. ווײנערמאנ

דער שטערנ” האָט עמעסדיק־גרויסע פארדינסטנ פאר דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור. דער „שטערנ” איז שטענדיק געווענ א קעמפערישער אָרגאנ, אנ אָרגאנ, וואָס האָט אָרגאניזירט די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור, מיט טאט אונ ראט געהאָלפנ איר גיינ אפ די וועגנ, וואָס פירנ צו באהערשנ דעמ מעטאָד פונ סאָציִאליסטישנ רעאליזמ. דער “שטערנ” האָט אלעמאָל אונ שטענדיק שפעריש־ווארעמ אופגענומענ אונ באגריסט די ליטעראַרישע יוגנט, די יונגע סאָוועטישע שרײבער־קאדרענ. דער צעניאָריקער יובילײ פונ „שטערנ”—ס׳איז דער יאָנטעוו פונ דער גאנצער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור, פונ אלע אָנ אויסנאמ סאָוועטישע ייִדישע שרײבער, פאר וועמענ די זײטלעכ פונ „שטערנ” זײנענ געווענ א שעפערישע היימ אונ די כאווײרימ רעדאקטאָרנ—אָרגאניזירער אונ פרײנט.

איכ ווינטש דעמ „שטערנ” ווײטערדיקנ דערפאָלג אינ זײנ אומדערמידלעכער סאָציִאליסטישער ארבעט. זאָל זײנע בויגנס, ווי ביז אהער, באשײנענ דאָס בעסטע, דאָס באדײטנפולסטע פונ אונדזער וואקסנדיקער ליטעראטור. דעמ קריטישנ אָפטײל פונ „שטערנ” לייג איכ פאָר פארוואנדלענ אינ א נאָכ מער אָפעראטיוונ אונ צילגעווענדטנ, ווידמענענדיק יעדנ נומער א טעמאטישנ קאָמפלעקס.

מײנ הייסע באגריסונג די אָנפירער אונ באגײסטערער פונעמ „שטערנ”, די כאווײרימ איזי כאריק, בראָנשטיינ אונ אקסעלראָד.

י. דאָברושינ.

פונ נומער צו נומער זײנענ אויסגעוואקסנ אפ די זײטלעכ פונ זשורנאל צענדליקער יונגע ארבעטער, קאָלווירטניקעס אונ לערנ־יוגנט. אפ די זײטלעכ פונעמ זשורנאל האָבנ זיי געבראכט דאָס ערשטע ליטעראַרישע וואָרט זײערע.

אפ די זײטלעכ פונ „שטערנ” איז פאָרגעקומענ א זעלטענער שטאָפ-אויטויש פונעמ עלטערנ דאָר שרײבער.

צענ יאָר „שטערנ” איז אונדזער אלעמענס יאָנטעוו! דער „שטערנ” פארייניקט ארומ זיכ די בעסטע קויכעס פונ דער ייִד. סאָוו. ליטעראטור.

עליע גאָרדאָנ.



ל. קאצאָוויטש

דער שטערנ" האָט מיכ געדרוקט, געלערנט אונ ערצויגנ. איכ באגריס אים צו זײַנ 10 יאָריקנ יויבילײ אונ ווינטש אים אויכ אפ ווײַטער פאָרזעצנ די גוטע טראדיציעס פונ דרוקנ, לערנענ אונ דערציענ נײַע שרײַבערישע קאדרענ.

ליזער קאצאָוויטש.

דאָס פײַערנ דעם צעניאָריקנ יובילײ פונ זשורנאל „שטערנ" איז גלײַכצײַטיק אויכ אונדזער יובילײ.

צענ יאָר נאָכאנאנד, אז מיר זעצנ אונ גרייטנ דעם „שטערנ". דאָס איז אונדזער גליקלעכער אלגעמיינער יאָנטעוו. מיר האָבנ צוזאמענ מיטנ זשורנאל „שטערנ" דורכגעמאכט דעם גאנצנ צעניאָריקנ וועג. מיר האָבנ געהאָלפנ דעם „שטערנ" ניט בלויז מיט אויספאָרמירנ אים, נאָר אויכ מיט באָלשעוויסטישער קלאסנוואכזאמקײַט, מיר האָבנ געהאָלפנ ניט דורכצולאָזנ קיינ קלאסנפײַנטלעכע אנטיסאָוועטישע אידייענ.

מיר זאָגנ צו קעמפנ פאר דעם, אז דער זשורנאל „שטערנ" זאָל אפ ווײַטער ארויסגיינ רעגולער, צו דער צײַט מיט א נאָכ העכערער קוואליטעט אונ קינסטלערישע אויספאָרמירונגענ.

אונדזער ווונטש:

דער זשורנאל „שטערנ" זאָל פאָרזעצנ זײַנ אידייִש־באָלשעוויסטישע הויכע קונסט, וואָס זאָל ווערט זײַנ אונדזער עפאָכע.

ל. קאגאנאָוויטש,
ל. סאגאלאָוויטש,
א. גרינהויז,
כ. ב. זײַטשיק,
ה. קאראסיק.

א גרופע אלטע זעצער
פונ דרוקערײַ א. נ. סטאלינ



קאהאנ

דער „שטערנ" האָט איינער פונ די ערשטע גענומענ שעפטום איבער דער שרײַבערישער יוגנט, ער האָט דערצויגנ אונ אויסגעכאָוועט דעמ בעסטנ ליטעראַרישנ יונגוואלד.

זאָל ער אויכ אפ ווײַטער זיכ פארנעמענ מיט דער דאָזיקער ביז גאָר וויכטיקער אונ פרוכטבארער ארבעט.

כ. ווײַנערמאנ.

# אינהאלט:

באגריסונג דעמ כ׳ סטאלינ
באגריסונג פונ קולטפראָפ צק קפ(ב)וו דעמ זשורנאל „שטערנ״
אי. פעפער—רויט (ליד)
ר. רייזינ—בירויק דער רײַטער (ליד)
מ. קולבאק—אויסעראָרדנטלעכע געשעענישנ אינ רעבזועהויפ (ראָמאנ)
מ. דעכטיאר—ביוסטנ (דערציילונג)
פ. מארקיש—צוויי ראדיאָס (פּאָעמע)
יאנקא קופאלא—מושיק (ליד)
מ. טייפ—טויט אָדער רויט (פּאָעמע)
ש. גאָדינער—בירעבידזשאנצעס (דערציילונג)
אי. כאריק—איכ קענ דיכ, ווײַסרוסלאנד (ליד)
ש. ראָסינ—דער ווינט, וואָס וויל ניט שווינענ (ליד)
א. אלעקסאנדראָוויטש—קרימ (ליד).
י. ראבינ—דער יורזיקער קייסער (ראָמאנ)
צ. דאָלגאָפּאָלסקי—א גוט עלטער (דערציילונג)
ע. פינינבערג—לאָפארנ זינגענ וועגנ סטאלינענ (ליד)
ה. שווערדיק—צענ קאָמיוגיסטנ האָבנ דערזענ... (ליד)
י. קאָטליאר—לידער
ז. ליעוו—פישל קאָפּטשיק אונ פעטרע יערעמטשוק (דערציילונג)
ה. קאמענעצקי—ליד
ז. אקסעלראָד—ליד
ב. אָרשאנסקי—צווישנ סאָפקעס אונ שנייענ (עסקיז)
מאגניטאָגאָרסקער ליטגרופּע:
רווע פאלק—ליד
ה. סאָלאָווייטשיק—מיט די באָלשעוויקעס (דערציילונג)
א. בליאכער—ליד
באגריסונגענ דעמ „שטערנ״ פונ א ריי אָרגאניזאציעס
אקאד. ס. יא. וואָלפסאָנ—דער סאָציאַליזמ אונ דער מיִנטש
י. בראָנשטיינ—שעפערישע פּראָבלעמעס פונ דער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע
מ. עריק—מענאכעמ מענדל
א. דאמעסעק—פראגנ פונ דער ייִדישער סאָוועטישער קריטיק
נ. רובינשטיינ—ליט. קינסטלערישע ביכער־פּראָדוקציע אפ ייִדיש פארנ 1934 י.
באגריסונגענ דעמ זשורנאל „שטערנ״ פונ די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער

פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער—איזי כאריק.
רעדקאָלעגיע: ז. אקסעלראָד, א. אָשעראָוויטש, א. בער, י. בראָנשטיינ,
א. דאמעסעק, אי. כאריק, מ. קולבאק, ל. ראָזענהויז.

באשטעלונג 493. דרוקערײַ א. נ. סטאלינ. גלאװליטבעל 2450

## אינ מעלוכע-פארלאג פונ ווײַסרוסלאנד

# נײַע ביכער

ז. אקסעלראד - אונ ווידער לידער — 1935 י. 116 זײַטנ, פרײַז 3 רובל.

בענ רזשאנסאנ — וואלפאנע 1935 י. 152 זײַטנ, פרײַז 2 רובל.

העלענ קיי — שלאכט אינעם שטאל-הויפ — 1934 י. 48 זײַטנ, פרײַז 1 רובל 25 קאפ.

ר. רײַזינ — דורכ מי אונ פראצע — 1934 י. 77 ז., פר. 2 ר. 75 קאפ.

מ. טײַם — פראלעטארקע שוועסטער מײַנע — 1935 י. 62 ז., פר. 2 רובל 20 קאפ.

מ. קולבאק — לידער — 1934 י. 103 ז., פר. 6 ר. 90 קאפ.

יא. מאור — פקס — 1935 י. 134 ז., פר. 2 רובל.

ארסעניעוו — דערסו אוזאלא — 1935 י., 348 ז., פ. 2 רובל 90 קאפ.

דאלגאפאלסקי — אניטפאיעזר — 1935 י.. 163 ז., פ. 1 רובל 95 קאפ.

בערנאר — שפאניע אינ פײַער — 1935 י., 30 ז., פ. 20 קאפ.

יא. מאור — אמאק — 1935 י., 355 ז., 3 רובל 25 קאפ.

אי. כאריק — לידער אונ פאעמעס — 1934 י., ז. 206, פ. 3 רובל 85 קאפ.

נ. ה. קאנ — טראט נאכ טראט — 1935 י., 122 ז., 3 רובל 50 קאפ.

ה. שוועדיק — אונדזער דושים — 1935 י., 51 ז., פ. 1 רובל 50 קאפ.

כ. לאסקער — צום מאיאק — 1935 י., 102 ז., פ. 2 רובל 65 קאפ.

ברונא יאסענסקי — דעם ריקשעס זונ — 1935 י. 50 ז., פ. 75 קאפ.

ה. ווינאקור — סײַנע-בערג — 1935 י., 102 ז., פ. 1 רובל 40 קאפ.

א. פלאטנער — א פאעמע וועגנ שנײַדער — 3 רובל.

יאקימאוויטש — דער אומגעוויינלעכער בער 1935, 93 ז., פ. 1 רובל 95 קאפ.

# אינגיכנ דערשײַנענ

מוישע קולבאק — זעלמעניאנער (2-טער בוכ).

ד. בערגעלסאנ — צווישנ לעבעדיקע מענטשנ.

לערמאנטאוו — לידער אונ פאעמעס.

וויליאם שעקספיר — ראמעא אונ זשוליעטא.

וואלטער סקאנסטערס — דערשאסנ באם אנס לויזנ (ראמאנ).

פאנפיאראוו — מיטנ פעסטנ טראט.

אי. קיפניס — פרייד.

מ. גרוביאנ — פונ קעלער אפנ זונ.

י. גערשאנ - דער קאמיוגיסט פינקע.

כ. מאלטינסקי — פאראנ א פארפאסט.

מארשאק — מיסטער טוויסטער.

ראמאנ סעודער — מאגניז (ראמאנ).

פּרײַז 3 רובל

# ШТЭРН
## (ЗОРКА)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс

ВЫДАННЕ
„Окцябр“
Менск, Рэволюц. вул., 2.